# מענדעלע
# און זײַן צײַט

מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע

פון דער ייִדישער ליטעראַטור

אין XIX יאָרהונדערט



מעלוכע-פאַרלאַג „דער עמעס“, מאָסקווע 1940

# פאָרוואָרט

אין אָט דער היסטאָריש-ליטעראַרישער זאַמלונג וועט דער לייענער געפינען ניט אַזוי פאַרגאַנצטע און פאַרסאַכאַקלדיקע פאָרשונגען, ווי פּאָשעט מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון דער ייִדישער ליטעראַטור (און אין אַ געוויסער מאָס — טעאַטער) אין XIX יאָרהונדערט.

דער גרעסטער טייל מאַטעריאַלן, וואָס ווערן דאָ פאַרעפנטלעכט, קאָנצענטרירט זיך אַרום דעם נאָמען פונעם ערשטן קלאַסיקער פון דער ייִדישער ליטעראַטור — אַרום מענדעלע מויכער-ספאָרים. אונדזער בוך הייבט זיך אָן מיט אַ ריי פּובליקאַציעס פון מענדעלעס פאַרבליבענע מאַנוסקריפּטן, וואָס ווערן אָפּגעהיט אינעם מענדעלע-אַרכיוו פונעם אַלוקראַיִנישן מוזיי פאַר ייִדישער קולטור אָפּ מענדעלעס נאָמען אין אָדעס. מיר ווילן דערבײַ אָבער אונטערשטרײַכן, אַז מיר האָבן זיך דאָ לאַכלותן ניט געשטעלט קיין צוועק צו געבן אַן אויסשעפּנדיקע און סיסטעמאַטישע פּובליקאַציע פון מענדעלעס פאַרבליבענע מאַנוסקריפּטן. דאָ וועט דער לייענער געפינען נאָר אַ קליינעם אויסוואַל פון זיי. אַ ריי ווערק פון מענדעלעס ליטעראַרישער ירושה איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין אונדזערע פריִערדיקע אויסגאַבעס. אַ טייל ווידער פון מענדעלעס פאַרבליבענע קסאָווים, באַזונדערס וואַריִאַנטן און עסקיזן צו מענדעלעס גרעסערע שאַפונגען, ווערט פאַרעפנטלעכט אין דער אויסגאַבע פון מענדעלעס געזאַמלטע ווערק, וואָס ווערט אַרויסגעגעבן פונעם פאַרלאַג „דער עמעס״. אַזוי, צום בײַשפּיל, ווערט אינעם זיבעטן באַנד פון אָט דער אויסגאַבע, וואָס אַנטהאַלט מענדעלעס דראַמאַטישע ווערק, פאַרעפנטלעכט דער גאַנצער טעקסט פון מענדעלעס אומבאַקאַנטער דראַמע „קעמינהעגן ייִד״, אַ וואַריִאַנט צום „פּריזיוו״.

אייניקע מאַטעריאַלן פון אונדזער איצטיקער זאַמלונג האָבן אַ שײַכעס צו אַקסענפעלדן, גאָטלאָבערן, לינעצקין, שאַצקעסן, דינעזאָנען, ספּעקטאָרן. אַ גאַנצער ציקל מאַטעריאַלן באַהאַנדלט די אָפּקלאַנגען פון מענדעלעס סוזשעטן און מאָטיוון אין די ווערק פון די אַזוי-גערופענע „dii minores“ אין דער ליטעראַטור — ווייניק באַוווסטע און פאַרגעסענע שרײַבער, — וועלכע זײַנען אין זייער

צײַט געװוען מענדעלעס מיטגײער און האָבן באַשאַפֿן די דעמלטיקע ליטעראַרישע סוויווע.

די מאַטעריאַלן פֿון אָט דער היסטאָריש-ליטעראַרישער זאַמלונג דאַרפֿן באַ-טראַכט װערן ניט מער װי אַלס שטאָף פֿאַר אַ סינטעטישער באַהאַנדלונג פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור פֿון אַ באַשטימטן פּעריאָד, פֿאַר אַזאַ באַהאַנדלונג, װאָס װעט גענוי פֿעסטשטעלן די צוזאַמענהאַנגען און די צווישנבאַציִונגען. דאָס זײַנען ציגל פֿאַר אַ בנין.

---

# פונ מענדעלעס ליטעראַרישער יערושע

(מענדעלעס אומבאַקאַנטע טעקסטנ)

1. אדעראבע, ווער איז מעשוגע? א סיפּער־האַמײַסע, וואָס האָט זיכ פאַר־וואלגערט צווישנ די קסאָווימ פונ ייִסראָליק דעמ מעשוגענעמ. — 2. [די מילכאָמעס פונ האבאָסע־קאָמאַנדען]. — 3. די אויסגענאַרטע בכוירע. בערל דער מעשוגענער אונ רעב איציקל דער כאָכעמ [א פלאַנ פונ א דערציילונג].

פובליקאציעס מיט באַגלייט־אַרטיקלענ פונ א. וואָראָבייטשיק.

## מענדעלע מויכער־ספאָרימ

1

## אדעראבע, ווער איז מעשוגע?[י]

א סיפּער־האַמײַסע, וואָס האָט זיכ פאַרוואלגערט צווישנ די קסאָווימ פונ ייִסראָליק דעמ מעשוגענעמ

— גוואלד, ייִסראָליק! וואָס טראַכסטו זיכ, וואָס וועט פונ דיר זײַנ?

מיט די ווערטער האָט מײַנ מאמע אָפ מיר זיכ צעשריגנ, אַרײַנגייענדיק צו מיר אינ אַלקערל אונ מיכ דאָרט געטראָפנ, ווי איכ זיצ אָנגעלענט איבער א טיש מיט ספאָרימ אונ שרײַב. איכ האָב מיכ אומגעקערט, א קוק געגעבנ מיט א פאַרכמורעט פּאָנעמ אָפ דער מאמענ אונ ווי א צעמישטער זיכ אָנגערופנ:

— הא! וואָס ווילסטו, מאמע?

— וואָס איכ וויל? — האָט זי געענטפערט, צושאָקלענדיק מיט דעמ קאָפ. — איכ וויל, דו זאָלסט ווערנ א מענטש!

— א מענטש! איכ וויל עס אויכ. מאמע, — האָב איכ מיט א זיפצ געזאָגט, — אדעראבע, זאָג, וואָס טוט מענ דערצו, ווי ווערט מענ א מענטש?

— דו זאָלסט געווענ האָבנ א טאטנ אַנ אויבערהאַר, נישקאָשע, וואָלט ער דיר באַוויזנ, וואָס מע טוט דערצו. ער וואָלט דיכ געהאלטנ אינ דער מוירע, ער וואָלט דיכ אמאָל מעכאַבעד געווענ מיט א קלאַפ, וואָלסטו, נישקאָשע, ארויס א מענטש!

— אזוי, מאמע, ווערט מענ א מענטש?!

— דו וואָלסט זיכ ניט אַרײַנגעלאָזט טאָג ווי נאַכט אינ דײַנע ביכלעכ, דו וואָלסט זיכ ניט אופגעשטויסנ מיט דער גאַנצער וועלט, דאָס מיט דעמ, דאָס מיט יענעמ, איכ זאָל דערנאָכ צוליב דיר האָבנ קרענקונג אונ הערנ לײַטישע נאָכרייד.

וואָס ארט דיך, אשטייגער, לייבקע דער באלטאקסע, וואָס האָסטו זיך געדארפט נעכטן אזוי ארויסשטעלן, ארויסווייזן, ווער איז ער און וואָס ער איז, וויאזוי ער באַרייסט דעם אוילעם. וואָס ארט עס דיך? לאָז ער זיך טאָן, וואָס ער וויל. אז דעם גאנצן גלופסקער אוילעם איז עס ניכע, מיסטאמע איז רעכט. וואָס גייט דיר יענער אָן? גוואלד, ייִסראָליק, וואָס טראכסטו זיך, וואָס וועט פון דיר זיין?

— אזוי, מאמע, אזוי איז מען א מענטש?!

— וואָס, אשטייגער, גייט דיר אָן כאַיִם דער נאָווי, און זאָלסט שרייען אף דעם אייַנפיר מיקויעך די קוויטאנציעס פון קי. אז גאנץ גלופסק האָט דעם איינ־פיר אָנגענומען און שווייַגט, שווייַג אויך. שוין צייַט, ייִסראָליק, זאָלסט ווערן א מענטש! דארף איך עס נייטיק, אז צוליב דיר, וואָס דו ביסט קיין מענטש ניט, זאָל מיך דער באלטאקסע האָדעווען מיט ביינער און כאַיִם דער נאָווי זאָל מיר ניט וועלן ארויסגעבן א קוויטאנציע?

— מיילע!..

— סטייַטש מיילע, פארפאלן די קו! נישטאָ קיין קו! אזא קו!

— וואָס הייסט ניטאָ די קו?

— מיסטאמע! הערסטו, אָט דאָס טאקע בין איך דאָך אין איינע צאָרעס ארייַן איצט צו דיר, אָט דאָס טאקע איז דאָך מייַן געשריי: גוואלד, ייִסראָליק, וואָס וועט פון דיר זיין? הייַנט בא דער נאכט האָט מען ארויסגעפירט די קו פון שטאל. איך לויף גאנצפרי צום נאָווי און זאָג: „רעב כאַיִם, נאט אייַך די פופצן רובל, ווי דער סיידער איז, הייסט אָפּלאָזן די קו און גיט מיר, זייַט מויכל, ארויס א קוויטאנ־ציע, אז איך בין שוין מייַנס אָפּגעקומען". בא אים זייַנען געווען א סאך ייִדן און ייִדענעס. דער איז געקומען אויסלייזן, יענער אָפּצאָלן דעם ראכאש נאָך פריִער, ביכדיי רעב כאַיִמס כעווורע זאָלן פארשפאָרן די טירכע זייַנע בעהיימעס צו גאנווענען. בא איטלעכן האָט ער צוגענומען דאָס געלט און זיי געקוויטעוועט, שא, שטיל, פייַן, ווי עס געהער צו זייַן, נאָר מיך האָט ער ניט געוואָלט הערן און זען. פארפאלן די קו, נישטאָ קיין קו! אזא קו! גוואלד, ייִסראָליק, וואָס טראכסטו זיך, וואָס וועט פון דיר זיין?

— אדעראבע, מאמע, זאָג דו, וואָס איך זאָל טראכטן, וואָס פון מיר זאָל זיין?

— וואָס פון דיר זאָל זייַן! טראכט בעסער אוועקלייגן אלע דייַנע נאריש־קייטן, טראכט בעסער צו ווערן א מענטש! מיש זיך נישט ניט אין דייַנע זאכן, האלט זיך ניט קליגער פון א שטאָט מענטשן. אז טויזנטער זאָגן אזוי, מיסטא־מע באדארף אזוי זייַן, אז א גאנצער אוילעם מאכט צו די אויגן, מיסטאמע דארף מען צומאכן. אפילע דער מוזשיק, לעהאוודל, זאָגט אויך: „קאָלי ליו־די פריסטאלי, פאווינען ביט שטשאָ טאק", און ווי זאָגט מען עפּעס: א גוייש ווערטל איז, לעהאוודל, ווי א טוירע, און אז די טוירע זאָגט, מוז מען גלייבן. דו ביסט דאָך א ייִדיש קינד, ייִסראָליק!

די לאָגיקע און די געדריגעריי פון מייַן מאמען האָט מיך שוין אזוי א צופּ געטאָן באמ הארצן, אז איך בין געוואָרן צעקאָכט און מיט פייַער א זאָג געטאָן:

— איך בין ניט קיין ייִדיש קינד!

— אוי! — האָט די מאמע א געשריי געטאָן און געבראָכן די הענט. — וואָס זאָגסטו?

— אַט דאָס, וואָס דו הערסט.

— ייִסראָליק, דו ביסט מעשוגע!

— איך בינ אזוי מעשוגע, פונקט ווי איך בינ א ייִדיש קינד. א ייִד, א ייִד בינ איך, אָבער ניט קיינ ייִדיש קינד.

— נו, — האָט די מאמע א מאכ געטאָנ מיט די הענט אונ געגעדט פאר צאָרעס אזוי ווי עפּעס אינ דער וועלט ארײַנ, שוינ ניט צו מיר, — ער רעדט שוינ, ווי איז מיר, בויבעריק, עפּעס ווידער קליאטשע-לאָשנ, וואָס ניט געשטויגנ, ניט געפלויגנ. א דונער האָט מיכ ניט דערשלאָגנ, וואָס הייסט דאָס, א ייִד אונ ניט קיינ ייִדיש קינד? ער איז מעשוגע.

— דאָס הייסט, מאמע, — האָב איך צעקאָכט געזאָגט, — דאָס הייסט פּראָסט: איך בינ ניט קיינ ייִדיש קינד. דאָס איז טאקע די גאנצע צאָרע בא אונדז, וואָס מ׳איז ניט קיינ ייִדנ, קיינ מענטשנ, נאָר קינדער, קינדער, ייִדישע קינדער.

— אַט האָט ער עס מיר דערקלערט, — האָט די מאמע געזאָגט אונ געבראָכנ די הענט. — ציגנ זאָלנ אזוי וויסנ אינ גאָרטנ שפּרינגענ, ווי ער ווייסט, מישטיינס-געזאָגט, וואָס ער רעדט.

— מאכטייסע, מאמע, איך וועל דיר טאקע גאָר פּראָסט דערקלערנ: א מענטש אָדער אנ אומע קענ אנדערש ניט האָבנ קיינ זנאטשעניע, סײַדנ מ׳האָט סייכל צו פארשטיינ, צו פילנ, וואָס ער איז, וואָס וויל ער עפּעס אפ דער וועלט, אונ דאָס, וואָס ער וויל, לאָז ער זיכ סטארענ דורכ מיטל צו דערגרייכנ. אָנ דעם איז דער מענטש א קינד אונ די אומע א טויטע, א דערשלאָגענע.

— הא, וואָס? וואָס בעבעט ער עפּעס?

— אונדזערע ייִדישע קינדער זײַנענ, ווי דער שטייגער איז פונ אלע קינ-דער. עס פעלט זיי אינ טאָכ ארײַנ סאמאָסאָזנאניע, זיי הייבנ זיכ ניט אָנ צו קענענ. א באוויײַז, זיי קענענ דאָכ קימאט אלע ניט זייער אייגענע געשיכטע. פרעג אפילע דעם גרעסטנ לאמדנ עפּעס פונעם ייִדישנ לעבנ, וויאזוי מיט אונדז האָט זיכ פּאסירט אפ דער וועלט, וועט ער דיכ אָנקוקנ מיט א פּאָר אויגנ אונ ווי פונ דעם שלאָף עפּעס זאָגנ פונ דעם, ווי די ייִדנ זײַנענ פאר פיר טויזנט יאָר געגאנגענ איבער דעם יאם-סוף, עפּעס א ביסל פונ פורימ, א ביסל פונ כאנעקע, א לעק פונ שפּאניענ, א קאפּ פונ כמעלניצקעס צײַטנ, כאפּ-לאפּ, א שפּרונג אהער, א שפּרונג אהינ, אונ מער ניט. טאָג ווי נאכט לערנט ער, דאכט זיכ, געמאָרע. אונ וואָס געמאָרע, ווענ געמאָרע, אינ וועלכער צײַט האָט מענ זי מעסאדער גע-ווענ, דעם סיידער פונ אלע טאנאָימ וואאמוראָימ אונ געוױנימ, ווענ איטלעכער איז געבוירנ געוואָרנ אוכעדוימע, ווייסט ער ניט קיהוזע. די הײַנטיקע מאָדישע ווייסנ אוואדע גאָרניט אונ מייננ, עס פּאסט זיי גאָרניט אזעלכע זאכנ צו וויסנ. אָנ געשיכטע אָבער פארלירט דאָס פאָלק איר ווערט, דעריבער זײַנענ בא אונדז א טייל זייער מעוווּלוול, נאריש, שטאָלצ ווי קינדער, אונ א טייל אקעגנ לייגנ אפ זיכ גאָר קיינ שום ווערט ניט, האָבנ ניט קיינ סאמאָפּאָטשעטאניע, שעמענ זיכ מיט זיכ אליינ אונ וואָלטנ געוואָלט נאָכמאכנ אלע אנדערע, אזוי ווי א טייל קינדער, וואָס ווילנ אָנעמענ פּאסטעמקעס פונ גרויסע אונ מאכנ זיכ דורכ דעם לעכער-לעכ. דערפונ, וואָס זיי ווייסנ ניט, וואָס זיי זײַנענ, קומט נאטירלעכ ארויס דאָס, וואָס זיי ווייסנ אויכ ניט, וואָס זיי ווילנ. איטלעכער לעבט אָפּגעריסנ גלאט פאר זיכ, איטלעכער זוכט א צוקערלעקעכל, א שפּילעכל, א צאצקעלע פאר

זיך. א וויכטיקער אַלגעמיינער אינטערעס — דאָס איז באַ זיי ניטאָ. דאַכט זיך, אַ סאַך נעמען זיך אַמאָל צונויף אינאיינעם וועגן עפּעס אַ זאַך, אָבער דאָס דאַכט זיך טאַקע נאָר, אין עמעס אַרײַן איז דאָס ניט מער ווי אַ קינדער־שפּילעכל, וואָס לאָזט זיך אויס מיט אַ געשריי, מיט אַ קריג, מיט אַ געשלעג איבער עפּעס אַ צאַצקעלע. קורץ, — האָב איך געזאָגט אַלץ הייסער און הייסער, — אונדזערע ייִדן זײַנען טאַקע ייִדישע קינדער, קינדער, וואָס דאַרפֿן האָבן אַ קאָנטשיקל, אַ ניאַנקע, אַ באַהעלפֿער, וואָס זאָל זיי פֿירן, שלעפּן מיט גוואַלד אין כיידער אַרײַן, קינדער, וואָס מע טיילט זיי אויס דעם עסן, זיי זאָלן כאָלילע קיין איבעריקן ביסן ניט כאַפּן, וואָס מע האַלט זיי פֿאַרשפּאַרט, זיי זאָלן ניט אַרומלויפֿן מיט דעם קאָפּ אַראָפּ מ׳ט די פֿיס אַרויף איבער די גאַסן. קינדער, וואָס האָבן איבער זיך אַפּיקונעס, גאַבאָיִם, קאָל האַמינע באַלטויוועס, קינדער, וואָס כאַפּן אַ קלאַפּ, אַ שמיץ, שאַ־שטיל; און טאָרן ניט אויסזאָגן פֿונעם כיידער. קינדער, וואָס שפּילן זיך אין פֿערדלעך און איינער וויל דעם אַנדערן באַווײַזן, אַז ער איז אַ בעסער פֿערדל, קינדער, וואָס שפּילן אין דריידל און פֿרוּוון, ווער קען בעסער אַ דריי טאָן. קינדער, וואָס ווערן אויס כאַווײרים; וואָס צעפּאַטשן זיך איבער אַ מאַפּטער, איבער אַ שישי אוכעדוימע. ניין, איך בין ניט קיין קינד, איך בין ניט קיין ייִדיש קינד.

אָפּזאָגנדיק די ווערטער, האָב איך אַ קוק געטאָן אויף מײַן מאַמען. זי איז געווען בלייך ווי די וואַנט, טרערן ווי באָב האָבן זיך געגאָסן פֿון די אויגן, זי האָט געקוקט אויף מיר עפּעס אַזוי, ווי אַן אומגליקלעכע מוטער קוקט אויף איר קראַנק קינד, וואָס איז פֿאַרבײַ. דערנאָך איז זי צו מיר צוגעגאַנגען, געטאַפּט מיט דער האַנט מײַן שטערן און מיט גרויס ראַכמאָנעס געזאָגט:

— אַך, ייִסראָליק, מײַן איין־און־איינציקער ייִסראָליק! עס האָט דיר ווידער זיך אָנגערופֿן די אַלטע קרענק. דו רעדסט עפּעס אַזעלכע ווערטער, וואָס איינס צום אַנדערן געהערן זיך ניט אָן, עפּעס בוידעם־פּאָליצע, דער שטערן איז דיר, נעבעך, הייס. זאָג מיר, איך בעט דיך, וואָס טוט דיר ווי?

— אַך, — האָב איך אַ זיפֿץ געטאָן, — עס טוט מיר ווי דאָס האַרץ.

— לייג זיך, מײַן קינד, אין בעט, איך וועל דיר צולייגן קאַלט וואַסער צום קאָפּ, טו מיר צוליב און זאָג מיר, ווען זאָל איך דיר רופֿן, די זנאַכערקע אָדער, לעהאַוודל, דעם באַלשעם, מע דאַרף דיר אָפּשפּרעכן.

— טו מיר, מאַמע, די טויווע און לאָז מיך צו רו. דײַנע זנאַכערקעס, דײַנע זאַבאַבאָנעס, דײַנע סגולעס, דײַנע באַלשעמען, דײַנע שפּרעכער מאַכן מיך אויס מענטש.

— טו זשע מיר אויך, ייִסראָעל, די טויווע און לייג זיך צו, טאָמער וועסטו אײַנשלאָפֿן ווערן, סטאַרע זיך, ייִסראָליק, צו שלאָפֿן. צו דײַן קראַנקײַט, ייִסראָליק, איז שלאָפֿן די בעסטע רעפֿוּע.

איין־ברײרע, איך האָב געמוזט צוליב טאָן, זיך לייגן מיט אַ געזונטן קאָפּ אין אַ קראַנקער בעט, די מאַמע האָט מיר פֿאַרבונדן דעם קאָפּ מיט אַ נאַסן האַנטעך. אַך, כ׳האָב געמוזט צומאַכן די אויגן און שלאָפֿן.

---

## צו מענדעלעס דערציילונג „אדראבע, ווער איז מעשוגע?“

דער ציקל „מײַסעס“ אונטערן קעפּל „די קסאָווים פון יִסראָליק דעם מעשו-גענעם“ פארנעמט אין מענדעלעס שאפן א גאָר באזונדער אָרט. די ערשטע מער-וױינציקער קלאָרע אידיי פון אזא מין ציקל איז בא מענדעלען געבאָרן געוואָרן ניט שפּעטער פון 1870 — 1871 י., בײַס ער האָט זיך ענדגילטיק אנטוישט אין די גאנגבארסטע האסקאָלע-לאָזונגען, בײַס ער האָט שוין אינגאנצן אויסגעלעבט די איליוזיעס וועגן דער „לײַטזעליקײַט“ פון אלעקסאנדער דעם צווייטנס רעגירונג און וועגן דער נוצלעכקײַט פון אירע „גרויסע רעפאָרמעס“ פאר דער ברייטער יִדישער מאסע (אן אומקלאָרע אידיי וועגן דער „מעשוגענער וועלט“ טרעפן מיר נאָך אין דעם פּלאן פון דער „אויסגענארטער בכוירע“, אָנגעשריבן אינמיטן פון די 60-ער יאָרן; דער דאָזיקער פּלאן ווערט בא אונדז געבראכט ווײַטער).

אלס ערשטן אָנזאָג אף אונדזער טשיקאווע ציקל מײַסעס קאָנען מיר בא-טראכטן די נאָוועלע „מײַן [לעצטע] נעסיִע“[1], אָנגעשריבן אין 1870 י. אין יאָר 1871 האָט מענדעלע שוין געפונען אפילע די גרונט-פאָרמעס פאר זײַן ציקל, און ער ווארפט אָן אן עסקיז פון א האקדאָמע צו אים:

„Рассказы для сумасшедших

ניט איין מאָל זיץ איך מיר און טראכט: גוואלד, ריבוינעשעלוילעם! די וועלט, נעבעך, מוטשעט זיך און שרײַבט, שרײַבט אזויפיל ביכער פאר אלערהאנט מענטשן: פאר קלוגע, פאר געלערנטע און פארן פּראָסטן אוילעם, פאר מאנספארשוינען און פאר דאמען. פארוואָס האָט זי זיך ניט געזאָרגט ארויסצוגעבן עפּעס אזעלכע מינע ביכער אויך פאר נארן, נעבעך, און פאר מעשוגאָיִם? פאר קליינע קינדער אפילע האָט מען זיך אין אונדזער צײַט שוין אָנגעהויבן צו זאָרגן, און מע שרײַבט פאר זיי הײַנט זייער פּיל זאכן, און פאר אונדזערע קליינע און גרויסע נארן און מעשוגאָיִם, וואָס זײַנען זיך, באָרעכאשעם, ניסראבע אלע טאָג, פאד זיי, נעבעך, האָט מען נאָך נישט ארויסגעגעבן, איר זאָלט זאָגן, אפילע א בלעטל! און וואָס נאָך מער כידעש איז — פאר קליינע קינדער צו שרײַבן מוזן זיך גרויסע שרײַבער פארשטעלן פאר קליינע יִינגלעך, אין דער צײַט, אז פאר נארן און מעשוגאָיִם וואָלט, באָרעכאשעם, נישט געפעלט א סאך עמעסע נארישע, מעשוגענע שרײַבער, וואָס זײַנען דאָ אָן אײַנהאָרע זייער פּיל!

איך האָב מיך, כ'לעבן, נישט געפוילט און נישט איין מאָל שוין געפּרוווט ריידן מיט אזעלכע מינע שרײַבער. „גוואלד! — האָב איך געטײַנעט, — גאָט האָט אײַך געבענטשט, איר זײַט אי נאריש אי מעשוגע, פארוואָס זאָלט איר מיט די אלע מײַלעס ניט נוצלעך זײַן אײַערע ברידער? אײַערע ברידער, נעבעך, וואָס דער קאָפּ איז זיי, באאווינויסיינו האָראבים, פארדרייט, פארטראָגן, וואָס ווייסן פּיל מאָל נישט, אף וואָס פאר א וועלט זיי זײַנען“[2] ...

דאָס קעפּל פון דער ניט-פארענדיקטער האקדאָמע איז א באשײַמפערלעכע אָנ-צוהערעניש אף לאנדאוס יאָרביכער „יעוורייסקאיא ביבליאָטעקא“ (דער ערשטער

[1] די דאָזיקע נאָוועלע האָבן מיר פארעפנטלעכט אין מינסקער „שטערן“, 1939, נומ. 7.

[2] דער מאנוסקריפּט געפינט זיך אין מענדעלע-מוזיי אין אָדעס.

בוכ פונ אָט דער „ביבליִאָטעק" איז דערשינענ אינ 1871 י.). דאָס קעפל האָט פריִער טאקע געהייסנ: «Библиотека для сумасшедших». דערמיט דערקלערט זיכ אויכ דער רוסישער נאָמענ פאר דער ייִדישער האקדאָמע. דאָס איז אָבער ניט איבעריקס וויכטיק. א סאכ אינטערעסאנטער איז דאָ (מיר מעגנ דאָ ריידנ, דאכט זיכ, ניט וועגנ א האשאָרע, נאָר וועגנ קימאט א זיכערנ פאקט!) מענדעלעס איבערופנ זיכ מיטנ רוסישנ רעוואָליוציִאָנערנ אופקלערער גערצענענ. גערצענס העלד, דאָקטאָר קרופאָוו, פארגלײַכט א בעפיירעשנ אידיִאָט מיט אלע זײַנע מעשוגענע פאָסטעמקעס מיט „קלאָרע מענטשנ", מיט פראקטישע מענטשנ אונ זייער גאנצער אופירונג אונ קומט צומ אויספיר, אז מעשוגע זײַנענ די „קלאָרע". דאָס גאנצע צאריש־ביוּ־ראָקראטישע לײַבייגנטימערישע רוסלאנד זעט אויס אינ די אויגנ פונעמ רעוואָליוּ־ציִאָנערנ אופקלערער ווי א לאנד פונ מעשוגאָיִמ — א מעשוגענע וועלט. אונ די אייגענע גרונט-אידיי פארקערפערט מענדעלע אינ „די קסאָווימ פונ ייִסראָליק דעמ מעשוגענעמ".

ייִסראָליק איז א ביסל צעטראָגנ, צײַטנווײַז אפילע פולשטענדיק געדירט, ער זעט אָבער ביז גאָר קלאָר, ווי ווײַט מעשוגע ס'איז די וועלט פונ די „קלאָרע", די „פאָלנע מענטשנ". „אז מע זאָגט מעשוגע — גלייב!" האָט אינ א סאכ יאָרנ ארומ געכויזעקט פונ דער „קלאָרער וועלט" י. ל. פערעצ. „פסיכאָפאטנ, מעשוגאָיִמ זײַנענ די „נאָרמאלע" אָנהענגער פונ דער אלטער אָרדענונג, די געטרײַע אונטער־טאנענ פונעמ רוסישנ צאר", — האָט מיט יאָרנ פאר מענדעלענ געפינעט מיט גאל גערצענ. „אדעראבע, ווער איז מעשוגע?!" שרײַט מענדעלע אינמיטנ פונ די 70-ער יאָרנ. ער שרײַט גוואלד אונ שטעכט די אויגנ מיט דעמ שיגאָענ פונ דער וועלט. ער טוט עס אמאָל פארשטעלט, דורכ אלעגאָרישע מײַסעס („די קליאטשע"), אונ אמאָל גאנצ אָפנ, ווי אינ אונדזער איצטיקער דערציילונג.

דעמ ציקל מײַסעס וועגנ דער מעשוגענער וועלט האָט מענדעלע פארטראכט גאנצ ברייט. שוינ אינ דער האקדאָמע צו דער „קליאטשע" שרײַבט ער:

„...ער נעמט ארויס א גרויסנ פאק מיט פאפירנ... א יי נ ע, פונ די דאָזיקע זאכנ הייסט מיט דעמ נאָמענ „די קליאטשע"... מיר פארלאנגענ פונ אײַכ, איר זאָלט גוט איבערקוקנ די פאפירנ, אויסשטעלנ איטלעכע מײַסע אקוראט ווי מע באדארפ אונ גאָר צומ ערשטנ זאָלט איר אָפדרוקנ „די קליאטשע"...

גאָר צומ ערשטנ האָט מענדעלע טאקע אָפגעדרוקט „די קליאטשע", אָבער גאנצ אָפט דערמאָנט ער זיכ אינ „די קסאָווימ פונ ייִסראָליק דעמ מעשוגענעמ אונ דרוקט אָפ פונ דאָרטנ א נײַ קאפיטל, א נײַע דערציילונג. אהער געהערנ: די אנטיציִעניסטישע דערציילונג „דער בײַבאק" (80-ער יאָרנ), די קאפיטלענ פונ „דער קליאטשע, וואָס זײַנענ אָנגעשריבנ אינ צוזאמענהאנג מיט רוסלאנדס ווײַטמיזרעכ־דיקער פאָליטיק (1901 י., 1905 י.) אא. דער ערשטער „צוגאָב" צו „דער קליא־טשע" איז די דערציילונג „אדעראבע, ווער איז מעשוגע?" אָנגעשריבנ אינ 1875 י. די דערציילונג איז, ווײַזט אויס, געדרוקט אינ ליניעצקיס בלאט „ייִסראָליק". אלס טעמע פאר זײַנ דערציילונג האָט מענדעלע אויסגענוצט אנ אומגלייבלעכע, אָבער ברייט פארשפרייטע אינ די ייִדישע שטעט דערשײַנונג: גאנאָווימ - באנדעס לייגנ ארופ א קאָנטריבוציע אפ די אײַנוווינער אונ מאָנענ זי אופ מיט דער הילפ פונ זייער פאָרשטייער — דעמ נאָווי, וואָס טרעפט, קלוימערשט, אָפ, ווו צו זוכנ די

געגאַנוועטע זאַכן. אַזאַ דערשײַנונג האָט מענדעלע נאָכגעשפּירט אין בערדיטשעוו. ער האָט זי שוין אַמאָל אָפּילע אָפּגעשפּיגלט אין זײַן העברעיִשן ראָמאַן „עלטערן און קינדער" (1864 י.), איצט קערט ער זיך אָבער ווידער אום צו דער זעלביקער דערשײַנונג, רײַסט פון איר אַראָפּ דעם פריִערדיקן ראָמאַנטיש-מאַסקילישן שלייער און טראַקטירט זי אין גײַסט פון „דער מעשוגענער וועלט".

ליניעצקיס „ייִסראָליק" איז הײַנט אַ ביבליִאָגראַפישע זעלטנהײַט (מיר האָט זיך ניט אײַנגעגעבן צו קריגן דעם נומער, ווו ס'איז געדרוקט מענדעלעס דערציילונג „ייִדישע קינדער"). פאַר אונדזער לייענער און פאַר דעם גרעסטן טייל פאָרשער איז די דערציילונג אַזוי־אַרום געבליבן אינגאַנצן אומבאַקאַנט. דעריבער דרוקן מיר זי דאָ איבער פון דעם מאַנוסקריפּט, וואָס געפינט זיך אין מענדעלע-מוזיי אין אָדעס.

א. וואָראָבייטשיק.

2

## [די מילכאָמעס פון האבאָסע־קאָמאַנדע]

### ערשטער בריוו

מענדעלע מויכער־ספאָרים מק״ק טונעיאַדעווקע צו רעב סענדערן בק״ק באַלטונעוואָ

מי יִתנני, הייב איך אָן מיט דעם פּאָסעק, מי יִתנני, ווער זאָל מיר געבן אַ פליגל ווי אַ טויב, וואָלט איך געפליגן און גערוט... גערוט בײַ אײַך אויף סטאַנציע אין אײַערע פּאַלאַצן און זיך אָפּגעלייגט מיט מײַן פּעקל בײַ אײַך אין זאַל, אין אַ ווינקל. איך זאָג „אַ פליגל ווי אַ טויב", ניט ווײַל דאָס איז אַ שיינע מעליצע, וואָס דער שטייגער איז דערמיט אָנצוהייבן אַ בריוול. ניין. נאָר ווײַל איך בין אויף די עלטערע יאָרן געבליבן אָן אַ פערדל. און צופּוס האָב איך, לוי אַלייכעם, קיין קויעך ניט צו גיין. האַפערדל שעלי, מײַן פערדל, רעב סענדער, איז באַאַווייִנוויסיינו האָראַבים געפאַנגען געוואָרן אין דער מילכאָמע! — וווּנדערט זיך ניט, איך בעט אײַך, און מיינט ניט, אַז איך רייד פון עם ווע. טאַקע בעפּיירעש זאָג איך אײַך נאָכאַמאָל: אין דער מילכאָמע. בײַ אונדז אין טונעיאַדעווקע, פאַראַיאָרן צו די ערשטע סליכעס, גאַנצפרי, אין דער מילכאָמע. גייענדיק פון דער שול נאָך די סליכעס, דערזע איך פונדערווײַטנס בײַ מיר אין הויף עפּעס אַ רײַטער אויף אַ פערד. מיר האָט באַלד אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ: אַהאַ, סאָלדאַטן! זעלנער זײַנען פאַרטאָג אַרײַן, און דאָס איז מײַן אוירעך. שלעכט, ניט קיין פריילעכער אייסעק! עפּעס מעקעט מיר די ציג מײַנע דאָרט זייער שטאַרק. אויפאָנעם אַ בייזער פּאָרעץ, זי האָט באַם ערשטן שאָלעם-אַלייכעם געמוזט נעבעך פון אים לייזן עטלעכע געזונטע קלעפּ און געהאַט אַ ווויסטן פּאָטשאַטעק. איך קראַץ מיך פאַר צאָרעס און לאָז מיך פּאַמעלעכן צוגיין צום שטוב. אין דרויסן איז נאָך טונקל, אַ קאַלט שפּריי-רעגנדל שפּרייעט ווי דורך אַ זיפּ און עסט זיך אײַן ווי אַ זלידנע אין די ביינער... „נאַט אײַך סליכעס, נאַט אײַך אַ פאַרטאָג! אַ ייִד האָט זיך אוואָדע צו כאַפּן גיכער עפענען אייִן אויג! קוים שטייט ער אויף, שטייען מיט אים אײַנעם אויף זײַנע צאָרעס, קוים שטעלט ער אַראָפּ אַ פוס, שטעלן אים זיך אַקעגן אַלע זײַנע דײַגעס. טפו!..." מיט אַזעלכע אומעטיקע געדאַנקען שטעל איך מיך אָפּ אין דער זײַט פונעם אָפענעם טויער, אַרײַנ-

קוקנדיק אפֿ ציקאָוועשטש אין הויפּל אַרײַן. דער רײַטער באַברעט זיך עפּעס שטאַרק, אַרבעט, שלעפּט און לאָזט זיך דערנאָך צו דער גאַס צו. „אין דער ערד מיטן קאָפּ! — טראַכט איך מיר, שוין מיט אַ פֿריילעכן הארץ. — טראָג זיך, און לאָמיך דײַנער פּאָטער ווערן". עס געדויערט נישט קיין רגע, איז דער רײַטער שוין לעבן טויער. איך טו אַ בליק—און אַ קויל האָט מיך געטראָפֿן!.. מײַן שלימאַזלניק, וואָס קימאַט זײַן גאַנצן לעבן האָט ער נישט געוווּסט מער ווי דאָס ביידל מיט ספֿרים, וואָס פֿלעגט זיך גיין ביטמימעס, נישט געאײַלט, נישט גע־יאָגט און כוץ מוסער-ווערטער אַמאָל האָב איך אים קיינמאָל נישט באַהאַנדלט מיעס-גראָב, — ער, מײַן שלאָפּ, מײַן צעבראָכן פֿערדל, נעבעך, איז באַלאָדן אַצינד מיט אַ מין פֿאַרשוין, וואָס שמײַסט אים מעכילע, ברעכט אים די ביינער צו הייבן פֿיסלעך און לויפֿן געשווינד! ער דרייט זיך נעבעך אין אַלע זײַטן, זיפּצט, סאָ־פּעט, טוט זיך אָן אַ קוויעך און שטעלט זיך אַפֿ די הינטערשטע פֿיס, צווישן וועלכע עס באַמבלט זיך, שטײַף צוגעבונדן צו אים מיט אַ שטריק, מײַן אַלטע ציג... איך שטויס מיך שוין אָן, וואָס דאָס באַטײַט, און לאָז אַרויס אַ גוואַלד, אַ געשריי נישט מיט מײַן קאָל. ווי פֿון דער ערד וואַקסן פּלוצים אויס עטלעכע עפּעס באָרוועסע, אָפּגעריסענע, אָפּגעשליסענע פֿאַרשוינען, איינער כאַפּט די ציג, דער אַנדערער נעמט אָן דאָס פֿערדל בײַ דער טשאַפּרינע און נאָך איינער דער־לאַנגט מיר אַ זעץ אין קאָפּ פֿון הינטן, און איך פֿאַל אַנידער כאַלאָשעס אַפֿן אָרט. אַז איך האָב געעפֿנט די אויגן, איז שוין געווען גרויסער טאָג, און איך ליג עפּעס גאָר צווישן היי אין שטאַל. איך גיב אַ קוק אין דרויסן, און עס ווערט מיר פֿינצטער אין די אויגן. דער גאַנצער הויף איז באַדעקט מיט פֿעדערן, אויס־געמישט מיט צעריסענע אײַנשיטלעך פֿון בעבעכעס, מיט שערבלעך פֿון קיילים, שמאַטעס, ברעטלעך, פֿיסלעך פֿון צעבראָכענע בענקלעך, און אַ צעשאָטן פּעסל מיט זויערע אוגערקעס אויך אין דער מיט. מײַן שטיבל איז וויסט, מיט אויסגע־שלאָגענע פֿענצטער. מײַנע אויגן זעען פּאַר זיך אַ כורבן, און מײַנע אויערן הערן ווײַט פֿון דער גאַס אַ ליאַרעם, אַ מעהומע. איך רוף, און קיינער רופֿט זיך ניט אָן, איך וויל לויפֿן און פֿאַל אַנידער אָן קויכעס ווײַטער אין היי. ערשט שפּע־טער דערגייט איך מיך פֿון מײַן הויזגעזינד אַזוי: אַפֿ מײַן גוואַלד זײַנען זיך צונויפֿגעלאָפֿן די שכיינים און נאָך יידן, וואָס זײַנען געגאַנגען פֿון סליכעס. צוויי גאַנאָווים זײַנען אַוועק, אויסגעטריקנט געוואָרן מיט דער ציג און מיט דעם פֿערד, די איבעריקע האָט מען לעסאָפּ געכאַפּט און אײַנגעזעצט. מע בעט מיך, לעמאַנאַשעם, רויק צו ליגן, זיך נישט ערגערן, די גנייווע וועט שוין אימירצע־שעם זײַן, אַבי די גאַנאָווים זײַנען דאָ, וועט מען זיך מיט זיי מיסטאַמע גוט אָפּ־רעכענען. — וואָס לאָזט זיך אָבער אויס? אַ טאַעס! דאָס הייסט, מיר אַלע האָבן אַ גראָבן טאַעס געהאַט אין דעם דין. און קעפּי איינער די אַדוואָקאַטן, אַ וויל־דער בעריע, האָט אונדז שפּעטער געגעבן צו פֿאַרשטיין, איז נאָך אונדזער מאַזל, וואָס שאַ, שטיל, מע מאַכט אונדז נאָך נישט קיין מישפּעט... פּאַשעט איז פּאַ־שעט: געווייִנטלעך, בײַ אַן אַנדער צײַט, פֿאַרשטייט איר, קומט טאַקע אַלפּי דין די גנייווע אָפּצונעמען און דעם גאַנעוו מיעס מעקײַעם-פּסאַק צו זײַן; נאָר אַזוי־ווי יענע באָרוועסע פֿאַרשוינען אָבער האָבן בעשאַס דעם צונויפֿלויפֿעניש זיך גע־כאַפּט אויסשלאָגן בײַ מיר און נאָך בײַ יידן די פֿענצטער, האָבן געמאַכט אַ מע־הומע, געזידלט, געקלאַפּט, געהאַקט, געשלאָגן, בעכיין הייסט עס שוין עפּעס גאָר

א מילכאָמע. די ציג, דאָס פערדל, הייסט עס שוינ, האָט מענ נישט גלאט גע־גאנוועט, נאָר געפאנגענ, פארשטייט איר? פאנגענ אינ א מילכאָמע איז שוינ גאָר עפּעס אנדערש. פּונקט די יעפּאס־טויאר, וואָס בעשאס מילכאָמע מעג מענ האָבנ צו איר יעיצערהאָרע אונ זי פאנגענ... אונ אזויווי אינ אונדזערע הײַזער אונ אפ אונדזער לײַב גופּע איז געווענ מיעסע צייכנס, פונ וועלכע ס'איז גאנצ בא־שײַמפּערלעכ געדרונגענ, אז מיר זײַנענ שטארק פארמישט געווענ אינ דער מיל־כאָמע, אימקיינ קאָנ דאָכ גאָר מעגלעכ זײַנ, אז אינגאנצנ שולדיק זײַנענ נאָר מיר. מיר... אונ מיר וואָלטנ כאָלילע געקענט מיעס אָפּשנײַדנ, פארשטייט איר? — קורצ, מיר האָבנ געבענטשט גוימל, וואָס די ציג מיט דעמ פערדל זײַנענ געוואָרנ פאר אונדז די קאפּאָרע, אונ שטילערהייט פאריבנ דעמ אייסעק מיט א קליינ־קײַט... נישט דאָס בינ איכ אויסנ.

איכ קער מיכ אומ ווידער צומ פריערדיקנ פּאָסעק. מי יתננני, ווער זאָל מיר געבנ א פליגל ווי א טויב, וואָלט איכ געפלויגנ ואשכונה, אונ גערוט... ניינ, נישט גערוט. גערויעט וואָלט איכ ווי א הונגעריקער וואָלפ בא דער נאכט אינ די סטעפּעס אונ אויסגעגאָסנ מײַנ הארצ פאר אײַכ, רעב סענדער. פאר ווערמענ אנדערש, ווענ נישט פאר אײַכ? פריער פאר גאָט, דערנאָכ פאר אײַכ. נאָר וואָס העלפט עס אָבער, איכ בינ דאָכ נישט קיינ טויב אונ האָב אויכ נישט קיינ פליגל. איכ בינ פּאָשעט מענדעלע, א צעבראָכענער ייִד, אָנ פּארנאָסע, געבליבנ אפ די עלטערע יאָרנ מיט דעמ בײַטשל אינ טונעיאדעווקע, אינ בעסמעדרעש, אונ צו אײַכ, אינ אײַערע הייליקע פּאלאצנ איז מיר אומעגלעכ צו קומענ, אזוי ווי א קראָליקל איז נישט מעגלעכ ארופצופליענ אפ צעדערביימער פונ בארג לעוואָנענ אָדער א קאנארעקל אָנצוגורטנ זײַנע לענדנ אונ לויפנ ווי דאָס ווינזעלע פאר דעמ לייב, דעמ מעלעכ פונ אלע כײַעס.

דעריבער בלײַבט מיר דאָס איינציקע מיטל נאָר די פּענ, אויסצושמועסנ זיכ מיט אײַכ נאָר דורכ בריוולעכ. איכ בינ אָנגעזאפּט מיט פיל זאכנ ווי א גאָמקע אָדער ווי א ווייכע שטיק פרישע בולקע אינ ראָסל־פלייש. אונ האגאמ איכ בינ נישט קיינ גרויסער באל־לאָשנ מיט א מויל אפ שרויפנ פונ מעליצע אונ א גע־שליפנ צינגל אפנ שארפשטיינ פונ פּילפּול, וואָס דרייט זיכ אפ די רעדער פונ פּאָלי־טיקע אונ בייגט זיכ ווי א לעדערנער דישעל, נאָר מיכ שטארקט דער ביטאָכנ, אז אײַכ וועט זײַנ לעראָצנ די רייד פונ מײַנע לעפּצנ, וואָרעמ אויכ די אייגענע מײַסע, מי ידמה לך? ווער קענ זיכ צו אײַכ גלײַכנ. — דערומ ברומט מיר מײַנ הארצ: עט, מענדל! גיב ארויס פונ דײַנ בויכ די זויער־ביטערע קרײַטעכצער פונ די מעליצעס, קעפּי דו קענסט. נישקאָשע, דער רייעכ פונ זיי וועט גוט אינ נאָז ארײַנ. וואָס מאכט עס אויס? דער איקער איז דאָכ די קאוואָנע. לעהאוודל, דעמ פויערס ווערטל טאקע: „ריידעלע יאק ריידעלע, אבי דאָברע מיינעלע".

וואָס זשע מאכט איר פּאָרט, מײַנ ליבהארציקער רעב סענדער? שוינ א לאנ־גע צײַט טאקע, אז איכ האָב די זכיע נישט געהאט אײַער פּאָנעמ אָנצוקוקנ אונ צו הערנ אײַער זיס לאָשנ. בא אונדז וויגט זיכ אצינד די וועלט, אלע טאָג איז דאָ נײַעס. איכ מוז לויפנ באלד אינ בעסמעדרעש אונ בינ דעריבער מעקאצער. אוי, איז דאָס בא אונדז הײַנט א קאָמיטעט, א קאָמיטעט! א פּרעזידענט האָבנ מיר גאָר אנטיק — אינ א שמועס אמאָל וועגנ אײַכ האָט ער זיכ עפּעס פאר־קרימט, ווי איינער רעדט: טא... דעמ ספר „אבקת רוכל" זוכט מענ אצינד מיט

ליכט. א רענדל א שטיק. דאָס מאכט אויס 30 ק. פאר איטלעכן פון די צען צייכנס, וואָס וועלן געשען — קעפּי דאָרט שטייט געשריבן — איידער מאָשיעך קומט. נישקאָשע פון א מעקאכ! פריִער האָט עס אויסגעמאכט ווייניקער פון א קאָפּע-קע. — ס'איז דאָ בא מיר זייער א ווילער פלאַנ. מיר וועלן דעריבער שפּעטער שמועסן. נישטאָ אצינד קיין צײַט. — דער גאנצער אונטער-אויוון אונדזוערער גע-ריסט אײַך גאָר פריינטלעך. לעמאַנאשעם אולעמאַנאשעם לפרוס בגיני, צו לאָזן געריסן פונמײַנעטוועגן בשלום הגבירים דמחניכם, האחים לאנדפרידלער, זינג-בארג, פּאָפּיאלקאָוו אוכעדוימע מיט זייערע ווײַבער האצנועס און קינדערלעך זאָלן לעבן. האגאמ איך בין זיי אפילע ניט קענטלעך, נאָר נישקאָשע, מיט זייער נאָמען קלינגט די וועלט. לאָז עס הייסן, איך טו זיי קאָוועד אָן. פארשטייט איר? עס וועט טאקע אויך צונוץ קומען, איך וועל, דאכט זיך, בעקאָרעוו באדארפן זייער טויווע. וד״ל און שטויסט זיך אָן. איַי, א ציג! איך זאָל כאָטש קענען קויפן א ציג!.. בעזו האָרעגע איז אין טונעיאדעווקע אָנגעקומען פונעם דאָרף נאָך א יידישע פאמיליע. זייער א שרעקלעכע געשיכטע! — איך מוז לויפן, ניש-טאָ קיין צײַט.

האקאָטן מענדעלע.

---

## צװייטער בריװ

רעב סענדער מק״ק באלטונעוואָ צו מענדעלע מויכער-ספאָרים בק״ק טונעיאדעווקע

א שיינעם דאנק, רעב מענדעלע, וואָס נאָך אזא לאנגן שטילשווײַגן האָט איר זיך פאָרט דערמאָנט מיך צו דערפרייען מיט א בריוו, פון וועלכן איך האָב ארויסגעזען, אז איר לעבט נאָך באָרעכאשעם. סטײַטש, ווי שווײַגט עס א רעב מענדעלע אין אזא צײַט, וואָס ווער עס האָט נאָר א מויל רעדט און ווער א פען — שרײַבט! האגאמ איך בין שטארק באשעפטיקט, איך שלאָף נישט, איך רו נישט טאָג ווי נאכט און בין מאקריוו מײַן גאנצ לעבן לעטויוועס קלאל-ייִסראָעל, נישט צו האָבן פון זיי דערפאר קיין שום באלוינונג, קיין דאנק נישט אפילע. גאָט איז מײַן איידעס, אז איך ווארט נישט אפ קאָוועד, לאָז מיך נישט בעטן און מיינ אלצ לעשעם שאָמאַיִם. לאָזן סאָנים זיך ריידן צעזעצטערהייט, אויס-טראכטן מײַסעס, דאָס, יענץ, ווער הערט זיי? וועלכער מענטש מיט ענערגיע, מיט לאָשן און מיט פּיס אוכעדוימע האָט ניט קיין סאָנים מאכמעס קינע? אז איך זאָל אָנהייבן קעסיידער צו דערציילן די אלע מײַסעס פון פריִער ביז הײַנט, וויִאזוי איך האָב זיך באדארפט ראנגלען, אז איך האָב געזאָגט, מע זאָל טאָן אשטייגער דאָס. ניין, האָט מען געענטפערט אָדער זיך נישט וויסנדיק געמאכט, און ערשט דערנאָך איז טאקע ארויס אפ מײַנס. האָב איך דען נישט גאנצ לאנג אופגעגעבן די אלע זאכן, מיט וועלכע יענע האָבן הײַנט צו טאָן און שרײַבן עס זיך אינגאנצן צו? נאָר וואָס מאכט עס אויס? קיין זאך וועט מיך נישט אָפּהאלטן פון מײַן פאָלק, אים צו טאָן טויוועס. און האגאמ איך בין דערמיט שטארק באשעפטיקט און עס קלעקט מיר נישט די צײַט אָפּצוענטפערן א וועלט מענטשן, וואָס פארווארפן מיך פאָשעט מיט בריוו און אלערליי באקאָשעס, נאָר קעדיי צו ווײַזן, ווי טײַער איר זײַנט מיר און ווי שטארק גערן איך בין, איר זאָלט מיר

אָפט שרייַבנ, ענטפער איכ אייַכ טייקעפּ אומיאַד, אָט האָט איר אייַכ, רעב מענדעלע, ריינע ווערטער אונ שטארק בעקיצער, ביכדיי איר זאָלט ויסנ.

די טרויעריקע מייַסע מיט אייַער פערדל באווייַזט ווייַטער, אז איכ האָב רעכט. נישט איינ מאָל האָב איכ ווי א נאָווי אָנגעוווּנקענ, ס'איז מיר אראָפּ פונעם זיקאָרנ ווו, אינ וועלכנ אָרט, אז די סליכעס זייַנענ מעסוגל צו אזעלכע זאכנ. די גאנאָווים שטייענ אויכ אופ צו סליכעס. בעכיינ באדארפנ יידנ זיכ ארומקוקנ, נישט סוימעכ זייַנ זיכ אפ ניסים. אונ א סאכ שולדיק דערינ זייַנענ די ראבאָנים. זיי האָבנ דאָכ יאָ די גרויסע דייע אונ קענענ א סאכ ווירקנ...

זייער שלעכט, רעב מענדעלע, האָט איר געטאָנ, וואָס איר הייבט אָנ אינ אייַערע בריוו א סאכ וויכטיקע זאכנ אונ רייַסט פלוצים איבער דעם שמועס. דערמיט האָט איר מיכ נאָר צערייצט. עס דערמאָנט מיכ אינ יענעם לעצ. יאָמקיפּער נאָכ מוסעפ, אז דאָס הארצ האָט אונדז גוט געכאלעשט אונ מיט סמאהע אפ די ליפנ האָבנ מיר געטראכט נאָר פונ עסנ, פלעגט דער לעצ מיט אנ ערנסט פּענעמל ארופירנ דעם שמועס אפ עסנ אונ פלעגט אויסרעכענענ אונדז א גאנצ צעטל יידישע מייַכאָלים: א געבראָטענע לעדוויצע מיט קאשע, א לאָקשנ-קוגל מיט א גאנעוו אינווייניק, דאָס הייסט מיט אנ אָנגעפילט העלדזל, פארפעלעכ, גוט אייַנגעפרעגלטע מיט גריוונ אוכעדוימע. מיר זייַנענ געוואָרנ בלייכ, דער אפעטיט איז א שרעק, קוים וואָס מיר זיפענ, אונ ער אלצ טאקע ווייַטער: כרעמזל, פאנקוכנ, פּעטשע מיט פעניצלעכ, קראפּ פונ אנ אינדיק אונ פאסטערנאק-צימעס... האָט ראכמאָנעס, רעב מענדעלע! אונ שרייַבט בעאריכעס, אלצדינג קלאָר. — בא אונדז אינ טונעיאדעווקע, שרייַבט איר, איז דאָ א קאָמיטעט (א קאָמיסיע מוזט איר אוואדע מיינענ), אונ זאָגט נִיט ארויס שארפ, ווענ איז דער קאָמיטעט געוואָרנ (עפשער זינט די מייַסע מיט אייַער פערדל נישט-דאָ-געדאכט?), ווער זיצט אינ דעם קאָמיטעט אונ פונ וועלכנ סאָרט יידנ אויסגעקליבענע געפינענ זיכ אינ אים? וואָס דארשענענ די אלע יענע לייַט אינ דעם קאָמיטעט אונ ווי איז ביכלאל זייער מיינונג איבער יידנ, גוט צי שלעכט? — איכ בינ מאפטיעכ אלצדינג פאר אייַכ צו טאָנ מיט א גוט וואָרט, אנ אייצע, נאָר פריער מוז איכ אָבער ויסנ דעם מעהוס פונעם קאָמיטעט. דער פרעזידענט מוז זיכער זייַנ א סוינע-יִסראָעל, עפּעס אזוי זעט עס אויס פונ זייַנ פארקרימענ זיכ... ווער איז ער אזוינס? ס'איז גוט צו ויסנ. מיסטאמע איז דאָכ אייַכ באקאנט, ווי אויסגעקאָכט איכ בינ מיט די גרויסע אדוינים, אונ אז ס'קומט אויס אמאָל, קענ איכ פארווארפנ א וואָרט... איכ בינ זייער ציקאווע צו ויסנ דעם פלאנ אייַערנ, שרייַבט, רעב מענדעלע, שרייַבט! —

יעדידכעמ, וואָס האָט ליב זייַנ פאָלק יִסראָעל, סענדערי

---

# דריטער בריוו

מענדעלע מויכער-ספאָרימ בק״ק טונעיאדעווקע צו רעב סענדער באלטונעוועד

איידער איכ נעמ מיכ אָפּשרייַבנ אייַכ טשוווע, מוז איכ אויסגיסנ די געפילנ, וואָס אייַער בריוו האָט אינ מייַנ הארצ אופגעוועקט, מיט מעליצע-ווערטער: כהולך

ווי אײנער גײט אין דער מידבר און זײַן צונג איז פֿון דאָרשטן פֿאַרברענט וכו', פּלוצלים דערזעט ער א לעבעדיקן קוואַל וואַסער רינט פֿון באַרג לעוואָנען, טוט ער זיך א לאָז געשווינד צו טרינקען און דערקוויקט אַלע זײַנע אײוורים, אַזוי האָב איך מיך דערקוויקט פֿונעם קוואַל וואַסער אין אײַער בריוו. אַצינד, רעב סענדער, אַז איר האָט מיך אָנגעטרונקען פֿון אײַערע רײנע וואַסערדיקע געדאַנקען, וועל איך דערפֿאַר אָנזעטיקן אײַך אַצינד מיט די כרעמזל און שפּײַזן פֿון טונעיאַדעווקער כאַדאָשעס, ביכדיי איר זאָלט מיר נישט האָבן אויסצוּוואַרפֿן, אַז איך ווײַז נאָר מײַכאָלים און געבן גיב איך מאַקעס. הינײ זײַט וויסן, אַז ניט ווי יענע טונעיאַדעווקע, שהיה בימי בינימינס האַשלישי, וואָס איז געווען אין דער צײַט פֿון בינימינס דעם דריטן וועסענדערל די ייִדענע, איז די הײַנטיקע טונעיאַדעווקע. דאָס הײסט ייִדן קאַפּצאָנים, גרויסע עוויוינים זײַנען בא אונדז אַלע טאַקע ווי פֿריִער, נאָר הײַנט זײַנען זײ פֿאַרמערט געוואָרן עפּשער דרײַ מאָל אַזויפֿיל אין דער צאָל. א ביסל מאַכמעס דעם, וואָס טונעיאַדעווקער מענטשן פּרוכפּערן און מערן זיך טאַקע אָן אײַנהאָרע, ווי דער שטײגער איז, נאָר צום גרעסטן טײל אָבער מאַכמעס דעם, וואָס א סאַך פֿון דער פֿרעמד האָבן זיך דאָ באַזעצט בעשאַס די באַרימטע מילכאָמעס פֿון האַבאָסע-קאָמאַנדע און בעשאַס האַמאַיאָווע קאַדאָכעס, נישט פֿאַר אײַך געדאַכט, וואָס ייִדן האָבן באַקומען נאָך די געוויסע גזײרעס מײַ. ווײַל טונעיאַדעווקע איז א פֿאַרוואָרפֿן ווינקל, אָפּגעריסן פֿון דער וועלט און ליגט נישט דעם סוינע אַף זײַן מאַרשרוט. הײַנט איז דער דאַלעס טאַקע דאָרט אויך א גרויסע שמירע. עס לוינט נישט דעם סוינע אומזיסט-אומנישט ברעכן אַהינצו די פֿיס. דער מאַלכאַמאָוועס אַלײן האָט טונעיאַדעווקע פֿאַרגעסן. אין טונעיאַדעווקע שטאַרבט מען נישט, נאָר מע פּײגערט פֿאַר הונגער. נישט דאָס בין איך אויסן. צווישן די נײַע אײַנוווינער זײַנען דאָ מײַסטערס, געוועזענע אַרענדאַרעס און אַלערלײ ייִדן פֿון די דערפֿער. הײַנט, אַז אײנער קומט קײן טונעיאַדעווקע, עפּעס מען שוין נישט די פֿענצטער ווי אַמאָל אָנצוקוקן דעם פֿרישן פֿאַרשוין פֿאַרווונדערט, ווער איז ער אַזוינס און פֿונוואַנען האָט ער זיך גענומען? מע פֿאַרשטײט שוין, אַז דאָס איז א ייִד, וועלכן מע האָט אַרויסגעטריבן פֿונעם דאָרף, ציפּע זײַן ווײַב איז שוין מיסטאַמע אויך דאָ מיט די בעבעכעס און פּופּקלעך און מיט דעם גאַנצן ביסל אָרעמקײַט. קימאַט איבער איטלעכן פֿון די אַרויסגעטריבענע איז דאָ צו דערצײלן נישט קײן פֿרײלעכע מײַסעס, נאָר טרויעריקער פֿון אַלע איז די, וואָס האָט זיך פֿאַרלאָפֿן מיט דער פֿאַמיליע, וועלכע ס'איז ערשט פֿאַר א פּאָר וואָכן אַהער געקומען. איך וויל נישט איבערשלאָגן דעם שמועס און לײג עס אָפּ צו דערצײלן אַן אַנדערס מאָל. טכילעס באַם אָנקומען זײַנען די פֿרישע קאַפּצאָנים פֿאַרומערט, פֿאַרזאָרגט, מיט אַראָפּגעלאָזענע נעז. דערנאָך אָבער ווערן זײ ווי די אַלטגעזעסענע פֿרײלעכע עוויוינים, לוסטיקע קאַפּצאָנים, ווילדע באַלביטאָכנס. עפּעס האָט טונעיאַדעווקע אין זיך אַזא קויעך, וואָס וואַרפֿט אָן אַף דעם מענטשן א געשמאַקע פֿוילקײַט, מע גענעצט, שפּײַט זיבן מאָל אויס, מע גיט א מאַך מיט דער האַנט, טראַכטנדיק בא זיך: עט... מײלע נו... לאָז גאָט זאָרגן! איך בין אויסן דערמיט, אַז בא אונדז אין טונעיאַדעווקע פֿאַרברענגען מיר די צײַט גאָר נישט אַזוי שלעכט, ווי עס קען זיך אײַך אויסדאַכטן. מע פֿאַרקלויבט זיך זײער אָפֿט אין אײנעם, מע שמועסט, מע רעדט איבער אַלערלײ זײַטיקע איניאָנים, מע דערצײלט פּאָטשטן,

מע אמפּערט זיכ, אינטערעסירט זיכ מיט אַלע קלייניקייטנ און מע זיצט אָפּ
אַזוי גאַנצע טעג ביז שפּעט אינ דער נאַכט, גאָר נישט אינ זינענ צו האָבנ, אַז איכ
קעשענע איז נישטאָ קיינ גראָשנ און וואָס קענ זײַנ דער טאַכלעס. פּלאַנענ מאַכנ
די טונעיאַדעווקער א טאָג עפּשער הונדערט, און אַלצ פאַר אַנדערע, געלט ציילנ
מיר איבער מיליאָנענ, אָבער נישט אונדזערע, נאָר ראָטשילדס, גינזבורגס, פּאָליאַ-
קאָווס און האָבנ דערפונ האַנאָע, גלײַכ ווי מיר וואָלטנ מיט זיי געווענ בעשוט-
פּעס. דאָס, וואָס בא אײַכ אינ אײַער מאָקעם א טעאַטער, דאָס אייגענע איז בא
טונעיאַדעווקער דער בעסמעדרעש-אונטער-אויווּנ. עפּעס איז דאָרט אַזוי מעכײַע
וואַרעמ, מע זיצט זיכ אינ קאָמפּאַניע האַלב וואַכ, האַלב פאַרשלאָפנ, הערט ווונ-
דערלעכע זאַכנ, מע פליט אינ הימל, פירט לענדער, מע נעמט אײַנ און מע
פאַרטיילט מעדינעס. דעמ טויגער הערט מענ ווי דעמ מילכעדיקנ קלינגל און מע
וואַרפט אימ אַרויס אַפ א שפּענדל. דער טונעיאַדעווקער איז נעבעכ שטומפּיק אַפּ
דער האַנט. הידימ הענט, דאָס האָט נאָר אייסעוו, דערפאַר אָבער איז ער א בע-
ריע אַפנ מויל, הקול קול יעקב, דאָס הייסט שרײַענ, מעכאַבעד זײַנ אַנדערע מיט
פּלאַנענ, אייצעס געבנ, זידלענ אַפ א קאָל, די דאָזיקע מאַטאָנע פונ זײַנ ליבנ
נאָמענ האָט שוינ נאָר א בענ-יאַנקעוו פונ טונעיאַדעווקע, ער טאַקע אַליינ...

אינ טונעיאַדעווקע זײַנענ הײַנט דאָ א סאַכ רעדלעכ, אָדער פאַרטייענ. בע-
ראָש פונ זיי זײַנענ פיר און הייסנ מיט צונעמענישנ אַזוי: 1) ייִדנ — מיטנ קאָפּ
אינ דער ערד, אָדער הייסע ייִדנ מיטנ פולנ מויל. צו זיי געהערנ די יונגעלײַט
און דאָס ביסל אופגעקלערטע פונ טונעיאַדעווקע; 2) ייִדנ געמעלאָכעטע, פאַר-
פּראָרענע גאָמעלקעס פונ שניי, צו זיי געהער דער גרעסטער טייל פונ טונעיאַ-
דעווקער ייִדישנ אוילעמ; 3) לעבלעכע, אָדער איבערגעניצעוועטע ייִדנ, וואָס ווילנ
דאָס אַלטע ייִדישקײַט איבערמאַכנ אַפ דעמ נײַעמ שניט, און 4) גלאַט אַזוי ייִדנ
שויסקימ, שווײַ[גערס]...

---

### צו מענדעלעס דערציילונג

### „[די מילכאָמעס פונ האַבאָסע-קאָמאַנדע]“

מענדעלעס דערציילונג „[די מילכאָמעס פונ האַבאָסע-קאָמאַנדע]“ (בא מענ-
דעלענ האָט נישט די דערציילונג קיינ נאָמענ, דער נאָמענ איז אונדזערער) איז
א העכסט קינסטלערישע סאַטירע, א זעלטענער קינסטלעריש-רעאַליסטישער דאָ-
קומענט וועגנ די פּאָגראָמענ און געזעלשאַפטלעכ-פּאָליטישע געשעענישנ פונ די
80-ער יאָרנ אינ רוסלאַנד. די דערציילונג האָט מענדעלע אָנגעשריבנ צווישנ דעמ
1882־טנ און 1884-טנ יאָר. זי איז, אַפּאָנעמ, געבליבנ נישט פאַרענדיקט, ווײַל
מענדעלע האָט אײַנגעזענ, אַז ער וועט נישט האָבנ ווו זי צו דרוקנ. גאַנצער-
הייט איז זי, ווײַזט אויס, נאָכ קיינמאָל נישט געדרוקט געוואָרנ[1], און פאַר אונ-
דזערע לייענער איז זי געבליבנ אינגאַנצנ אומבאַקאַנט. מיר דרוקנ זי דאָ פונעמ
מאַנוסקריפּט, וואָס געפינט זיכ אינ אָדעסער מענדעלע-מוזיי.

1 די ערשטע צוויי בריוו זײַנענ געדרוקט געווענ אינ 1928 י. אינ „אָדעסער אַרבעטער“ (נומ. 13).

מענדעלע האָט ריכטיק אָפּגעשאַצט די טאַקטיק פון דער צאַרישער רעגירונג און האָט זי געשטעמפּלט אַלס פּאָגראָמישע און צוויִעסדיקע. ער האָט אויסגע-לאַכט די רעגירונגס-קאָמיסיעס און די „יִדישע קאָמיטעטן" (הילפס-קאָמיטעטן, געגרינדעטע דורך דער יִדישער בורזשואַזיע) — ער האָט פון ביידע דערוואַרט ווינ-ציק נאַכעס. אַרויסשטעלנדיק אַלס מוסטער פון אַ יִדישן קלאַלטועך דעם באַ-ווּסטן זשורנאַליסט און שטאַדלען אַ. צעדערבוימען (אין צווייטן בריוו פּאַראָדירט מענדעלע מײַסטעריש צעדערבוימס אַ באַרימערישן אַרטיקל אינעם „המליץ"), גיט אונדז מענדעלע צו פאַרשטיין דורך זײַן געריסל צו די פּעטערבורגער יאַהודים (פרידליאַנד, פּאָליאַקאָוו און באַראָן גינצבורג), אַז ער מאַכט ניט קיין גרויסן אונ-טערשייד צווישן צעדערבוימען און די גווירים.

מענדעלע איז נישט אונטערגעפאַלן אונטער דער ווירקונג פון די דעמלט מאָדערנע נאַציאָנאַליסטישע טעאָריעס און האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגעגרענעצט פון די דעמלטיקע „כויוועוויי-ציִען" (פּאַלעסטינאָפילן). ער אידענטיפיצירט ניט דאָס רוסישע פאָלק מיט דער „באָסע-קאָמאַנדע", וואָס געפינט זיך אונטערן שוץ פון די צאַרישע באַאַמטע. מענדעלע זעט די הויפּט-סיבע פון אַנטיסעמיטיזם און פּאָגראָ-מען אין דעם קאָנקורענץ-קאַמף צווישן יִדישע און ניט-יִדישע קאַפּיטאַליסטן. די קריסטלעכע קאַפּיטאַליסטן — שרײַבט ער אין איינעם זײַנעם אַ ניט-פּובליקירטן אַרטיקל — נוצן דערצו נאָך אויס דעם קלאַסן-אַנטאַגאָניזם און רייצן אָן די אום-צופרידענע האָרעפּאַשניקעס, „וואָס אַרבעטן מיט נויט-שווייס און ברענגען אַרויס אַלע פּראָדוקטן מיט זייערע הענט", קעגן די יִדן, „וואָס זייער הויפּט-באַשעפטי-קונג איז מיסכער, און זיי זײַנען פון דעם קאַפּיטאַלס צאַד..." מענדעלע זאָגט פאָרויס די קאַפּיטאַליסטן די אַנטיסעמיטן, אַז זייער העצע וועט זיך אויסלאָזן, סאָפּקאָלסאָף, צו זייער אייגענעם קאָפּ. אין זײַנע דערציילונגען פון די 80-ער יאָרן („צוריק אהיים" און „שיים און יעפעס אין וואַגאָן") באַווײַזט מענדעלע, אַז די אינטערעסן פון יִדישע און ניט-יִדישע האָרעפּאַשניקעס פאַלן זיך צונויף און אַז די פאַרנאַרטע אַרבעטנדיקע נייכטערן זיך זייער גיך אויס פונעם אַנטיסעמיטיזם און פּאָגראָם-טשאַד.

מענדעלע ציט נישט אַפילו די נייטיקע קאָנסעקווענצן, ער מאַכט נישט קיין רעוואָליוציאָנערע אויספירן. ער שטעלט זיך אָבער דרייסט אַנטקעגן אין דער צאַ-רישער פּאָגראָם-פּאָליטיק אין דער ציאָניסטיש-נאַציאָנאַליסטישער וואַקכאַנאַליע.

אין זײַן דערציילונג „[די מילכאָמעס פון האבאָסע-קאָמאַנדע]" זײַנען די דאָ-זיקע אַלע מאָטיוון מענדעלעס גאַנץ דײַטלעך שוין אָנגעמערקט, נאָר נישט פאַ-נאַנדערגעוויקלט ביזן סאָף, ווײַל די דערציילונג איז געבליבן נישט פאַרענדיקט.

א. וואָראָבייטשיק.

# די אויסגעגנאַרטע בכוירע

## בערל דער מעשוגענער אונ רעב איציקל כאָכעמ

[א פלאַנ פונ א דערציילונג]

רעב איציקל איז געוועזנ א צוויאַק. ער האָט זיכ פאַרשטעלט פאַר א פרומענ ייִדנ, קעדיי צו נאַרנ דעמ אוילעמ אונ זײַנ מוטער די גווירע, וואָס זי האָט פונ אימ נאַכעס געהאַט אונ פלעגט אימ שטיצנ מיט געלט, מיט מאַטאָנעס. דער אוילעמ פלעגט פאַרגלײַכנ בערל דעמ בכאָר מיט אייסעוונ אונ רעב איציקל-לעבנ מיט יאַנקעוו-אָווינו. רעב איציקל איז ניט געוועזנ קיינ פראָסטער. אינ האַרצנ האָט ער זייער גוט געוווּסט, וואָס איז גוט, וואָס שלעכט. נאָר אָבער ער האָט געמיינט, אַז מיט עמעס איז זייער שווער צו לעבנ אפ דער וועלט. דורכ דעמ שעקער איז אימ געוועזנ זייער גוט. האָט געלעבט אינ אוישער, אינ קאָוועד, מע האָט געלאַדנ אפ אלע כאַסענעס אונ בריסנ, מע האָט אימ אָפּגעגעבנ דעמ אויבנאָנ, ער פלעגט עסנ, טרינקענ ווי א ביק, האָט זיכ פאַרלאָזט א בײַכל. זײַנ בײַכל האָט קוינע-שעמ געוועזנ. ער פלעגט אינ האַנדל שטאַרק שווינדלענ אונ האָט עטלעכע מאָל אָנגעזעצט, נאָר דאָס האָט אימ ניט געשאַט, די מוטער פלעגט אימ ניט פאַרלאָזנ, ער איז געוועזנ אינ שטאָט דער גלאַוונער בוירער, פלעגט שטילערהייט כיילעק האָבנ אינ אלע שטאָט-געשעפטנ, אינ דער טאַקסע, אינ דער אַרענדע, ער איז געוואָרנ דער גאַבע, קוילעל פונ ערעצ-ייִסראָעל-געלט, פלעגט צושלאָגנ פושקעס אינ אלע הײַזער, פלעגט שיקנ אינ די הײַזער רעווידירנ מעזוזעס אונ בעשאַס א מאַגייפע ראַכמאָנע-ליצלאַנ פלעגט ער זײַנ פריטשיסלעט צו דער הייליקער נאַמשאַלסטווע כויקער-ועדוירעש זײַנ די כאַטאָים אינ שטאָט, רעווידירנ אינ די הײַזער די בעטנ, מאַכרעמ זײַנ די קרינעלינעס אוכעדוימע.

---

... אונדז איז עס אפילע געוועזנ א ווונדער. אמאָל האָט ער אונדז דערקלערט זײַנע אידייענ פונ בייס-האַמיקדעש, געהאַלטנ מער פונ דעמ בעש"ט ווי פונ דעמ גאָענ, פונ פּאָפּולערע וויסנשאַפטנ, פאַרגליכנ מיט דער מיטאָלאָגיע, גערעדט אפ דער טאַלמעטוירע, אפ ייִדישע צדאָקע-געבנ, פלעגט אונטערשטיצנ באַלמעלאָכעס, זיכ זאַנימאַיענ מיט קינדער, וואָס האָבנ אימ אינ האַרצנ ליב געהאַט, א סאַכ זײַנע דורכ אימ אַרײַנ אינ גימנאַזיעס, אינ שולנ, א סאַכ געוואָרנ גוטע באַלמעלאָכעס. מײַנ בילדונג האָב איכ אימ צו פאַרדאַנקענ. דערפאַר האָט מענ אימ אינ שטאָט פײַנט געהאַט. מײַנ טאַטע איז אימ געוועזנ א סוינע, מע זאָל קענענ, וואָלט ער אימ אָנגעטאָנ געבראָטענע ליידנ, נאָר זכוסאָוועס זײַנענ אימ בײַגעשטאַנענ. ער איז געוועזנ פונ גאָלע ייִכעס, דעמ אלטנ געשטאָרבענעמ ראָווס אַנ אייניקל, הײַנט זײַנ מוטער, די גווירע אינ שטעטל. פריִער איז ער געוועזנ רײַכ, נאָר דערנאָכ איז ער געוואָרנ א יוירעד... ער איז געוועזנ א מעטופל מיט קינדער, הײַנע זעקס מיידלעכ מיט צוויי שלאַפע זינ.

---

## א פּאָר ווערטער וועגן דעם פּלאַן פון מענדעלעס דערציילונג
## „די אויסגענאַרטע בכוירע"

אין מענדעלעס נאָטיץ-בוך פון די 60—70-ער יאָרן (וואָס געפינט זיך אין אָדעסער מוזיי אַפ מענדעלעס נאָמען) געפינען מיר א פּלאַן פון א דערציילונג, וואָס איז קיינמאָל ניט אָנגעשריבן געוואָרן. דער פּלאַן איז אָנגעוואָרפן מיט א בלייער, אין גרויס אײַלעניש. דאָס קעפּל און די נאָטיץ וועגן רעב איציקלען פאַרנעמען צוויי זײַטלעך, איינס נאָכן אנדערן. אַפ דער פריערדיקער זײַטל געפינען מיר דעם פראַגמענט, וואָס שילדערט באַשײַמפּערלעך בערלען.

מיר האָט זיך ניט אײַנגעגעבן גענוי צו דאַטירן די דאָזיקע נאָטיצן. לויטן אינהאַלט האַנדלט זיך דאָ וועגן א וואַריאַנט פון מענדעלעס ערשטן יידישן ווערק — „דאָס קליינע מענטשעלע". אין איציקל דעם כאַכעם איז דאָך ניט שווער צו דערקענען איציק-אַוורעמל טאַקעפע, אין בערלען — גוטמאַנען. עס לייגט זיך אפילע שווער אַפן סייכל, אז נאָך דעם „קליינעם מענטשעלע" זאָל מענדעלע נאָכא-מאָל האָבן אין זינען צו וואַריירן די דאָזיקע טעמע. די נאָטיץ איז אָבער פאַר-שריבן צווישן צוויי אנדערע, וואָס געהערן צו די יאָרן 1865—1867. אַפ אזא אויפן וואָלטן מיר זיי געדאַרפט דאַטירן אַן ערעך מיט 1866—1867 י.

די לאָקאַליזאַציע אינעם טאָגבוך מוז געגומען ווערן אין אכט, כאָטש זי קאָן ניט דינען אלס מאָסגעבנדיקער קריטעריִ אַפ צו דאַטירן מענדעלעס א נאָטיץ: קיין באַזונדער אויסגעהאַלטענע אָרדענונג איז אינעם נאָטיץ-בוך ניט פאַראַן!

אָבער ווי די מײַסע זאָל ניט זײַן, צי מיר האָבן צו טאָן מיטן פּלאַן פון דער ערשטער צי פון א צווייטער מענדעלעס דערציילונג אַפ יידיש, איז דער פראַגמענט וועגן בערלען דעם מעשוגענעם העכסט אינטערעסאַנט און באַלערנד. פון די ניט גאָר קלאָרע רעמאָזים אין מענדעלעס העברייִשער פּובליציסטיק, פון זײַנע נאָך ניט פּובליקירטע נאָטיצן און וואַריאַנטן פון אַרטיקלען ווייסן מיר, אז ער איז געווען א הייסער אָנהענגער פון דעיִסטישע אידייען, האָט אָנערקענט נאָר די „נאַטירלעכע רעליגיע", האָט געהאַלטן פאַר גלײַך מינדערווערטיק אלע פּאָזי-טיווע רעליגיעס, „מוישע ראַביינוס" אײַנגעשלאָסן, אז ער האָט ניט געמאַכט קיין אונטערשייד צווישן די „הייליקע" יידישע לעגענדעס און דער מיטאָלאָגיע פון אנדערע פעלקער, אז דעם בייס-האַמיקדעש און די קאָרבאָנעס האָט ער געהאַלטן פאַר א רעשטל פון געצנדינערײַ, וואָס איז, אגעוו, לויט זײַן מיינונג, געווען אומפאַרמײַדלעך אַפ א באַשטימטער שטופּע פון אנטוויקלונג, אאַוו.

אין די 60-ער יאָרן פלעגט זיך מענדעלע אמאָל פאַרגינען א ווונק צו געבן וועגן די אלע זאכן זײַנע „אויפגעקלערטע העברייִשע לייענער". פאַר דער מאסע אַפ יידיש האָט ער אָבער געציטערט אפילע א וואָרט וועגן אזוינע אפּיקאָרסישע געדאַנקען צו זאָגן. פאַרקערט, ער האָט זי געפרוווט געווינען פאַר האַסקאָלע, דערוועגנדיק, אז בילדונג און גלויבן, אויפגעקלערטקייט און יירעס-שאָמאַיִם לעבן זיך זייער גוט אײַן צוזאַמען. בערל דער מעשוגענער — דער טריבון פון די אויפ-געקלערטע און פון דער האָרעפּאַשנער מאַסע — האָט זיך אָבער געקליבן עפּעס אויסזאָגן פון ביידער. „...אונדזן איז עס אפילע געווען א ווונדער; אמאָל האָט ער אונדזן דערקלערט זײַנע אידייען פון בייס-האַמיקדעש, געהאַלטן מער פונעם בעש"ט ווי פון דעם גאָען, (פון) פּאָפּולערע ווינסשאַפטן (...) פאַרגליכן מיט דער מיטאָלאָגיע..."

די נאָטיצ איז באַשײַמפּערלעכ פּאַרגרײַזט אינ א רײַ ערטער, אונ גראָד דאָ איז זײַער שווער געווענ אופצושטעלנ איר ריכטיקנ מײַנ. אָבער קענענדיק מענדעלעס אָנשויונגענ, איז ניט שווער צו כאַפּנ איר טאָכ.

א באַזונדערע דערקלערונג פאָדערט דער פאַרגלײַכ פונ בעש״ט מיטנ גאָענ. טרײַ דער מאַסקילישער טראַדיציע, איז מענדעלע אינ דער ערשטער העלפט פונ די 60-ער יאָרנ אלײנ ארויסגעטראָטנ קעגנ צאַדיקיזמ (ערשטער וואַריאַנט פונ „דאָס קלײנע מענטשעלע״; ערשטער וואַריאַנט פונ „עלטערנ אונ קינדער״, אָנגעשריבנ ניט שפּעטער פונ 1864 י., געדרוקט אינ 1868 י.). שפּעטער אָבער זאָגט ער זיכ אָפּ פונ דער טאַקטיק. אינ מענדעלעס נאָטיצ-בוכ געפינענ מיר אזא העברײִשע נאָטיצ, וואָס לויט דער לאָקאַליזאַציע קאָנ מענ זי דאַטירנ מיט 1870—1871 י. (מיר ברענגענ זי אינ א ייִדישער איבערזעצונג):

„ראיונעס פונ הערשל דעמ מעשוגענעמ.

1) כסידעס איז דער איבערגאַנג (המעברה) פונ טאַלמודישנ גײַסט אונ טראַדיציע צומ פרײַענ רעליגיעזנ גײַסט. זי אלײנ איז נאָכ פול מיט אומזיניקע היצ-כאַלומעס (הזיות), נאָר דורכ אירע פאַנטאַסטישע כאַלומעס האָט זי דורכגעבראָכנ די פעסטע ווענט אונ איז ארויס פונ די גרענעצנ, וואָס די רישוינימ האָבנ אײַנגעשטעלט. אדאַנק איר גלויבנ אינ באַלמויפעס, אינ נײַע אווטאָריטעטנ, האָט געמוזט אָפּגעשוואַכט ווערנ די קראַפט פונ אַלטע אווטאָריטעטנ, אונ דערווײַל איז געקומענ צו א באַוועגונג; זאָל עס זײַנ א גלײַכע צי א קרומע, איז פאָרט דאָ א האָפענונג, אז די זאָמענ, וואָס וועלנ פאַלנ אָפּ א געהעריק אָרט, וועלנ דורכוואַקסנ אונ ברענגענ פרוכטנ. באַמערקט נאָר, אז ווו דער כאַסידיזמ איז שטאַרקער, מערנ זיכ אַלצ די מענטשנ, וואָס נעמענ זיכ צו בילדונג. דאָרט, ווו ס׳איז פאַראַנ א צעמישונג אונ אופרעגונג פונ געדאַנקענ אונ מײנונגענ, זאָלט איר ניט פאַרלירנ די האָפענונג צו טרעפנ דאָרט, פריִער אָדער שפּעטער, גרויסע לײַט אונ פאָרשער. ס׳איז א פעסטער נאַטור-געזעצ, אז לעבנ ווערט געבאָרנ נאָכ דער צעלײגונג פונעמ זאָמענ, אונ זײַנ אונטערגאַנג — איז זײַנ אופקומ! מײַנע אָדלערס, איר שוועבט אינדערלופטנ אונ קוקט מיט ביטל אראָפּ אפ די אײַנוווינער פונ דער ערד, פאַרגעסט אָבער ניט, ווענ אײַער מוטערס אײ וואָלט ניט איבערגעפירט געוואָרנ, וואָלט איר אפ דער וועלט ניט געווענ אונ וואָלט נאָר פאַרבליבנ אינ פּאָטענצ!

2) דאָס קערנדל, וואָס איז פאַרזײט דורכנ פויער, וואַקסט דאָסראָוו דורכ אפ א נאַטירלעכנ אופנ, וואָרצלט זיכ אײַנ אונטנ אונ ברענגט פרוכטנ אויבנ, אונ ווינטנ קענענ עס אזוי גרינג פונעמ אָרט ניט רירנ. אָבער א קערנדל, וואָס ווינטנ טראָגנ עס אומ, פאַלט ניט שטענדיק אפ דאָס פּאַסיקע אָרט. אמאָל פאַרפלאַנצט עס זיכ אפ ניט א זיכער אָרט אונ ווערט א שפּילעכל פאַר ווינטנ. אזוי האָט געטראָפנ מיט פיל יונגעלײַט, וואָס דער מאָדע-ווינט[1] האָט זײ געטראָגנ אונ פאַרפלאַנצט ניט אפ א זיכער אָרט; זײ הענגענ אינדערלופטנ אונ האָבנ ניט קײנ אָנשפּאַר.

[1] א ווערטער-שפּיל: רוח הזמנ — מאָדע-ווינט, צײַט-גײַסט אאוו.

3)...... (ניט פארענדיקט)".

מענדעלע האָט געזוכט אויסצונוצן די „פּראָגרעסיווע" עלעמענטן אין דער יידישער רעליגיעזער טראַדיציע און בעהאדראָגעדיק ברענגען די מאַסע צו עמעסער אופקלערונג. אין דער ערשטער העלפט פון די 60-ער יאָרן האָט ער אזא „פּראָגרעסיווערן" עלעמענט איינגעזען אין דער קאָנאָניזירטער מיטלאלטערלעכער פילאָסאָפיע, אין סאָף 60-ער און אין די 70-ער יאָרן — אין כאסידיזם.

מענדעלע האָט, פארשטייט זיך, ניט געקאָנט פארווירקלעכן דעמלט זיין פּלאַן און אָנשרייבן די דערציילונג. ער וואָלט ארויסגערופן א שטורעם פון אופרעגונג אין ביידע קעמפנדיקע לאגערן. די אָרטאָדאָקסיע, און רעכטע מאסקילים אפילע, וואָלטן אים ניט מוחל געווען דאָס אָפּלייקענען דעם יידישן ריטואל און די גרונט-איינשטעלונג פון „מוישע-ראבייגעס טוירעלע"; פון די ראדיקאלערע מאסקילים, ווער רעדט שוין פון די אופקלערערס פון קאָווגערס שניט, וואָלט ער זיכער געכאפּט דעם עמעסן פּסאַק פארן „פארטיידיקן" דעם פינצטערן פאנאטיזם פון די כסידים. אזא אָפּשניט האָט טאקע דעמלט געכאפּט איינער פון די קאָרעספּאָנדענטן פונעם „האמייליצ" — מאָדיליעווסקי — און טאקע פון... ש. י. אבראַמאָוויטשן אליין („המליץ", 1865, נומ. 37). צי וואָלט קאָוונער געוואָלט פארשטיין דעם אונטערשייד צווישן אבראמאָוויטשעס „פארטיידיקן" דעם כאסידיזם און מאָדיליעווסקיס פארטיידיקן דעם צאדיק? — זיכער נישט, און ער וואָלט גאָר ניט געווען אומגערעכט אויך. מענדעלע האָט דאָס גוט געמוזט פארשטיין און האָט געלאָזט זיך זיינע פארנאָטירונגען פאר זיך אליין.

און נאָך פון איין שטאנדפּונקט איז דער ניט-פארווירקלעכטער פּלאַן זייער און זייער אינטערעסאַנט: שוין אינמיטן פון די 60-ער יאָרן האָט מענדעלע געפיקט דעם מויעכ די געשטאלט פון א קלאָרן, פּראָגרעסיוון „מעשוגענעם" און פון א „כאָכעם" — א ווילדע בריע, א געבראָטענער רעאקציאָנער. בערל און הערשל זיינען אָפּ אזא אויפן די ערשטע וואריאַציעס פון מענדעלעס בארימטער געשטאלט — ייִסראָליק דער מעשוגענער („די קליאטשע"). ס'איז זייער מעגלעך דעריבער, אז „די אויסגעצנארטע בכוירע" איז פארטראכט געוואָרן אין 1865—1867 י. און זי האָט פאָרגעשטעלט מיט זיך א פּרווו איבערצוטראקטירן די טעמע פונעם „קליינעם מענטשעלע" אין גייסט פון „דער קליאטשע". מענדעלע איז נאָך אָבער, אפּאָנעם, ניט גרייט געווען צו א גערצענישער שילדערונג פון דער „מעשוגענער וועלט", עס האָט געדארפט נאָך אדורכגיין א האלב צענדליק יאָר, ביז די „קסאָווים פון ייִסראָליק דעם מעשוגענעם" זאָלן דערזען די ליכטיקע שיין (זע אויבן אונזער ארטיקל צו „אדעראבע, ווער איז מעשוגע?").

א. װאָראָבײטשיק.

---

# ארומ מענדעלעס פלענער װעגנ א ייִדישער פּעריאָדישער אױסגאבע

1. מ. ספּעקטאָרס בריװ צו מענדעלענ. — 2. מענדעלעס א פּראָגראמ פונ א ייִדישער פּעריאָדישער אױסגאבע. — 3. א „שליס־צעטל" פונ מענדעלע מױכער־ספאָרימ.

מיר דרוקנ דאָ מ. ספּעקטאָרס עטלעכע בריװ צו מענדעלענ (די אָריגינאלנ געפינענ זיכ אינ אלוקראַיִנישנ מוזײ פאר ייִדישער קולטור אפנ נאָמענ פונ מענ־דעלע מױכער־ספאָרימ אינ אָדעס). די בריװ אנטהאלטנ א ביסל נײַעמ מאטעריאל צו דער געשיכטע פונ דער ייִדישער פרעסע אונ װארפנ אױכ א נײַ שײַנ אפ מענדעלעס קאמפּ פאר אנ אײגנ ייִדיש בלאט.

נאָכ אינ די 60־ער יאָרנ איז מענדעלע געװענ שטארק אומצופרידנ מיט דער ייִדישער פרעסע אונ האָט א פּאָר מאָל זיכ געפרוּװט צו באקומענ א דערלױבעניש אפ ארױסצוגעבנ א צײַטונג. אינ יאָר 1864 פרוּװט זיכ מענדעלע צוזאמענ מיט כ. ז. סלאָנימסקינ ארױסגעבנ א העברעייִשע צײַטונג „הצפירה". מוירע האָבנדיק, אז „די רעגירונג װעט ניט דערלױבנ אינ אזא אומרויִקער צײַט ארױס־צוגעבנ א נײַע צײַטונג", פארזיכערט מענדעלע דעמ קאָמיטעט פונ „אָפּע", װאָס װאָלט געדארפט זיכ מישטאדל זײַנ װעגנ דער דערלױבעניש, אז „ביז א צײַט װעט די „הצפירה" ניט געבנ קײנ פּאָליטישע נײַס אונ װעט זיכ ניט פארנעמענ מיט פּאָלעמיק — זי װעט זײַנ בלױז א פּאָפּולער־װיסנשאפטלעכ בלאט"! אינ יאָר 1867 פרוּװט זיכ מענדעלע מיט גאָטלאָבערנ װײַטער צו באקומענ א דערלױבעניש אפ א צײַטונג: דאָס מאָל מיטנ נאָמענ „בן עמי" (מיסטאמע, אױכ א העברעייִשע).

אינ יאָר 1871 פרוּװט מענדעלע אײנײנעמ מיט ל. בינשטאָקנ באקומענ א דער־לױבעניש שוינ אפ א ייִדישער צײַטונג, װאָס זאָל קעמפנ קעגנ דער אומגעװױנ־טשענער ריכטונג פונעמ „קאָל מעװאסער". איצט (אונ, דאכט זיכ, אױכ אינ יאָר 1867) שטיצנ שוינ מענדעלענ די קרײַזנ פונ „אָפּע", אָבער קײנ שומ רעזולטאטנ האָט דער פרוּװ אױכ ניט געהאט.

סאָפ 1878 אָרגאניזירט זיכ אינ פּעטערבורג א גאנצע געזעלשאפט פונ עטלע־כע צענדליק ייִדישע אינטעליגענטנ, װאָס װילנ זיכ דערשלאָגנ א דערלױבעניש ארױסצוגעבנ דרײַ ייִדישע צײַטונגענ (אפ ייִדיש, העברעייִש אונ רוסיש). אלס רע־דאקטאָר פונ דער ייִדישער צײַטונג װערט אָנגעמערקט מענדעלע. די הישטאדלעס פונ יאָר 1879 האָט אױכ ניט געגעבנ קײנ שומ רעזולטאטנ.

אינ די יאָרנ 1881—1885 פרוּװט זיכ מענדעלע װײַטער א פּאָר מאָל בעטנ א דערלױבעניש אפ א ייִדישער צײַטונג, אָבער אומזיסט. אינ 1886 י. פארבינדט ער

זיך צוליב דעם אייגענעם צוועק מיט מ. ספעקטאָרן. ספעקטאָר האָט געלייגט גרויסע האָפענונגען אפֿן געטויפֿטן ייִדן ק. א. שאַפּיראָ. שאַפּיראָ איז געווען א הויפּ-פּאָטאָגראַף בא איינעם פֿון די מיטגלידער פֿון דער צארישער פֿאמיליע, איז גע-ווען אופגעטראָגן מיט די העכערע ביוראָקראַטן, פֿלעגט זיי אָפֿט „פֿארשפּילן" אין קאָרטן און פֿלעגט אף אזא אויפֿן עפּעס פּויעלן אמאָל בא זיי. זײַן קאַריער האָט שאַפּיראָן ניט באַפֿרידיקט, אין זײַן נײַער סוויווע האָט ער זיך געפֿילט פֿרעמד, אים האָט געצויגן צו דער ייִדישער געזעלשאַפֿטלעכקײַט. שאַפּיראָ האָט געשריבן העברייִשע לידער און אמאָל אפֿילע אן ארטיקל אין א העברייִשער צײַטונג וועגן פּראַגן פֿון ייִדישן לעבן און האָט באַמיט זיך „טאָן טויוועס ייִדן". שאַפּיראָ איז געווען אין דער צײַט, צו וועלכער עס באַציִען זיך מ. ספעקטאָרס בריוו צו מענדעלען, א קעגנער פֿון דער פּאַלעסטינאָפֿילישער באַוועגונג. ספעקטאָרן, דעם „גאַנצן מאַכער" אין א. צעדערבוימס פּאַלעסטינאָפֿילישן „יודישן פֿאָלקסבלאַט" און דעם איידעם פֿונעם הייסן פּאַלעסטינאָפֿיל א. ש. פֿרידבערג (איינער פֿון די פּאַק-טישע רעדאַקטאָרן פֿונעם „המליץ" אין די יאָרן 1883—1886 און אן אַקטיווער מיטאַרבעטער פֿון „הצפֿירה" אין 1886), האָט שאַפּיראָ, אַפּאָנעם, ניט געטרויט. ער האָט געפֿאָדערט, אז די נײַע צײַטונג זאָל רעדאַקטירן מענדעלע מויכער-ספֿאָרים, דער באַוווּסטער פֿאָלקס-שרײַבער און אויסגעשפּראָכענער קעגנער פֿון די פּאַלעס-טינאָפֿילן — „די נאַציִאָנאַליסטן", ווי זיי האָבן זיך אליין גערופֿן („לאומי"). ספּעק-טאָר, וועמען די ריכטונג פֿון דער צײַטונג האָט ניט שטאַרק באַומרויִקט, איז אף דעם פֿאָרשלאָג גערן אײַנגעגאַנגען.

אַנדערש איז צו דער זאַך צוגעגאַנגען מענדעלע. פֿאַר אים איז א ייִדישע צײַטונג געווען ניט קיין געשעפֿט-זאַך און ניט קיין ייִדישיסטישער זעלבסטציל, נאָר א מיטל צו דערציִען די ברייטסטע מאַסן. ער אינטערעסירט זיך דעריבער קוידעמקאָל מיט דער ריכטונג פֿון דער צײַטונג, ער וויל זיך פֿריִער באַקענען מיט די „פּראָטים, מיט איטלעכער זאַך באַזונדער, וואָס צו דער גאַזעטע איז נעגייע, צו איר לײַב און לעבן און צו איר נעשאָמע", איידער ער גיט זײַן האַסקאָמע אף מיטצואַרבעטן אין איר. מענדעלע וואַרפֿט אָן די פּראָגראַם פֿון דער געפּלאַנ-טער צײַטונג. ספּעקטאָר און שאַפּיראָ נעמען זי אָן. פֿון דעם גאַנצן אופֿטו איז גאָרנישט ניט געוואָרן, ס'איז אָבער בא אונדז פֿאַרבליבן א קאָפּיע פֿונעם פּראָס-פּעקט פֿון „דעם שפּיגל" (אזוי האָט געזאָלט הייסן די צײַטונג), געשריבן מיט מענדעלעס האַנט (געפֿינט זיך אין מענדעלע-מוזיי אין אָדעס). דער דאָזיקער דאָ-קומענט איז העכסט אינטערעסאַנט.

דאָס דינינקע זשורנאַלכל (אָנדערהאַלבן דרוקבויגן) האָט מענדעלע געוואָלט פֿאַרוואַנדלען אין א שפּיגל, וואָס זאָל אָפּשפּיגלען דאָס ייִדישע לעבן אף דער גאַנצער וועלט און די וויכטיקסטע וועלט-געשעענישן. די צײַטשריפֿט האָט געזאָלט געבן פּאָליטישע נײַס פֿון דער גאַנצער וועלט (אַרטיקלען און טעלעגראַמעס), פּאָ-פּולער-וויסנשאַפֿטלעכע ארטיקלען, עטנאָגראַפֿיע, רײַזע-באַשרײַבונגען, עקאָנאָמיש-סטאַטיסטישע ארטיקלען, געשיכטע, קינסטלערישע ליטעראַטור און פֿאָלקלאָר און, פֿאַרשטייט זיך, די ברייטסטע אינפֿאָרמאַציע און אָפּהאַנדלונגען וועגן דער לאַגע פֿון ייִדן און וועגן דער ייִדן-פּראַגע אין דער גאַנצער וועלט. וועגן א צײַטשריפֿט מיט אזא ברייטער פּראָגראַם האָט מענדעלע דאַן געכאָלעמט.

א גרויס אָרט האָט זיך מענדעלע געקליבן אָפּצוגעבן אינעם זשורנאַל דער

קינסטלערישער ליטעראַטור, און ניט נאָר דער ייִדישער אַליין, נאָר אויך דער־ציילונגען פון אַנדערע שפּראַכן, „וואָס פּאַסן פאַר ייִדן"! מענדעלע פאַרגעסט אויך ניט קריטיק, רעצענזיעס, אָפּהאַנדלונגען וועגן טעאַטער. מענדעלע האָט זיך גע־קליבן אָפּגעבן א היפּש אָרט אויך דעם ייִדישן פֿאָלקלאָר, ער האָט גוט פאַרשטאַנען די גרויסע באַדײַטונג פונעם פֿאָלקלאָר. ער האָט שטודירט אים אַליין, ברייט אויסגענוצט אין זײַנע ווערק.

זייער אויספירלעך, אָבער גענוג אומקלאָר כאַראַקטעריזירט די פּראָגראַם מענ־דעלעס שטעלונג צו דער ייִדן-פראַגע. די פאַראַגראַפן 3 און 5 זײַנען פאַר אונדז מער־ווייניקער קלאָר אין צוזאַמענהאַנג מיט אַנדערע ווערק מענדעלעס פון די 80-ער יאָרן, אָבער פאַראַגראַף 4 קאָן אַרויסרופן געוויסע ספּייקעס. וואָס האָט זיך מענדעלע געקליבן שרײַבן וועגן יעשיוועס, קלויזן און שטיבלעך? האָט דאָס באַדאַרפט זײַן בלויז דעמאַסקירנדיקער אופרײַסנדיקער מאַטעריאַל אָדער „אָביעק־טיווע" אינפאָרמאַציע מיט לויב-געזאַנגען „גוטע און פרומע" גאַבאָים אויך? די לעצטע האַשאָרע אונדזערע איז שווין גאָר ניט אַזוי אויסן וועג, ווײַל מענדעלע האָט געוואָלט צוציִען די סאַמע אָפּגעשטאַנענע ייִדישע מאַסן און איבערדער־ציִען זיי צו ביסלעך. אָפּ געוויסע האַנאָכעס די קלעריקאַלן איז ער גרייט געווען צו גיין. צוליב דעם אײַגענעם ציל האָט ער מיסטאַמע צוגעזאָגט דרוקן ביִאָגראַ־פּיעס פון ראַבאָנים, באַגלײַכן מיט ביִאָגראַפיעס „פון אַלע אַנדערע געלערנטע לײַט". אין דער אייגענער צײַט וואַרפט זיך אונדז אין די אויגן דער פונקט „ד" („טויִ־רע און כאָכמע"). קיין איינ פאַראַגראַף פון אָט דעם פונקט רעדט ניט וועגן „טוירע" אין דעם קלעריקאַלן זין פון וואָרט, „טוירע" מיינט דאָ פּאָשעט וויסנ־שאַפט.

ניט באַקומענדיק קיין דערלויבעניש אָפּ א צײַטונג, האָט ספּעקטאָר אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן זײַנע זאַמלביכער אונטערן נאָמען: „דער הויזפרײַנד". דער ערשטער באַנד פונעם „הויזפרײַנד" איז אַרויס אין יאָר 1888. מענדעלע האָט דעמלט גראָד געגרייט צום דרוק „פישקע דעם קרומען" — דעם ערשטן באַנד פון זײַנע „גע־זאַמלטע ווערק". אין „הויזפרײַנד" האָט מענדעלע געגעבן דעם ערשטן קאַפּיטל פונעם בוך אַלס פּראָבע צום הומאָריסטישן פּראָספּעקט וועגן דער אויסגאַבע פון מענדעלעס ווערק: „א שליס-צעטל" (אָן אָפּמאַך). די דאָזיקע גלענציקע הומאָרעס־קע מענדעלעס איז געבליבן אומבאַקאַנט די ברייטע לייענער-קרײַזן, און מיר גיבן זי דאָ לויט דער קאָפּיע, וואָס האָט זיך פאַרהיט אין מענדעלעס אַרכיוו פונעם אָדעסער מוזיי פאַר ייִדישער קולטור.

א. וואָראָבייטשיק.

## 1. מ. ספּעקטאָרס בריוו צו מענדעלען

1

*С.-Петербург 4-го Июня 1886 г.*

פיל געערטער הער ש. אַבראַמאָוויטש!

איך וייס ניט, צי האָט איר געהערט וועגן מיר, ווען ניט, האָב איך די ערע דאָס ערשטע מאָל זיך פאָרשטעלן פאַר אײַך: איך בין מאָרדכע ספּעקטאָר, א

שטענדיקער מיטארבעטער פונ דעמ „יודישנ פּאָלקסבלאט". מײַנע ווערק זײַנענ: „דער ייִדישער מוזשיק", „א ראָמאנ אָנ א נאָמענ", „רעב טרײַטל", „דער שטומער גוטער-ייִד", „אנייִמ ווערווירינימ" אונ נאָכ אנדערע. —

איכ קומ איצטער צו אײַכ וועגנ *זייער א וויכטיקער זאכ פאר אײַכ אונ פאר מיר*. נאָר פריִער מוז איכ דערווײַל נאָר זאָגנ עטלעכע ווערטער וועגנ דעמ, מיט וואָס איכ קומ צו אײַכ:

איכ בינ פונ טאָמיד אָנ איבערגעגעבנ דעמ זשארגאָנ, איכ ערוואַרטע פונ אימ א גרויסע צוקונפט. מיט מײַנע אלע קויכעס האָרעווע איכ צו ווײַזנ, אז אינ דעמ אָרעמענ, נאָר ליבנ זשארגאָנ קענ מענ אויכ עפּעס וויכטיקס זאָגנ. צי האָב איכ ביז אהער צו עפּעס געבראכט, ווייס איכ ניט, דאָס קענענ מער וויסנ מײַנע לעזער, נאָר איכ אליינ בינ נאָכ ניט צופרידנ, אויכ בינ איכ ניט צופרידנ מיט דעמ „פּאָלקסבלאט". נאָכ מײַנ מיינונג קענ א „פּאָלקסבלאט" זײַנ נאָכ פיל בעסער, נאָר וואָס קענ איכ טאָנ, כאָטש איכ בינ דער גאנצער מאכער אינ „פּאָלקסבלאט", נאָר פּאָרט ניט קיינ באלעבאָס אונ האָב גאָר ניט קיינ טײַנעס דערצו. יעדער באלעבאָס האָט רעכט אינ זײַנ הויז אינ דער שענסטער זאל אָנשיטנ מיסט מיט אויסגעטרעטענער שטרוי, אונ [איכ] וואָלט ווײַטער געראָניגט [!] דאָס הויז מיט דער האָפענונג, אז מיט דער צײַט וועל איכ איבעררײדנ דעמ באלעבאָס, אז אינ זאל דארפ מענ שטעלנ שיינ מעבל, ניט קיינ שטרוי מיט מיסט.

נאָר איצטער, זינט עס איז געוואָרנ דער גרויסער קאָנקורענצ מיט די טאָגבלעטער, שלינגט אײַנ דער המליץ דעמ פּאָלקסבלאט, ד.ה. דער פ"ב[לאט] פארדינט פונ 3 ביז 4 טויזנט רובל, פארשטעקט מענ דערמיט די לעכער פונ דעמ המליץ, אויכ צעדערבוימס קינדער דארפנ האָבנ א סאכ טויזנטער פאר לעבנ, צוליב דעמ אלעמ רײַסט מענ צוויי פעל פונ דעמ פ"ב[לאט]. נאָר אזויווי פונ איינ נ[עווילע] קענ מענ קיינ צוויי פעל ניט רײַסנ, וועט קומענ דערצו הײַנט-מאָרגנ, אז איינ פעל וועט אויכ ניט זײַנ — דער פּאָלקסבלאט וועט גאָט די נעשאָמע אומזיסט אוג, אומנישט פאר פרעמדע זינד גיינ כאסוועשאָלעמ צו גרונט. —

איינ איינציק זשארגאָנ-בלאט זאָל גיינ איבער אזוינע זאכנ צו גרונט, דאָס איז שרעקלעכ!

דאָס אלעס צוזאמענ האָט מיכ געבראכט דערצו, איכ זאָל זיכ גוט פארטראכטנ, ווי סטארעט מענ זיכ אויס אליינ א נײַ זשארגאָנ-צײַטונג.

אינ רוסלאנד אויסטארענ זיכ א זשארגאָנ-בלאט, דאָס איז ניט גרינג צו זאָגנ! דאָס איז אזוי שווער ווי הימל צו דער ערד צוציִענ, דאָס ווייס איכ גוט, ווײַל איכ וווינ אינ פּעטערבורג אונ בינ גוט באקאנט מיט די אלע זאכנ, נאָר אויסלענדישע פּאָליטיקאנטנ זאָגנ, „אז אינ רוסלאנד קענ מענ אפילע זיכ אויסטארענ די רוסישע קרוינ, נאָר מע דארפ וויסנ וויִאזוי אונ צוווארטנ *די גוטע צײַט זאָל קומענ*". —

איכ האָב זיכ איצט דערווארט צו דער גוטער צײַט אונ וויל טאקע זיכ אויסטארענ א זשארגאָנ-צײַטונג. וויִאזוי איז געקומענ די גוטע צײַט? — דאָ אינ פּעטערבורג געפינט זיכ א געוויסער מאנ, זײַנ נאָמענ האָט איר געוויס געהערט, ער איז א געטויפטער ייִד אונ האָט ליב ייִדנ מיט זײַנ גאנצ לעבנ, אינ אימ איז געבליבנ דאָס עמעסע ייִדישע הארצ, אונ אלעמאָל ווערט עס ווארעמער. ער איז א מאנ, וואָס פארדינט 20 טויזנט רובל א יאָר אונ עפּשער מער, ער פארלעבט

דאָס גאנצע געלט, ד.ה. א סאך געלט דערפונ גייט אוועק פאר אָרעמעלײַט, זײַנ הויז איז גערימט אינ פעטערבורג, זײַנ הויז האָבנ באזוכט אזוינע לײַט ווי דער פארשטאָרבענער טורגעניעוו, שטשעדרינ, אלע גרעסטע ליטעראטאָרנ, קינסט-לער א.ז.וו. אינ צענזורנע קאָמיטעט איז ער אויסגעקאָכט מיט דעם גרעסטנ אונ מיט אלע פונ קאָמיטעט; וואָס ער קענ דאָרט אויספירנ, קענ ניט אויספירנ קיינ 18 צעדערבוימס. אויך וועל איך אײַך זאָגנ בעסאָד, אז די ראזרעשעניע אפ דעם טעגלעכנ „הצפירה" האָט דער זעלבער מענטש זיך אויסגעסטארעט, דאָס וואָלט ניט אויסגעפירט קיינ 18 סלאָנימסקעס. בעקיצער, נאָך מײַנ מיינונג נאָך, אויב עס איז נאָך יאָ דאָ איינ מעגלעכקײַט אויסטארענ זיך א זשארגאָנ-בלאט, איז נאָר דער, דער אײנציקער אינ גאנצ רוסלאנד, וואָס קענ דאָס אויספירנ.

אָט מיט דעמ געשעצטנ מאנ בינ איך באקאנט. איך קומ אָפט אינ זײַנ הויז, אונ ניט נאָר באקאנט, נאָר זייער באפרײַנדעט, פונדעסטוועגנ קאָסט מיך פיל מי, איידער ער האָט מיר צוגעזאָגט זיך סטארענ א זשארגאָנ-בלאט. ענדלעך האָט ער מיר הײַנטיקע וואָך צוגעזאָגט זיך סטארענ מיט אלע מעגלעכ-קײַטנ, אונ אז דער מענטש זאָגט צו, איז דאָס הייליק, וואָס ער קענ נאָר טאָנ, טוט ער. —

אויך דארפ איך אײַך זאָגנ, אז מײַנ צוועק ארויסצוגעבנ א זשארגאָנ-בלאט איז נאָר אינ דער פראָווינצ, נאָר אינ דער פראָווינצ קענ מענ מיט א פאָלקסבלאט קומענ ווײַט אונ נאָר אינ אזא שטאָט ווי ווארשע אָדער אָדעס: ווארשע קענ דערווײַל ניט זײַנ, ווי איר וועט זענ ווײַטער אינ דעם בריוו. — אז וויבאלד אינ דער פראָווינצ, מוז מענ האָבנ נאָך איינעמ, וואָס זאָל זיך גוט סטא-רענ דורכ די מעסטנע נאצאלסטווע (מער וויכטיק איז טאקע פאָרט די סטאראניע אינ פעטערבורג). נאָך פיל טראכטנדיק מיט דעמ מאנ, האָבנ מיר אויס-געקליבנ אײַך, ה' אבראמאָוויטש, ווײַל דער מאנ האלט אויך זייער פונ אײַך (איך זעלבסט בינ אײַערער א שטענדיקער פאָקלאָניק), אונ עס איז בא אונדז געבליבנ באלד אײַך שרײַבנ, צי קענט איר זיך דערמיט אָפּגעבנ. פארשטייט זיך, די ראז-רעשעניע וועט מענ זיך סטארענ אפ אונדזערע ביידע נעמענ, ד.ה. רעדאקטאָרנ אונ איזדאטעליעס וועט זײַנ אבראמאָוויטש אונ ספעקטאָר. די סטאראניע אײַערע אינ אָדעס איז ניט אזא שווערע זאכ, נאָר איך פרעג אײַך, צי קענט איר, צי לוינט אײַך ווערנ איצטער א רעדאקטאָר אפ א זשארגאָנ-בלאט, צי ווילט איר עס מיט דעמ גאנצנ הארצנ, אונ אויב איר ווילט דאָס בעעמעס מיט דעמ גאנצנ הארצנ, בעט איך אײַך מיר באלד ענטפערנ, אונ טאָמער ניט — מיר אויך באלד ענטפערנ.

נאָך אײַער ענטפער וועל איך אײַך מער באקענענ וועגנ דער צײַטונג, אײַך זאָגנ, ווער דער מענטש איז, דענ קאָלזמאנ איך וועל ניט באקומענ פונ אײַך א ענטפער אפ „פאָלקאָמענ יאָ" — האָט ער מיר ניט געהייסנ שרײַבנ אײַך זײַנ נאָ-מענ. נאָך אײַער ענטפער וועט ער אײַך אויך מיסטאמע וועגנ דעם שרײַבנ; נאָך אײַער ענטפער וועל איך אײַך מער באקענענ מיט מיר, מיט וועלכנ איר דארפט זיך פארבינדנ אינ געשעפט. איר דארפט אויך וויסנ, אז די צײַטונג וועט ניט שטערנ אײַערע ארבעט, בא וועלכע איר געפינט זיך איצטער, אויך דארפט איר וויסנ — א זשארגאָנ-צײַטונג, וואָס וועט ארויסגעבנ אבראמאָוויטש מיט ספעקטאָרנ, וועט פיל מער נוצלעכ זײַנ פאר דעמ פאָלק אונ פאר אונדז. דער מאנ

מיט דעם עמעסן ייִדישן הארצ וויל ייִדן געבן אַ עמעס פאָלקסבלאַט, און דאָס קען נאָר זײַן דורכ אַזוינע צוויי מענטשן ווי מיר (זײַנע ווערטער).

דערווײַל ניט פארגעסן איין נייטיקן פונקט: לעממאַנ-האַשעם אולע-מאַנ-האַשעם קיינעם ניט, ניט אײַערע אָדעסער, ניט אײַערע פּעטערבורגער פרײַנט, ניט קיינעם, ניט איבערגעבן וועגן אַלעס דעם, וואָס איכ שרײַב אינ דעם בריוו, דען „אַז קיינער זאָל ניט וויסן“ — אינ דעריינ ליגט אַ האַלבע ראַזרעשעניע, וואָרעמ וויבאַלד איר וועט נאָכ איינעמ דערציילן, אפילע אײַער בעסטן פרײַנט, וועט שוינ וויסן אַ דריטער, און דאָס וועט קאַליע מאַכן אינגאַנצן.

מיט דעם מענטשנס סטאַראַניע, האָפ איכ, 80% וועט אויסגעפירט ווערן. נאָר טאָמער וועגן איבער די 20%, מעג מען שוינ אַפ אײביק פארגעסן אינ אַ זשאַר-גאָנ-בלאַט אינ רוסלאַנד, נאָר איכ האָפ, אַז עס וועט אויסגעפירט ווערן.

איכ בעט נאָכאַמאָל מיר ווי צום גיכסטן ענטפערן

מיט פיל אַכטונג מ. ספּעקטאָר.

מײַן אַדרעס איז:

В С.-Петербург
Угол Надеждин. ул. и Басков пер.
д. № 2/28, кв. 44
М. Спектору

P.S. אײַער אַדרעס שרײַבט מיר ריכטיק, ווײַל איכ שיק אײַך איצט אַפ איינ אַדרעס, וועלכן איכ ווייס ניט, צי ער איז ריכטיק. אײַער ערשטן בריוו בעט איכ שיקן זאַקאַזנאָיע.

הנ״ל.

2

סט׳־פּעטערבורג 23־טן יוני 1886.

ליבער און געערטער הער ש. אַבראַמאָוויטש!

אײַער בריוו פון 15-טן יוני האָב איכ באַקומען. איכ האָב אַלצ געוואַרט מיט ענטפער אַפ דעם געוויסן מאַן *, ווײַל ווי איכ האָב אײַך שוינ איינ מאָל געשריבן, וווינט ער אַפ אַ דאַטשע. איכ האָב זיכ אָבער ניט געקענט דערוואַרטן אַפ אים, שרײַב איכ אײַך דערווײַל גלאַט אַזוי אַ בריוו.

הײַנט האָט מען מיר געזאָגט, אַז דער מאַן וועט זײַן נאָכ שאַבעס אינ פּע-טערבורג, וועל איכ אים ווײַזן אײַער בריוו, און ערשט דענסטמאָל קענט איר האָבן ענטפער.

וועגן די „פּראָטים“ קען איכ אײַך דערווײַל ענטפערן אַפ איינעמ: מיכ וווּנ-דערט זייער, איר זאָלט ניט וויסן, אַז אַ ייִדישע צײַטונג אַרויסגעבן דאַרפ מען קיינ געלט ניט האָבן. נאַטירלעכ, אינ אָנהייב דאַרפ מען האָבן 3 און ניט מער פון 4 הונדערט רובל, דערנאָכ ווערט שוינ געלט פון דער פּאָדפּיסקע. וועמעס

---

* איכ שרײַב אײַך דערווײַל ניט זײַן נאָמען, ווײַל ער האָט מיר געזאָגט — קאָלזמאַן ער וועט ניט לייענען אײַער ענטפער אַפ מײַן בריוו, זאָל איכ אָן זײַן ערלויבעניש ניט שרײַבן זײַן נאָ-מען.

4 הונדערט רובל עס וועט זײַן, מײַנע צי אײַערע צי אונדזערע ביידע, איז אלציינס, שפעטער מיט א כוידעש ווערט דאָס געלט צוריק.

נאָך פון איין פּונקט קען איך אײַך שרײַבן, אז מיט דעם מאַן האָב איך גערעדט, אז די צײַטונג זאָל זײַן מײַנע און אײַערע בעשוטפעס, האלב אפ האלב, גלײַך אין אלע זאכן. וועגן דעם פּונקט „וועגן מיר אליין", דאָס לאָז אײַך יענער זאָגן.

אויך קען איך אײַך דערווײַל איבערגעבן, אז די זאך דארף גיין פּאוואָליע, שטיל און באטראכט און האָבן צײַט, אונדזערע פּערעפּיסקעס דארף גיין פּינקטלעך, ניט זשאלעווען קיין בריוו.

אין דעם אלעמען, וואָס איך האָב נאָרוואָס אויסגערעכנט, ליגט דאָס געווינס צו קריגן א צײַטונג.

דערווײַל האָב איך אײַך מער ניט וואָס צו שרײַבן. מיט דעם מאַנס קומען צו פאָרן וועל איך אײַך האָבן מער צו שרײַבן. דערווײַל מיר ניט זשאלעווען קיין בריוו און, אויב איר געפינט ניט פאר איבעריק, אויסרעכענען אין אײַערע בריוו אלע אײַערע „פּראָטים" מיט איטלעכער זאך באזונדער, וואָס צו דער גאזעטע איז נעגייע, צו איר לײַב און לעבן און צו איר נעשאָמע".

בלײַבט מיר אויך אפ שטענדיק געזונט און שטארק.

מ. ספּעקטאָר.

איך בין איבערגעפאָרן אפ א נײַער קווארטיר, דערווײַל אפ איין כוידעש אָדער עפּעס מער. מײַן אדרעסע איז:

В С.-Петербург
Забалканский пр. д. №15, кв. №8
М. Спектору

3

סט.-פּעטערבורג 8-טן יולי 1886.

ליבער הער אבראמאָוויטש!

ערשט הײַנט, דעם 8-טן יולי, איז דער געוויסער מאַן געוועזן אין שטאָט און גלײַך מיט מײַן איצטעריקן בריוו שיקט ער אײַך אויך א בריוו, ווי איר זעלבסט האָט געפאָדערט. פון זײַנע עטלעכע ווערטער קענט איר וויסן די גאנצע און ריכטיקע געשיכטע, פארוואָס מיר דארפן זיך מעשאדעך זײַן. פון זײַן בריוו קענט איר שוין אויך וויסן, „וואָס צו דער גאזעטע איז נעגייע, צו איר לײַב און לעבן און צו איר נעשאָמע", ווי איר האָט געפרעגט; בלײַבט אונדז נאָך ריידן פון „די פּראָטים". — וועגן „די פּראָטים" מישט זיך ניט הער שאפּיראָ און וויל זיך ניט מישן, דאָס איז אונדזער ביידע זאך. וויִאזוי מיר וועלן אָפּשמועסן צווישן זיך, וויִאזוי מיר וועלן אָפּמאכן — אזוי וועט בלײַבן.

הער שאפּיראָ וויל נאָר די זאכן: 1) איך זאָל האָבן איין זשארגאָן-צײַטונג, 2) דער גאנג פון דער צײַטונג זאָל זײַן מער נאָך אײַער גוסט, ווײַל ער קען אײַך, אז איר זענט ניט פון די „לאומיות"[!]. אויך זאָלט איר ניט מיינען, אז ער מיינט כאסוועשאָלעם, מע זאָל זײַן נאָר קעגן לאומיות, ער וויל נאָר,

מע זאָל ניט זײַנ פאר די „לאומיות". מיט איינ וואָרט, ער וויל, 3) יידנ זאָל האָבנ איינ עמעס „פאָלקסבלאט". אפ די אלע דרײַ פונקטנ, ווער שמועסט נאָכ צוזאמענ מיט אײַכ, באשטיי איכ מיט מײַנ גאנצ לײַב אונ לעבנ. איכ וועל ניט זײַנ ניט קעגנ אונ ניט פאר.

מער פונ די דרײַ פונקטנ געהער זיכ גאָר ניט אָנ מיט ה' שאפיראָנ, ער שרײַבט אײַכ „אנכי אקוה", נאָר איכ האָפ, אז ער וועט זיכער אויספירנ די צײַ-טונג. ה' שאפיראָ איז איצט דער איינציקער מענטש, דורכ וועלכנ מע קענ אויספירנ א צײַטונג, ווענ ניט ער, וואָלט דער הצפירה קיינמאָל ניט געהאט קיינ ראזורעשעניע אפ א טאָגבלאט. אויב איר ווייסט נאָר, האָט דער הצפירה גאָר קיינ שום פראָגראמע ניט געהאט אפ קיינ צײַטונג, מער ווי וויסנשאפטלעכע אר-טיקלענ האָט ער ניט געטאָרט שרײַבנ, פאָליטיקע, נײַסנ, פעליעטאָנענ, מיט איינ וואָרט — ער האָט גאָרניט געטאָרט שרײַבנ, אלעס איז געגאנגענ קאָנטראבאנד אדאנק דעמ ווארשעווער צענזאָר. סלאָנימסקי האָט שוינ פיל געבעטנ, מע זאָל אימ ראזורעשענ א פראָגראמע, אונ מע האָט אימ עטלעכע מאָל אָפגעזאָגט, נאָר זינט מײַנ שווער א"ש פרידבערג האָט אפ זיכ גענומענ צו פירנ דעמ הצפירה, האָט ער סאָקאָלאָוונ רעקאָמענדירט צו שאפיראָ, אונ שאפיראָ האָט ניט נאָר אויס-געכלאָפּאָטשעט א גרויסע פאָלקאָמענע פראָגראמע, נאָר אויכ א טעגלעכ בלאט.

איכ ווייס פונ א זיכערער קוועלע, אז די ראזורעשעניע פונ הצפירה האָט דער גלאוונע נאטשאלניק פאָ דיעלאמ פעטשאטי אליינ געבראכט צו שאפיראָנ אינ הויז.

דאָס אלעס גיט מיר פעסטע האָפענונג, אז שאפיראָ וועט געוויס אויספירנ א צײַטונג פאר אונדז.

ווי איר זעט פונ זײַנ בריוו צו אײַכ, האָט שאפיראָ מיר נאָר פאָרגעלייגט, איכ זאָל צו מיר געפינענ אזא וויכטיקנ מענטשנ ווי איר, נאָר פאר רעדאק-טאָר, נאָר אזויווי מיר האָבנ אויסגעקליבנ אײַכ, וויל איכ קיינ גליקנ ניט מאכנ, איכ לייג אײַכ פאָר זײַנ צו דער צײַטונג אזא באלעבאָס גלײַכ מיט מיר, ד.ה. אי איזדאטעל אי רעדאקטאָר, ווײַל איכ וויל בעעמעס ערנסט צוזאמענ מיט אײַכ האָרעווענ אינ דער צײַטונג מיט נוצנ ברענגענ דעמ קלאל אונ אויכ אונדז זעלבסט. נאטירלעכ, וויבאלד מיר וועלנ זײַנ אינ דער צײַטונג גלײַכע באלעבא-טימ, דארפנ מיר גלײַכ אלעס טראָגנ סײַ אינ געלט-זאכנ סײַ אינ אלע אנדערע זאכנ. וואָס עס געהער צו שרײַבנ פאר דער צײַטונג, דארפ יעדער שרײַבנ, וואָס מע קענ נאָר אונ וואָס יעדער איז נאָר אימשטאנד.

נאָכ איינ פלאנ אפ אלע פאלנ, טאָמער געפעלט אײַכ דער ערשטער פלאנ ניט. איר קענט פאר זיכ נאזנאטשענ א געוויסע זשאלאָוואניע מאָנאטלעכ פאר אײַער רעדאקטירנ אונ שרײַבנ אינ דער צײַטונג, אונ איכ מוז אלעס זעלבסט אליינ טראָגנ אונ יעדנ כוידעש דארפ איכ אײַכ צאָלנ פינקטלעכ. איר קענט אויכ הייסנ אָפיציאלנע רעדאקטאָר-איזדאטעל, נאָר צווישנ זיכ אָפמאכנ, וויאזוי די צײַ-טונג וועט גיינ — געהער זיכ צו אײַכ ניט אָנ, בינ איכ דער גאנצער באלעבאָס אונ מוז אײַכ צאָלנ יעדנ כוידעש פינקטלעכ אײַער זשאלאָוואניע.

אָט דאָס זײַנענ מײַנע צוויי פראָטימ, מער האָב איכ ניט, קלײַבט אײַכ אויס איינס פונ די צוויי, אונ אויכ קענט איר זיכ זאָגנ אײַערע פראָטימ, וועלנ מיר הערנ.

איך זאָג אײַך נאָכאמאָל, אז איך מיין די זאך אָן שום זײַטיקע מאכשאָוועס, נאָר ערנסט און ערלעך, דערום רייד איך מיט אײַך אזוי עפנטלעך.

אויך וועגן דעם, וואָס איר זאָגט, אז איר ווילט מיך זעלבסט מער קענען, ווײַל מיר דארפן זיך מעשאדעך זײַן, איז דאָס מיר שווער צו ענטפערן, ריידן פון זיך אליין איז די שווערסטע זאך. לויבן זיך זעלבסט בין איך אוואדע ניט אימשטאנד.

ווײַטער האָב איך ניט וואָס צו שרײַבן. איך בעט אײַך נאָר מיר באלד ענטפערן אפ דעם בריוו און, נאטירלעך, אויך ענטפערן ה' שאפיראָן. ווען מיר וועלן ביידע צווישן זיך זיך פארגלײַכן, וועט ה' שאפיראָ אָנהייבן גלײַך צו טאָן וועגן דער צײַטונג. —

ווײַל אונדזערע בריוו זענען זייער וויכטיק פאר אונדז, ראטע איך אײַך שיקן זאקאזנאָיע.

דער בריוו איז מײַן דריטער בריוו צו אײַך, אפ דעם ערשטן האָב איך באַ-קומען ענטפער און אפ דעם צווייטן ניט.

זײַט געזונט און גליקלעך.

מ. ספעקטאָר.

מײַן אדרעס איז:

С.-Петербург Забалканский пр. д. №15, кв. №8

М. Я. Спектору

P.S. איך געפין ניט פאר איבעריק צו באמערקן, אז פון שאפיראָס בריוו כאסוועשאָלעם ניט דרינגען, אז ער איז מיט מײַן שווער צעקריגט אָדער איך מיט מײַן שווער, פארקערט — די אייגענע בעסטע פריינט ווי אייגענע ברידער, נאָר דאָס „לאומיות" האָט זיך אר'ײַנגעמישט, פארגלײַכט מען זיך אלע דרײַ ניט. מײַן שווער א"ש פרידבערג האָט מיר זעלבסט מיט פרייד געגעבן זײַן האסקאָמע מיט אײַך זיך מעשאדעך זײַן. — דערפון קענט איר פיל דרינגען, אז איר האָט צו טאָן נאָר מיט ערלעכע ערנסטע מענטשן.

הנ"ל.

4

סט.-פעטערבורג 8-טן סענטיאבר 1886.

יעדידי ה' אבראמאָוויטש!

וועגן אײַער בריוו פון 29-טן אווגוסט האָב איך פיל געשמועסט מיט ה' שא-פיראָן, געראָטן זיך אהער און אהין, און מיר זײַנען געקומען דערצו: ווען איר זעלבסט קענט גאָרניט טאָן מיט אײַער גראדאָנאטשאלניק, קענען מיר אוואדע גאָרניט טאָן. דערום, ליבער ה' אבראמאָוויטש, אויב עס איז נאָך דאָ איין מעג-לעכקײַט, איר זאָלט עפעס באוואָרענען מיט אײַער גראדאָנאטשאלניק, איז גוט, ווען ניט, האָבן מיר מער ניט וואָס צו ריידן וועגן ארויסגעבן א צײַטונג אין אָדעס.

אײנ זאַכ האָב איכ אײַכ נאָכ צו פאָרלײגנ: ווי עס איז מעגלעכ, מיר זאָלנ זיכ גרינג מעשאַדעכ זײַנ, מיר זאָלנ ארויסגעבנ די צײַטונג אינ ווארשע. אינ ווארשע האָב איכ פריִער גערעכנט ארויסגעבנ די צײַטונג, נאָר ווײַל איר ווױנט אינ אָדעסע אונ איר האָט זיכ דאָרט אײַער שטענדיקע פארנאָסע, דערומ בינ איכ דערווײַל באַשטאַנענ אפ אָדעסע מיט דעמ געדאַנק — אז אונדז וועט זײַנ אמאָל גאָר גוט, זאָלנ מיר איבערפירנ די צײַטונג אינ ווארשע, ווײַל פאר א זשארגאָנ-בלאַט איז נאָר ווארשע דאָס אײנציקע אָרט. נאָר פונ מוידאָעס אונ פונ אײנציקע נומערנ, וואָס מע קענ פארקויפנ א ערעוו-שאַבעסדיקנ טאָג, קענענ מיר האָבנ פארנאָסע בעקאָוועד, הײַנט ווי זענענ די אבאָנעמענטנ פונ גאַנצ רוסלאַנד.

מיט אײנ וואָרט, אינ ווארשע איז דאָס אָרט, ווו מע קענ האָפנ מיט דער צײַט זאָל אונדז די צײַטונג געבנ רײנ פארדינסט 8 טויזנט רובל א יאָר אונ נאָכ מער. ערשטנס, איז דאָרט די דרוקערײַ וועלוועלער ווי אומעטומ, מע וועט די צײַטונג קענענ דרוקנ מיט נעקודעס. „נעקודעס" איז דאָס ערשטע גליק פאר א יידישע פאָלקס-צײַטונג, אונ ווידער האָב איכ נאָכ א סאַכ פאַקטנ, ווי ווארשע איז דאָס בעסטע אָרט; הײַנטיקנ זומער בינ איכ אומיסטנ געוועזנ אינ ווארשע, איכ זאָל מיכ באַקאַנענ מיט דעמ פלאַצ, אונ האָב עס געפונענ פאר דעמ בעסטנ אָרט פאר א צײַטונג. אָדעסע קענ איכ פונ לאַנג אָנ ווי מײַנע פינפ פינגער אונ בינ געקומענ דערצו, אז אינ אָדעסע קענ קײנ צײַטונג קײנ האַלב ניט האָבנ ווי אינ ווארשע, נאָר צוליב אײַכ איז בא מיר רעכט געוועזנ אָדעסע, נאָר אזויווי אָדעסע איז איבער אײַער גראַדאָנאַטשאַלניק ניט מעגלעכ, לײג איכ אײַכ פאָר „ווארשע" אפ די אײגענע פונקטנ, ווי איכ האָב אײַכ פריִער געשריבנ, נאָר דערפאר וואָס איר דארפט ארויספאָרנ פונ אָדעסע, גיב איכ נאָכ אײנ פונקט, פונ וועלכנ איר וועט זענ, אז איכ טו פאר אײַכ גלײַכ ווי פאר מיר. דער פונקט איז: פונ אָדעסע דארפט איר ארויספאָרנ ערשט דערנאָכ, ווענ די ראַזרעשעניע וועט שוינ זײַנ בא אונדז אינ די הענט. פונ דעמ טאָג, וואָס איר וועט קומענ קײנ ווארשע, וועל איכ אײַכ די ערשטע כאָדאָשימ צאָלנ 100 רובל א כוידעש, די צײַטונג מעג גאָרניט פארדינענ. נאָר פונ דער צײַט אָנ, ווענ די צײַטונג וועט זיכ פארבעסערנ אזוי, אז אפ אײנ טײל וועט זיכ אָנעמענ מער ווי 1200 רובל א יאָר פארדינסט, דארפט איר מיר פונ דעמ „מער" אָפּ-צאָלנ אזויפיל, וויפל איכ האָב אפ מײַנ טײל דערלײגט די ערשטע כאָדאָשימ.

אויב איר באַשטײט, אז נאָכ דער ראַזרעשעניע זאָלט איר אינגאַנצנ אוועקוואַרפנ אָדעסע אונ ארויספאָרנ אפ שטענדיק קײנ ווארשע, בעט איכ אײַכ מיר באַלד ענטפערנ אונ אויסשרײַבנ די אלע גלאַוונע פונקטנ, וואָס מיר האָבנ שוינ אָפּגעשמועסט אונ זיכ אויסגעגלײַכט, וואָרעמ מיט אלע פונקטנ קענענ מיר זיכ ניט פארלאָזנ אפ דערנאָכ, ווי איר שרײַבט; אפ דערנאָכ קענענ מיר נאָר אָפּלײגנ די קלענערע, וועלכע מיר וועלנ צוזאַמענ מיט די גלאַוונע פונקטנ ארײַנשרײַבנ אונ באַוואָרענענ באַמ נאָטאַריוס, ווי איר ווילט.

דערווײַל אָבער מוזנ מיר כאָטש האָבנ אפ א שטיקל פאַפיר, די קאָפּיע פונ דעמ שטיקל פאַפיר וועל איכ אויכ אונטערשרײַבנ אונ אײַכ צושיקנ, „דאָס שטיקל פאַפיר אפ דערווײַל" מעגט איר שרײַבנ אפ א וואָסער א שפּראַכע איר ווילט.

באַלד ווי איכ וועל באַקומענ פונ אײַכ אזא בריוו, פאָר איכ באַלד ארויס קײנ ווארשע, דאָרט האָב איכ שוינ רעקאָמענדאַציעס, ווי מע דארפ. ה' שאַפּיראָ

וועט דאָ אָנהייבן ארבעטן, און האָפּ — אין 4 כאדאָשים ארום וועלן מיר באקו־מען די ראזרעשעניע.

איך ראטע אייך, ליבער אבראמאָוויטש, ווי מײַנעם א בעסטן פרײַנט, וואָס מיר דארפן זיך פארבינדן אפּ שטענדיק און לעבן צווישן זיך בעשאָלעם און צו־פרידן איינס פון דעם אנדערן, אז איר זאָלט זיך אנטשליסן נאָך דער ראזרע־שעניע ארויספאָרן קיין ווארשע. גלייבט מיר, אז אין ווארשע וועט איר קענען ברענגען נוצן זיך און יידן נאָך מערער ווי איצטער. איי מע זאָגט, מע טאָר ניט ארויסווארפן קיין אומריינע וואסער א.א.וו., — ערשטנס, וועט איר שוין האָבן אָנגעגרייט „די ריינע וואסער" און, אין צווייטן, דארפט איר וויסן, אז איך בין אויך א פאמיליען-מענטש און ווארפ אויך אוועק א שטעלע פון 100 רובל א כוידעש, א ײדער איך וועל האָבן די ראזרעשעניע. פון קיינעם קיין שום באוואָרענישן אפּ דער ערשטער צײַט האָב איך ניט און פונדעסטוועגן ווארפ איך אוועק די שטעלע און בין גרייט ארויסצופאָרן פון פעטערבורג.

לאָמיר, ה' אבראמאָוויטש, ניט פארלירן קיין אומזיסטיקע טײַערע צײַט און לאָזן ווערן איין ענדע, איך וועל אייך זאָגן גאנצ אָפן, איך מאך פאר אייך די אוסטופקעס, וועלכע איך בין נאָר אימשטאנד. ווען איר וועט פאָדערן נאָך אוס־טופקעס, וועל איך ניט באשטיין נאָר דערפאר, ווײַל איך וועל זיי ניט זײַן אימ־שטאנד אויסצופירן, צו וואָס זשע זאָל איך אומזיסט צוזאָגן? דאָס, וואָס איך זאָג צו, איך מיין די 100 רובל א כוידעש, וועל איך הייליק מעקײַעם זײַן.

גלייבט מיר, ה' אבראמאָוויטש, איר וועט נאָכדעם מיט דער צײַט אליין זען, אז [עס] איז גאָר געווען איבעריק, וואָס מיר האָבן אזויפיל צײַט פארלוירן און זיך אזויפיל איבערגעשריבן וועגן די אוסלאָוויעס. איך בעט פון אייך ווי צום גיכסטן ענטפער. —

אײַער בעסטער פרײַנט

מ. ספעקטאָר.

P.S. אײַער „פראָגראם" מיט דעם נאָמען פון דער צײַטונג געפעלט מיר ביכלאל. דעסטגלײַכן אויך דעם ה' שאפיראָן. קלייניקײַטן, וואָס מע וועט נאָך דארפן צושטעלן, וועט זײַן דערנאָך. סײַוויסײַ קענען מיר ניט אײַנגעבן אזא פראָגראם, ווי מיר ווילן, נאָר אזוינע, ווי זיי וועט געפעלן. אײַער פראָגראם איז זייער נוצלעך פאר אונדז זעלבסט.

איין פונקט וויל ה' שאפיראָ צושטעלן, אז אונדזער צײַטונג זאָל ניט זײַן קיין פארטיינע, עס זאָל זײַן א צײַטונג פ א ר א ל ע פ א ר ט י ע ס, ווי איר ווייסט שוין: ניט פאר פאלעסטינע, נאָר אויך נ י ט ק ע ג ן פ א ל ע ס ט י נ ע.

אויך זאָלט איר מיר שרײַבן, ווי איז אײַער מיינונג וועגן דער פרײַז פון דער צײַטונג.

איך וויל, ניט טײַערער זאָל זײַן ווי 4 רובל א יאָר, 2 — א האלב יאָר, 1 רובל א פערטל יאָר. די צײַטונג זאָל זיך דרוקן מיט נעקודעס, ה' שאפיראָ געפעלט אויך אזוי, נאָר וועגן איין זאך האָבן מיר זיך ניט אויסגעגלײַכט: איך זאָג, אז די צײַטונג זאָל ארויסגיין צוויי מאָל אין דער וואָך, איין מאָל א גאנ־צער בויגן, ווו כוץ אלערליי „טאָג-נײַסן" זאָל מ ע ר ארײַנקומען ליטעראטור-זאכן, און איין מאָל א האלבן בויגן, ווו עס וועט נאָר ארײַנקומען נײַסן מיט מוידאָ־

עס, איין מאָל צי צוויי מאָל אין דער וואָך, קאָסט די פּאָסט אַל-צײַנס. אין וואַרשע ווײַל איך דערפאַר צוויי מאָל אין וואָך, קעדיי מוידאָעס זאָל קענען אַרײַנקומען אָפּטער און מערער, און איבער נאָך אייניקע אורזאַכן. ה׳ שאַפּיראָ זאָגט, אַז די אָנדערהאַלבן בלעטער זאָל אַרויסגיין איין מאָל אין דער וואָך. שרײַבט אונדז אײַער מיינונג, מיט אײַער מיינונג וועט אויסקומען „צוויי" און „איינער" — וועט בלײַבן ווי די „צוויי" זאָגן.

צווישן די גלאַוונע פּונקטן בעט איך אַרײַנשרײַבן אויך דעם פּונקט, וועלכער איז זייער וויכטיק פאַר אונדז ביידע: אין פאַל, ווען איך שטאַרב, דאַרף מײַן פרוי אָדער די יאָרשים באַקומען אַ געוויסן פּראָצענט פון דעם ריינעם פּאַרדינסט, און דעסטגלײַכן כאַסוועשאָלעם פאַרקערט. איך רעכן פון 20 ביז 25% ריין פּאַרדינסט, נאָר ניט מערער ווי 25%. —

פאַר אַלע פּונקטן ווײַל איך איין פּונקט, וועלכער ער זאָל זײַן דער ערשטער: מיר זאָלן זײַן שטענדיק צופרידן איינס מיט דעם אַנדערן, און טאָמער מאַכט זיך, ווי עס קען זיך מאַכן צווישן מענטשן, זאָל מען באַלד אַרויסזאָגן איינס דעם אַנדערן, קעדיי אונדזער שאָלעם און צופרידנקייט זאָל ניט געשטערט ווערן קיינמאָל. —

דאָס איז בא מיר דער ערשטער פּונקט, ליבער ה׳ אַבראַמאָוויטש!

הנ"ל.

מײַן אַדרעסע ווי פריִער:

С.-Петербург

Фонтанка д. №5-6 кв. №21

М. Спектору

5

Redaction „Der Hausfreund"

Warschau, d. 6/25 Марта 1888

רעדאַקציִאָן פון דעם
„הויזפרײַנד"

Адрес: М. Спектору,

Варшава Муранов №16.

ליבער און געערטער פרײַנט ה׳ אַבראַמאָוויטש!

מיט מײַן „הויזפרײַנד" האָב איך געהאַט צו זינגען און צו זאָגן, איבער אים האָב איך געמוזט פאָרן קיין פּעטערבורג, מײַנע דאָנאָסטשיקעס האָבן געהאַט אַ מיִעסע נאָז, און [איך] בין שוין פאַרזיכערט, אַז אַף מיר וועל איך שוין קיינ-מאָל ניט [האָבן] קיין דאָנאָסן, דען דער גלאַוונע נאַטשאַלניק האָט מיר געזאָגט, אַז אַף מיר וועט ער קיין דאָנאָסן מער ניט אָנעמען, ווײַל ער האָט זיך שוין עטלעכע מאָל אובעזשדאַיעט, אַז איך האָב נאָר אומזיסטיקע סאָנים. ער ווייסט, אַז איך בין איין ערלעכער מאַן און מײַן נאַפּראַוולעניע געפעלט אים.

דער הויזפרײַנד האָט זיך געאַרבעט אין דרײַ טיפּאָגראַפן [!] און איז שוין אײַנגאַנצן אָפּגעזעצט און איצט דרוקט ער זיך, אַזוי אַז ביז צוויי אָדער דרײַ

וואָכן וועל איך אים שוין קענען צעשיקן. אײַער בילד איז שוין אינגאנצן פארטיק, עס האָט אים געארבעט איינער פון די בעסטע ווארשעווער כודאָזשניקעס, ער איז אויסגעקומען שיין און גוט, נאָר דאכט זיך, אז ער איז ניט שטארק פּאָכאָזשע אפּ אײַך, נאָר אין דעם זענט איר אליין שולדיק: וויפל איך האָב אײַך געבעטן, איר זאָל[ט] זיך אראָפּנעמען, צום סאָף האָט איר מיר צוגעשיקט איין אלטע קארטע אפּ אראָפּצונעמען א קאָפּיע, און פון דער קאָפּיע האָט מען באדארפט ארבעטן, פון מײַן זײַט האָב איך געטאָן אלעס, אײַער בילד קאָסט מיך טײַערער פון אלע. מיינט ניט פונדעסטוועגן, אז אײַער בילד איז קלאל ניט ריכטיק, דאָס איז נאָר מײַן אייגענע מיינונג, איך האָב געוויזן מענטשן, וועלכע קענען אײַך, האָבן [זיי] באלד דערקענט, אז דאָס זענט איר, און דערצו קומט איר אויס א קראסאוועץ, דאָס בילד מאכט דעם בעסטן אײַנדרוק.

פון אײַער זון און פון פרוגן האָב איך באקומען יִדישע שירים, איך האָב זיי אוועקגעשיקט צום צענזאָר, און אויב זיי וועלן אָנקומען צו דער צײַט, וועלן זיי ארײַן אין ערשטן „הויזפרײַנד”, און וועגן ניט — אין צווייטן, וואָס ווערט פארטיק ווערן אפּ סוקעס. אײַער שליס-צעטל איז אינגאנצן אָפּגעדרוקט וואָרט אין וואָרט, ווי איר האָט געשריבן, נאָר איך קום צו אײַך מיט א באקאָשע: עס איז קיין ריידע ניט, אז דאָס נײַע קאפּיטל איז גוט און אויסגעצייכנט, נאָר, ווי איך האָב אײַך שוין געשריבן, איז ניט שיין פאר אײַך און ניט פאר מיר, אז ווען איר שיקט איין ארטיקל אין א זשורנאל, זאָלט איר זיך דערמיט באנוצן, אז מע זאָל אײַך שיקן קערבלעך, און נאָך אזוי דײַטלעך, אז איר האָט געשטעלט אײַער ריכטיקן נאָמען מיט דער אדרעסע, און עס איז ניט מעגלעך, איך זאָל אזוי דרוקן. אלזאָ, לייג איך אײַך פאָר אזא פלאן: אין „הויזפרײַנד” זאָל ארײַנקומען נאָר דאָס נײַע קאפּיטל פון „פישקע דעם קרומען”, און פאר אײַך האָב איך שוין אָפּגעדרוקט דאָס גאנצע שליס-צעטל צוזאמען מיט דעם קאפּיטל — וואָרט אין וואָרט, ווי איר האָט געשריבן, און אײַך [וועל איך] שיקן אזויפיל עקז., וויפל איר וועט פארלאנגען, מיט דעם צווייטן „הויזפרײַנד”, וואָס וועט פארטיק ווערן ניט שפּעטער ווי הײַנטיקן סוקעס, וועל איך אפּ מײַן כעזשבן צעשיקן מיט יעדעם עקז. הויזפרײַנד 1 עקז. פון אײַער „שליס-צעטל”, וואָרעם איך וויל מיט אלעס, וואָס מעגלעך איז, מיטהעלפן, אז אײַערע זשארגאָנישע ספאָרים זאָלן אלע צוזאמען זײַן געדרוקט.

מיט מײַן זײַן איצט אין פּעטערסבורג האָב איך זיך גוט באקאנט מיט דעם סטארשע יִדישן צענזאָר איבער אלע צענזאָרס, און אויב איר וועט עפּעס דארפן, דאכט זיך, איך וועל קענען טאָן, דען איר האָט, דאכט זיך, אמאָל מיך געפרעגט דערפון.

איך בעט אײַך זייער באלד די מינוט מיר ענטפערן אפּ דעם בריוו, איך זאָל וויסן וואָס צו טאָן, די צײַט איז זייער קורץ.

אײַער בעסטער פרײַנט, וואָס ווינטשט אײַך פיל גוטס,

מאָרדכע ספּעקטאָר.

P.S. מיט מײַן „הויזפרײַנד” האָב איך דערווײַל קיין גוט געשעפט ניט געמאכט, נאָר איך בין פון די מענטשן, וואָס גלייבן, אז יעדער זאך מוז מען פריִער אויסוואַרעמען, אויספּאַקן און מאָזלען, דענסמאָל קען מיט דער

צײַט עפעס ווערנ. דערום האָב איך זיך פעסט גערעשעט ארויסגעבנ דעם „הויז-פרײַנד“ צוויי מאָל אינ יאָר. אונ אײַך, ליבער הער אבראמאָוויטש, בעט איך זייער מיר עפעס צושיקנ פאר דעם צווייטנ „הויזפרײַנד“. איך וועל אײַך צאָלנ 5 קאָפ. א שורע, באלד געלט. איך צאָל קיינעם ניט, אונ ווענ יאָ איינעם — צאָל איך $1^1/_2$ קאָפ. אונ ניט מער ווי 2 קאָפ. אונ אײַך צאָל איך 5 קאָפ. אויב איר ווייסט, האָט טורגעניעוו קיינ גרעסערנ האָנאָראר ניט גענומענ. דערמיט וויל איך אײַך ווײַזנ, אז איך ווייס אײַך ווי צו שעצנ אונ וויל אײַערע מי ניט אומזיסט. איך האָפ, ליבער הער אבראמאָוויטש, אז טאָמער האָט איר קיינ צײַט ניט צו שרײַבנ, וועט איר מיר פונדעסטוועגנ ניט אָפזאָגנ, ד.ה. ניט מיר, נאָר דעם „הויזפרײַנד“, וואָס איז געגרינדעט נאָר דערופ, ער זאָל געבנ דעם ייִדישנ פאָלק נאָר גוטס אונ נוצלעכס צום לעזנ, אונ, דאכט זיך, ווער עס האָט נאָר בעעמעס ליב די פאָלקס-שפראכע, דארפ מיטהעלפנ מיט וואָס ער קענ, אונ ווער איז נאָך אזוי אימשטאנד צו ליב האָבנ אונדזער מוטער-שפראכע ווי איר? איך בעט אײַך נאָכאמאָל מיר באלד ענטפערנ אפ אלעס, וואָס איך בעט דאָ אינ דעם דאָזיקנ בריוו.

דער זעלבער.

אײַער נײַע [!] קאפיטל וויל איך אויך דערפאר דרוקנ אליינ אָנ דעם שליס-צעטל (מוידאָע), קעדיי די קריטיקער זאָלנ קענענ ריידנ פונ אײַער נײַ קאפיטל, אונ ווענ אָבער עס וועט זיך דרוקנ צוזאמענ מיט דעם שליס-צעטל, וועלנ זיי עס אָנעמענ פאר א מוידאָע אונ געוויס דערפונ א האלב וואָרט ניט ריידנ. דאָס האָבנ מיר אלע אינ פעטערסבורג געזאָגט, אונ איר פארשטייט זייער גוט, אז איך וויל, אז מע זאָל וועגנ דעם „הויזפרײַנד“ פיל ריידנ.

קומענדיק אהיים, האָב איך געפונענ אײַער „פריזיוו“, וואָס איר האָט מיר געשיקט. איך דאנק אײַך פיל. אויב איר פארלאנגט עפעס פונ מײַנע ווערק, שרײַבט מיר, וועל איך אײַך שיקנ מיט פארגעניגנ.

אויב אײַך אינטערעסירט פעטערבורגער נײַעס, וועל איך אײַך שרײַבנ אינ צווייטנ בריוו, איצט בינ איך זייער פארנומענ מיט דעם ענדיקנ דעם „הויז-פרײַנד“.

## 6

Издатель М. Спектор, Варшава
6. Новолипье 6.

רעדאקציאָנ אונ פארלאג
פונ „הויזפרײַנד“, „ייִדישער פאמיליענ-קאלענדאר“ אונ „בלעטלעכ“.

(אדרעסע פונ ארויסגעבער: מ. ספעקטאָר, ווארשע, נאָוואָליפיע 6.)

ווארשע, 20 ноября 1895

זייער געשעצטער הער ש. אבראמאָוויטש!

ביז איצט האָב איך אלצ גערעכנט, עפשער וועל איך פאָרט אימשטאנד זײַנ אײַך צושיקנ די פרײַז פאר איינ ארטיקל לויט מיר האָבנ אָפגערעדט, ווענ איך בינ אינ אָנהייב זומער געוועזנ בא אײַך אינ אָדעסא. נאָר, צו מײַנ גרעסטנ באדוי-ערנ, בינ איך ניט אימשטאנד, כאָטש איך האָב געטאָנ אלע מיטלענ, נאָר וואָס

קען איך מאכן, אז די געלט-פראגע פון דער ייִדישער ליטעראַטור ווערט וואָס אַ מאָל ערגער, ניט בעסער, און ווער ווייסט, וואָס עס וועט אין דער איצטיקער שלעכטער צײַט פּאַרקומען מיט דעם פינפטן באַנד „הויזפרײַנד״, וועלכן איך מוז ווילנדיק ניט ווילנדיק אײַנגיכסטנ ארויסלאָזן.

מײַן פליכט איז, איך זאָל אײַך וועגן דעם אַלעמען מודיִע זײַן, און עס בלײַבט מיר נאָר זיך פאַרלאָזן אויף אײַער שטענדיק גוט הארצ צום „הויזפרײַנד״ און בעטן פון אײַך כאָטש עטוואָס, אײַער נאָמען זאָל דעם פינפטן באַנד אויך באַשײַנען.

איך האָף, אז איר וועט מיר ניט אנטזאָגן און אויף יעדן פאַל בעט איך אײַער באַלדיקע טשוווע, צי מײַן באַקאַשע איז אָנגענומען געוואָרן.

אײַער שטענדיקער ערגעבענער פרײַנט

מ. ספּעקטאָר.

P.S. ה׳ דאָוויד פרישמאַן איז יעצט בא מיר אין הויז, ער לייענט דעם דאָזיקן בריוו צו אײַך, ער בעט אײַך לאָזן גריסן און ער קען זײַן מײַן איידעס, אַז איך שרײַב אײַך דעם ריינעם עמעס.

פאַר דעם פינפטן באַנד האָבן שוין צוגעשיקט אַרטיקלען ר״א בראָודעס, מ״ל ליליענבלום, דאָוויד פרישמאַן, ש. פרוג, שאָלעם-אַליכעם, י״כ ראַווניצקי, ד״ר אײַזענשטאַדט און נאָך אַנדערע, נאָר אָן אײַך וויל דער פינפטער באַנד ניט ארויסגײן און האָפט, אַז איר וועט אים אויך עפּעס שענקען.

הנ״ל.

## 2. מענדעלעס אַ פּראָגראַם פון אַ ייִדישער פּעריאָדישער אויסגאַבע

### דער שפּיגל

אויף אָנצוקוקן אַלצדינג אין דער פּאָליטיקע און דער שרײַבערשער וועלט
און אין דעם ייִדישן אוילעם.
גייט ארויס איין מאָל אין וואָך.
יעש-בעקאָן

אין דעם שפּיגל די דאָזיקע זאַכן:

א) וואָס פּאַסירט זיך אין דער וועלט:

1) נײַעס אין דער פּאָליטיקע, וואָס פּאַרלויפט זיך בא אונדז אין דעם לאַנד און אין אַלע אַנדערע לענדער אויף דער וועלט, מיט די טעלעגראַמעס דערצו.

2) דינים און באַפויל [!] פון דער מעלוכע, סײַ פאַר אַלע אײַנוווינער פון עם לאַנד ביכלאַל, סײַ נאָר פאַר ייִדן אַליין ביפראַט.

ב) וואָס פּאַסירט זיך אין דעם ייִדישן אוילעם:

3) אַלצדינג, וואָס פּאַרלויפט זיך צווישן ייִדן דאָ בא אונדז אין לאַנד און אין אַנדערע לענדער דאָרט. וואָס די פּעלקער דענקען, ריידן און שרײַבן אײַבער זיי.

4) שטעטישע איניאָנים, כעוורעס, צדאָקע-זאַכן און אײַנפירונגען. כאַדאָרים, יעשיוועס, טאַלמעטוירעס און ייִדישע שולן. באָטעמעדראָשים, קלויזן און שטיבלעך אוכדוימע.

5) די היסטאָרכעס פֿון אונדזערע ייִדן, וואָס האָט מען צו טאָן זיך באַליבט צו מאַכן אין דער וועלט, אַ בעסער מזל און אַ שיין פּנים צו האָבן.

ג) שרײַבערײַ:

6) ייִדישע געשיכטע. לעבנס-באַשרײַבונגען פֿון ייִדישע חכמים, ראַבאָנים און פֿון אַלע אַנדערע געלערנטע לײַט, מיט זייערע פּאָרטרעטן.

7) מעשׂיות פֿונעם ייִדישן לעבן, אייגענע אָדער איבערגעזעצטע, ווי אויך דערציילונגען פֿרעמדע, וואָס פּאַסן פֿאַר ייִדן.

8) יעדיעות און בריוו פֿון שרײַבער אין פֿאַרשיידענע ערטער. פּאָליטעכנען. אויך מינע געשיכטעס, אײַנפֿעלע און וויצן מיט מעשׂונע אָנשטעלערישע קאַרטינקעלעך, פּאַרזענישן.

9) שירים. דעם אוילעמס גלײַכווערטלעך, מעשאָלים און פֿאָלקסלידער.

ד) טוירע און חאָכמע-זאַכן:

10) זאַכן פֿון אַלערליי חאָכמעס, ווי אַשטייגער: נאַטור-געשיכטע, פֿיזיקע, כידושים-האַבוירע אין דער לופֿט אוכדוימע.

11) רײַזע-באַשרײַבונגען פֿון געלערנטע לײַט, וואָס זײַנען אויסגעוואָנדערט די וועלט אַפֿן יאַם און אויף דער יאַבאָשע.

12) פֿעלקער-באַשרײַבונגען. דאָס אַרט לעבן פֿון די אַלע מינע פֿעלקער, זייערע מידעס און מינהאָגים.

13) סייכלדיקע זאַכן, וואָס געלערנטע און קינצטלער זײַנען דערגאַנגען אין אונדזערע צײַטן.

14) קריטיקעס איבער ספֿאָרים און איבער טעאַטער.

15) מוסער-ווערטער, קלוגע רייד פֿון באַרימטע חאַכאָמים, גוטע און פֿרומע לײַט.

ה) מיסכער און אַרבעט:

16) דער צושטאַנד פֿונעם האַנדל. די קורסן אויף דער בירזע.

17) קלאָרע כעזשבוינעס פֿון געוויסע זאַכן אַלפֿי האַסטאַטיסטיקע.

18) אַוווידאַס-האָאַדאָמאָ און מיקויעך אַלערהאַנד אַרבעט און פֿאַבריקעס.

ו) אַ מישמאַש פֿון אַלערליי מינע זאַכענישן.

ז) אַלערליי מינע אָביאַוולעניעס.

## 3. אַ „שליס־צעטל״ פֿון מענדעלע מויכער־ספֿאָרים

### אַ שליס־צעטל און צוגלײַך טאַקע אַ מוידאָע מיט אַ פּראָבע פֿון מענדעלע מויכער-ספֿאָרים

שוין טאַקע אַ היפּשע צײַט, ייִדישע קינדער, אַז איך האָב אײַך ניט געשריבן, און ווייס מיסטאַמע פֿאַרוואָס. אײַ, טאָמער וועלן אַנדערע אַרײַנלייגן דרייען טײַמים מיט זייערע אויבערהאַסבאָרעס, אַז דעריבער איז עס, ווײַל שרײַבן דעם ייִדישן אוילעם איז נאָר איין אוויירע די הויצאָעס, אָדער ווײַל דער ייִדישער אוילעם לייענט אַמאָל דאָס בריוול פּאַרקערט, אויף זײַן שטייגער, און דורך דעם קומט אַרויס פֿוןביידע זײַטן אַ בלאָזעניש, אָדער ווײַל אין דער לעצטער צײַט האָבן עפּעס מינע גוטע-פֿרײַנט מיט גאַנצע מאַכנעס דעם אוילעם קראַנק געמאַכט

א קאָפּ מיט זייער שרייַבעניש, זייערע אייצעס, אזוי אז ער איז אראָפּ פון זינען און ס'איז נישט געווען מישטיינסגעזאָגט מיט וועמען צו ריידן — וועט עס מיך נישט אָנהייבן צו ארן. עס וועט מיך אפילע נישט ארן, אויב מע וועט מיינען, אז מיר איז שוין נימעס געוואָרן האָבן צו טאָן מיט אונדזערע שיינע נעפּאשעס, אקעגן וועלכע ס'איז נישטאָ קיין מיטל ווי אקעגן וואנצן. ווי די מייַסע איז, אזוי אָדער אזוי, איך ווייס מיר מייַנס און גענוג...

אצינד אָבער האָט זיך מיר גראָד פארגלוסט שרייַבן, איך האָב מיך שוין טאקע נאָך אייַך, ייִדישע קינדער, שטארק פארבענקט. וואָס צווישן אונדז איז געווען, איז געווען, עט, נישקאָשע, פאָרט לייַבלעכע קרויווים, זאָלט איר מיר געזונט זייַן.

היינט זייַט וויסן, ייִדישע קינדער, אז איך בין, געלויבט האשעם־ייִסבאָרעכ געזונט. די זאניטעצע אפן פינגער האָט זיך מיר פארהיילט, און קען שוין ווידער האלטן א פען אין דער האנט. די צונג לייגט מיר זיך שוין ווידער זייער גוט — ווי פריִער, מעווינים האָבן זי נישט לאנג באטראכט און געזאָגט, נישקאָשע! זי איז געזונט. וואָס מאכט איר, מייַנע ל'בע ייִדן? הערט איר שוין הייַנט בעסער? איר זייַט דאָך א לאנגע צייַט נעבעך טויבלעך געווען אף איין אויער. האשעם־ייִסבאָרעכ זאָל אייַך אינגיכן שיקן א רעפוע שליימע. בא מיר איז דאָ דערצו א שפּרוך, אויך אזעלכע מינע בלעטלעך, איך וועל עס אייַך בעלי־נעדער צושיקן.

וועהאשייניס, בין איך אייַך מוידיִע, אז איך בין אויסן מאכן מיט אייַך א שטיקל געשעפטל. און אויב איר וועט נאָר נישט זייַן קיין אקשאָנים, קען זייַן, מיר וועלן אלע אימירצעשעם צופרידן זייַן. איך רעכן נישט אזוי אף גרויסע פארדינסטן ווי דערוף, וואָס דערווייַל וועלן מיר דאָך האנדלען. דאָס האנדלען גלאט אזוי פאר זיך אליין האָט דאָך פאר א ייִדן עפּעס אויך א שטיקל ווערט. בעקיצער, די מייַסע דערפון איז אזוי: שמאטעס, ווייסט איר דאָך, איז א געשעפט. פון שמאטעס מאכט מען פּאפּיר, פון פּאפּיר — ספאָרים. הא־הא, טוען זיך ייִדן א כאפּ, מיר שטויסן זיך שוין אָן. שמאטעס זייַנען דאָך דאָ בא אונדז אָן אייַנהאָרע זייער פיל פון אלע מינים. וויל דאָס הייַנט רעב מענדל פון אונדזערע שמאטעס מאכן שפּאָגל־נייַ ספאָרים. — יאָ, ראבויסייַ, האלב געטראָפן! נישט נאָר קיין שפּאָגל־נייַע, איך וויל נאָך איבערדרוקן אלע מייַנע אלטע ספאָרים. הייַנט פארשטייט איר, וויפל שמאטעס אייַערע מען וועט דארפן דערצו פארברויכן, נאָר לאָמיר אָנעמען, אז איר ווייסט דאָך, וווהין ער דערלאנגט. מיר פארשטייען זיך, הא, אפן וווּנק, וועט איר גערן זייַן צו פּאטערן אייַערע שמאטעס, געבן דערווייַל כאָטש אף באָרג. נעמען אין דער ארבעט קען מען דערווייַל אויך אף באָרג. נאָר אין דער דרוק, דאָרט וועט מען אָבער זאָגן: רעב מענדעלע, ארויס מיט מעזומען. וואָס זשע טוט מען? דעריבער בין איך געפאלן אף אזא אייצעלע: איך וועל בא אייַך הייבן, כוץ די שמאטעס אין קאָמיסיע, אויך עפּעס געלט פאָרויס, און צאָלן וועל איך אייַך דערנאָך מיט ספאָרים. איר פארשטייט דאָס דריידלע, דעם סייכל, וואָס דרינען ליגט? איך האָף, אז איר וועט דערוף מערוצע זייַן, כאפּ איך מיך און מאך מיט אייַך דאָס דאָזיקע שליס־צעטל:

אני, איך, החתום מטה, מענדעלע מויכער־ספאָרים, פון איין זייַט, און די ייִדישע קינדער, רעב... רעב.. און רעב..., וועלכע שטייען געכאסמעט אונטן—

פונ דער אנדערער זײַט, מאכנ מיר צווישנ אונדז אָפּ א געשעפטל אפ די דאָ-זיקע אויפאנימ. א) איכ, מענדעלע הנ״ל, בינ זיכ מיסכּײַעוו נעמענ באמ יידישנ אוילעמ אלע מינע שמאטעס אונ לאָזנ זיי אינ דער ארבעט ארײַנ מיט אלע קרעפטנ אפ דרוקנ אלע מײַנע ספאָרימ. הענ אלטע שוינ, וואָס זײַנענ שוינ לאנג געדרוקט אונ זײַנענ מער נישטאָ, הענ נײַע, וואָס געפינענ זיכ בא מיר אצינד אונ וואָס איכ וועל מאכנ שפעטער אימירצעשעמ. ב) די ספאָרימ מײַנע וועלנ זיכ דרוקנ קעסיידער איינער נאָכ דעמ אנדערנ אפ שיינעמ פאפיר מיט שיינע אויסיעס אונ מיט נעקודעס. ג) מענ מעג צוזעצנ אויכ דעמ פונקט אזוי: שפּילקעס, וועלכע דער מינהעג איז אינ דעמ שמאטע-האנדל צו געבנ אינ דער ווײַסער כעוורע, באדארפנ פונ מיר, מענדעלע הנ״ל, באקומענ די ווײַסע כעוורע, ווי עס געהער צו זײַנ, שארפע, שפיצעכדיקע, גוטע שפילקעס. ד) דער יידישער אוילעמ, פונ זײַנ זײַט, איז זיכ מיסכּײַעוו, כוץ זײַנע שמאטעס פונ דער שטאָפּ, פונ וועלכע מענדעלעס ספאָרימ ווערנ געמאכט, צו געבנ פאָרויס מענדעלענ אויכ מעזומענ געלט, איטלעכער א רובל. דער רובל הייסט קדימע-געלט; איינמאָל איז ער נייטיק, ביכדיי רעב מענדעלע זאָל אימשטאנד זײַנ צו דרוקנ זײַנע ספאָרימ, אונ, צווייטנס, ביכדיי דורכ דעמ זאָל ער קענענ וויסנ אינ אָנהייב וויפל עקזעמפליארנ צו דרוקנ. ה) באלד ווי א סייפער פונ מענדעלעס ספאָרימ גייט ארויס פונ דער דרוק, מוז רעב מענדעלע הנ״ל אימ צושיקנ צו איטלעכנ פונעמ יידישנ אוילעמ, פאר וועלכנ איטלעכער איז מעכוייעוו באלד אָפּצושיקנ לויט דעמ מעקעכ ,וואָס פאר דעמ סייפער וועט זײַנ געשטעלט. אפ לעצט וועט מענ שוינ דערהאלטנ ספאָרימ לויט רעכענונג אפ דעמ כעזשבנ פונ רובל קדימע-געלט. — ביכדיי צו באוואָרענענ א סאכ זאכנ, וואָס פאסט נישט ארויסצוזאָגנ, אנדערע נישט מעווײַעש צו זײַנ... ווערט דאָס קדימע-געלט אונ ביכלאל געלט פאר די ספאָרימ נישט צוגעשיקט צו מענדעלענ הנ״ל, נאָר צו א שאָליש אינ די הענט ארײַנ אפ דער דאָזיקער אדרעסע:

Соломону Моисеевичу Абрамовичу, Одесса, Базарная, д. Черепенникова

אָט האָט איר אײַכ דאָס שליס-צעטל. כאסמעט זיכ, יידישע קינדער, אונ שיקט ארײַנ באלד געלט. איר וועט כ'לעבנ קיינ כאראָטע נישט האָבנ. ווײַזט זיכ הײַנטיקס מאָל, אז איר זײַט מענטשנ, מיט וועלכע עס לוינט זיכ מאכנ א געשעפט. אכוץ דעמ וועט איר מיכ פאָשעט מעכײַע זײַנ דערמיט, וואָס איכ וועל וויסנ, אז מענ רעדט צו אײַכ, רופט איר זיכ אָפּ אונ זײַט שוינ מער ניט טויב. גאָט ווייסט דעמ עמעס, אז פונ אײַער טויבקײַט האָב איכ געהאַט גרויסע אגמעסנעפעש. עפעס בינ איכ דאָכ פאָרט אײַערער איינ אייגענער, פונ אײַער פלייש אונ בלוט.

אָנהייבנ אונדזער געשעפט וויל איכ מיט א נײַעמ סייפער. ער הייסט „פישקע דער קרומער", אָדער א מײַסע פונ יידישע אָרעמעלײַט. אונטער דעמ דאָזיקנ נאָמענ האָב איכ שוינ אפילע ארויסגעגעבנ אמאָל א סייפערל מיט א נײַנצנ יאָר צוריק (1869), נאָר דאָס סייפערל איז געווענ זייער א קליינס, אָנדערט-האלבנ בויגנ לעערעכ. דער הײַנטיקער איז אינגאנצנ נײַ אונ האלט צענ געדרוקטע בויגנ. פונ דעמ דאָזיקנ סייפער גיב איכ אײַכ דאָ א פראָבע.

דאָס ערשטע קאפיטל פונ מײַנ מײַסע פישקע דער קרומער

# מענדעלעס עטלעכע ניט באקאנטע בריוו

## 1

Одесса, 24 Января 1882 г.

Милый друг! Прилагаю при сем 45 руб., из коих 21 р. заплатите за Еву правоучение, ей же на мелкие расходы 4 р., а остальные возьмите себе за два месяца: декабрь и январь. В будущий месяц пришлю еще деньги и часть следуемых Вам 50 руб. Поверьте, что при всем моем желании я, по скудости своих финансов, не мог послать Вам теперь больше, ведь кроме жалованья я ничего не имею, а потребностей у меня очень много. Я, однакож, тяжко согрешил бы, если [бы] в материальном отношении жаловался на судьбу, напротив ,я был бы очень доволен своим настоящим положением, если злой рок не насылал бы на меня от времени до времени тяжкие испытания и душевные треволнения со стороны моих милых, возлюбленных детей... Вот теперь свежое горе. Маня больна, а ее отец 16 текущего м[еся]ца приказал нам долго жить. Меер еще ждет не дождется освобождения, он теперь служит не далеко от Казани в винокуренном заводе, получая 25 р. жалованье в м[еся]ц, а работает за то с утра до позднаго вечера, что конечно имеет гибельное влияние на его здоровьи. Одним словом грустно и печально. Но делать нечего,надо вооружиться терпением и страдать в ожидании для нас всех лучших времен. Ваша статья во 2 № „Рассвета“ произвела на меня грустное впечатление. Я воображаю себе, как вы, бедные, провели в вашем Житомире три дня в панике. Ах, почему мы теперь не вместе? Знаете, с друзьями страдание не так страшно, оно значительно уменьшается от силы взаимного сочувствия и дружеских, душу согревающих бесед. Не даром гласит еврейская пословица: „בינד מיכ אפ אלע פיר אונ ווארפ מיכ צווישנ דאָס מײַניקע“. Такая многосодержательная пословица могла сложиться только в среде многострадальчиского и к своим ближним столь искренне привязанного еврейского народа. Я все собираюсь что-то

написать и до сих пор не могу взятся за работу, в душе мрачно, черные тучи скорби от последних погромов бродят в голове и при малейшей попытке пошевелить мозгами они грозят страшным потопом желчи. Нет, не чернилом, а желчью и кровью приходится теперь писать, но для такого рода писания надо прежде исследовать организма, выдержит ли он такое трудное операцие и не лопается ли он от разнуздающихся, сильно бушующих чувств и внутреннего волнения. Вы меня поймете., мой друг, и не удивитесь больше, почему мое перо оставлено мною так долго без употребления.

Прощайте, мой милый, дорогой друг! Обнимаю и целую Вас от всей души.

Ваш С. Абрамович.

Дорогой, бесценный друг. Мадам Бинншток!

ניינ, מיט אײַכ וויל איכ ריידנ פראָסט ייִדיש. בעשאס איכ שרײַב, שטעל איכ אײַכ פאָר שטייענדיק פאר מײַנע אויגנ אונ רייד מיט אײַכ אפ דעמ לאָשנ, וואָס מיר האָבנ געוויינטלעכ צווישנ זיכ גערעדט. טייקעפ טאקע ווי איכ האָב דערהאלטנ אײַער בריוו, האָב איכ אָנ שיִעס געשריבנ צו אָסיפּנ, איכ האָב געשריבנ נישקאָשע גוט, אינ אײַער גוסט, אזוי אז מײַנ בריוו וואָלט אויסגעהאלטנ אײַער קריטיק אונ וואָלט פונ אימ צופרידנ געוועזנ, איכ האָב אָסיפּנ שטארק געבעטנ מיר באלד צו ענטפערנ, נאָר ביז אצינד איז פונ אימ נאָכ קיינ שומ טשוווע נישטאָ. קוימ דערהאלט איכ זײַנ בריוו, שיק איכ אימ באלד אָפּ צו אײַכ. זײַט זיכער, נישט נאָר אזעלכע קלייניקײַטנ, אפילע אזעלכע זאכנ, וואָס מיכ זאָל עס קאָסטנ געזונט אונ פיל גרויסע מי, בינ איכ מיט דעמ גאנצנ הארצ פונײַערטוועגנ טאָמיד ברייט צו טאָנ. האלעווײַ גאָט זאָל מיר נאָר העלפנ, איכ זאָל אײַכ אינ פריידנ קענענ אָפּדינענ פאר אײַער עמעסע פרײַנטשאפט אונ אלצ-דינג, וואָס איר האָט אינ מיר געטאָנ. איר האָט מיטגעפילט טאָמיד מײַנע צאָרעס, בא אײַכ אינ הויז האָב איכ זיכ טאָמיד אָפּגעלייגט מיט מײַנ פעקל יעסורימ אונ אוועקגעגאנגענ רויִקער, קרעפטיקער, אונ אמאָל טאקע אויכ—ווי מע זאָגט—פריש אונ געזונט אונ מעשוגע. — נו, וואָס מאכט איר, מײַנ פרײַנט? ווי ברענגט איר צו די אָוונטנ? האָט איר עפּעס שעפע פונ אײַער טשײַנע, גיט איר אויס איינ אָוונט עפּעס א סאכ גלעזער טיי, ווי אינ די פריִערדיקע יאָרנ? עסט מענ בא אײַכ אינ שטעטל אקוראט, פּינקטלעכ די צעברעס? כאפּט מענ דאָרט אינ אײַער שטעטל באמ צונויפקומענ זיכ ערגעצ אפ איינ אָוונט א גוטע אויג אונ מע גענעצט, נישט פאר קיינ ייִדנ געדאכט, עטלעכע שאָ קעסיידער, ביז דער שלאָפ פאלט אפ דעמ שפּיצ נאָז, אזוי ווי אינ די אלטע גוטע צײַטנ? איר ווייסט דאָכ, אז זשי-טאָמיר האָב איכ טאָמיד געהאלטנ פאר דער בעסטער ספּאלניע, אלצדינג דאָרט שלאָפט, עס כאָלעמט זיכ דאָרט וואָס נישט געשטויגנ נישט געפלויגנ, די לאמ-טערנס אפ די גאסנ ברענענ ווי גוטע נאכטלעמפלעכ, טונקל, פינצטערלעכ, נישט קאליע צו מאכנ כאָלילע די רוִע אונ נישט צו שטערנ עמיצנ פאלנ, אויסציִענ

זיכ אפ דעם טראָטואר אונ אויסקנאקנ א ביסל די ביינער. ווינטשט זיי דאָרט אינ מײַנ נאָמענ א גוטע נאכט, לאָזנ זיי שלאָפנ געזונטערהייט. עמעס, דאָרט איז דאָ טאקע א ביסל וואנצנ, וואָס בײַסנ, שטינקענ אמאָל, אָבער וואָס מאכט עס אויס. — גענוג געפלוידערט, ס'איז שוינ איצט ארום האלבע נאכט אונ מיר אליינ איז שוינ אויכ צײַט צו שלאָפנ, איכ מוז אופשטיינ פרי צו מײַנ סלוזשבע. זײַט זשע מיר געזונט אונ גליקלעכ אונ פארגעסט ניט אינ מיר, אינ אײַער בעסטנ עמעסנ פרײַנט ש. אבראמאָוויטש.

מײַנ ווײַב גריסט אײַכ אלע גאָר פרײַנטלעכ.

Тина дорогая! Прости великодушно, что на этот раз я не пишу тебе отдельно. Я страшно теперь утомлен от дневного занятия, и мне пора немножко отдыхать. Передай мой сердечный поклон и теплые поцелуи всем деткам. Твой друг

С. Абрамович.

[ייִדישע איבערזעצונג:

אָדעס, דעם 24 יאנוואר 1882 י.

ליבער פרײַנט! איכ שיק דערבײַ 45 רובל, פונ וועלכע 21 רובל וועט איר באצאָלנ פאר יעווענ סכארלימעד, איר טאקע אפ קליינע הויצאָעס 4 רובל, אונ די איבעריקע וועט איר זיכ נעמענ פאר צוויי כאדאָשים: דעקאבער אונ יאנוואר. דעם קומענדיקנ כוידעש וועל איכ נאָכ צושיקנ געלט אונ א טייל פונ די 50 רובל, וואָס קומענ אײַכ. גלייבט, אז בא מײַנ גאנצנ ווילנ האָב איכ, מאכמעס דעם מאנגל פונ מײַנע פינאנצנ, ניט געקאָנט אײַכ שיקנ אצינד מער, אויסער געהאלט האָב איכ דאָכ גאָרנישט אונ באדערפענישנ האָב איכ זייער א סאכ. איכ וואָלט פונדעסטוועגנ שווער געזינדיקט, אויב איכ וואָלט אינ מאטעריעלנ פראט זיכ געקלאָגט אפנ מאזל; פארקערט, איכ וואָלט זייער צופרידנ געוועננ פונ מײַנ איצטיקער לאגע, ווענ דער בייזער פאטום וואָלט ניט אָנגעשיקט אפ מיר פונ צײַט צו צײַט שווערע ניסיוינעס אונ אגמעסנעפעש איבער מײַנע ליבע, באליבטע קינדער... אָט איז איצט א פרישער אומגליק. מאניע איז קראנק, אונ איר פאָטער איז דעם 16-טנ דעם כוידעש — אונדז צו לאנגע יאָר. מייער ווארט נאָכ אונ ווארט אפ זײַנ באפרײַונג, ער דינט אצינד ניט ווײַט פונ קאזאנ אינ א גוראלניע, באקומענדיק 25 רובל כוידעש-געהאלט, אונ ער ארבעט דערפאר פונ אינדערפרי ביז שפעט אינ אָוונט, וואָס האָט, פארשטייט זיכ, א שעדלעכע ווירקונג אפ זײַנ געזונט. מיט איינ וואָרט, ס'איז אומעטיק אונ טרויעריק. אָבער ס'איז גאָרנישט צו מאכנ, מע דארפ זיכ באוואָפענענ מיט געדולד אונ לײַדנ אינ דערווארטונג פונ בעסערע צײַטנ פאר אונדז אלעמענ. אײַער ארטיקל אינ № 2 „ראזסוועט” האָט געמאכט אפ מיר א טרויעריקנ אײַנדרוק. איכ שטעל זיכ פאָר, ווי איר, נעבעכ, האָט פארבראכט אינ אײַער זשיטאָמיר דרײַ טעג אינ פאניק. אכ, פארוואָס זײַנענ מיר איצט ניט איניינעם? איר ווייסט, מיט פרײַנט איז דאָס לײַדנ ניט אזוי שרעקלעכ, דאָס לײַדנ ווערט באדײַטנדיק פארקלענערט פונ דער קראפט פונ קעגנזײַטיקנ מיטגעפיל אונ פרײַנטלעכע, די נעשאָמע דערווארעמענדיקע געשפרעכנ. ניט אומזיסט זאָגט דאָס ייִדישע שפריכוואָרט: „בינד מיכ אפ אלע פיר אונ ווארפ מיכ צווישנ דאָס מײַניקע”. אזא פיל-אינהאלטלעכ שפריכוואָרט האָט געקאָנט אופקומענ נאָר באם פיל-לײַדנדיקנ ייִדישנ פאָלק, וואָס איז

אזוי אופריכטיק צוגעבונדן צו זײַנע נאָענטע. איך קלײַב זיך אַלץ עפּעס אָנשרײַבן און איך קאָן ביז איצט זיך ניט נעמען פאַר דער ארבעט; אין דער נעשאָמע איז פינצטער, שווארצע טרויער-וואָלקנס פון די לעצטע פּאָגראָמען בלאָנדזשען אין קאָפּ און בא דעם מינדסטן פּרווו א ריר טאָן מיט די געהירן דראָען זיי מיט א שרעקלעכן מאַבל פון גאַל. ניין, ניט מיט טינט, נאָר מיט גאַל און בלוט קומט איצט אויס צו שרײַבן, נאָר פאַר אזא מין שרײַבן דאַרף מען פריִער אויס-פּאָרשן דעם אָרגאַניזם, צי וועט ער אויסהאַלטן אזא שווערע אָפּעראַציע און צי וועט ער ניט פּלאַצן פון די ניט-געצוימטע, שטאַרק צעבושעוועטע געפילן און אינערלעכער רעגונג. איר וועט מיך פארשטיין, מײַן פרײַנט, און איר וועט זיך מער ניט וווּנדערן, פאַרוואָס מײַן פעדער ליגט שוין בא מיר אזוי לאַנג ניט גענוצטערהייט.

זײַט געזונט, מײַן ליבער, טײַערער פרײַנט! איך נעם אײַך אַרום און איך קוש אײַך פונעם גאַנצן הארצן

אײַער ש. אבראַמאָוויטש.

טײַערער, אומאָפּשאצבארער פרײַנט, מאַדאַם בינשטאָק!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

[דאָ גייט דער יִדישער טעקסט פון מענדעלעס בריוו]

טײַנע טײַערע! זײַ מיר גרויסמוטיק מויכל, וואָס דאָס מאָל שרײַב איך דיר נישט באַזונדער. איך בין אצינד שרעקלעך מיד פון דער באַטאָגיקער ארבעט, און ס'איז מיר צײַט א ביסל אָפּצורוען. גיב איבער מײַן הארציקן גרוס און וואַ-רעמע קושן אַלע קינדערלעך. דײַן פרײַנט

ש. אבראַמאָוויטש.]

2

Одесса, 21 Октября 1882 г.

Драгоценный друг, М[адам] БинШток!

Ваше письмо несказанно обрадовало меня. Я должен Вам сказать, что вообще Ваше слово имеет для меня особое обаяние. Шутка ли, лучшие годы моей жизни я провел в Вашем обществе и доверял Вам всегда все мои дела и заветные мысли, к которым Вы относились всегда сочувственно, с искренним участием. Я Вам довольно долгое время не писал потому единственно, что в это время я ужасно занят по делам службы, кроме того я все был одержим мрачным расположением духа, а в подобных случаях я нелюдим и не сообщителен. О литературе я до сих пор и не думал по весьма веским причинам, для объяснения которых мне надобно было написать целую книгу. Поверите ли, что еврейский вопрос в последнее время стал для меня темным и взгляд мой о многом решительно изменился, а писать о каком-либо предмете я не могу, пока он вполне не выяснен в моем сознании и прочувствован всею душою моей. Эта година бедствий для евреев, вызывавшая у нас столько писак и патрио-

тиков, имела на меня обратное действие, налагая на моих устах печать молчания. Как бы ни показалось Вам мои слова страшными, но, к сожалению, это так.—От Вашего мужа я не получил ни слова. Хорош он, нечего говорить, обругайте его, пожалуйста, за меня. Жена и дети мои здоровы и шлют Вам сердечный привет. Карточка Тины производит очаровательное впечатление, она поражает ее стройностью и приятным выражением ее лица. Видите, я узнал в ней еще в детстве будущей красавицей. Не может быть, чтобы такая Тина не была счастливой.

Прощайте, друг мой! Прошу вас от всей души не забыть Вашего искреннего друга.

С. Абрамович.

[ייִדישע איבערזעצונג:

אָדעס, דעמ 21 אָקטיאבער 1882 י.

טײַערסטער פרײַנט, מ[אדאמ] בינשטאָק!

אײַער בריוו האָט מיכ ניט אויסצודערציילנ ווי דערפרייט. איכ דארפ אײַכ זאָגנ, אז אײַער וואָרט ביכלאל האָט פאר מיר א באזונדערע צויבער-קראפט. ס'איז דענ א שפילכענדל, די בעסטע יאָרנ פונ מײַנ לעבנ האָב איכ פארבראכט אינ אײַער געזעלשאפט אונ איכ האָב אײַכ אלעמאָל פארטרויט אלע מײַנע אינ-יאָנים אונ די פארבאָרגנסטע געדאנקענ, צו וועלכע איר האָט זיכ שטענדיק בא-צויגנ מיט מיטגעפיל, מיט אנ אופריכטיקער פארינטערעסירטקײַט. איכ האָב אײַכ א היפשע צײַט ניט געשריבנ בלויז דערפאר, ווײַל אינ אָט דער צײַט בינ איכ שרעקלעכ פארנומענ מיט די איניאָנימ פונ מײַנ שטעלע, אויסער דעמ בינ איכ אלצ געווענ אינ מאכט פונ א מאָרעשכוירע, אונ אינ אזעלכע פאלנ מײַד איכ אויס מענטשנ אונ איכ באריר זיכ נישט מיט זיי. וועגנ ליטעראטור האָב איכ ביז איצט אפילע ניט געטראכט איבער זייער וואָגיקע סיבעס, וואָס אפ זיי צו דער-קלערנ וואָלט איכ באדארפט אָנשרײַבנ א גאנצנ בוכ. וועט איר מיר גלייבנ, אז די ייִדנ-פראגע איז די לעצטע צײַט פאר מיר געוואָרנ אומקלאָר אונ מײַנ קוק אפ פיל זאכנ האָט זיכ אנטשיידנ געענדערט; שרײַבנ ווידער וועגנ א וועלכנ-ניט-איז געגנשטאנד קאָנ איכ נישט, ביז ער איז נישט אינגאנצנ אויסגעקלאָרט אינ מײַנ באוווסטזײַנ אונ דורכגעפילט פונ מײַנ גאנצנ הארצנ. אָט די צײַט פונ צאָ-רעס פאר ייִדנ, וואָס האָט ארויסגערופנ בא אונדז אזויפיל שרײַבערלעכ אונ פאטריאָטלעכ, האָט געהאט אפ מיר א פארקערטע ווירקונג, אוועקלייגנדיק אפ מײַנע לעפצנ דעמ שטעמפל פונ שווײַגנ. ווי שרעקלעכ עס זאָלנ אײַכ ניט אויסזענ מײַנע ווערטער, אָבער, צומ באדויערנ, אזוי איז עס.—פונ אײַער מאנ האָב איכ נישט באקומענ קיינ וואָרט אפילע. ער איז א לײַט, וואָס איז דאָ צו ריידנ, זידלט אימ אויס, איכ בעט אײַכ, פארמײַנעטוועגנ. מײַנ ווײַב אונ מײַנע קינדער זײַנענ געזונט אונ שיקנ אײַכ א הארציקנ גרוס. טינעס קארטע מאכט א באצויבערנדיקנ אײַנדרוק, זי איבעראשט מיט איר שלאנקײַט אונ מיטנ אָנגענעמענ אויסדרוק פונ איר פּאָנעמ. איר זעט, איכ האָב נאָכ אינ איר קינדהײַט דער-קאָנט אינ איר א צוקינפטיקע שיינהײַט. ס'קאָנ נישט זײַנ, אז אזא טינע זאָל ניט זײַנ גליקלעכ.

זײַט געזונט, פרײַנט מײַנער! איכ בעט אײַכ פונעמ גאנצנ הארצנ ניט פאר-געסנ אײַער אופריכטיקנ פרײַנט.

ש. אבראמאָוויטש.]

## 3

Одесса, 23 Июня 1883 г.

Дорогой Саша! Не сердись на меня, друг мой, за то, что так долго оставил твое письмо без ответа. Верь, что ты мне очень и очень дорог и письмо твое доставило мне премного удовольствий, но что прикажешь делать, когда служба до сих пор не позволила мне переписываться с своими друзьями. Теперь у меня каникулы, и я свободен. Знаешь, Саша, что я тебя не узнал по твоей фотог[рафической] карточке, ты смотришь красавцем с серьезной физиономией. Ева мне рассказала о твоем таланте в рисовании. Мне очень хочется иметь что-нибудь из твоих рисовальных произведений, о чем я покорнейше тебя прошу в полной надежде, что не откажешь моей просьбы. Продолжаешь ли заниматься музыкой? Если нет, то очень жаль, ты бы играл очень хорошо. Насчет твоих учебных занятий я тебя и не спрашиваю, потому что знаю тебя за прилежного ученика и лицом в грязь не ударишь. Окончишь курс гимназии и потом поступишь в высшее учебное заведение, в этом я убежден. А что твое здоровье? Обращай на это особое внимание перед отъездом твоим в Петербург. Туда нужно приехать вполне здоровым, в особенности в твоем возрасте. Что ж? Теперь у тебя каникулярное время, употребляй его в пользу для твоего здоровья, гуляй и купайся почаще. Эх, есл бы я мог быть теперь на Тетереве! Передай ему от меня сердечный поклон и прокричи в лесах мое имя, так чтобы эхо его за тобою повторяло. Люблю я тебя, Тетерев, люблю я вас, душевно милые, заветные леса Житомирские! Трудно, невыразимо трудно мне расставанье с вами; неоднократно вспоминяя вас, на глаза мои навертывается слезы и я плачу, плачу... Поцелуй за меня Володя, Миша и Анюту. Боже, как я вас всех люблю! Крепко обнимаю и целую тебя.

Твой С. Абрамович.

[יידישע איבערזעצונג:

אָדעס, דעמ 23 יוני 1883 י.

טײַערער סאשע! זײַ אפּ מיר ניט בארויגעז, פרײַנט מײַנער, דערפאר, וואָס איכ האָב אזוי לאנג איבערגעלאָזנ דײַנ בריוו אָנ אנ ענטפער. גלייב, אז דו ביסט מיר זייער אונ זייער טײַער אונ דער בריוו דײַנער האָט מיר פארשאפט זייער פיל פארגעניגנ, אָבער וואָס זאָל מענ טאָנ, אז די שטעלע האָט מיר ביז איצט ניט דערלויבט זיכ איבערצושרײַבנ מיט מײַנע פרײַנט. אצינד זײַנענ בא

מיר קאניקולן, און איך בינ פרײַ. ווייסט, סאשע, אז איך האָב דיך נישט דערקאָנט אפ דײַנ פאָטאָגראפישער קארטע, דו זעסט אויס א שיינער באָכער מיט אנ ערנסטער פיזיאָנאָמיע. יעווע האָט מיר דערציילט וועגנ דײַנ טאלאנט אינ צייכענענ. עס ווילט זיך מיר זייער האָבנ עפעס פונ דײַנע צייכענונגס-ווערק, וועגנ וואָס איך בעט דיך אונטערטעניק, אינ דער פולער האָפענונג, אז דו וועסט ניט אָפזאָגנ אינ מײַנ ביטע. צי פארנעמסטו זיך ווײַטער מיט מוזיק? אויב נישט, איז זייער א שאָד, דו וואָלסט זייער גוט געשפילט. וועגנ דײַנע לימודים פרעג איך דיך אפילע נישט, ווײַל איך קענ דיך פאר א פלײַסיקנ טאלמיד, און דו וועסט אונדז ניט פארשעמענ. וועסט ענדיקנ דעמ קורס פונ גימנאזיע און דערנאָכ אָנקומענ אינ א הויכשול, דערינ בינ איך איבערצײַגט. און ווי איז דײַנ געזונט? לייג אפ דעמ א באזונדערע אכטונג פאר דײַנ אוועקפאָרנ קיינ פעטערבורג. אהינ דארפ מענ קומענ צו פאָרנ אינגאנצנ געזונט, באזונדערס אינ דײַנ עלטער. נו, איז ווי זשע? אצינד איז בא דיר קאניקול-צײַט, פארברענג די צײַט מיט נוצנ פאר דײַנ געזונט, שפאציר ארומ און באָד זיך וואָס אָפטער. אכ, ווענ איך וואָלט געקאָנט זײַנ איצט אפנ טעטערעוו! גיב אים איבער פונ מיר א הארציקנ גרוס און שרײַ אויס אינ די וועלדער מײַנ נאָמענ, אזוי אז דער ווידערקאָל זאָל אים נאָכ דיר איבערכאזערנ. איך האָב דיך ליב, טעטערעוו, איך האָב אײַך ליב, הארציק ליבע, נאָענטסטע וועלדער זשיטאָמירער! ס'איז מיר שווער, ניט אויסצודריקנ ווי שווער די צעשיידונג מיט אײַך; ניט איינ מאָל, זיך דערמאָנענדיק אינ אײַך, קומענ אפ די אויגנ מײַנע טרערנ און איך וויינ, וויינ... קוש פאר מיר וואָלאָדיענ, מישענ און אניוטענ. גאָט מײַנער, ווי איך האָב אײַך אלעמענ ליב! איך נעמ דיך שטארק ארומ און איך קוש דיך.

דײַנ ש. אבראמאָוויטש.

---

## עטלעכע באמערקונגענ צו מענדעלעס בריוו

מענדעלעס בריוו, וואָס זײַנענ דאָ פארעפנטלעכט, געהערנ צומ אָנהייב פונ די 80-ער יאָרנ, צו זייער א שווערנ פעריאָד אינ מענדעלעס לעבנ און שאפנ, ווענ צו א ריי פערזענלעכע אומגליקנ זײַנענ צוגעקומענ די שווערע איבערלעבונגענ פונ די ייִדישע פאָגראָמענ, וועלכע האָבנ דאנ ווי א כוואליע זיך צעקײַקלט איבער שטעט און שטעטלעכ פונעמ צארישנ רוסלאנד. די בריוו גיבנ אויסגעצייכנט איבער מענדעלעס דעמלטיקנ געמיט-צושטאנד. אינ געזעלשאפטלעכנ פראט איז באזונדערס וויכטיק דער צווייטער בריוו, אינ וועלכנ מענדעלע רעדט וועגנ זײַנ באציִונג צו דער אזוי־גערופענער „ייִדנ-פראגע": „די ייִדנ-פראגע, — שרײַבט דאָ מענדעלע, —איז די לעצטע צײַט פאר מיר געוואָרנ אומקלאָר, און מײַנ קוק אפ פיל זאכנ האָט זיך אנטשיידנ געענדערט". דאָס איז טאקע געווענ א צײַט, ווענ מענדעלע האָט רעווידירט א סאכ פונ זײַנע פריִערדיקע אָנשויונגענ. פאר מענדעלענ דעמ קינסטלער איז ביז גאָר כאראקטעריסטיש זײַנ איידעס-זאָגנ אינ דעמ זעלבנ בריוו, אז ער קאָנ שרײַבנ וועגנ עפעס א געגנשטאנד בלויז דאנ, ווענ ער, דער דאָזיקער געגנשטאנד, איז אינגאנצנ אויסגעקלאָרט אינ זײַנ באוווּסטזײַנ און איז דורכגעפילט פונ זײַנ גאנצנ הארצנ.

די אלע דרײַ בריוו, וואָס מיר פארעפנטלעכנ דאָ, זײַנענ אדרעסירט צו פאר-

שיידענע מיטגלידער פון דער מישפּאָכע בינשטאָק, מיט וועלכער מענדעלע איז געווען אין נאָענטע באַציִונגען אין זײַן זשיטאָמירער פּעריאָד. דער ערשטער בריוו, וואָס הייבט זיך אָן מיט די ווערטער „ליבער פרײַנט!“, איז אדרעסירט צו דעם הויפּט פון דער מישפּאָכע, צו לייב בינשטאָקן, א באוווּסטן זשורנאַליסט, מענדעלעס נאָענטן פרײַנט, שפּעטער מענדעלעס ביִאָגראַף. אז מענדעלע איז אריבערגעפאָרן פון זשיטאָמיר קיין אָדעס, האָבן זיך די באַציִונגען זײַנע מיט די בינשטאָקס ניט איבערגעריסן. מענדעלעס טאָכטער יעווע איז געבליבן זיך לערנען אין זשיטאָמיר, און זי האָט געוווינט בא די בינשטאָקס אף קוואַרטיר. די בריוו שטרײַכן נאָכאַמאָל אונטער מענדעלעס שווערע מאַטעריעלע לאַגע צו יענער צײַט.

מייער, וואָס ווערט דערמאָנט אינעם ערשטן בריוו, דאָס איז מענדעלעס זון, מיכאיל אבראמאָוויטש, וואָס איז צו יענער צײַט געווען פארשיקט דורך דער צארישער רעגירונג. מ. אבראמאָוויטש איז געווען א דיכטער, ער האָט געשריבן אין רוסיש אף יידישע טעמעס און מאָטיוון. מענדעלע האָט זייער געהאַלטן פון זײַן זונס דיכטערישן טאלאַנט. אין איינעם א ניט פארעפנטלעכטן בריוו צו בינשטאָקס טאָכטער ערנעסטינע (דער בריוו איז פונעם 21-טן יאַנוואַר 1883 י.) שרײַבט מענדעלע וועגן זײַן זון: „ער איז א שטאַרקער דיכטער, אים דאַרף מען לייענען ניט געײַלט, מיט טיפער אופמערקזאַמקײַט. יעטווידעס וואָרט — א געדאַנק, יעטווידער פערז — א יאַם ברעניקע געפילן“.

מאַניע, וועגן וועלכער ס'רעדט מענדעלע, איז זײַן זון מייערס פרוי, מאַניעפאַ ראָזשע דע פּרעוויל, א טאָכטער פון אן איינפלוסרײַכן מעלוכע-באַאַמטן. די באַקאַנטשאַפט אירע מיט מענדעלעס זון האָט זיך אָנגעהויבן פון דעם, וואָס ער איז אָנגעקומען צו איר פאָטער אין הויז אַלס אירער א רעפּעטיטאָר. אז מייער (מיכאיל) אבראמאָוויטש איז פארשיקט געוואָרן, האָט זי אָנגעווענדט אַלע אירע פארבינדונגען אין די „הויכע“ ספערן און זי האָט זיך דערשלאָגן, אז מע האָט אים צוריקגעקערט. ניט רעכענענדיק זיך מיט דער „געזעלשאַפטלעכער מיינונג“ פון איר סוויווע, וואָס האָט באַטראַכט די באַציִונגען צווישן איר, ראָזשע דע פּרעוויל, מיטן יונגן אבראמאָוויטשן אַלס „מעזאַליאַנס“, האָט זי מיט אים חאַסענע געהאַט. זייערע באַציִונגען זײַנען אפּאָנעם געווען געבויט אף א טיפן און אופריכטיקן געפיל. וועדליק ס'האָט מיר דערציילט דער פארשטאָרבענער אלעקסאנדער בינשטאָק (לייב בינשטאָקס זון), האָט דער רוסישער דיכטער פּאָלאָנסקי (מיט וועלכן די ראָזשע דע פּרעוויל איז געווען באַפרײַנדעט) זיך געקליבן דערציילן טורגעניעוון זייער ליבע-געשיכטע אַלס א סוזשעט פאר א ראָמאַן.

ל. בינשטאָקס „ראַזסוועט“-אַרטיקל, וואָס ווערט דערמאָנט אין מענדעלעס ערשטן בריוו, מיינט זײַן קאָרעספּאָנדענץ פון זשיטאָמיר, וועלכע איז געווען אָפּגעדרוקט אין „ראַזסוועט“, 1882, נומ. 2, געכאַסמעט: „זשיטאָמיריאַנין“. בינשטאָק דערציילט אין דער קאָרעספּאָנדענץ וועגן דעם, אז פאר די קריסטלעכע ווינטער-יאָמטויווים האָט מען זיך אין זשיטאָמיר געריכט אף א פּאָגראָם.

דער יידישער בריוו מענדעלעס צו לייב בינשטאָקס פרוי (זי האָט געהייסן ריווקע בינשטאָק), ווי אויך דער צווייטער בריוו, וואָס איז געשריבן אף רוסיש, ווײַזן, אז צווישן זיי זײַנען געווען הארציק-פּראָסטע און פרײַנטלעכע באַציִונגען.

די „טשײַנע“, וועגנ וועלכער עס רעדט מענדעלע, מײנט בינשטאָקס גאסטפרײַנטלעכע שטוב, וואָס איז אלעמאָל פול געוועג מיט געסט. די אלגעמײנע כאראקטעריסטיק פונ זשיטאָמיר אלס „ספאלניע“ (וואָס פיגורירט נאָכ אינ „מאסאָעס בינ־יאָמינ האשלישי“) האָט מענדעלע שפּעטער אנטוויקלט אינ זײַנ „ווינטשפינגערל“. די „סלוזשבע“ מענדעלעס—דאָס איז זײַנ שטעלע אלס פּארוואלטער אינ דער אָדעסער טאלמעטוירע.

אינעמ ייִדישנ בריוו צו דער פרוי בינשטאָק דערמאָנט מענדעלע אָסיפנ; דאָס איז יויסעפ בינשטאָק, לײב בינשטאָקס א ברודער, ער האָט געוווינט אינ פּעטערבורג. טינע—דאָס איז ל. בינשטאָקס טאָכטער, ערנעסטינע.

דער דריטער בריוו מענדעלעס איז אדרעסירט צו ל. בינשטאָקס זונ, אלעקסאנדער (סאשע). דער פרײַנטלעכער בריוו, וואָס איז געווענדט צו א ייִנגל, נאָכ א שילער פונ א מיטל-שול, שטרײַכט נאָכאמאָל אונטער מענדעלעס געגוג באקאנטנ אינטערעס פאר קינדער. מענדעלע רעדט זיכ דורכ מיטנ ייִנגל ווי מיט א גלײַכנ כאווער. עמעס קינסטלעריש זײַנענ די שורעס, ווו מענדעלע רעדט וועגנ דעמ טײַכ טעטערעוו אונ די זשיטאָמירער וועלדער. די באקאָשע צומ ייִנגל, ער זאָל אויסשרײַענ אינ די וועלדער זײַנ, מענדעלעס, נאָמענ, אזוי אז דער ווידערקאָל זאָל אימ איבערכאזערנ—דערמאָנט אונדז אינ די בעסטע שטעלנ בא טורגעניעוונ: אינ אײנער טורגעניעווס א „ליד אינ פּראָזע“ ווערט דערצײלט, ווי ער האָט אויסגעשריגנ, אז עס לעבט פּאנ, דער גרויסער גאָט פונ דער נאטור, אונ אינ אלע עקנ האָט אָנגעהויבנ צו שאלנ אָט דער דאָזיקער פרײדיקער אויסגעשריי.

אלעקסאנדער בינשטאָק איז מיט א קורצער צײַט צוריק (1937) געשטאָרבנ אינ מאָסקווע. לויט זײַנ פּראָפעסיע איז ער געוועג א מעדיקער. ער האָט איבערגעלאָזט ביז גאָר אינטערעסאנטע דערינערונגענ וועגנ מענדעלענ (זײ ווערנ דאָ פארעפנטלעכט אינ אונדזער איצטיקער זאמלונג), וואָס טראָגנ ארײַנ נײַע שטריכנ אינ דער מענדעלע-געשטאלט, סײַ אלס מענטש אונ סײַ אלס שרײַבער.

וואָלאָדיע, מישע אונ אניוטע, וואָס ווערנ דערמאָנט אינ מענדעלעס בריוו צו אלעקסאנדער (סאשע) בינשטאָקנ, — דאָס זײַנענ אלצ ל. בינשטאָקס קינדער, סאשעס ברידער אונ שוועסטער.

דעמ ערשטנ אונ דעמ דריטנ בריוו דרוקנ מיר פונ אָריגינאלנ, וועלכע האָבנ געהערט צו אלעקסאנדער בינשטאָקנ. דער אָריגינאל פונעמ צווײטנ בריוו געפינט זיכ אינ דער לענינגראדער עפנטלעכער ביבליאָטעק אפ סאלטיקאָוו-שטשעדרינס נאָמענ.

באמ איבערדרוקנ די בריוו האָבנ מיר מאָדערניזירט די אָרטאָגראפיע אונ ערטערוויַיז צוגעגעבנ אנ אײגענע פּונקטואציע. דער רוסישער סטיל בא מענדעלענ איז געווענ אנ אינטערעסאנטער אונ א זעלבשטענדיקער. אָבער שרײַבנדיק רוסיש, פלעגט מענדעלע גאנצ אָפט באגײנ כאראקטעריסטישע פעלערנ, וועלכע מיר האָבנ נישט געהאלטנ פאר נײטיק צו פאריכטנ.

א. גורשטײנ.

# בריוו פונ דינעזאָנענ אונ ספעקטאָרנ צו לינעצקינ

1

Jakob Dinesohn

יעקב דינעזאָהן.

וואַרשע, דעמ 23־טנ נאָיאבער 1887 י.

צו מײַנ טיפ געליבטנ פרײַנט אאוו., אאוו. י.-י. לינעצקי, שײַנענ זאָל זײַנ ליכט.

נעכטנ בינ איכ געוועזנ באַ מײַנ פרײַנט ה׳ ספעקטאָר. בײַס איכ בינ געזעסנ באַ אימ אינ דער הײמ, האָט ער מיר געגעבנ א העפט, געשריבנ אפ ייִדיש, אז איכ זאָל עס איבערלײענענ אונ ארויסזאָגנ מײַנ מײנונג. אונ ער האָט מיר ניט געזאָגט, אז פונ אונטער אײַער פעדער זײַנענ ארויס די זאכנ, וואָס געפינענ זיכ אינ דעמ העפט. וואָס זאָל איכ אײַכ זאָגנ אונ וואָס זאָל איכ אײַכ פיל ברײַענ, איכ האָב ארויסגעזאָגט מײַנ מײנונג, אז זינט איכ האָב זיכ אויסגעלערנט לײענענ א בוכ, בינ איכ נאָכ קײנמאָל אזוי ניט ניספּאָעל געוואָרנ אונ האָב נאָכ קײנמאָל ניט געהאט אזא פארגעניגנ פונ א פרעכטיקער פאָרמ אונ א שארפנ געדאנק ווי דאָס מאָל, בײַס איכ האָב געלײענט אײַער העפט, וואָס איר האָט צוגעשיקט ספעקטאָרנ פארנ „הויזפרײַנד", וואָס ער קלײַבט זיכ ארויסצוגעבנ. יעדעס וואָרט אינ אימ איז גינגאָלד אונ יעדער געדאנק איז א ברילִיאנט. איכ בעט נאָר גאָט, אז די דאָזיקע טײַערע ברילִיאנטנ זאָלנ ניט ארויסגעוואָרפנ ווערנ ווי פּאָשעטע קאַלכשטײנער, עס זאָל זיכ צו זײ ניט צורירנ דעמ צענזאָרס לאפע, וואָס שטעקט זיכ אומעטומ ארײַנ. אונ נאָכ א ווונטש האָב איכ: זאָלנ אײַערע טײַערע ווערטער באשײַנענ זײער אָרט, זאָלנ זײ באשטראלנ מיט זײער ליכט אויכ די איבעריקע ווערק, וואָס דאָס דאָזיקע הײליקע פאָלק טראָגט אונטער מיט אזא ברײטער האנט יעדנ ארויסגעבער, וואָס שטרעקט נאָר אויס א האנט. ווענ איכ זאָל אפריִער ניט וויסנ, אז מײַנ געבעט איז אנ ארויסגעוואָרפענע ארבעט, וואָלט איכ טפילע געטאָנ, אז דאָס, וואָס איכ האָב געפילט, לײענענדיק אײַערע ווערטער, זאָלנ אויכ פילנ אלע לײענער, לעכאָלאפּאָכעס אונדזערע העברעיִשע שרײַבער, וואָס קוקנ פונ אויבנ אראָפּ אפ אונדז, וואָס שרײַבנ אפ דער שפראכ פונ אונדזער פאָלק, וואָס זײ האָבנ עס פײַנט בעטאכלעס-האסינע, איכ מײנ דאָס פאָלק אונ ניט די שפראכ, ווײַל קײנ אנדער שפראכ פארמאָגנ זײ דאָכ נישט,

1 דער דאָזיקער בריוו דינעזאָנס איז געשריבנ אפ העברעיִש. מיר גיבנ אימ אינ א ייִדישער איבערזעצונג. — א. וו.

אָט די דאָזיקע גרויסהאַלטער, וואָס שטעלנ זיכ אײַנ פאַר אונדזער הייליקער שפּראַכ; דאַנ ווענ זייער האַרצ וואָלט געווענ אַ האַרצ פונ עמעס אונ גערעכטיקײַט, דאַנ וואָלטנ זיי פאַרשטאַנענ ווי אײַכ צו שעצנ אונ ליבנ פאַר אײַערע אופטוענ אינ דעמ „נײַעמ מאַכזער" אײַערנ אונ וואָלטנ אײַכ געדאַנקט ווי איכ אַצינדערט; איכ קענ אָבער זייער קינע, וואָס איז ווילד ווי די אײַפערזוכט פונ אַ פרוי צו איר כאַווערטע; לייענענדיק אײַערע ווערטער, וואָס זײַנענ טײַערער פונ גאָלד, וועט זייער קינע זיכ אָנצינדנ ווי דאָס געהענעמ-פײַער, זיי וועלנ שפּעטנ, קריצנ מיט די ציינ אונ ניט קענענ זיכ באַרויִקנ... איכ בינ אָבער ניט פונ די, איכ, אַז איכ לייענ גוטע, ריכטיקע ווערטער, וואָס קומענ פונ אַ פילנדיק האַרצ אונ אַ טײַערער, איידעלער נעשאָמע, מאַכט עס אַפ מיר דעמ שטאַרקסטנ אײַנדרוק, אונ איכ ווער אינגאַנצנ דורכגעדרונגענ מיט קאָוועד אונ דאַנקבאַרקײַט צומ גערעכטיקנ שרײַבער. אויכ דאָס מאָל קאָנ איכ זיכ ניט באַרויִקנ, ביז איכ וועל אײַכ ניט איבערגעבנ מײַנ דאַנק אונ מײַנ בענטשונג. אויב [אונדזערע כאַכאָמימ] האָבנ געזאָגט, אַז ווענ עמעצ שענקט עפּעס דעמ אַנדערנ, דאַרפ ער יענעמ געבנ צו וויסנ וועגנ דער מאַטאָנע, הײַנט ווער רעדט שוינ וועגנ דעמ, וואָס האָט די מאַטאָנע באַקומענ, ער דאַרפ דאָכ אַוודאי אָפּדאַנקענ אונ בענטשנ דעמ, וואָס האָט זי אימ געגעבנ. אונ איר, מײַנ טײַערער, וועט דאָכ הײַנט געוויס אָנעמענ מײַנ בענטשונג אונ מײַנ פאַרזיכערונג, אַז מיט אײַערע ווערטער האָט איר טאָמיד געווונענ מײַנ האַרצ, אונ דאָס מאָל האָט איר מיכ פּאָשעט מעכײַע געווענ!

זינט עס איז אַרויס פונ דרוק מײַנ ערשטע דערציילונג „הנו״הנ" [1], האָב איכ אַפילע פאַרלאָזנ דאָס פעלד פונ דער ליטעראַטור אונ האָב אָפּגעראַמט דאָס אָרט פאַר אַנדערע, וואָס זײַנענ געקומענ נאָכ מיר מיט זייערע דערציילונגענ. אונ איצט, אַז איכ האָב זיכ צוריק אומגעקערט אַפנ פעלד, וואָס גאָט האָט דעמאָלט געהאַט געבענטשט, טוט מיר ווײ דאָס האַרצ צו זענ די דערנער, וואָס וואַקסנ דאָרטנ. אַלערליי ביטערע ווילדגראָזנ, אַלערליי זינלאָזע זאַכנ ווערנ געדרוקט אינ ביכער אונ דערציילונגענ פונ פּוסטע מענטשנ, וואָס האָבנ אַפ זייער לעבנ ניט געלערנט אונ ניט געלייענט, וואָס פאַרמאָגנ ניט קיינ ברעקל טאַלאַנט אונ פאַרשטייענ ניט ווי צו ריידנ מיטנ פאָלק אַפ זײַנ שפּראַכ. אַזאַ שעדלעכער מענטש, אַזאַ פּוסטע קיילע ווי שאָמער האָט אָנגעדראַקעט אָנ אַ שיר ביכער אונ פּלוידערײַענ, פונ וועלכע מע קענ דול ווערנ, אונ אימ האָבנ נאָכ איבערגעשטיגנ אַלערליי פּוסטע יונגלעכ, וואָס קענענ נאָר אָנדראַקענ אַ צורעס-אָס אַפ ייִדיש, אונ אַלע אײַנײַנעמ האָבנ זיי פאַרדאָרבנ יעדנ גוטנ אַקער-פעלד אינ אונדזער פאָלק, וואָס איז געווינט צו פאַרהייליקנ אַלצ, וואָס עס שטייט שוואַרצ אַפ ווײַס אינ אַ סייפער.

איצט, אַז איכ בינ אַראָפּ פונ מײַנ מאַצעוו אונ ס'איז מיר געבליבנ נאָר אײנ האָפענונג צו קומענ צו זיכ — אופגעריכט צו ווערנ דורכ דער ליטעראַטור, האָב איכ באַשלאָסנ אָפּצודרוקנ אַלע מײַנע דערציילונגענ, וואָס כ'האָב אָנגעשריבנ אינ מעשעכ פונ דער צײַט, ווענ איכ האָב זיכ ניט באַוויזנ אינ דער עפנטלעכקײַט. איכ האָב אָבער מוירע, אַז איכ האָב ווינציק מאַזלבראָכע פאַר מײַנ האָ-

1 דינעזאָנס ראָמאַנ „הנאהבים והנעימים, אָדער דער שוואַרצער יונגערמאַנטשיק״. — אַ. וו.

רעוואניע, ווייל דער געשמאק און דער גוסט פון די לייענער איז פארדארבן געווארן דורך די שונד-דערציילונגען, וואס ה׳ שאמער און זיין קאמפאניע טראגן זיי טאגטעגלעך אונטער. דעריבער האט מען מיר געראטן איך זאל אויך ארויס-געבן א זאמלבוך, ווי עס טוען געוויינלעך די העברייאישע שרייבער, ווען די זשארגאנישע שרייבער האבן לעצטנס אנגעהויבן נאכטאן. איך האב זיך שוין גע-ווענדט געווענדעט צו אונדזערע בעסטע שרייבער, וואס אין זייערע אויגן איז ניט פארמיאוסט די שפראך, אף וועלכער עס רעדט זייער פאלק. אלע האבן זיך זייער ווארעם אפגערופן און האבן מיך געשטיצט מיט אן אייצע און מיט זייער הילף. נאר איין ה׳ (החכם) ש. י. אבראמאוויטש, וואס צו זיין געווע און גרויס-האלטעריי איז גאר קיין שיר נישטא, האט באקומען מיין בריוו, האט געשוויגן און ניט געענטפערט מיר א ווארט, פונקט ווי איך וואלט אין זיינע אויגן קיין שום ווערט ניט געהאט; האב איך דאס גוטע יאר, און אייך זאל גאט אפהיטן פון געגליכן צו ווערן צו אזוינע מענטשן; גרעסערע און פיינערע מענטשן פון אים האבן זייער גוטוויליקייט געשאנקען, וואס זשע וועט מיר אפקומען, ווען אזא פאריסענער באלגייווע האט ניט געוואלט באערן מיך מיט זיין ענטפער?

צו אייך, מיין טייערער, האב איך אויך אין זינען געהאט צו ווענדן זיך מיט מיין ביטע צו שטיצן מיך מיט אייער לייטזעליקער האנט, איך האב אבער ניט געוווסט, ווו איר געפינט זיך, איצט אבער, אז איך ווייס שוין וואס איך האב פריער ניט געוווסט, האב איך זיך שוין לאנג אפגעזאגט פון מיין פלאן און איך פארשפאר שוין עפעס צו בעטן בא אייך. נעמענדיק זיך צו דער אר-בעט, צוטרעטנדיק זאמלען מאטעריאלן און קלייבנדיק זיך אנאנסירן וועגן מיין סכוירע, וואס איך האב געוואלט פארקויפן פאר געלט, האב איך זיך איבערצייגט, אז איך טויג ניט פאר אזא מעלאכע: איך בין נאך ניט אף אזויפיל פארדארבן, איך זאל טויגן פאר א יידישן רעדאקטאר; מיך ציט נאך אלץ צו זאגן דעם ריינעם עמעס, מיין פען איז נאך אלץ א שרייבער-פען און ניט קיין האק אף צו האקן האלץ אין די וועלדער פון מיין פאלק פאר געצאלט און פאר לוין, ניט ארומזעענדיק זיך, צי איך פארדארב ניט דיביימער און פארניכט ניט דעם וואלד. דעריבער האב איך זיך אפגעזאגט ארויסצוגעבן א זאמלבוך, ווייל איך קען ניט צוזאגן א סאך און אויספילן ווייניק, זאלן דאס טאן גרעסערע און בעסערע פון מיר, און איך וועל זיך באנוגענען מיטן ביסעלע, מיט וועלכן גאט האט מיך אליין געבענטשט (געבענטשט מיין קארב און מיין באקדייזשע). איך וועל זיך מיען נאר ארויסצוגעבן מיינע אייגענע ווערק, און ניט קיין פרעמדע. איך גיב אייך צו וויסן, מיין פריינט, אז אינגיכן גיב איך אף צום דרוק מיין דער-ציילונג אף דער פאלקס־שפראך „בעון אבות״[1]. איך וויל זיך פאר אייך ניט באַ־רימען, אבער דאס הארץ זאגט מיר, אז די דאזיקע דערציילונג מיינע איז א גע-ראטענע און א נוצלעכע, וואס דארף צוציען די הערצער פון אונדזערע לייע-נער. דא ווערן געשילדערט בילדער פונעם לעבן פון די שטעט און מעדינעס, וואס אונדזערע ברידער זיינען דארטן צעשפרייט. די דערציילונג האלט אן ערעך

1 דינעזאנס ראמאן „בעון אבות״ איז נאך אין די 70־ער יארן פארבאטן געווארן דורך דער צענזור און איז קיינמאל ניט געדרוקט געווארן. א. וו.

30 בויגנ, אונ זינט אונדזערע ברידער לייענענ דערציילונגענ וועגנ זייער לעבנ, איז נאָכ ניט געווענ קיינ דערציילונג פונ א גרויסנ ווערט.

נעמט אָנ פונ מיר א קליינע מאטאָנע, כאָטש זייער אָנ אָרעמע אונ א מאָגערע — מײַנ קליינע בראָשור „צוויי בריוו צו א מעכאבער". איכ האָב עס אָנגעשריבנ אלס פעליעטאָנ פארנ „פאָלקסבלאט". די דערציילונג האָט ניט געפונענ קיינ לײַטזעליקײַט אינ מײַנע אייגענע אויגנ מאכמעס איר סטיל, וואָס איז אייגנטלעכ ניט מײַנ סטיל, אָבער צווישנ אנדערע געפינענ זיכ דאָרטנ אויכ עמעסע אופריכטיקע ווערטער וועגנ זאכנ, וואָס טרעפנ זיכ אָפט אינ אונדזער פראקטישנ וועלטל. אז איר וועט זיכ גוט ארײַנטראכטנ אינ דער דערציילונג, וועט איר דאָרטנ דערקענענ אונדזערע פארלאָזענע אונ צעבראָכענע שוועסטער פונ אלע זייערע וווינ-ערטער. איר וועט גלייבלעכ פארשטיינ, אז מײַנ בראָשור איז נאָר א ביטערער קרעכצ, וואָס האָט זיכ ארויסגעריסנ פונ טיפנ הארצנ.

אויב איר ווילט מיכ באגליקנ מיט אײַער פרײַנטשאפט, ווי פריִער, בעט איכ אײַכ מיר ענטפערנ אונ צו וויסנ געבנ פונ אײַער ווילבאפינדונג, ווײַל איכ האָב אײַכ שטענדיק ליב געהאט פונ פולנ הארצנ.

אײַער פרײַנט אונ פארערער, ווי איר פארדינט עס

יאנקעוו דינעזאָנ.

מײַנ אדרעס:

Якову Динезону

Варшава, Налевки 19.

2

Redaction „Der Hausfreund"

Warschau, d. 24 August 1887

רעדאקציאָנ פונ דעמ
„הויזפרײַנד"

געערטער הער לינעצקי!

דאָ אינ ווארשע האָפ איכ מיט דער צײַט ארויסגעבנ א זשארגאָנ-צײַטונג אונ האָב אײַכ אויכ ארײַנגערעכנט צווישנ די בעסטע מיטארבעטער. נאָר, צו מײַנ באדויערנ, מוז איכ נאָכ אפ דער צײַטונג צוווארטנ, אונ דערווײַל האָב איכ באקומענ א ראזרעשעניע אפ ארויסצוגעבנ א זשארגאָנ-סבאָרניק מיט דעמ נאָמענ „דער הויזפרײַנד". אלע אונדזערע בעסטע שרײַבער ווי: א. גאָלדפאדענ, צווייפעל, צונזער, שאָלעמ-אליכעמ, דינעזאָנ אונ נאָכ אנדערע האָבנ מיר פארשפראָכנ צו שיקנ ארטיקלענ. אייניקע האָבנ שוינ געשיקט, אונ עס דרוקט זיכ שוינ. צו אײַכ האָב איכ שוינ לאנג געוואָלט שרײַבנ וועגנ מײַנ „הויזפרײַנד" אונ בעטנ אײַכ עפעס צושיקנ פונ אײַער פעדער, נאָר איכ האָב ניט געוווּסט אײַער אדרעס, טייל האָבנ געזאָגט, אז איר זענט אינ אויסלאנד, טייל, אז איר זענט אינ מאָסקווע, נאָר ערשט הײַנט, ווענ עס דרוקט זיכ שוינ די מוידאָע מיט דער פראָגראמע פונ דעמ „הויזפרײַנד", האָב איכ באקומענ א בריוו פונ מײַנעמ א באקאנטנ אויס אָדעסע, אז איר געפינט זיכ הײַנט דאָרט. אונ איכ ווייס איצט אליינ ניט וואָס צו טאָנ, דענ ווארטנ מיט דער מוידאָע דרוקנ ביז איכ וועל באקומענ פונ אײַכ ענטפער איז שאדע די צײַט, דערומ האָבנ מײַנע באקאנטע אונ

די, וועלכע קענען אײַך פּאָנעם-על-פּאָנעם, מיר גערעדט, איך זאָל אין דער מוי־דאָע אײַך דערוויַיל אויך שטעלן און אײַך שרײַבן וועגן דעם. איך און זיי האָפן, אז איר וועט ניט זײַן דערקעגן, און טאָמער ניט, בעט איך אײַך מיר באַלד ענטפערן, ווײַל איך אין דער ערשטער אויפלאגע פון דער מוידאָע פאַרמעקן דאָס וואָרט, און אין דער צווייטער, וועלכע וועט זיך דרוקן אין צוויי וואָכן ארום, ווײַל [איך] ניט שטעלן אײַער נאָמען אָן אײַער ערלויבעניש.

איך בעט אײַך נאָכאַמאָל עפּעס צושיקן פאַר דעם „הויזפרײַנד" פון א האַלבן ביז א גאַנצן דרוק-בויגן, דער פאָרמאַט פון דעם „הויזפרײַנד" איז ווי דער „האָסיף" פון ה' סאָקאָלאָוו.

איך האָף, אז איר וועט מיר ניט אָפּזאָגן, און [איר] מעגט מיר גלייבן, אז אויב דער „ה. פרײַנד" וועט פאַרדינען 1 רובל, ווײַל איך אײַך פאַר אײַער ארבעט באַצאָלן מיט דאַנק. נאָר סײַווי־סײַ בעט איך מיר באַלד ענטפערן.

די מוידאָע ווײַל איך אײַך צושיקן באַלד, ווי איך וועל וויסן אײַער ריכטיקע אַדרעסע, איך שיק אײַך דעם בריוו זאַקאַזנאָי, ווײַל איך ווייס ניט אײַער אַד־רעסע. —

איך ווינטש אײַך א סאַך גליק, זײַט געזונט און שטאַרק.

מאָרדכע ספּעקטאָר.

P.S. איך בעט אויך, ליבער הער לינעצקי, מיר ענטפערן, צי קענען זיי אַפּ זיך נעמען איבערזעצן פאַר דעם „הויזפרײַנד" די לעגענדע „מחזיונות בת-עמי" פון ק.א. שאַפּיראָ, וואָס איז געדרוקט אין דעם מאסף „מליץ אחד מני אלף", נאָר די ערשטע צוויי קאַפּיטלעך פון זײַטע 7 ביז זײַטע 16, איבערזעצן אין שי־רים, נאַטירלעך. דאָס, וואָס פּאַסט ניט און עס איז ניט מעגלעך איבערגעבן אין זשאַרגאָן, קענט איר ארויסוואַרפן.

3

וואַרשע 29 נאָוועמבער 1887

רעדאַקציאָן פון דעם
„הויזפרײַנד"

ליבער פרײַנט הער לינעצקי!

איר זאָלט מיר מוחל זײַן, וואָס [איך] האָב אײַך אזוי לאַנג ניט געשריבן ענטפער אַף אײַער בריוו, עס איז בא מיר געוועזן א שטיקל צײַט, וואָס איך בין ניט געוועזן אימשטאַנד שרײַבן א האַלב וואָרט. די 15, 3 ר., וואָס איר פֿאָדערט נאָך פון מיר, איז ניט אזא גרויסע סומע, איך זאָל זיך גאָר שטעלן דערויף, נאָר איך שיק אײַך ניט דערפאַר, ווײַל, אין ערשטן, ווייסט איר זייער גוט, אז איך האָב פון אײַך געבעטן ניט מער ווי אײן בויגן, וועלכער טרעפט ריכטיק אָן ניט מער ווי 16 אָדער 17 רובל (ווי איר וועט זעלבסט אויסרעכע־נען א בויגן, ווען ער וועט זײַן געדרוקט), נאָר איר האָט געפאָדערט 21 רובל, האָב איך זיך ניט געוואָלט שטעלן דינגען און האָב אײַך געשיקט 21 רובל. איצט ווילט איר נאָך 3,15?.. און, אין צווייטן, האָט דער צענזאָר א סאַך ארויסגעוואָרפן בא אײַך, הײַנט וואָס וועט מיר בלײַבן פאַר 21 רובל?

„לחנוכה״ (הנרות הללו אנו מדליקין) איז שוין, דאַכט זיך, אַמאָל געווען געדרוקט בא אײַך אין אײַערע בלעטער „זיכרוינעס״. איך בעט אײַך, מײַן פרײַנט, באַלד, די מינוט מיר וועגן דעם ענטפערן און צושיקן דעם בלאַט, וועל איך זען, ווי איז דאָרט געדרוקט, אַנדערש קען איך אין מײַן „הויזפרײַנד״ ניט דרוקן „לחנוכה״.

איך ווינטש אײַך געזונט און גליק. ספּעקטאָר.

---

## צו דינעזאָנס און ספּעקטאָרס בריוו

די דרײַ בריוו פון דינעזאָנען און ספּעקטאָרן צו ליניעצקין דרוקן מיר פון די אָריגינאַלן, וואָס געפינען זיך אין אָדעסער מוזיי אַפּ מענדעלעס נאָמען.

עטלעכע ווערטער צו דער כאַראַקטעריסטיק פון מענדעלען, וואָס עס גיט דאָ דינעזאָן. צו מענדעלען אַלס שרײַבער איז דינעזאָנס באַציִונג צו יענער צײַט געווען אַ ווידערשפּרעכיקע: ער האָט אים ליב געהאַט, געאַכט און גלײַכצײַטיק איז ער אַפּ אים באַרויגעז געווען, פאַרוואָס יענער לאָזט זיך ניט אַראָפּ צום אָפּגעשטאַנענעם לייענער. „דער נײַער מענדעלע, אָט דער טאַקע פון דער „קליאַטשע״, האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, — שרײַבט דינעזאָן אין זײַנע זיכרוינעס, — ווײַל שוין די אײַנפאַכע צוהערער קימאַט נישט קענען, ער דערציילט אויך נישט דאָס, וואָס ער האָט געזען און געהערט, נאָר דאָס, וואָס ער ווייסט און טראַכט אַליין, און דערציילט דאַפּקע פאַרן מעיוחסים-עולם, פאַר די ווילקענער״... די דאָזיקע באַציִונג דינעזאָנס צו מענדעלען אין יענער צײַט האָט געפונען אַפילע איר אויסדרוק אין דער עפנטלעכקייט. איך האָב אין זינען י. דינעזאָנס אַרטיקל „די יודישע שפּראַכע און אירע שרײַבער״, וואָס איז געווען געדרוקט אין ערשטן באַנד פון ספּעקטאָרס „הויזפרײַנד״ (1888). דינעזאָן האָט דאָ פאַרגעוואָרפן מענדעלען, ערשטנס, דאָס, וואָס ער, מענדעלע, שרײַבט „ריין יודיש״, אָבער די הויפּט-טײַנע דינעזאָנס איז באַשטאַנען דערין, וואָס „ה. אַבראַמאָוויטש האָט אויפגעהערט באַלד נאָך זײַן ערשטן טריומף פון דער „טאַקסע״ ערנסט צו זײַן אין זײַן שרײַבן יודיש-דײַטש״. בעשאַס „די טאַקסע״ איז, לויט דינעזאָנס מיינונג נאָך געווען „אײַן קלאַסישעס ווערק״, זעט דינעזאָן אין מענדעלעס נײַסטע ווערק פיל „לעצאָנעס, וועלכע עס פאַרשטעלן דעם טראַפּן מוסער און דאַאַס״, אין „מאַסאָעס בניאָמין השלישי״ זעט דינעזאָן „קונסט-געברעכע״... דינעזאָן איז דאַן אַרויסגעטראָטן קעגן דער ראַפינירטקייט פון מענדעלעס יִדישן סטיל און דער פײַנקייט פון זײַן סאַטירע, וואָס איז ניט געווען צוגעגלעכט פאַרן פּאָשעטערן עולם; דינעזאָן האָט באַשולדיקט מענדעלען אין דעם, וואָס ער „באַקימערט זיך ווייניק אום דעם פּאָלק וואָס נוצן צו ברענגען״.

וועגן דינעזאָנען דעם שרײַבער האָט מענדעלע אַרויסגעזאָגט זײַן מיינונג אין אַ צענדליק יאָר אַרום (אין יאָר 1900) אין אַ בריוו צו י.-ח. ראַווניצקין. דינעזאָן האָט דאַן צוגעשיקט מענדעלען דורך ראַווניצקין זײַן דערציילונג „יאָסעלע״ און געבעטן, אָפּנעם, בא ראַווניצקין זיך דערוויסן מענדעלעס מיינונג וועגן דעם ווערק. אין זײַן דערמאָנטן בריוו מערקט מענדעלע אָפּ דינעזאָנס טאַלאַנט, זײַן פײַנעם געמיט, דעם רעאַליזם פון זײַן דערציילונג. ער ווײַזט אָבער אויך

אָנ אפּ א ריי ווערזנטלעכע פּעלערנ אונ רעקאָמענדירט דעם אווטאָר „צו פאַרמאַכנ א ביסל די שליוזנ פונ זײַנע טרערנ“...

די ערשטע ליטעראַרישע באַגעגעניש צווישנ לינעצקינ אונ ספּעקטאָרנ האָט נישט געהאַט קיינ גליק. ספּעקטאָר האָט אָפּגעדרוקט לינעצקיס לידער פונעמ „נײַעמ מאַכזערל“ בא זיכ אינ „הויזפרײַנד“ אונ „פאַמיליענ-פרײַנד“, אָבער אינ דעמ זעלבנ „הויזפרײַנד“ (באַנד 1), צומ סאָפ פונעמ בוכ, האָט ספּעקטאָר עפנט-לעכ פּראָטעסטירט קעגנ דעמ, וואָס לינעצקי האָט אימ צוגעשיקט שוינ פריִער געדרוקטע לידער. ספּעקטאָר האָט געטײַנעט, אַז ער האָט בא לינעצקינ די לידער „געקויפט אונ געלט באַצאָלט“ אונ ער האָט אפילו געלט אפּילע „א רוסישע ראַס-פּיסקע“. „אַנ אַנדערער אפּ אונדזער אָרט — האָט ספּעקטאָר פאַרענדיקט — וואָלט ה. לינעצקענ לײַכט געקענט מאַכנ א פּראָצעס, נאָר מיר באַנוגנ זיכ דערופּ צו פּראָטעסטירנ“.

אַרומ אָט דעמ „פּראָטעסט“ האָט זיכ אינ דער פּרעסע צעפלאַקערט א הייסע פּאָלעמיק. י.-י. לינעצקי איז אַרויסגעטראָטנ אינ „יודישנ פאָלקסבלאַט“ (1888, נומ. 20) מיט אַנ „אָפּענעמ בריוו“, ווו ער שרײַבט, אַז די אונטערהאַנדלונגענ מיט ספּעק-טאָרנ האָט געפירט י.-י. לערנער, אונ יענער האָט געוווּסט, אַז די לידער זײַנענ שוינ געווענ געדרוקט אינ לינעצקיס „קסאָווימ“. לינעצקי האָט געפאָדערט, אַז ספּעקטאָר זאָל אימ אויסצאָלנ דעמ טייל האָנאָראַר (3 רובל 15 קאָפּעקעס), וואָס איז נאָכ געבליבנ ניט אויסגעצאָלט. דעמ אָפּענעמ בריוו צו ספּעקטאָרנ האָט לי-נעצקי געכאַסמעט: אײַער, פונ אײַכ אומזיסט באַליידיקטער פרײַנט.

מיט א פּאָר נומערנ שפּעטער, אינ נומער 23 פונ דער זעלבער צײַטונג, איז אַרויסגעטראָטנ מיט זייער א שאַרפנ ענטפער ספּעקטאָר, ער האָט ווידער געטײַ-נעט דאָס זײַניקע, געהאַלטנ, אַז לינעצקי האָט אימ באַאַוולט. ספּעקטאָר ברענגט דאָ דעמ טעקסט פונ לינעצקיס „רוסישער ראַספּיסקע“:

„Рукопись эту продал я г-ну Марку Яковлевичу Спектору для напечатания в издаваемом им сборнике «Дер-Гауз-фрайнд», за которую получил от него полное удовлетворение.

Исаак Осипович Линецкий.
Одесса 25 Октября 1887 года“.

לינעצקי האָט באַקומענ פונ ספּעקטאָרנ פאַר זײַנע לידער צו דרײַ קאָפּעקעס א שורע. דעמ כויוו 3 רוב. 15 קאָפּ. אָנערקענט ספּעקטאָר נישט. דערצו רוקט ער אַרויס קעגנ לינעצקינ א שפּאָגל-נײַע באַשולדיקונג: ער באַשולדיקט אימ נישט מער אונ נישט ווייניקער ווי אינ דעמ, אַז ער האָט פּלאַגיִירט איינע א ליד („הוישײַנעס“, געדרוקט „פאַמיליענ-פרײַנד“, 1887) בא מוישע כאַשקעסנ („כאַשקע די ווילנערקע“).

באַלד נאָכ ספּעקטאָרס בריוו, אינ דעמ זעלבנ נומער, איז טאַקע אָפּגעדרוקט אַנ „אָפּענער בריוו“ פונ מוישע כאַשקעסנ („געזאַנט „כאַשקע די ווילנערקע“), ווו ער האַלט אונטער די באַשולדיקונג אינ פּלאַגיִאַט אונ פאָדערט פונ לינעצקינ א דערקלערונג.

אינ נומער 26 פונ „יוד. פאָלקסבלאַט“ קומט י. לערנערס א בריוו אינ רע-דאַקציע, ווו ער לייגט זיכ אַרײַנ אינ שאָלעמ, נעמט אפּ זיכ א טייל פונ דער שולד אונ האַלט, אַז דער גאַנצער איניענ איז א רעזולטאַט פונ א מיספאַרשטיי-עניש.

די „עפּאָפּייע" האָט זיך פּאַרענדיקט מיט שאָלעם-אַלייכעמס אַריינמישונג. אין זיין פעליעטאָן „פונעם וועג" („יוד. פאָלקסבלאַט", 1888, נומ. 28) האָט שאָלעם-אַלייכעם מיט ביטערקייט געשריבן וועגן דעם נעבעכדיקן ניוואָ פון דער יידישער פּרעסע און ליטעראַטור, וועגן „געדרוקטע פּעטש מיט יידישע פייגן", וועגן דעם נישטיקן הו-הא אַרום „אַזאַ גערימטן פאָלקס-שרייבער, אַזאַ באַליבטן זשאַרגאָניסט ווי לינעצקי", „דעם מעכאַבער פונעם אומשטערבלעכן פּוילישן יינגל". שאָלעם-אַלייכעם איראָניזירט דאָ איבער „די שלימאַזלדיקע 3 רובל מיט 15 קאָפּעקעס, וואָס העגנגען אינדערלופטן צווישן דעם „הויזפריינד" און צווישן לינעצקין", ווי אויך איבער דער „אשה צנועה מרת כאשקע די ווילנערקע", וועלכע קלייבט זיך פאַרנעמען לינעצקיס פּיעדעסטאַל. ווי אין די אַנדערע זיינע אַרויסטרעטונגען פון יענער צייט, האָט שאָלעם-אַלייכעם אויך דאָ דערמאָנט וועגן דער ווערדע פון שרייבער און פון ליטעראַטור.

א. וואָראָבייטשיק.

א. וואָראָבייטשיק

# צו דער פראגע וועגנ מענדעלעס ליטערארישער יערושע

1. דער מענדעלע־ארכיוו. — 2. פונ מענדעלעס קינסטלערישער לאבאָראטאָריע.

## 1. דער מענדעלע-ארכיוו

מיט עטלעכע יאָר צוריק האָבנ מענדעלעס טעכטער איבערגעגעבנ זייער פאָ-טערס ארכיוו דעמ אלוקראַינישנ מוזיי פאר יידישער קולטור אפנ נאָמענ פונ מענדעלע מויכער-ספאָרימ אינ אָדעס. א טייל מאטעריאלנ פונ מענדעלעס ארכיוו האָט שוינ אָבער צו יענער צייַט געפעלט.

ווי גרויס איז דער טייל פונ מענדעלעס ארכיוו, וואָס איז פארלאָרנ געוואָרנ, איז איצט אוממעגלעכ צו זאָגנ, אָבער קיינ גאָר קליינער איז ער זיכער ניט גע-וועג. מיר וויסנ, אשטייגער, פונ מענדעלעס אווטאָביאָגראפיע, אז סאָפ 80-ער יאָרנ האָט ער נאָכ אָפגעהיט זייַנ „ערשטע פאָעזיע" (פונ די 40-ער יאָרנ), וואָס וועט קיינמאָל ניט זענ די ליכטיקע וועלט, „ווייַל דאָס איז נאָכ ניט קיינ צייַטיקע פרוכט אונ ס'האָט א טאמ ווי ווילד-עפּעלעכ". ראווניצקי האָט די דאָזיקע ערש-טע ווערק מענדעלעס געמוזט זענ בא אימ. א סאכ שפּעטער, אינ די 900-טע יאָרנ. אינמיטנ פונ די 80-ער יאָרנ שרייַבט מענדעלע צו פראָפ. בעזסאָנאָוונ וועגנ א היפשער צאָל בריוו פונ פארשיידענע געזעלשאפטלעכע טוער צו אימ — מענדעלענ, — וואָס געפינענ זיכ אינ זייַנ ארכיוו. פונ מענדעלעס בריוו צו פאר-שיידענע פערזאָנענ זענענ מיר אויכ, אז זייַנ קאָרעספּאָנדענצ איז שוינ אינ די 60—70-ער יאָרנ געווענ זייער א גרויסע (די בויכ-סוואָרעס פונ די „ליטעראַרישע בלעטער", אז מענדעלע איז פויל געווענ אפ שרייַבנ בריוו, האָבנ קיינ שומ באָדנ ניט אונטער זיכ), אונ מענדעלע האָט זאָרגעוודיק אָפּגעהיט זייַנ ארכיוו! פארנ טויט האָט ער אָנגעזאָגט זייַנע יאָרשימ, זיי זאָלנ היטנ יעדעס פאפירל זייַנס, יעדע שורע! אָבער פונ די אלע פריִער אויסגערעכנטע מאטעריאלנ פארמאָגנ מיר איצט קיינ איינ בלעטל ניט!

מיר וועלנ דאָ געבנ זייער א קורצע באשרייַבונג פונ די מאטעריאלנ פונ מענדעלעס ארכיוו, וואָס זייַנענ דערגאנגענ צו אונדז.

פונ די 50-ער יאָרנ פארמאָגנ מיר נאָר א פּעקל בריוו פונ ש.-י. אבראַ-

מאָוויטשנ צו זײַנ קאלע — פּעסיע לעווינ — אונ פונ איר צו אימ. כוץ דעמ זײַנענ פארבליבנ נאָכ א פּאָר בריוו פונ אבראמאָוויטשעס באקאנטע צו אימ.

פונ די 60-ער יאָרנ איז בלויז פארבליבנ מענדעלעס א נאָטיצ-בוכ, דאָס „פּרענומעראנטנ-ביכל“ צו „תולדות הטבע“ (ערשטער באנד) אונ א פּאָר דאָקומענטנ אונ בריוו.

אינ דעמ העכסט אינטערעסאנטנ „פּרענומעראנטנ-ביכל“ געפינענ מיר א גע-קירצטנ „קאָל-קוירע“ (דער פולער טעקסט איז אָפּגעדרוקט אינ דער העברעיִשער פּרעסע פונ די 60-ער יאָרנ) אונ א ריי זייער טשיקאווע, מעליצעדיקע אדרויס-זאָגונגענ פונ די פּרענומעראנטנ. דאָס קלײנע ביכעלע איז בלי שומ סאָפעק א וויכטיקער קולטור-געשיכטלעכער דאָקומענט פונ יענער צײַט.

אינ זײַנ נאָטיצ-בוכ האָט מענדעלע ארײַנגעשריבנ עטלעכע קאָפּיעס פונ די וויכטיקערע בריוו זײַנע צו פארשיידענע פּערזאָנענ, עטלעכע ציטאטעס פונ דורכ-שטודירטע ביכער (בעלינסקיס, דעליטשעס, הומבאָלדטס, י.-ב. לעווינזאָנס, נאכ-מענ בראסלעווערס א. אנד.), אופגעקומענע געדאנקענ, פארשיידענע נאָטיצנ, קאָנספּעקטנ פונ די געפּלאנטע ווערק, עטלעכע עפּיטאפיעס, א גאנצע ריי נאָטיצנ צו „תולדות הטבע“ (צווייטער באנד).

מענדעלעס נאָטיצ-בוכ האָט פאר אונדז א גרויסנ ווערט. דאָ געפינענ מיר געדאנקענ, וואָס עפּנטלעכ האָט זיי מענדעלע זיכ ניט אנטשלאָסנ ארויסצוזאָגנ; דאָ געפינענ מיר אומבאקאנטע מאטעריאלנ פאר מענדעלעס ביאָגראפיע.

פונ די 70-ער יאָרנ זײַנענ פארבליבנ שוינ א סאכ מער מאטעריאלנ. מיר פארמאָגנ דאָ די שווארצ-קאָפּיעס פונ אלע מענדעלעס געדרוקטע העברעיִשע אר-טיקלענ אונ קאָרעספּאָנדענצנ אינ די צײַטונגענ. אינטערעסאנט זײַנענ עטלעכע מאנוסקריפּטנ פונ אָט דער צײַט, וואָס דעקנ אונדז אופ א ריי מענדעלעס „פאר-באָרגענע“ געדאנקענ אונ גיבנ אונדז א פאָרשטעלונג פונ זײַנ פּאָזיטיווער פּראָ-גראמ אינ דעמ ראדיקאלנ פּעריאָד זײַנעמ.

מיר געפינענ דאָ צומאָל פארנאָטירונגענ, וואָס ווארפנ א ליכטיק שײַנ אופ דער אויסבילדונג פונ מענדעלעס אָנשויונגענ. אָט איז א בײַשפּיל: אופ א פּרײַ זײַטל פונ דער שווארצ-קאָפּיע פונ מענדעלעס אנ ארטיקל („וואָס זײַנענ מיר?“) געפינענ מיר פארנאָטירט א ריי ציטאטעס (אופ רוסיש) פונ די פראנצויזישע אופ-קלערער פונ XVIII אונ XVII יאָרהונדערט, אונ מיר איבערצײַגנ זיכ טאקע, אז מענדעלע איז געווענ באווירקט פונ זייערע אידייענ. מיר ברענגענ דאָ די פאר-נאָטירונגענ:

„די מעלוכע איז מעכוייעוו צו זיכערנ יעדנ בירגער זײַנ עקזיסטענצ-מעגלעכ-קײַט (מאָנטעסקיע). — אז די אָרעמעלײַט האָבנ דערלאָזט די עקזיסטענצ פונ רײַ-כע, מוזנ די רײַכע האָדעווענ אלע יענע, ווער עס האָט ניט פונ וואָס צו לעבנ (רוסאָס אפאָריזמ). — דאָרט, ווו ס'איז פאראנ א קלאס מענטשנ אָנ מיטלענ צו עקזיסטענצ, דאָרט איז פארלעצט דאָס מענטשלעכע רעכט, דאָרט איז צעשטערט דער סאָציאלער גלײַכגעוויכט (לאראָש-פוקאָ). אָרעמקײַט איז אָפט א רעזולטאט פונ פּאָשעטנ ניט האָבנ קײנ ארבעט (לאראָש). הייסט עס, דער איקערדיקער סאָציא-לער געזעצ באשטייט אינ גאראנטירנ עקזיסטענצ-מיטלענ פאר אלע מיטגלידער פונ דער געזעלשאפט (ראָש)“.

קײנ שומ מאנוסקריפּטנ פונ מענדעלעס געדרוקטע קינסטלערישע ווערק פונ

דעם פעריאָד זײַנען ניט פאַרבליבן, כוץ צוויי בלעטלעך — דער סאָף פון דעם פראַגמענט פון „מאַסאָעס בנימין השלישי", וואָס איז געווען געדרוקט אין דעם „נוצלעכן קאַלענדאַר". פון דאָקומענטן איז דאָ פאַרבליבן נאָר מענדעלעס אַטעסטאַט פון ראַבינער-שול.

א רײַכער מאַטעריאַל איז פאַרבליבן פון די 80-ער און שפּעטערדיקע יאָרן. פון דעם דאָזיקן פעריאָד פון מענדעלעס שאַפן זײַנען אונדז פאַרבליבן שוואַרץ-קאָפּיעס פון געדרוקטע ווערק און אַרטיקלען, קאָנספּעקטן, שוואַרץ-קאָפּיעס און א פּאָר ריינע עקזעמפּליאַרן פון זאַכן, וואָס זײַנען ביז דער לעצטער צײַט געבליבן ניט פּובליקירט, א ריי קלענערע נאָטיצן, קאָפּיעס פון מענדעלעס בריוו און עטלעכע הונדערט בריוו צו מענדעלען.

זייער א גרויסן אינטערעס פאַרן פאָרשער שטעלט מיט זיך פאָר דער באַשטאַנד פון מענדעלעס ביבליאָטעק, וואָס ווײַזט אונדז דעם דיאַפּאַזאָן פון מענדעלעס ליטעראַרישע און געזעלשאַפטלעך-וויסנשאַפטלעכע אינטערעסן.

## 2. פון מענדעלעס קינסטלערישער לאַבאָראַטאָריע

ווי האָט מענדעלע געאַרבעט איבער זײַנע ווערק? צענדליקער איידעס דערציילן, אז מענדעלע האָט אָן א סאָף און אָן א ברעג איבערגעאַרבעט זײַנע ווערק, האָט זיי געשליפן און געשליפן... טעג, דערציילט מען, האָט מענדעלע געקענט זוכן א פּאַסיק וואָרט צי אַן אויסדרוק. פון אופלאַגע צו אופלאַגע האָט ער זײַנע ווערק פונדאַסנײַ איבערגעאַרבעט אאַוו. שאָלעם-אַלייכעם דערציילט אָבער אין מענדעלעס נאָמען, אז „דאָס קליינע מענטשעלע" איז אָנגעשריבן געוואָרן אין פאַרלויף פון דרײַ טעג, די „קליאַטשע" — אין זעכצן טעג; און דאָס „אויסטראָגן „די קליאַטשע" זאָל איך האָבן געדויערט בלויז א טאָג דרײַ!.. איצט קענען מיר געבן א וואָרט צו דער פראַגע אַן אָנפּנײַעסדיקן איידעס — דעם אַרכיוו מענדעלעס. מענדעלעס מאַנוסקריפּטן עפענען פאַר אונדז ברייט פאַנאַנדער א פענצטער אין מענדעלעס לאַבאָראַטאָריע אַרײַן. וואָס זשע זעען מיר דאָרטן? ביידע ווערסיעס זײַנען טיילווײַז ריכטיק, און ביידע אַנטשפּרעכן ניט גאַנצערהייט דער ווירקלעכקײַט.

מיט ביטערן שוויס האָט מענדעלע געאַרבעט איבער זײַנע העברעיִשע ווערק. אפילו זײַנע פּובליציסטישע אַרטיקלען אף העברעיִש האָט מענדעלע שטענדיק שטאַרק געשליפן און איבערגעשליפן. געהאַנדלט האָט זיך דאָ קימאַט שטענדיק וועגן סטיליסטישע ענדערונגען — אמאָל טאַקע וועגן א וואָרט און עפּעטער וועגן אַן אויסדרוק. אין זײַנע העברעיִשע שוואַרץ-קאָפּיעס טרעפן מיר ניט זעלטן פילגאָרנדיקע שורעס, אויסגעמעקט און איבערגעשריבן, מיט צוגאָבן און אַנדערע ענדערונגען. אָן א פאַרגרעסער-גלאָז קען מען אזא מאַנוסקריפּט ניט לייענען; אמאָל קומט פּאָשעט אויס צו טרעפן, ווי דאַרף מען פּאָרט לייענען די אָדער יענע שטעל! גאַנצע אָפּט פאַרמעקט מענדעלע איינגאַנצן אזוינע פילגאָרנדיקע שטיקער טעקסט און שרײַבט אַלץ איבער פונדאַסנײַ, ווײַטער מעקנדיק און אויסבעסערנדיק. נאָך מער האָט זיך מענדעלע געייסעקט מיט זײַן העברעיִשער בעלעטריסטיק. דאָ האָט ער געקענט איבערשרײַבן (נאָך אַלע אויסבעסערונגען אין און צווישן די שורעס!) שיינע עטלעכע מאָל גאַנצע זײַטלעך, און מענדעלעס א זײַ-

טעלע, דארפ מענ געדענקענ, קענ אמאָל אנטהאלטנ א פערטל דרוק-בויגנ טעקסט! אינ אזוינע פאלנ איז גאנצ שווער איבערצוציילנ, וויפל מאָל האָט מענדעלע איבערגעמאכט איינ און די זעלבע שטעל.

אנדערש איז בא מענדעלענ צוגעגאנגענ די ארבעט איבער זײַנע יִדישע ווערק. דאָ שרײַבט ער געוויינלעכ איינ שווארצ-קאָפּיע אונ איינ ריינעמ עקזעמפּליאר. די שווארצ-קאָפּיע איז ערטערוויַיז אויכ שטארק געמעקט, אָבער א פארגרעסער-גלאָז קענ מענ זי אויכ ניט לייענענ. איינציקע פראזעס, גאנצ זעלטנ זײַטלעכ, קענענ זײַנ ניט איינ מאָל איבערגעמאכט. א פאָרשטעלונג וועגנ אזוינע ערטער קענ געבנ די רעפּראָדוקציע פונעמ לעצטנ קאַפּיטל פונ „שלוימע רעב כאיִמס”, וואָס איז אָפּגעדרוקט אינ VI באנד פונ מענדעלעס געזאמלטע ווערק (מאָסקווע, 1935, ז. 274). אינעמ מאנוסקריפּט פונ מענדעלעס א פעליעטאָנ — „א שײַלע” — איז די ערשטע, אונ זייער איינפאכע, פראזע („שיקרעס אונ קאָרטנשפּיל איז דאָכ פארופנ בא יִדנ, ווי זשע קומט עס, אז כאנעקע אונ פורימ אאוו.”) איבערגעמאכט געוואָרנ ביז פופצנ מאָל! אָבער אזוינע פאלנ קענענ מיר בעשומויפנ ניט רעכענענ פאר א נאָרמע אינ מענדעלעס ארבעט איבער זײַנע יִדישע ווערק. דאָסראָוו זײַנענ די ווערק געשריבנ געוואָרנ מער-וויינִיקער גלאט אונ פליסיק. מענדעלע פלעגט פריִער גוט באטראכטנ דעמ פלאנ אונ די דעטאלנ פונ זײַנס א ווערק, אונ דערנאָכ פלעגט ער עס אָנשרײַבנ גאנצ גיכ, אָפט טאקע אינ געציילטע טעג. די ענדערונגענ, וואָס מיר געפינענ אינ איינ באשטימטנ וואריִאנט פונ מענדעלעס א בעלעטריסטיש ווערק, זײַנענ געוויינלעכ בלויז סטיליסטישע, נאָר אינ פאלנ פונ א צ ע צ וו יי ט ע ר באציִונג צו א געוויסער דערשײַנונג, אָדער אינ פאלנ, ווענ מענדעלע האָט זיכ באמיט צו פארמאסקירנ א „ריזיקאלנ געדאנק”, טראָגט ער ארײַנ מער באדײַטנדיקע, אינהאלטלעכע ענדערונגענ אינ זײַנע ווערק.

וויכטיקע ענדערונגענ פלעגט מענדעלע געוויינלעכ ארײַנטראָגנ אינ נײַע וואריִאנטנ פונ ווערק, וואָס זײַנענ אָנגעשריבנ געווענ מיט יאָרנ פריִער. דאָ האָבנ געקענט שפּילנ א ראָל אי די ענדערונגענ אינ מענדעלעס וועלט-אָנשויונג, אי די ענדערונגענ פונ דער פּאָליטישער סיטואציע.

אינ מענדעלעס מאנוסקריפּטנ געפינענ מיר נאָכ אָפט פראזעס אונ סצענקעס, וואָס זײַנענ ארויסגעפאלנ פונ די געדרוקטע טעקסטנ, אָדער וואָס זײַנענ דאָרטנ געענדערט געוואָרנ איבער צענזור-טײַמימ (איבער דער צארישער אָדער רעדאקטאָרישער צענזור!). א פּינקטלעכע באשרײַבונג פונ אלע מענדעלעס מאנוסקריפּטנ אונ א גענויע פארגלײַכונג פונ אלע וואריִאנטנ פונ זײַנע געדרוקטע ווערק, — איז, פארשטייט זיכ, א ביז גאָר וויכטיקע אופגאבע פונ דער מענדעלע-פאָרשונג.

---

א. בינשטאָק

# דערינערונגענ וועגנ מענדעלענ

אלעקסאנדער בינשטאָק, 1866 — 1937, דער זונ פונ לייב בינשטאָק, מענדעלעס פיל־יאָריקנ פרײַנט, האָט די דאָזיקע זיכרוינעס אפנ סמאכ פונ זײַנע אלטע נאָטיצנ געגרייט צומ דרוק א קורצע צײַט פאר זײַנ טויט, אינעמ יאָר 1937. די זיכרוינעס האָט א. בינשטאָק גע־שריבנ אפ רוסיש, מיר ברענגענ דאָ א יִדישע איבערזעצונג.

א. בינשטאָק האָט זיכ נאָכ קינדווײַז אינ דער שטוב פונ זײַנ פאָטער באקענט מיט מענדעלענ אונ איז געבליבנ אינ נאָענטע באציִונגענ צו אימ אינ משעכ פונ צענדליקער יאָרנ. ער האָט זיכ מיט מענדעלענ באגעגנט אינ די פארשיידנסטע צײַטנ אונ בא די פאר־שיידנסטע אומשטאנדנ. זײַענדיק געננוג ווײַט פונ דער יִדישער קולטור אונ ליטעראטור, האָט ער זיכ אָבער צו מענדעלענ אונ זײַנ שאפנ באצויגנ מיט אויסערגעוויינלעכער פיִעטעט, פאר־ערונג אונ ליבע. ער האָט באמ גרויסנ שרײַבער באאָבאכטעט אונ פארצייכנט א ריי זייער אינטערעסאנטע, ווייניק אָדער בינכלאל ניט באקאנטע אינטימ־פּריוואטע, געזעלשאפטלעכע, לי־טעראַרישע פאקטנ, שטריכנ, ארויסזאָגונגענ, מיינונגענ אאוו. די זיכרוינעס זײַנענ געשריבנ מיט גרויסער אופריכטיקײַט אונ אויסערגעוויינלעכ געוויסנהאפטיק, זיי זײַנענ א ווערטפולער אונ פארלאָזלעכער קוואל פאר דער מענדעלע־פאָרשונג. באזונדערס אינטערעסאנט זײַנענ די קאפּיטלענ, ווו עס רעדט זיכ וועגנ מענדעלעס ליטעראַרישע מיינונגענ, וועגנ זײַנע באציִונגענ צו שרײַבער אונ ווערק.

א צוגאָב צו א. בינשטאָקס דערינערונגענ זע צומ סאָפ אונדזער זאמלונג, זײַט 243.
מענדעלעס א בריוו צו א. בינשטאָקנ ווערט דער לייענער געפינענ אפ דער זײַט 46.

ר ע ד א ק צ י ע.

1

איכ געדענק א העלנ זוניקנ טאָג. איכ, א יִנגל פונ א יאָר פיר־פינפ, בינ פארטאָגנ אינעמ צוקוקנ זיכ צו קלייניקע זשוקלעכ, אזעלכע פלאכע, אָנ פליגלענ, מיט פארביקע רויט־שווארצע רוקנדלעכ. די זשוקלעכ קריכנ ארומ אפנ אונטער־געבײַ פונעמ איינשטאָקיקנ אלטנ הײַזל, ווו מײַנע עלטערנ וווינענ.

דאָס הײַזל ליגט טיפ אינ הויפ, מיט דער הינטערשטער זײַט אינ גאָרטנ ארײַנ, ווו עס זײַנענ פאראנ פארלאָזענע בלומענ־בייטנ אונ עטלעכע קאשטאנ־ביימער מיט ברייטע צווײַגנ. ווענ מע קומט ארײַנ פונ שטילנ געסל אפנ הויפ, דוכט זיכ אויס, אז דאָס הײַזל ווערט אײַנגעזונקענ אינ די בלעטער פונ די ביימער.

אינמיטנדרינענ האָט מיכ אָפּגערופנ דער פאָטער. אויסגעקערט זיכ צו אימ, האָב איכ דערזענ, אז ער גייט ארײַנ אינ הויפ מיט עטלעכע געסט: צוויי מיי־

דעלעכ אנ ערעכ פונ מײַנ עלטער, אינ גרויסע שטײַפ־געקראָכמעלטע ווײַסע הײַבעלעכ — די מיידעלעכ, כאוועלע אונ זיסעלע, זײַנענ אינגיכנ געוואָרנ מײַנע כאווערטעס — אונ צוויי הויכע, פײַערלעכ־יאָמטעוודיקע פארשוינענ, א מאנצבל אונ א פרוי — די עלטערנ פונ די מיידעלעכ. איכ געדענק די טערקישע שאל אפ דער דארער פיגור פונ דער „מומענ", אונ שאָלעמ־יאנקעוו אבראמאָוויטשנ אלייג, ווי ער האָט זיכ מיר באוויזנ צומ ערשטנ מאָל אינ דעמ דאָזיקנ פרימאָרגנ: מיט א ווײַסנ שטרויענעמ קאפעליוש אינ האנט, א גראָדער ווי א שטעקנ, מיט א הויכנ שטערנ, באברעמט מיט א שווארצער כוואַליעדיקער שעוועליורע, מיט א מאָגערנ זייער קנאפ באוואקסענעמ פאָנעמ, טונקעלע אויגנ קימאט אָנ ברעמענ, וואָס קוקנ דורכ די גילדענע ברילנ, פעסט געצייכנטע ציינ אונ אנ ענערגישנ קינ. מעגלעכ, אז אייניקע פונ די דעטאלנ פונעמ אָקאָרשט סקיצירטנ פאָרטרעט זײַנענ אופגעקומענ אינ מײַנ פאָרשטעלונג א סאכ שפעטער, אָבער דאָ ווילט זיכ פארצייכענענ וואָס פולער אלע שטריכנ פונ דעמ דאָזיקנ אויסערגעוויינלעכ אָריגינעלנ פאָנעמ. וונדערלעכ כאראקטעריסטיש די אייבערשטע ליניע פונעמ שטערנ מיט די צוויי טיפע בויגנס פונ ביידע זײַטנ פונ דעמ לאָק האָר, וואָס קרײַזלט זיכ אינמיטנ. כאראקטעריסטיש דער קאָליר פונ זײַנ פאָנעמ: טונקל־מאט, עטוואָס געלבלעכ — אינ דער יוגנט, אונ גלײַכמעסיק בלאס־ראָזעווע אפ דער עלטער, ווענ די שווארצע געדיכטע לאָקנ זײַנענ געוואָרנ א ביסל שיטערער אונ זילבער־ווײַס. די גרויסע נאָז, מיט עטוואָס ברייטלעכע נאָזלעכער איז געווענ שטאָלצ פאריסנ. אינ דער גאנצער געשטאלט איז געווענ אָפנקײַט, פונ דער געשטאלט האָט געעטעמט מיט אָפנהארציקײַט, פעסטנ ווילנ, מיט דעמ באוווסטזײַנ פונ דער אייגענער באדײַטונג.

ס'ארא קראפט פונ געדאנק, ס'ארא רײַכקײַט פונ געפילנ האָט מענ געקאָנט זענ אפ אָט דעמ ניט־שיינעמ פאָנעמ בײַסנ שמועס! די באוועגונגענ פונ די ליפנ, דער אויסדרוק פונ די אויגנ, וואָס האלט זיכ אינ איינ בײַטנ, די אומבאשרײַבלעכע שפיל פונ די קנייטשנ אפנ שטערנ — דאָס אלצ, צוזאמענ מיט דער זשעסטיקוליאציע פונ די הענט, האָט געגעבנ א קאַליידאָסקאָפ פונ אויסדרוקנ. זײַנ פאָנעמ האָט געוויזנ גוטמוטיקע איראָניע, בײַסיקנ בייזנ כויזעק, גרימצאָרנ, היטספּײַלעס, פארטיפטקײַט אינ זיכ, ליידנ, פרייד...

איכ דערמאָנ זיכ ווי דורכ א נעפל די ערשטע זשיטאָמירער דירע פונ אונדזערע נײַע פרײַנט, אינ שכיינעס מיט אונדזער דירע אינ דעמ זעלבנ געסל, אינ א נאָכ מער אלט הײַזל אפנ עק פונ א יאר, וואָס אפ זײַנ אָפהאנג זײַנענ געשטאנענ ענג די הײַזקעס פונ זער שטאָטישער אָרעמשאפט — פונ יידנ אונ פויערימ. דאָס שטענדיק ציכטיקע, אָבער קנאפ מעבלירטע דירעלע, פונוואנענ מע האָט געקאָנט זענ די הויפלעכ, פארוואלגערטע מיט לאנגאָניק מיסט, האָט מיכ קנאפ צוגעצויגנ, אונ איכ האָב ליבער געוואָלט שפילנ מיט מײַנע כאווערטאָרלעכ בא אונדז. מיר האָט זיכ געדוכט, אז אויכ אונדזער נײַער פרײַנט פארברענגט מער בא אונדז איידער בא זיכ אינ דער היימ: ער פלעגט אָפט ביז איבער האלבע נאכט זיצנ מיט מײַנע עלטערנ אינ לאנגע הארציקע שמועסנ.

מענדעלע איז אריבערגעפאָרנ מיט זײַנ פאמיליע קיינ זשיטאָמיר, ווײַל ער האָט געמוזט פארלאָזנ די שטאָט בערדיטשעוו, ווו ער האָט פריִער געוווינט. דערצו האָבנ אימ געצוווּנגענ די אינטריגעס פונ די דאָרטיקע גווירימ — די רעדלפי־

דער פונ דער קאָראָבקע אונ פונ די קלייקוידעש, וואָס האָבנ זיכ געפילט געטראָפנ דורכ די פייַלנ פונ זייַנ סאטירע אינ דער „טאקסע“. ווענ אינ אונדזער פאמיליע האָט זיכ באוויזנ דער אלטער פרייַנט, דערצו נאָכ א שרייַבער, וואָס זייַנ נאָמענ איז שוינ דעמלט געווענ זייער בארימט, איז דאָס געווענ א יאָמטעוו, אונ דער דאָזיקער יאָמטעוו איז ביסלעכווייַז אריינ אינ אונדזער שטייגער. קיינער פונ אונדזער פאמיליע האָט זיכ ניט פאָרגעשטעלט א טאָג אָנ אים. אים פלעגט מענ דערציילנ וועגנ אלע געשעענישנ פונ לעבנ, צו אים פלעגט מענ אָנקומענ צו פארענטפערנ אלע שטרייַטנ, מיספארשטייענישנ אונ ספייקעס — אי נישטיקע אי גאָר ערנסטע. צו אונדז אלעמענ פלעגט ער זיכ באציִענ ווארעמ אונ אופמערקזאמ, אונ ער איז פאר אונדז אלעמענ געווענ א פרייַנט אונ א קלוגער באל-אייצע.

אָבער איכ פארלויפ שוינ פאָרויס... איכ קער זיכ אומ צו דער צייַט, וואָס איז נעענטער צומ אָנהייב פונ מייַנע זיכרוינעס, אונ איכ וויל דערציילנ וועגנ א געשעעניש, וואָס האָט זיכ אייַנגעקריצט אינ מייַנ זיקאָרנ, — וועגנ דעמ, ווי ס'איז געשאפנ געוואָרנ די „קליאטשע“.

---

איכ ווייס, — איכ געדענק ניט פונוואנענ: צי מע האָט וועגנ דעמ גערעדט אינ מייַנ אָנוועזנהייַט באלד נאָכ דעמ, ווי מענדעלע האָט פאָרגעלייענט די „קליאטשע“ בא אונדז אינ שטוב, צי איכ האָב זיכ וועגנ דעמ דערוווסט שפעטער, — אז „די קליאטשע“ איז אָנגעשריבנ געוואָרנ שיר ניט מיט איינ מאָל, צי אינ אכצנ טעג צי אינ אכט אונ צוואנציק, אונ ווענ מענדעלע איז צוגעטראָטנ צו דער ארבעט איבער דעמ דאָזיקנ ווערק, האָט ער זיכ פארשפארט אינ צימער אונ איז ניט ארויסגעגאנגענ, ביזוואנענ ער האָט עס ניט געענדיקט. איכ געדענק גענוי, ווי מענדעלע האָט א געוויסע צייַט אופגעהערט צו קומענ צו אונדז, אונ ווענ ער איז נאָכדעמ געקומענ, איז ער געווענ אראָפ פונ פאָנעמ, אופגערעגט; איכ געדענק, ווי מייַנע עלטערנ האָבנ זיכ פארשפארט מיט אימ אינ קאבינעט אונ האָבנ אונדז שטרענג אָנגעזאָגט זיי ניט צו שטערנ. פארבייַגייענדיק פארבייַ דער טיר, האָב איכ יעדעס מאָל געהערט, ווי מענדעלע האָט עפעס גערעדט הויכ אפנ קאָל. איכ געדענק די היספייַלעסדיקע פענעמער פונ מייַנע עלטערנ אונ מענדעלעס פייַערלעכ אופגערעגט פאָנעמ, ווענ זיי זייַנענ ענדלעכ ארויס צו מיטיק (דער מיטיק האָט דעמלט פארשפעטיקט אפ היפשע עטלעכע שאָ).

אפ באהאנדלענ דאָס גאנצע ווערק אונ אלע מינדסטע דעטאלנ, יעדע איינצלנע פראזע — יעדע מינוט פלעגנ קומענ אויסרופנ פונ פארווונדערונג אונ היספייַלעס — איז אוועק עטלעכע פונ די נאָענטסטע טעג אונ אָוונטנ. מענדעלע פלעגט ניט מיד ווערנ איבערלייענענ מיט פארגעניגנ די קאפיטלעכ, וואָס זייַנענ באזונדערס געפעלנ מייַנע עלטערנ.

פארייַנוועגס ווילט זיכ פארצייכענענ דעמ פאקט, אז אינ א יאָר נייַנ — צענ ארומ האָט מענדעלע איבערגעלייענט בא אונדז, אויכ פונ מאנוסקריפט, נאָכ א ווערק, וואָס ער האָט נאָרוואָס געהאט פארענדיקט, — זייַנ דראמע „דער פריזיוו“. מענדעלע האָט שוינ דעמלט געוווינט אינ אָדעס, אונ ער פלעגט פונ צייַט צו צייַט קומענ צו פאָרנ צו אונדז קיינ זשיטאָמיר. דעמלט בינ איכ שוינ געווענ א גאָר

אופמערקזאמער צוהערער, פלעג גיריק אופכאפן און איינזאפן אין זיך יעדעס וואָרט פון דעם אוטאָר, וואָס איז געווען אונדזער געליבטער פריינט.

אין א יאָר פופצן ארום, ווען איך בין געווען אין אָדעס, שוין אלס סטודענט פון עלטערן קורס, איז מיר אויסגעקומען צו שמועסן וועגן מענדעלען מיט זיין פריינט, דעם געשוואָרענעם אדוואָקאט מענאשע מאָרגוליס. איך בין געווען פארוווּנדערט, ווען ער האָט כאראקטעריזירט דעם „פריזיוו" אלס א שוואך, ניט געלונגענע ווערק. אפ מיר האָט דאָס ווערק בייסן לייענען געמאכט זייער א שטארקן איינדרוק. די געשטאלטן פון דעם בוך לעבן אין מיין זיקאָרן ביז היינט און זיי פארנעמען אן אָרט לעבן דער געשטאלט פון יודושקא סאלטיקאָוו-שטשעדרינס און לעבן דער געשטאלט אוריא היפ פון דיקענסן.

## 2

איך בלעטער איבער איינס נאָכן אנדערן די זייטלעך פון מיינע זיכרוינעס, אָפגעבליאקעוועטע, צעריבענע. מער ווי איך לייען פון זיי ארויס, פיל איך עפעס ווי פראגמענטן פון געשטאלטן, פראזעס, איינצלנע ווערטער, איך קאָן נישט כאפן קיין גאנצע זאך. אָבער אָט... אפאָנעם, דאָס איז פאָרגעקומען אין א יאָר דריי — פיר ארום נאָכן עפיזאָד פון אונדזער באקאנטשאפט מיט דער „קליאטשע", וואָס האָט זיך איינגעקריצט אין מיין זיקאָרן. ווידער א דייטלעך בילד.

איך, מיין ברודער און מיין שוועסטער — מיר לערנען זיך שוין אלע אין גימנאזיע. צי די שול צי די עלטערן — גיכער די עלטערן — האָבן בא אונדז איינגעפלאנצט ליבע צו ליטעראטור, צו פּאָעזיע. בא אונדז אין שטוב דעקלאמירן אלע בא יעדער געלעגנהייט און גאָר אָן א געלעגנהייט. איך געדענק דער מוטערס עטוואָס געהויבענע רעציטאציע — זי האָט ליב שילערן און אָפּט דעקלאמירט זי אפ דייטש זיין באלאדע „דער בעכער" און „די גלאָקע". דעם פאָטערס ליידנשאפט איז פושקין און די דיכטער פון פושקינס פלעיאדע.

איינמאָל אין אָוונט, אין קינדערצימער, האָט מיין יינגערער ברודער ליידנשאפטלעך דעקלאמירט „Песнь о Вещем Олеге" און ווען ער איז צוגעקומען צום סאָף, האָט ער ארויסגערעדט באטריבט:

Так вот где таилась погибель моя!
Мне смертию кость угрожала!

איך און מיין שוועסטער — מיר זיינען אופגעבראכט:

— סטייטש, ווי זאָגסטו דאָס?! אָלעג מאכט דאָך כויזעק פון דעם וואָרזאָגער. די דאָזיקע ווערטער זיינען דאָך ווי א פאָרזעצונג פונעם געדאנק, וואָס ער האָט ארויסגעזאָגט אפ דער מאָלצייט:

Презреть бы твое предсказанье!
Мой конь и доныне носил бы меня.

דער יינגערער ברודער גיט ניט נאָך, ער פארשטייט ניט אנדערש, אז ער טייטשט אויס ריכטיק, און דערקלערט, אז אָלעג *זעט* אין דער רעגע, ווי די שלאנג קריכט ארויס.

דער שטרייט ווערט אריבערגעטראָגן אין א העכערער אינסטאנצ. אין דעם

צימער זיצן די עלטערן און מענדעלע. מײַן פאָטער איז מסכּים מיט מיר, און באַ דער געלעגנהײַט דעקלאַמירט ער צוויי-דרײַ פערזן און באַטאָנט אין דער געבראַכטער פראַזע די גיפטיקע איראָניע. מענדעלע גיט אַ דריטע אויסטײַטשונג. ער זאָגט: די ווערטער

Так вот где таилась погибель моя!
Мне смертию кость угрожала!

דאָס איז שוין אַ רעאַקציע אויפן ביס פון דער שלאַנג. און לויט זײַן אויסטײַטשונג, צוליב מער אָנשוילעכקײַט, גיט ער צו פאַר די צוויי פערזן פּושקינס אַ קורצן אויסרוף, כאַפּט זיך פאַרן פוס און באַווײַזט מיט זײַן גאַנצן פּאָנעם דעם געפיל פון אַ פּלוצעמדיקן פײַנלעכן שמערץ. דער ווידערשפּרוך צווישן דעם געפיל פון אַ פּלוצעמדיקן שטאַרקן ווייטיק און דער מעגלעכקײַט אַרויסצוברענגען אַ פאַרהעלטניסמעסיק לאַנגן און דערצו נאָך אַזאַ שיינעם געבויטן זאַץ שײַנט אונדז אַלעמען צו זײַן אַזוי שרײַענדיק, אַז מיר פּלאַצן אַרויס מיט אַ געלעכטער און הייבן אָן לײַדנשאַפטלעך באַשטרײַטן מענדעלעס דערקלערונג. אָבער ער באַשטייט אויף דער ריכטיקײַט פון זײַן באַהויפּטונג, איראָניזירט איבער אונדזער ניט פאַרשטיין אַזאַ, ווי אים דוכט זיך, קלאָרן טעקסט. איך געדענק, אַז מײַן פאָטער האָט אַ לאַנגע צײַט נאָך דעם זיך געוווּנדערט איבער אים, האָט נאָכגעמאַכט זײַן אויסרוף און זײַן כאַפּן זיך פאַרן פוס[1].

---

...נאָך איין בילד אין ערגעץ פון דער זעלבער צײַט.

ווען דער פאָטער פלעגט דערציילן וועגן זײַנע שול-יאָרן, פלעגט ער אין זײַנע זיכרונות אויפֿן אָנרופן זײַנעם אַ כאַווער פון אינטערנאַט באַ דער ראַבינער-שול, אַ זשוליקעוואַטער באָכער, אַ געוויסער מאַנדלבערג. מײַן פאָטער פלעגט ליב האָבן קאָפּירן די סצענקע, ווי דער „מאַזשגיעך" פון שול האָט כוישעד געווען דעם דאָזיקן שילער אין גאַנווענען אַ זילבערנעם לעפל און האָט אים גענומען אויפן פאַרהער. וועלנדיק, אַז מאַנדלבערג זאָל זיך מוידע זײַן, אַרגומענטירט ער מיט אַזאַ סילאָגיזם:

ערשטע האַנאָכע: — העסט האָסטו?
צווייטע האַנאָכע: — אַ גאַנעוו ביסטו?
אויספיר: — איז פאַרוואָס זאָלסטו ניט האָבן געגאַנוועט דעם לעפל?

---

1 דאָ, אַגעוו, ווילט זיך דערציילן וועגן דעם כאַראַקטער פון די באַציִונגען צווישן מײַן פאָטער און מענדעלען, אַזוי ווי סע שטעלט זיך מיר פאָר לויט מײַנע ייִנגלשע זיכרוינעס.

מײַן פאָטער האָט זיך באַצויגן מיט דעם סאַמע גרעסטן דערעכערעץ און סימפּאַטיע צו זײַן פרײַנט, אָבער באַם שטרײַטן פלעגט ער אַלעמאָל ליב האָבן זיך אַ רייץ צו טאָן מיט מענדעלען — קלוימערשט מיט יענעם טאָן, ווי סע רעדט אַ „וואָלינער" מיט אַ „ליטוואַק". ער פלעגט זיך אָפּט ווענדן צו מענדעלען מיטן וואָרט „ליטוואַק". איך געדענק ניט, אַז מענדעלע זאָל ווען־עס־איז ענטפערן אויף די דאָזיקע ווערטלעך. די „ליטוואַקעס" האָבן מיסטאַמע אויך ווערטלעך וועגן די וואָלינער, אָבער איך געדענק ניט, אַז מענדעלע האָט זיי ווען־ס'ניט־איז געזאָלט געברויכן. די וואַרעמקײַט פון די באַציִונגען צווישן אים און מײַן פאָטער איז קיין איינמאָל ניט אין מינדסטן געשטערט געוואָרן אין משך פון די לאַנגע יאָרן פון זייער פרײַנטשאַפט.

איז אָט, אין יענער צײַט, װעגן װעלכער איך דערצייל, באװיזט זיך פּלוצעם אין די צײַטונגען דער נאָמען מאנדלבערג. איך קאָן זיך ניט דערמאָנען, מיט װאָס פּאר א מיִעסער מײַסע ער האָט זיך עפּעס שטארק קאָמפּראָמעטירט. צי אין עפּעס א צײַטונג צי אפֿן געריכט אלס עקספּערט, אָבער ער האָט געהאט א שײַכעס צום בלוט-בילבל. בא דער דאָזיקער געלעגנהײַט האָט מען װעגן אים בא אונדז אין שטוב ניט איין מאָל גערעדט און מע האָט אים אָנגערופֿן מיט די געהעריקע װערטער.

עס גייט אריבער א יאָר — צװיי.

דער פֿאל, װעגן װעלכן איך װיל דערציילן, איז פֿאָרגעקומען, װען מײַן פֿאָטער איז ניט געװען אין דער היים.

בא מיטיק דערציילט מענדעלע די סענסאציע: מאנדלבערג איז אין זשיטאָמיר. ער קלײַבט זיך דאָ באזעצן זיך און האָט שוין באװיזן באזוכן עטלעכע פֿון זײַנע אלטע באקאנטע. מע האָט אים אופּגענומען אין אזעלכע און אזעלכע הײַזער. מע קאָן א ליאדע טאָג זיך ריכטן, אז ער װעט צו אונדז אויך קומען מיט א װיזיט.

קוים האָט מענדעלע געענדיקט דערציילן, װי עס דערהערט זיך א קלונג. מיר הערן, װי די קעכן עפֿנט אוף די טיר. די מוטער פֿילט, אז ס'קומט עפּעס ניט גוטס; זי איז אזש בלייך און װענדט זיך אפּגיך צו מענדעלען:

— אָט אן אָנשיקעניש! עפּשער איז דאָס ער? װאָס טוט מען?

— איך װעל אים יעדנפֿאלס די האנט ניט געבן.

אין דער רעגע עפֿנט די קעכן ברייט די טיר, און אין צימער גייט ארײַן א קליינװוקסיקער „הער", פֿײַן געקליידט, מיט א פֿרישער פֿארב אין פּאָנעם און א רויטלעך בערדל. מיט א העפֿלעכן שמייכל פֿארנייגט ער זיך פֿאר מײַן מוטער.

— אײַער אלטער באקאנטער[1].

ניט האָבנדיק קיין מוט צו װײַזן אים גלײַך די טיר, שטרעקט אים די מוטער ניט גערן אויס די שפּיצן פֿינגער, און ער דריקט זיי. דער גאסט הייבט אָן ארומגיין ארום טיש און װענדעט זיך מיט אן אויסגעשטרעקטער האנט צו מענדעלען.

מענדעלע זיצט אין א בעקיװו-געגנומענער פּאָזע מיט די עלנבויגנס אָנגעשפּארט אָן טיש, קימאט מיטן רוקן צום גאסט, אָנגעלענט דעם קאָפּ אף דער האנט, און קוקט מיט בייזן ערנסט אף דער סטעליע. מאנדלבערג, קענטיק אין פֿארלעגנהײַט, האָט געהאָפֿט דורך זײַן אומגעצװוּנגענער האלטונג ארויסגיין פֿון דער זייער אומבאקװעמער לאגע. ער גייט ארום מענדעלעס רוקן און שטעקט װידעראמאָל זײַן אויסגעשטרעקטע, עטװאָס ציטערנדיקע האנט.

דאָ קומט פּאָר א װילדע, אין אונדזער שטייגער און אין יענע צײַטן א גאָר אומגלייבלעכע סצענע. מענדעלע גיט א זעץ מיט דער פֿויסט איבערן טיש אזוי שטארק, אז אלע קיילים קלינגען און אף דער פּאָדלאָגע פֿאלט אראָפּ א גלאָז מיט א קלונג. מיט אזא הויך קאָל, װי איך האָב עס פֿון אים קיינמאָל מער ניט געהערט, שרײַט ער:

1 מײַן מוטער האָט אים געקענט אין דער קינדהײַט. זיי זײַנען ביידע געװען פֿון איין שטאָט — פֿון דובנאָ.

— מענוּוול, א מענוּוול גיב איך ניט קיינ האנט! טראָג זיך אָפּ פונדאנענ, אניט ווּעסטו כאפּנ פּעטש!

— מאָדנע... זייער מאָדנע, — ברומט דער גאסט, טויט-בלאס. ער רוקט זיך צום ארויסגאנג און פארשווינדט הינטער דער טיר.

3

איידער איך וועל אריבערגיינ צו יענע ווייַטערדיקע זיכרוינעס פונ מייַנ לעבנ, וואָס זייַנענ אזוי צי אנדערש פארבונדנ מיט מענדעלענ, ווילט זיך מיר צוגעבנ נאָך איינ כאראקטעריסטישנ שטריך צום פּאָרטרעט, וואָס איך האָב אָנגעצייכנט אינ אָנהייב פונ די דאָזיקע בלעטער. איך מיינ מענדעלעס וווּנדערבארע ציכטיקייַט.

כאָטש אינ זייַנ שטוב האָט זיך שטענדיק געלאָזט פילנ די נויט, איז אפ מענדעלעס גאנצער געשטאלט געלעגנ א שטעמפּל שיר ניט פונ פראנטעוואטנ אויסזענ: שטענדיק פריש וועש, גוט אויסגעפוצטע שיך, קיינ שטויבעלע אפנ אקוראטנ אָנצוג און אפנ מאנטל, וואָס ווערט גאָר קיינמאָל ניט אלט.

מיר פלעגט אויסקומענ צו זייַנ בא אים אינ דער דירע אינדערפרי. יעדעס מאָל פלעג איך טרעפנ מענדעלעס ערנסטע, עטוואָס פאמעלעכע פרוי באם אויסראמענ דאָס „ביטל”, וואָס איר מאנ האָט גענומענ יעדנ טאָג זייַנ גאנצ לעבנ. אָט דאָס „ביטל” איז אָפט געווענ טאקע אנ עמעסע קליינע צינק-וואנע, ווּהינ מע פלעגט ארייַנגיסנ עטלעכע עמער וואסער פונ דער טעמפּעראטור, וואָס איז דעמלט געווענ אינ דער טונ (שפּעטער אינ אָדעס אינ דער וואסער-לייטונג); אמאָל איז דאָס געווענ א גרויסער צעבער, אינ וועלכנ מענדעלע פלעגט שטיינ און זיך באגיסנ מיט וואסער פונ אנ עמער. אינביידע פאלנ פלעגט די ארבעט פונ פארווירקלעכנ דעם דאָזיקנ ביז גאָר גוטנ אייַנפיר פאלנ אפ פּאָלינע סאָלאָמאָנאָוונע — פּעסיניו, ווי דער בארימטער מענדעלע פלעגט רופנ זייַנ פרוי.

צווישנ מענדעלענ און זייַנ פרוי[1] איז שטענדיק געווענ א גוט לעבנ. געשטעלט פאר זיך א ציל — באפרייַענ איר בארימטנ מאנ פונ די וואָכעדיקע דייַגעס, קעדיי קיינ זאכ זאָל ניט שטערנ דעם פרייַענ פלי פונ זייַנ געדאנק, איז זי געגאנגענ אפ די גרעסטע קאָרבאָנעס, פלעגט אָפּזאָגנ זיך און מיסטאמע אפילע די קינדער אנ איבעריקנ ביסנ, אנ איבעריקע פּאָר וועש, פלעגט ניט קארגנ די אייגענע קויכעס און אָפּטאָנ אלע שטוב-ארבעטנ, פלעגט שטענדיק האלטנ אינ וואשנ. איך געדענק, אז איינמאָל האָט מייַנ פאָטער דערציילט מייַנ מוטער, אז בא דער גרעסטער נויט פלעגט מענדעלעס פרוי דאָך ניט מאכנ קיינ כויוועס און פלעגט זיך נאָך קליגנ אָפּצושפּאָרנ עפּעס אפ א נויט-פאל.

מענדעלעס פרוי פלעגט אים שאפנ שטענדיק אזא אטמאָספער, אז ער זאָל זיך קאָנענ רויִק און שטיל אָפּגעבנ זייַנ שאפונג.

[1] איך ווייס, אז מענדעלעס פרוי האָט באקומענ אנ אָנשטענדיקע בילדונג ווי פאר יענער צייַט; אינ איר יוגנט האָט זי געלערנט פראנצויזיש און דייַטש, האָט ארויסגעוויזנ פעיִקייַטנ צו מאָלערייַ. די דאָזיקע פעיִקייַטנ האָט געיארשנט איר עלטערע טאָכטער ראָכל. ראָכל איז געשטאָרבנ נייַנצנ יאָר אלט אָנהייב די 80-ער יאָרנ אינ פּעטערבורג, ווו זי האָט שטודירט אינ דער קונסט-אקאדעמיע. די פראָפעסאָרנ האָבנ איר געהאט פּאָרויסגעזאָגט א גלענצנדיקע צוקונפט.

איך דערמאָן זיך אונדזערע שפּאַצירן זאַלבעצווייט אין דער מאַלערישער אומגעגנט פֿון זשיטאָמיר.

פֿאַרמאַטערט פֿון לאַנגן אַרומגיין, אויסגעבאָדן זיך (אַגעוו, מענדעלע איז געווען אַן אויסגעצייכנטער שווימער), ליגן מיר אין שאָטן פֿון די ביימער. מיר שמועסן געמיטלעך און קוקן זיך צו צום אַרומיקן וואַלד-לעבן. קיין זאַך מײַדט ניט אויס מענדעלעס אויפֿמערקזאַמקײט: דאָס פּישטשען פֿון אַ פֿייגעלע, וואָס איז ניט ווײַט אַרומגעפֿלויגן, דאָס ערנסטע באַבערן זיך פֿון אַ מוראַשקע, וואָס שלעפּט עפּעס אַ שווערע מאַסע אין איר מײַלכל; דאָס רוישן פֿון די סאָסנעס איבער אונדזערע קעפּ, די רײַכעס פֿונעם וואַלד.

С природой одною он жизнью дышал,
Ручья разумел лепетанье...

באַם שפּאַצירן — צי ער גייט צי ער רוט אָפּ — הערט מענדעלעס קאָפּ ניט אויף אַרבעטן. זײַן געדאַנק ווייסט, דאַכט זיך, ניט פֿון קיין רו. ער שפּרודלט שטענדיק און רײַסט זיך אַרויס מיט אַ טיף וואָרט, מיט אַן אומגעריכטן פּאַראַדאָקס. צו מײַן גרויסן באַדויערן, האָב איך דעמאָלט ניט פֿאַרשריבן די שמועסן מיט אים און האָב איצט ניט קיין מעגלעכקײט אויפֿצושטעלן אין זיקאָרן זײַנע אימפּראָוויזאַציעס אין דער פֿולער שיינקײט, אַזוי ווי זיי האָבן געבלישטשעט, בעשאַס זיי זײַנען אויפֿגעקומען.

פֿונעם זשיטאָמירער פּעריאָד פֿון מײַן לעבן שווימט נאָך אַרויף איין געשעעניש, וואָס איז אין מײַן זיקאָרן אויך פֿאַרבונדן (עמעס, טאַקע נאָר אומדירעקט) מיט מענדעלען: דאָס איז דער פּרימאָרגן פֿון 2 מאַרט 1881, ווען די באַפֿעלקערונג פֿון דער שטאָט האָט זיך דערוווּסט, אַז עס איז דערהאַרגעט געוואָרן אַלעקסאַנדער דער צווייטער.

מײַן פֿאָטער איז דעמאָלט געווען אין פּעטערבורג. איך געדענק, ווי מײַן מוטער, אויפֿגערעגט פֿון דער ידיעה, האָט אַפּגיך אַרופֿגעוואָרפֿן אָפּ זיך דעם מאַנטל, האָט פֿאַרבונדן מיט ציטערדיקע הענט די סטענגעס פֿון איר הוט און האָט מיר געהייסן גיין מיט איר. האַלטנדיק זיך פֿעסט פֿאַר די הענט, האָבן מיר זיך שיר ניט לויפֿנדיק געלאָזט צו מענדעלען.

אַפֿן וועג האָבן מיר אַפֿילו קיין איין וואָרט ניט אויסגערעדט, אָבער איך האָב זייער גוט פֿאַרשטאַנען די סיבע, וואָס האָט געטריבן די מוטער צו לויפֿן מיט אַזאַ אימפּעט צו אונדזער פֿרײַנט: זי האָט זיך, אַפּאָנעם, ניט געקאָנט דערוואַרטן און האָט געוואָלט וואָס גיכער איבערריידן מיט מענדעלען וועגן דער געשעעניש, הערן זײַן מיינונג וועגן דעם, אָפּ וואָס פֿאַר אַן ענדערונגען אין פּאָליטישן לעבן פֿון לאַנד מע דאַרף זיך ריכטן די נאָענטסטע טעג. מעגלעך, אַז דאָ איז אויך געווען די מוירע פֿאַר אַ פּאָגראָם. דאָך, בא מײַן פֿולקום באַוווּסטזיניקער באַציִונג צו דעם דאָזיקן מאָמענט, איז בא מיר אין זיקאָרן גאָרנישט ניט געבליבן פֿון דעם אינהאַלט פֿון זייער געשפּרעך.

## 4

אין יאָר 1881 האָט מענדעלע באַקומען פֿון אָדעס אַן אײַנלאַדונג אַריבערצופֿאָרן אַהינצו פֿאַרוואַלטן מיט דער טאַלמעטוירע. איבער די געענגטע פֿאַרהעלטענישן האָט ער די אײַנלאַדונג אָנגענומען.

מיט א שווער האַרץ האָבן מיר זיך צעשיידט מיט אונדזערע פֿרײַנט, אָבער נאָך זייער אָפּפֿאָרן איז אונדזער ענגע פֿרײַנטשאַפֿטלעכע פֿאַרבינדונג ניט איבער־געריסן געוואָרן. אַלס א „מאַשקן" איז בײַ אונדז געבליבן מענדעלעס צווייטע טאָכטער, וואָס איך האָב דערמאָנט אין סאַמע אָנהייב פֿון מײַנע זיכרוינעס, כאַ־וועלע, — דעמאָלט שוין א שילערן פֿון עלטערן קלאַס. נאָך איר ענדיקן די גימ־נאַזיע, אין א יאָר אַרום, האָט נאָך איר באַדאַרפֿט קומען איר פֿאָטער, און בײַם געזעגענען זיך האָבן מיר זיך שוין פֿאָרויס געפֿרייט אַף זײַן צוריקקומען.

מענדעלעס אַריבערפֿאָרן קיין אָדעס איז גראָד צונויפֿגעפֿאַלן מיט א שווערן אומגליק פֿאַר אים. אין א וואָכן צוויי — דרײַ אַרום נאָך זײַן אָפּפֿאָרן פֿון זשיטאָ־מיר איז אין פּעטערבורג געשטאָרבן זײַן עלטערע טאָכטער ראָכל. מיר האָבן אַלע געטראַכט מיט טרויער וועגן דעם, ווי די עלטערן לעבן איבער זייער אומגליק. מײַן פֿאָטער האָט עפּעס צוליב אַן איניען געמוזט פֿאָרן יענעם ווינטער קיין אָדעס. איך געדענק, ווי ער האָט דערציילט, ווען ער איז געקומען צו פֿאָרן אַהיים:

— מע קען ניט קוקן אַף זיי אָן טרערן. ביידע זײַנען וווּנדערלעך אײַנגע־האַלטן און אופֿמערקזאַם איינער צום צווייטן. מענדעלעס פֿרוי האָט עפּעס א מאָל אין א צווייטן צימער א כליפּע געטאָן. טייקעף איז מענדעלע צו איר אַרײַן: „פֿעסיניו, טײַערע, מאַטער מיר ניט דאָס האַרץ! געדענק, אַז מיר, שטערבלעכע מענטשן, זײַנען געגליכן צו יעדער באַשעפֿעניש אַף דער וועלט. דער קאַצעוו כאַפּט אַרויס פֿון דער טשערעדע א שעפּסל און קוילעט עס, און די איבעריקע שטשיפּען ווײַטער דאָס גראָז, ווי ס'וואָלט גאָרנישט ניט געשען..." און ווידער איז אין שטוב שטיל, יעדער טוט זיך זײַנס...

אַזוי־אַרום איז פֿון מענדעלעס פּלאַן צו קומען צו אונדז אין א יאָר אַרום גאָרנישט ניט געוואָרן. יעווע איז אָפּגעפֿאָרן אַליין, אָבער מיר האָבן בײַ איר גענומען א וואָרט, אַז אַף קאַניקול וועט זי אומבאַדינגט קומען צו פֿאָרן צו אונדז און וועט ברענגען איר פֿאָטער. אַזוי איז עס אויך געווען.

---

פֿאַרשטייט זיך, ווי נאָר מענדעלע איז געקומען צו פֿאָרן, האָבן מיר אים אַרומגערינגלט מיט דער גרעסטער אופֿמערקזאַמקײַט און אָפּגעהיטקײַט. ווײַלנדיק אים אָפּציִען פֿון זײַנע שווערע געדאַנקען, האָבן מיר, די יוגנט, אים ניט איבער־געלאָזט אַליין אַפֿילו אַף א שאָ צײַט. מיר פֿלעגן אײַנלאַדן אונדזערע כאַווייִרים זיך שיפֿן אין שיפֿלעך צווישן די וווּנדערלעכע שיינע פֿעלדזיקע ברעגן פֿונעם טײַך טעטעריעוו. אָפֿט, ווי אין די אַמאָליקע יאָרן, פֿלעגן מיר זאַלבעצווייט שפּאַ־צירן מיט מענדעלען אין דער אומגעגנט פֿון שטאָט.

אין מײַן זיקאָרן האָט זיך, ווער ווייסט פֿאַרוואָס, אײַנגעקריצט איין עפּיזאָד — א ביסל אַן אייגנאַרטיקער. דעמאָלט איז ער מיר פֿאָרגעקומען קאָמיש. אָבער איצט, נאָך עטלעכע צענדליק יאָר, באַקומט ער לירישע טענער, און עס ווילט זיך באַזיניקן אים עפּעס אַף א נײַעם שטייגער. ס'איז געווען סאָף אווגוסט. גייענדיק צוריק פֿון באָדן זיך אין טײַך, האָבן מיר געפֿונען אין די קוסטעס אַפֿן ברעג טײַך א גרויסע גרינע גוסעניצע מיט ספּיראַלאַרטיקע פּינטעלעך לענ־גויס איר רוקן און א גרויסן האָרן אַפֿן הינטערשטן עק פֿון איר גוף. ווי גע־ניטע ביִאָלאָגן, האָבן מיר מיטגענומען מיט זיך דאָס צווײַגעלע פֿונעם קוסט, וווּ

מיר האָבנ געפונענ די באשעפעניש, אונ האָבנ עס ארײַנגעלייגט אינײנעם מיט דער גוסעניצע אינ א גרויסנ גלעזערנעם סלוי; אינ סלוי האָבנ מיר אפריִער ארײַנגעגאָסנ א ביסל וואסער, די בלעטער זאָלנ ניט פארוועלקט ווערנ. די גוסעניצע איז געווענ א גרויסע פרעסערקע, קימאט אָנ אופהער האָט זי געפרעסנ אײנ בלעטל נאָכנ אנדערנ, אונ צו אונדזער פארגעניגנ איז זי געוואקסנ שיר ניט פאר אונדז אינ די אויגנ. נאָכנ דריטנ טאָג איז שוינ פונ די בלעטער גאָרנישט ניט געבליבנ, אונ מיר האָבנ געמוזט וואָס גיכער צושטעלנ פריש עסנ. ווי אפ צולאָכעס איז אָבער אינ דעם טאָג געווענ א זעלטנ שלעכטער וועטער, פונ אײנדערפרי אָנ האָט געגאָסנ א רעגנ, אונ קײנער פונ אונדז, יונגווארג, האָט איבער פארשיידענע סיבעס ניט געקאָנט נעמענ אפ זיכ צו גײנ נאָכ פוראזש פאר דער גוסעניצע. מיט באדויערנ האָבנ מיר געזענ, ווי זי איז געוואָרנ אלצ ווייניקער אונ ווייניקער רירעוודיק אונ לעסאָפ איז זי אינגאנצנ ווי פארגליווערט געוואָרנ אונ האָט זיכ צוגעטוליעט צום ארומגעגריזשעטנ צווײַגל. פאר מײַנ אכטיאָריקנ ברודער אונ פאר מײַנ פיריאָריק שוועסטערל איז דאָס געווענ אזוי פײַנלעכ, אז מע האָט בא זיי ניט געקאָנט פויעלנ, זיי זאָלנ זיכ זעצנ עסנ מיטיק, ביזוואנענ מע האָט זיי געמוזט צוזאָגנ, אז מײַנ פאָטער אונ מענדעלע וועלנ באלד נאָכ מיטיק גײנ ברענגענ עסנ פאר דער גוסעניצע. געזאָגט אונ געטאָנ. כאָטש ס'איז געגאנגענ א שלאקסרעגנ אונ דער וועג צום טײַכ איז געווענ לאנג אונ שווער, האָבנ ביידע פרײַנט גענומענ די שירעמס, אָנגעטאָנ די קאלאָשנ אונ זיכ געלאָזט אינ וועג ארײַנ. דער מוטער אונ אונדז, די עלטערע קינדער, איז דער גאנצער אופטו פאָרגעקומענ קאָמיש אונ מעשונע. איצט אָבער מײנ איכ, אז די ביידע פרײַנט האָבנ דערבײַ ארויסגעוויזנ ניט קײנ טשודנע שטריכ, נאָר א וווּנדערלעכ פײַנ פילנ די אינטערעסנ פונ די קלײנע קינדער.

א צווייט מאָל, ווענ מענדעלע איז צו אונדז געקומענ צו פאָרנ, האָט זיכ געטראָפנ גאָר אנ אנדער געשעעניש.

פונ די צײַטונגענ האָבנ מיר זיכ דערוווּסט, אז דער פוילישער שרײַבער קלעמענס יונאָשא האָט איבערגעזעצט מענדעלעס „מאסאָעס ביניאָמינ האשלישי" אפ פויליש, אונ די דאָזיקע איבערזעצונג האָט ארויסגערופנ א גאנצנ שטראָם פונ באגײַסטערטע רעצענזיעס. די עלטערנ מײַנע האָבנ באקומענ (איכ געדענק ניט וויִאזוי) עטלעכע ווארשעווער צײַטונגענ, מײַנ מוטער האָט געקענט גוט פויליש אונ זי האָט אונדז איבערגעזעצט די דאָזיקע רעצענזיעס, ווו ס'האָט זיכ גערעדט וועגנ דעם, אז מענדעלע איז א שרײַבער פונ וועלט-מאסשטאב, אונ ווו מע האָט אים פארגליכנ מיט דיקענסנ אונ סערוואנטעסנ. מיר האָבנ אלע שטאָלצירט מיט מענדעלעס דערפאָלג.

סאָפ זומער זײַנענ מיר צוזאמענ מיט מענדעלענ געווענ אינ ווארשע. זײַנ נאָמענ איז דעמלט געווענ אזוי ווײַט פאָפולער, אז ווענ ער האָט זיכ אײַנגעמאָלדנ אינ האָטעל, האָבנ זיכ וועגנ דעם באלד דערוווּסט די רעפּאָרטיאָרנ. אינ די צײַטונגענ האָט זיכ באוויזנ א נאָטיצ, אז קײנ ווארשע איז געקומענ צו פאָרנ דער אווטאָר פונ „דעם יִידישנ דאָנ-קיכאָט" (אזוי האָט געהײסנ די פוילישע איבערזעצונג פונ „מאסאָעס ביניאָמינ האשלישי"), אונ די אָרטיקע געזעלשאפט פונ ליטעראטנ האָט געמאכט לעקאָוועד מענדעלענ א באנקעט אונ מע האָט אויכ פארבעטנ מײַנ פאָטער.

איך געדענק, ווי זיי זײַנען צוריקגעקומען אין האָטעל נאָכן באַנקעט, צוזאַמען מיט קלעמענס יונאָשאַ, א האַדרעספּאָנעמדיקן עלעגאַנטן מאַן, וואָס האָט אויסגעזען ווי פֿון א יאָר 45 און איז געווען עטוואָס צו פֿול פֿאַר זײַנע יאָרן. נאָך די ערשטע געוויינלעכע גרוסן האָט זיך אָנגעהויבן שפּינען א שמועס. מע האָט אָנגעהויבן ריידן וועגן די איינצלהײַטן פֿונעם באַנקעט. נאָכדעם, געדענק איך, איז דער שמועס אַרויף אַפֿ דער פֿראַגע, וויאַזוי יונאָשאַ, א פּאָליאַק, האָט זיך דערוווּסט וועגן מענדעלען. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פֿאַרינטערעסירט מיט מענדעלען האָט אים עליזאַ אָזשעשקאָווואַ, און זי ווידער האָט זיך דערוווּסט וועגן עטלעכע ווערק מענדעלעס פֿון איר מאַן, א ייִד. ווײַטער איז דער שמועס אַריבער אַפֿ אַנדערע טעמעס. מע האָט זיך אויסגעטוישט מיט ליטעראַרישע אָנשויונגען, גערעדט וועגן איינצלנע אַווטאָרן אַאַוו. ריידן ייִדיש האָט יונאָשאַ, אַפּאָנעם, ניט געקענט. מענדעלע האָט גערעדט רוסיש עטוואָס לאַנגזאַם און מיט פֿעלערן, אָבער פּויליש האָט ער גאָר ניט געקענט, און דעם שמועס מיט יונאָשען האָט אונטערגעהאַלטן מײַן מוטער. זי האָט איבערגעזעצט יונאָשען אַפֿ רוסיש און מײַן פֿאָטערס און מענדעלעס רייד — אַפֿ פּויליש. מענדעלע האָט דעם אָוונט גערעדט ווייניקער פֿון אַלע דרײַ. ער האָט געקוקט פֿאַרטראַכט און געלאַנגווײַליקט אַפֿ דער סטעליע און פֿלעגט נאָר זעלטן ווען געבן א רעפּליקע.

מיך האָט געאַרט, וואָס אונדזער גרויסער פֿרײַנט איז דעם גאַנצן אָוונט געווען ווי אין שאָטן... מיר האָט זיך געדוכט, אַז ער פֿילט זיך ניט גוט, צי דערפֿון וואָס אים פֿעלט דער געוויסער אויסערלעכער וועלטמעניש-„אייראָפּייִשער" גלאַנץ, צי וואָס ער קען ניט גענוג שפּראַכן, אָדער גאָר פֿון ביידע זאַכן.

נאָך דעם דאָזיקן זומער האָבן מיר זיך געזעגנט מיט מענדעלען אַפֿ לאַנג.

5

אין עטלעכע יאָר אַרום איז מיר אויסגעקומען צו זײַן אין אָדעס. דאַכט זיך, דאָס איז געווען אין 1891.

אָט בין איך בא מענדעלען, אַפֿ דער ייִדישער גאַס, לעבן דער טאַלמעטוירע. איך האָב בעקיוון ניט געגעבן צו וויסן וועגן מײַן קומען צו פֿאָרן. ווען איך בין אַרײַן אין צימער, האָב איך געטראָפֿן מענדעלען, ווי ער זיצט צו מיר אין פּראָפֿיל באַם מיטיק, מיט די שפּאַקולן אַפֿן שטערן, פֿאַרטיפֿט אין א צײַטונג. ווען איך בין צוגעקומען, האָט ער פֿאַמעלעך אָפּגערוקט די צײַטונג, אַרופּגערוקט אַפֿ דער נאָז די שפּאַקולן... און מיר נעמען זיך היים אַרום, קוקן זיך צו, ווי ווײַט מיר האָבן זיך געענדערט אין די עטלעכע יאָר.

איך זע, אַז אין זײַנע שוואַרצע לאָקן האָט זיך באַוויזן א ביסל שניי, אַז ער איז שוין ניט אַזוי מאָגער ווי געווען, אין זײַן פּאָנעם איז דאָ מער פֿאַרב. אַפּאָנעם, עס האָבן זיך געלאָזט פֿילן די בעסערע לעבנס-באַדינגונגען.

א שאָ צוויי האָב איך פֿאַרבראַכט בא די אַבראַמאָוויטשעס. מיר האָבן באַוויזן איבערריידן וועגן אַלע פֿאַמיליע-געשעענישן, וואָס זײַנען פֿאָרגעקומען אין די עטלעכע יאָר, ווען מיר האָבן זיך ניט געזען. נאָכדעם האָט זיך מענדעלע געכאַפּט, אַז איך האָב נאָך ניט געזען אָדעס: אָנגעטאָן זיך זאָרגפֿול, ווי גע-

ווײַנלעך, גייט ער ארויס צוזאמען מיט מיר, און מיר מאכן אונדזער ערשטן שפּאציר איבער אָדעס.

איך געדענק, מיט וואָס פאר א פארגעניגן ער האָט מיר באוויזן זײַנע באליבטע ווינקעלעך פון דער שטאָט, ווי אָדעס וואָלט געווען זײַן אייגן קינד: פּאלע־ראָיאל, די גאזאָנעס באַם אָפּערע-טעאטער, דעם בולוואר באַם יאם, דעם גאָרטן אַאוו. איך געדענק, ווי ער האָט געווענדעט מײַן אויפמערקזאמקייט אף די אָרעמעלײַט, וואָס מיר פלעגן טרעפן פון צײַט צו צײַט; ווי מענדעלע האָט געזאָגט, האָט יעדער פון די דאָזיקע אָרעמעלײַט געהאט זײַן קווארטאל, וועלכן ער האָט אויסגעקעמפט בא זײַנע קאָנקורענטן.

ער האָט געווּסט, אף וואָס פאר א שטייגער יעדער פון זיי בעט א נדאָווע. מענדעלע האָט מיר דערציילט, ווי אים האָט איינמאָל אָפּגעפרײַערט א געזונטער, אָבער אָפּגעריסענער, אָפּגעשליסענער מענטש, פארבײַ וועלכן מיר זײַנען געגאנגען. מיט צוויי יאָר צוריק האָט זיך דער דאָזיקער פארשוין אויסגעגעבן פאר אן אומגליקלעכן אלמען מיט א קליין אויפעלע אף די הענט: דאָס זאָל אים קלוימערשט האָבן איבערגעלאָזט זײַן ווײַב, וואָס איז געשטאָרבן פון קימפעט. דאָס אויפעלע האָט זיך געריסן, געשריִען אף וואָס די וועלט שטייט, דער פאָטער האָט זיך באוואשן מיט טרערן, געקלאָגט זיך אף זײַן ביטער מאזל, האָט ניט געווּסט ווי אײַנצונעמען דאָס קינד און האָט אים אלע ווײַלע געשטאָפּט אין מויל א באשפּיגן וואָלפן-ציינדל. נו, ווי שלעפט מען ניט ארויס פון וועסטלקעשענע די צוואנציק קאָפּעקעס, וואָס דאָס ווײַב האָט געגעבן אף טראמוויי?[1]

אזוי האָט דער באטריבטער אלמען אויסגענארט א נדאָווע איין מאָל, א צווייט מאָל, אָבער לעסאָף האָט מענדעלע מיטאמאָל דערזען, אז דאָס אויפעלע איז... א שײַטל האָלץ, אײַנגעוויקלט אין שמאטעס, און דער טאטע איז א קונציקער בויכריידער.

דערציילנדיק, האָט מענדעלע פון צוליב באשײַמפּערלעכקײַט נאָכגעמאכט אי דעם פאָטערס יאָמער און קלאָג, אי דאָס פּישטשען פון דעם אויפעלע — דעם שײַטל האָלץ.

ווען מיר זײַנען פארבײַגעגאנגען פארבײַ איינעם אן אָרעמאן, א קאליקע, וואָס איז געזעסן אף א ברעטל מיט רעדעלעך, האָט זיך מענדעלע ווידער צעלאכט און האָט דערציילט, ווי אָט דער קאליקע איז פאראיאָרן געזעסן אף דער פּלייצע פון א צווייטן קאליקע, א הויקער, וואָס האָט געצויגן זײַן כאיונע פון אים.

1 דאָ מוז איך, אגעוו, דערציילן וועגן מענדעלעס מעשונעדיקער אומפּראַקטישקײַט.

פארלאָזנדיק זיך אינגאנצן אין אלע ווירטשאפטלעכע איניאָנים אף זײַן ווײַב, פלעגט זיך מענדעלע קימאט קיינמאָל ניט צורירן צו געלט. אפילע מיט די פינאנציעלע איניאָנים פון דער שול האָט ער זיך ניט אָפּגעגעבן. מיט דער קאסע, מיט אלע האכנאָסעס און הויצאָעס האָט זיך געשאפט (אפאָנעם, ניט אָפיציעל) פאָלינע סאָלאָמאָנאָוונע (מענדעלעס פרוי). און איך האָב ניט איין מאָל געזען, ווי זי פלעגט אויסצאָלן געהאלט די לערער, ארויסרוקנדיק בא זיך אין צימער פון אונטערן טיש עפּעס א קעסטל. פון דער זײַט האָט די דאָזיקע פאטריארכאלע געווויינהײַט, אפן פאָן פונעם אלגעמיינעם שטרענגן ביוראָקראטיזם, געמוזט מאכן א גאנץ קאָמישן אײַנדרוק, אָבער די לערער האָבן, אפאָנעם, גוט געקענט מענדעלע מויכער־ספאָרים און פלעגן באקומען זייער געהאלט גאנץ געמיטלעך. דער פארוואלטער אליין האָט זײַן סכירעס מיסטאמע קיינמאָל ניט געזען. ער פלעגט באקומען פון זײַן ווײַב יעדן טאָג צוואנציק קאָפּעקעס אף טראמוויי און דערמיט האָט ער זיך באנוגנט.

— ס׳האָט זיך באַקומען אַ מאָדנע באַשעפעניש: צוויי קעפּ, צוויי הינטנס, פיר הענט, און דאָס אַלץ — אויף איין פּאָר פיס.

מיך האָט פאַרכידעשט, ווי ער האָט גערעדט וועגן די אַלע קאַליקעס מיט עפּעס אַ גוטמוטיקער איראָניע.

---

אין אָוונט זײַנען מיר געפאָרן צו מענאַשע מאַרגוליסן אויף דער דאַטשע, וווּ איך האָב געוווינט.

אין מאַרגוליסעס הויז האָט זיך די פאַרבינדונג מיט ייִדישע אינייאַנים גע־פילט בלויז דורך דער פּערזאָן פון דער „באָבענ״ דער שוויגער. איך געדענק — אַ פּעטע זקנה מיט אַן אויסדרוקפול פּנים, וואָס איז געזעסן אין אַ נאָכלע־סיקער פּאָזע בײַם טיש און האָט קימאַט קיינמאָל ניט גענומען קיין אָנטייל אין עם אַלגעמיינעם שמועס. אָבער אויב עס פלעגט זיך ווען-עס-איז מאַכן, אַז זי האָט בײַ אַ געלעגנהייט געזאָגט אַ וואָרט, פלעגן אַלע באַלד אַנשוויגן ווערן. ריידן פלעגט זי (אַמאָל אויף אַ צעבראָכענעם רוסיש און אַמאָל ייִדיש) פּאַמעלעך, מיט ברייטע זשעסטן, וואָגיק און הערשעריש.

די נעשאָמע פון דער מישפּאָכע איז געווען די עלטערע טאָכטער, אַ דאָקטער. אַלזײַטיק געבילדעט, אַ כאַכאָמע, מיט אַן אויסדרוקפול, ענערגיש, שוואַרצבײַ־נעוודיק פּנים, מילדע מאַנירן און אַ מילדער שטים, האָט זי צוגעצויגן די אופמערקזאַמקייט פון אַלעמען, וואָס פלעגן זײַן אַרײַנגייערס אין עם הויז. די אַלגעמיינע פאַרערונג האָט צוגעגעבן איר גאַנצער געשטאַלט אַ געוויסע גע־פעסטעטקייט. ווען זי פלעגט קומען אַהיים אַ מידע נאָך דער אַרבעט, פלעגט זי וועלן האָבן אַבסאָליוטע רו.

איך זע נאָך פאַר זיך ווי איצט, ווי זי זיצט פויל צעלייגט — אַהיים געקומען אַ מידע נאָך דער אַרבעט — אין אַ וויגשטול, לעבן דער ווערענדע. אָנגעשפּאַרט אָן אַ בוים, שטייט לעבן איר איינער פון אירע פאַרערער, וועלכן זי רופט „מײַן צײַטונג״. מיט אַ פוילער, צעפּעסטעטער שטים שטעלט זי אים פראַגן פון דער לויפנדיקער אייראָפּייִשער פּאָליטיק.

— וואָס הערט זיך אין עסטרײַך? אין פראַנקרײַך?..— אַאוו. אַאוו.

און יענער רעפערירט ראַיעל אַלץ, וואָס ער האָט געלייענט בײַטאָג אין די צײַטונגס-טעלעגראַמעס און אַרטיקלען.

דער צווייטער אָפּגאָט פון דער פאַמיליע איז געווען דער עלטערער זון. ווען איך בין דאָס ערשטע מאָל געקומען צו פאָרן קיין אָדעס, איז ער ניט געווען אין דער היים. פאַרן אָנטייל נעמען אין די סטודענטישע אומרוען האָט מען אים אויסגעשלאָסן פון אוניווערסיטעט, אָפּגעגעבן אין סאָלדאַטן אין אַ פּאָלק, וואָס איז געשטאַנען אין אַן אויעזד-שטעטל, און דאָרטן האָט מען אים גע־שטעלט אונטער שטרענגער אויפזיכט. מענדעלע פלעגט שטענדיק ריידן וועגן דעם דאָזיקן באָכער זייער וואַרעם.

די גאַנצע יוגנט פון דער פאַמיליע און דער קרײַז באַקאַנטע, וואָס פלעגן באַזוכן מאַרגוליסעס הויז, האָבן געלעבט מיט די אינטערעסן פון ליטעראַטור, טעאַטער, קונסט, מוזיק.

ווען איך בין מיט מענדעלען געקומען צו פאָרן אויף דער דאַטשע, האָבן שוין

אף דער ווארענדע געברענט ליכט, צוגעדעקט מיט אבאזשורן. בא א לאנגן טיש איז געזעסן א גרויסע געזעלשאפט, דעריקער יוגנט.

מענדעלעס אָנקומענ האָט ארויסגערופן א רוישיקע אופלעבונג. אלע זײַנען אופגעשפרונגען אים אנטקעגן, געדריקט אים די האנט און געבעטן זיך זעצן אפן סאמע באקוועמען אָרט באם טיש. עס האָט זיך געפילט, אז מענדעלע איז דאָ, ווי מע זאָגט, דער לעבעדיקער גײַסט פון דער געזעלשאפט.

אפן טיש זײַנען געשטאנען פרוכטן, געבעקס און נאשערײַען, אָבער לאנג זיצן באם טיש האָט זיך קיינעם ניט געוואָלט. אלעמען האָט א צי געטאָן צום יאם, וואָס איז איצט געווען באגאָסן מיט לעוואָנע-שײַן. איך געדענק, ווי איצט, א באנק אפן ברעג פון א שטילן אָפּהאנג. אינמיטן אף דער באנק זיצט מענדעלע. פון ביידע זײַטן — נאָך א מאן פינף, זעקס. די איבעריקע — ווער עס שטייט מיטן פּאָנעם צו זיי, ווער עס האָט זיך אײַנגעמאָסטעט דאָ גופא אפן גראָז אָדער אף דער הוילער ערד. אייניקע מינוטן שווײַגט מען. אלע זײַנען ווי באצויבערט און קאָנען ניט אָפּרײַסן די אויגן פונעם זילבערנעם פאס, וואָס האקט איבער דעם שפיגל פון יאם. לעבן דער באנק איז געשטאנען אן איינזאמער בוים, און איך האָב זיך פארקוקט אף די לעוואָנע-פלעקן, וואָס האָבן זיך אויסגעשפרייט אפן ווײַסן קלייד פון א מיידל אף דער באנק באם בוים.

דאָס שטילשווײַגן האָט איבערגעריסן א מעלאָדיש-פארטראכטע פרויען-שטים.

— סאָלאָמאָן מאָיסייעוויטש! וואָס וועט איר אונדז הײַנט דערציילן?

מענדעלע האָט זיך ניט גלײַך אָפּגערופן. ערשט נאָך א לענגערער פויזע האָט ער אָנגעהויבן ריידן:

— איך געפין זיך איצט אונטערן אײַנדרוק פון אן אויסגעצייכנטן בוך, וואָס איך האָב דורכגעלייענט עטלעכע טעג צוריק.

און ער האָט אָנגערופן אן ענגלישן אווטאָר און זײַן ראָמאן.

צוריק מיט א שטיקל צײַט האָב איך געהאט געלייענט דעם דאָזיקן ראָמאן. דער סוזשעט פון ראָמאן איז מיר פאָרגעקומען דעמלט גאנץ אינטערעסאנט, און מיר האָט זיך געדוכט, אז ער איז ניט ווייניקער קונציק און סוידעספּול ווי די סאמע „שרעקלעכע" דערציילונגען פון קאָנאן דאָיל. געהאנדלט האָט זיך דאָרטן וועגן עפּעס א בארימטן געלערנטן — איך געדענק ניט, צי א דאָקטער צי א כימיקער, — וואָס האָט געפונען א מיטל צו איבעראנדערשן זײַן פּערזענ-לעכקײַט. א מענטש פון אן אויסגעצייכנטער רעפּוטאציע, א הויך-געוואקסענער, מיט אן אימפּאָנירנדיקן אויסזען און א פּאָפּולערער צווישן די אײַנוווינער פון זײַן קווארטאל, פלעגט ער אײַנעמען עטלעכע טראָפּנס פון עפּעס א גלעזעלע (אָדער ער פלעגט זיך דאָס אײַנשפּריצן אונטער דער הויט) און פלעגט באלד ווערן — א נידעריקע רויטהאָריקע פּערזענליש (איך געדענק, אז ער האָט געהייסן „מיסטער הײַט") מיט אן עקלהאפטן קוק און העסלעכע מאנירן. אין שטאָט קומען פאָר פון צײַט צו צײַט גאָר מיִעסע פארברעכנס. אין איינעם א באגינען שטויסן זיך אָן די אופראמער פון די גאסן אין א פארלעגן געסל אף א נאָך ניט אָפּ-געקילטן קערפּער פון א פרוי מיט קלאָרע שפּורן פון א נידערטרעכטיקער פאר-גוואלטיקונג. עס גייט אריבער א כוידעש, נאָך א כוידעש, און אף דער אויבער-פלאך פון א ברונעם שווימט ארופ א טויטער קערפּער פון א קינד מיט אויס-

געדרייטע הענט אונ פיס. אונ אזוי גייט עס ווייַטער פונ כוידעש צו כוידעש. דאָס אלצ זייַנענ פארברעכערישע קאָרבאָנעס פונ דעמ סוידעספולנ מיסטער הייַט. דער אינטערעס צומ סוזשעט שטייַגט נאָכ מאכמעס דעמ, וואָס דעמ דערפינדער קומט אָנ אלצ שווערער אונ שווערער צו צוריקפארוואנדלענ דעמ פארברעכער הייַט אינ א בעקאָוועדיקנ פראָפעסאָר — זייַנ פאמיליע געדענק איכ ניט — אונ צולעצט, ווי ווייַט איכ געדענק, קומט אָנ א מאָמענט, ווענ דאָס איז שוינ אומעגלעכ.

אינ פלוג גערעדט, זעט עס אויס, ווי א געוויינלעכער דעטעקטיוו-ראָמאנ. אָבער אונדזער מענדעלע האָט דאָס איבערגעגעבנ אזוי, אז אינ מעשעכ פונ צוויי-דרייַ שאָ, ווי לאנג די דערציילונג האָט געדויערט, האָבנ מיר ווי פאר-צויבערטע אופגענומענ יעדעס וואָרט פונ זייַנ ניט גאָר קאָרעקטנ רוסיש. די איינצלנע מאָמענטנ פונעמ ראָמאנ האָבנ אינ זייַנ שילדערונג באקומענ א טיפנ פסיכאָלאָגישנ זינ. דאָס ווערק אינגאנצנ גענומענ — מענדעלע האָט אונדז אינ דעמ פולקאָמ איבערצייַגט — רעדט אינ אנ אלעגאָרישער פאָרמ וועגנ דעמ דואליזמ פונ דער מענטשלעכער נאטור אונ איז דורכגעדרונגענ מיט דעמ זעלבנ פילאָסאָפישנ געדאנק, וואָס געטעס „פאוסט” אונ לערמאָנטאָווס „דעמאָנ”.

שפעטער, ווענ איכ האָב שוינ געהאט שטענדיק געווינט אינ אָדעס, האָב איכ זיכ ניט איינ מאָל געוווּנדערט אפ זייַנ מייַסטערשאפט אינ אינטערפרעטירנ. ס'טרעפט זיכ, מע לייענט אינדערפרי, באמ טיי טרינקענ, די צייַטונג. אינ זי-קאָרנ פארבלייַבט דאָס, וואָס האָט — לויט די קעפלעכ — געדארפט זייַנ דאָס סא-מע אקטועלע אונ אינטערעסאנטע. זעלטנ ווענ קוקט מענ זיכ אומ אפ פאקטנ פונ כראָניק, פונ פאסירונגענ צי אפ די מיטיילונגענ פונ א פראָווינציעלנ רע-פאָרטיאָר. אפ מאָרגנ אָדער שפעטער — אינ א טעג צוויי, דרייַ ארומ — קומ איכ אריַינ צו מענדעלענ.

— דו האָסט געלייענט דאָס אונ דאָס?

— יאָ, דאכט זיכ, געלייענט, גענוי געדענק איכ ניט. וואָס איז?

— סטייַטש „וואָס איז?” — אונ ער הייבט אָנ דערציילנ. אונ מע שטייט א פארכידעשטער, ווי דעמ רעפאָרטיאָרס צענדליק טרוקענע שורעס האָבנ זיכ פארוואנדלט אינ זייַנ ליכטיקנ קאָפ. א פאקט, וואָס האָט ניט צוגעצויגנ צו זיכ קיינ אופמערקזאמקייַט, האָט באקומענ פלייש אונ בלוט, האָט אָנגעהויבנ פינקלענ מיט פארבנ! עס כאזוערט זיכ איבער אינ מיניאטיור דאָס אייגענע ווי מיטנ דעטעקטיוו-ראָמאנ: די רעפאָרטיאָרישע נאָטיצ איז דורכגעגאנגענ דורכ מענדעלע מויכער-ספאָרימס געהירנ-לאבאָראטאָריע.

## 6

מייַנע אָדעסער באגעגענישנ אונ שמועסנ מיט מענדעלענ זייַנענ פאָרגעקומענ אינ פיר פעריאָדנ.

דער ערשטער איז דער דערמאָנטער זומער. אינ א יאָר אָדער צוויי ארומ — גענוי געדענק איכ ניט — ווידער אזא זומער: איכ האָב ווידער געווינט בא די מאָרגוליסעס אפ דער דאטשע. פונ יאָר 1896 ביזנ 1900 אריַינגערעכנט האָב איכ פארבראכט דורכויס אינ אָדעס. אינ פופצנ יאָר ארומ האָט מיכ די מאָבילי-

זאַציע ווידער געבראַכט אין דער דאָזיקער שטאָט, און דאָס מאָל קומען פֿאָר אונדזערע באַגעגענישן מיט מענדעלען — די לעצטע באַגעגענישן — אין משך פֿון דרײַ כאָדאָשים.

איך געדענק, ווי מענדעלע האָט מיר באַוויזן די שול, ווו ער איז געווען אַ פֿאַרוואַלטער, ווי ער האָט מיך געפֿירט איבער די קלאַסן און די וואַרשטאַטן פֿון דער טאַלמעטוירע, ווען זי איז אַריבער אין אַן אייגענער געבײַדע, וואָס איז פֿאַר איר ספּעציעל אויסגעבויט געוואָרן אויפֿן ראָג פֿון דעכטיאַרנער גאַס און ספּירידאָנאָווקע. פֿאַרבײַגייענדיק פֿאַרבײַ גרופּן שילער, פֿלעגט זיך מענדעלע צערטלעך ווענדן צו דעם און צו יענעם יינגל. אָבער בײַ מיר האָט זיך געשאַפֿן אַן אײַנדרוק, אַז די קינדער שטערט עטוואָס זײַן אָנוועזנהייט, ווי זיי וואָלטן זיך עפּעס געשעמט פֿאַר אים. אין דעם פֿאַרקער צווישן דעם דירעקטאָר און די שילער האָט זיך ניט געפֿילט קיין טאָגטעגלעכע געוווינהייט. אין זייער קוק אויף אים האָט מען גיכער געקאָנט זען פֿאַרערונג פֿון דעם באַרימטן מענדעלע מויכער-ספֿאָרים איידער ליבע צום פּאָפּולערן לערער (ער איז אין דער שול אויך געווען אַ לערער).

מיך האָט שטענדיק זייער געאַרט, וואָס מענדעלע האָט ניט די מעגלעכקייט זיך אינגאַנצן אָפּצוגעבן דער ליטעראַטור. מענדעלע פֿלעגט אָפֿט זײַן אופֿגעבראַכט אויף די געלטזעק — די „גאַבאָיִם" („פּאָפּעטשיטעלעס") פֿון דער טאַלמעטוירע, און ער האָט זיך אָפֿט געקלאָגט אויף די אומשטענדן, וואָס צווינגען אים אָפּגעבן זײַן ענערגיע אויף שטרײַטן מיט די דאָזיקע לײַט אָנשטאָט צו אַרבעטן בײַ זײַן שרײַבטיש.

איך מוז דאָ זאָגן, אַז זײַן האַס צו די פֿילאַנטראָפּן מיט אַ גרויסן בײַטל, וואָס האָט זיך אַזוי שאַרף אַרויסגעוויזן אין דער „טאַקסע", איז אויך שפּעטער צו ניט קלענער געוואָרן און האָט געברענט ווי פֿריִער.

---

אין די יאָרן, ווען איך האָב געוווינט אין אָדעס, איז בײַ די פֿאַרמעגלעכע יידישע פּרויען פֿון דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, אינזשעניערן אאַוו. געווען אַ גרויסע מאָדע אָפּצוגעבן זיך מיט פֿילאַנטראָפּיע. איינע אַ פֿאָרם פֿון דער דאָזיקער פֿילאַנטראָפּיע זײַנען געווען — זומער-קאָלאָניעס פֿאַר שוואַכע שול-קינדער. יעדע פֿון די פּאַטראָנעסעס פֿון די קאָלאָניעס פֿלעגט זיך סטאַרען איבערשטײַגן אַלע אַנדערע אין עם ווויל-אײַנאָרדענען, אויסשטאַטן און אָרגאַניזירן דאָס שפּײַזן אין איר קאָלאָניע. ווו די דאָזיקע דאַמען פֿלעגן זיך נאָר טרעפֿן, האָט זיך טייקעף אָנגעהויבן אַ שמועס וועגן זייערע קאָלאָניעס, און דערבײַ האָט יעדע פֿון זיי זיך באַרימט מיט אירע דערפֿאָלגן.

— איר האָט געזען בײַ מיר ריוואָטשקע ב.? איך האָב זי אײַך געוויזן, אַזאַ בלאַסינקע, אַ מאָגערינקע. אָנגעקומען אין דער קאָלאָניע, האָט זי געווויגן אַ פֿוד מיט 23 אַ האַלבן פֿונט. מאָלט אײַך, איצט, נאָך דרײַ וואָכן אין דער קאָלאָניע, האָט זי צוגענומען 7 אַ האַלבן פֿונט. איר וואָלט זי ניט דערקענט: אַזוי פֿול איז זי געוואָרן, האָט באַקומען ראָזעווע בעקעלעך!..

די צווייטע דאַמע דערציילט וועגן נאָך אַ גרעסערן נעס אין איר קאָלאָניע: בײַ איר האָט סאָניעטשקע ג. צוגענומען אין צוויי אַ האַלב וואָכן גאַנצע 8 מיט אַ פֿערטל פֿונט.

אינדערלופטן האָבן מאמעש געקלונגען די פונטן און פערטל פונטן.

ס'האָט זיך געטראָפן, אז מענדעלע איז אמאָל אָפּגעזעסן באם טיש באם אָוונטברויט אין א בעפּיירעש אומעטיקער שטימונג, האָבן די דאָזיקע פונטן און פערטל פונטן געקלונגען באזונדערס פריקרע און נודנע. די געסט האָבן זיך גע־נומען פאַנאַנדערגיין, און איינע פון די גרויסארטיקע פילאַנטראָפּקעס, דעם אינזשעניער ק—ס פרוי, מענדעלעס א גרויסע פארערערן, האָט זיך באַם געזעג־נענען צו אים געווענדעט מיט א ליבלעכן שמייכל:

— וואָס עפּעס, סאָלאָמאָן מאָיסייעוויטש, זעט מען דאָס אײַך ניט אזוי לאַנג? איך האָב זיך נאָך אײַך פארבענקט. עפּשער וואָלט איר געקומען צו אונדז די טעג צו מיטיק?

— אוי, גאָט איז מיט אײַך, פארבעט מיך ניט, — האָט מענדעלע אויסגערופן מיט שרעק. — איך האָב מוירע, אז נאָך מיטיק וועט איר מיר נאָך פאַרלייגן זיך אָפּוועגן...

---

... פונעם פעריאָד פון מײַן אָנפאַרן קיין אָדעס דערמאָן איך זיך ווײַטע שפּאצירגענג צום ברעג פון יאַם, דאָס באָדן זיך אין יאַם, און טאקע אָפט בע־שאַסן צופלוס פון די כוואַליעס.

אמאָל פלעגן מיר אַרײַנגיין מיט מענדעלען הערן דעם פאָנאָגראַף, וואָס האָט צו יענער צײַט ערשט אָנגעהויבן צו באקומען א פארשפרייטונג. מע קומט אַרײַן גלײַך פון גאס אין א טיר. אינמיטן פון א קליינעם צימער שטייט א טישל, ארום דעם טישל זיצן א מאַן זעקס און הערן מיט יירעס־האקאָוועד. אין די אויערן האָבן זיי אַרײַנגעשטעקט ביינערנע איילבערטן, פון די איילבערטן ציען זיך זעקס פּאָר גומענע רערלעך צום סוידעספולן געגנשטאַנד, וואָס שטייט אפן טיש. שטייען מיר אזוי א פערטל שאָ אָדער מער, ביזוואַנען עס באַפרײַט זיך א שטול, און דעמלט געניסן מיר אויך פונעם נעס. יאָ, דורך די רערלעך הייבן מיר אָן צו פארנעמען עפּעס אזוינס, וואָס איז שטאַרק ענלעך אף א מענטשלעך געזאַנג, אף א מענטשלעך געשפּרעך און אפן קלאַנג פון מו־זיקאַלישע אינסטרומענטן. נו, ווי זאָגט מען זיך עס אָפּ דעם פארגעניגן אַרײַנ־צוגיין אין פינף — צען טעג ארום ווידער אין אזא צימער, אף אַן אַנדער גאס, און ווידער געניסן פון דעם זעלבן נעס? אויסגעלאָזט האָט זיך עס דער־מיט, אז איך בין קראַנק געוואָרן אף א לאַנגער, גאָר פײַנלעכער קרענק. כ'האָב באקומען אַן עקזעמע אין די אויערן. וויפל מאָל איך פלעג זיך קלאָגן דעם טײַערן מענדעלע, פלעגט ער מיר נאָר פאָרהאַלטן:

— ביסט אליין שולדיק. דאָס קומט פון דײַן אָפּגעבן זיך מיטן פאָנאָגראַף, כאַפּט אים דער טײַוול!

דערבײַ פלעגט ער פארגעסן, אז ער אליין פלעגט זיך אָפּגעבן מיטן פאָנאָ־גראַף ניט ווייניקער ווי איך.

שפּעטער האָבן מיר באקומען כיישעק צו אַן אַנדער „נעס", וואָס איז ווײַ־ניקער געפערלעך פאַר די אויערן, אָבער איז אויך אומגעהײַער נאַיִוו אין פארגלײַך מיט די דערגרייכונגען פון אונדזער איצטיקער צײַט. מיר האָבן אָנ־געהויבן באזוכן די „איליוזיאָנען".

אינ א דינער וואנט זײַנענ ארײַנגעשטעלט אינ א לאנגער רײ פּאָרווײַז קײַלעכדיקע גלעזלעכ, ווי די גלעזלעכ פונ א בינאָקל. מאָסטעט מענ זיכ צו צו אזא בינאָקל אונ מע פאלט גלײַכ ארײַנ אינ וואונדער-לאנד: מע זעט אינ מיניאטיור א גאס — א רײ פילגאָרנדיקע הײַזער. אפנ גאס איז לעבעדיק: עס לויפנ ארומ פיצינקע מענטשעלעכ, עס פאָרנ עקיפאזשנ אונ אָמניבוסנ, געפירט פונ פיצינקע פערדלעכ אונ פורמאנעס אפ די קעלניעס. פלוצלינג... פונעמ פענצטער פונ איינ הײַזל באווײַזט זיכ א רויכ. אינ עטלעכע סעקונדנ ארומ הייבט דער רויכ אָנ שפּארנ פונ א רײ פענצטער, ערגעצ-ווו זעט מענ שוינ פלאמענ-קנוילנ. פונ אלע טירנ פונ אונטנ לויפט מענ ארויס, ווי פונ אנ אופגערודערטנ מוראשניק; אפ דער גאס לויפנ פײַערלעשער אינ קאסקעס. צו די ברענענדיקע פענצטער שטעלט מענ צו לײטערס. אונ אָט קריכנ שוינ ארויס פונ די פענצטער פארשוינענ אינ קאסקעס מיט געראטעוועטע פרויענ אונ קינדער אפ די הענט אאוו. אינ דער זעלבער צײַט קלינגט דער גראמאָפאָנ. דער קאָנטראסט צווישנ די הילכיקע באריטאָנענ פונ די פײַערלעשער אונ די גרילצנדיקע דיסקאנטנ פונ די שרײַענדיקע פרויענ, פונ איינ זײַט, אונ די מיניאַטיורישע פיגורקעס, ווי בלײַענע סאָלדאטיקעס די גרייס, פונ דער אנדערער זײַט, איז אויסערגעוויינלעכ. אָבער דער נעס בלײַבט א נעס, אונ פאר אונדזער האלבנ קארב באקומענ מיר גרויס נאכעס...

אינ זיקאָרנ זײַנענ געבליבנ אָט די קורצע קאָמישע עפּיזאָדנ פונ אונדזערע געמיינזאמע שפּאצירגענג, אָבער לײדער איז פארשוווּנדנ פונ מײַנ זיקאָרנ דער איקער: דער אינהאלט פונ מענדעלעס ווונדערלעכ קלוגע אונ פאנטאזיעפולע שמועסנ.

7

1895. איכ בינ געקומענ צו פאָרנ קיינ אָדעס אלס א דאָקטער אונ האָב געפּלאנט זיכ דאָרטנ באזעצנ. ביזוואנענ איכ וועל געפינענ א דירע, האָט מיכ מענדעלע אײַנגעלאדנ זיכ בא אימ צו באזעצנ. איכ האָב דאָרטנ אָפּגעוווינט א וואָכנ צוויי — דרײַ. איכ געדענק דײַטלעכ די אײַזערנע טרעפּ פונ הויפ, דורכ וועלכע מע איז ארופגעגאנגענ אפנ דריטנ שטאָק.

פונ דער טעראסע לינקס גייט מענ ארײַנ אינ א ריזיק פּאָרהויז — א קאָרידאָר פונ דרײַ—פיר מעטער די ברייט, מיט אויסגעווײַסטע ווענט, ווו ס'איז געשטאנענ אינ עק א גרויסער עסטיש. אָט דער טייל קאָרידאָר, מיט א גרויסנ פענצטער, וואָס גייט ארויס אינ הויפ, איז געווענ דאָס עסצימער פונ מענדעלעס מישפּאָכע. די קיכ איז געווענ לעבנ דער טעראסע רעכטס. די צווייטע טיר פונ קאָרידאָר, קעגניבער דעמ ארײַנגאנג-צימער, האָט געפירט אינ „פּאראדנעמ עסצימער", מיט וועלכנ מע פלעגט זיכ באנוצנ בא זעלטענע געלעגנהײַטנ, — ווענ מע פלעגט אײַנלאדנ בא 25—30 געסט. פונ דעמ דאָזיקנ עסצימער האָט די טיר רעכטס געפירט אינ צימער פונ די פיר טעכטער (צוויי פונ זיי פלעגנ נאָר זעלטנ ווענ קומענ צו פאָרנ פונ פראנקרײַכ, ווו זיי האָבנ שטודירט מעדיצינ). לינקס זײַנענ געגאנגענ ווי אנ אנפילאדע דרײַ צימערנ: א שלאָפצימער, איבערגעצוימט מיט פאָרהענגלעכ אפ צוויי העלפט: אינ דער רעכטער העלפט איז צווישנ

צווי פענצטער געשטאַנען אַ שרײַבטיש און צווי פֿאָטעלן, אין דער לינקער — אַ בעט, אַן אַלמער, טומבעס אאַז. ווײַטער איז געגאַנגען אַ צימער, עפּעס אַ מין קלײנער גאַסטצימער, נאָכדעם אַ גרויסער גאַסטצימער פֿון דרײַ פענצטער, און צולעצט האָט די טיר געפֿירט אין רעקרעאַציע־זאַל פֿון דער שול. די שילער פֿלעגן אין דעם דאָזיקן צימער אַרײַנגיין פֿון די פֿאָדער־טרעפּ דורך אַן אַנדערער טיר. אָט דער ברייטער צימער מיט זיבן ריזיקע פענצטער האָט פֿאַרנומען דעם גאַנצן פּאַסאַד פֿון דער געבײַדע (פֿון דער זײַט פֿון דעכטיאַרנער גאַס), און זומער, ווען מע פֿלעגט אופֿהערן לערנען אין דער טאַלמעטוירע, האָט מענדעלע דאָ ליב געהאַט צו אַרבעטן.

מיר האָט מען אָפּגעגעבן אַ דיוואַן אין דעם קלײנעם גאַסטצימער.

איך געדענק, אַז ווען איך פֿלעג זיך אופֿכאַפּן גאָר פֿרי, אַ זייגער 6—7, פֿלעג איך פֿאַרבײַגיין דורך דער אָנפֿילאַדע צימערן אין קיך אַרײַן. אײַנגעוואַשן זיך אונטערן קראַן, פֿלעג איך גיין צוריק און אַרײַנגיין אין רעקרעאַציע־זאַל. איך האָב געוווּסט, אַז דער אַלטער זיצט שוין לאַנג בײַ דער אַרבעט. קײנמאָל וועל איך ניט פֿאַרגעסן דאָס בילד, וואָס איז טײַער מײַן האַרצן.

אַלע זיבן קאָלאָסאַלע פענצטער זײַנען אופֿגעפּראַלט. דער זאַל זעט אויס פּוסט, ווײַל דאָס גאַנצע מעבל איז אין זומער אײַנגעפּאַקט אין אַ ווינקל לינקס און פֿאַרנעמט אַזוי ווייניק אָרט אויפֿן קאָלאָסאַלן פּאַרקעט, אַז ס׳ זעט זיך גאָר ניט אָן. פֿונדערווײַטנס, קעגן דער טיר, בײַם טיש, בײַם מיטלסטן פענצטער זיצט מענדעלע מויכער־ספֿרים, דער קראַנק פֿונעם העמד צעכראַסטעט. זײַן גרויער קאָפּ האָט זיך נידעריק אָנגעבויגן איבערן טיש, די שפּאַקולן זײַנען אַרופֿגערוקט אויפֿן שטערן, און זײַן האַנט מיט דויטלעכע, עטוואָס דיקע פֿינגער וואַרפֿט אָן מיט דער פֿעדער אויף אַ האַלבן בייגעלע פּאַפּיר אײן שורע נאָך דער אַנדערער. דער טיש, דער שטול, מענדעלעס פֿיגור זעען אויס אויפֿן פֿאָן פֿון דעם גוואַלדאָוונעם צימער איליוזאָריש קלײן, און די דאָזיקע מיניאַטיורישקייט רירט מיך באַזונדערס, ווי זי וואָלט סימבאָליזירט זײַן אָפּגעשיידנקייט, זײַן אויסגעטאָגענקייט פֿון גאָר אַלע קלײנלעכקייטן אינעם מאָמענט פֿון שאַפֿן.

איך גיי צו צו אים. ער הייבט אוף דעם קאָפּ פֿון פּאַפּיר, גריסט מיך מיט אַ צערטלעכן בליק און מיט אַן אויסגעשריי, ווי אַשטייגער:

— נו, גוט אויסגעשלאָפֿן זיך? וואָס שטייסטו אויף אַזוי פֿרי?

און הייבט מיר אָן לייענען, וואָס ער האָט אָנגעשריבן, איידער איך בין געקומען. מיך וווּנדערט יעדעס מאָל, וואָס דאָס לייענען אַ דרײַסיק — פֿערציק שורעס אויף אַ פֿערטל פֿון אַ האַלבן בייגעלע שרײַב־פּאַפּיר דויערט שיר ניט אַ האַלבע שעה. ווי האָט ער זיך דאָס געקליגט אויסצושטעלן אויף אַזאַ קלײן שטיקעלע פּאַפּיר אַזויפֿיל שורעס און דעריקער אַזאַ אינהאַלט? הײַנט ווי פֿרי האָט ער זיך געמוזט זעצן אַרבעטן, קעדיי אָנצושרײַבן אַזויפֿיל ביז זיבן אַזייגער! אויסער אַ גרויסן טאַלאַנט פֿאַרמאָגט נאָך דער דאָזיקער מענטש אַן אומגעהייערע אַרבעטספֿייִקייט און אַרבעט־ווילן, אַפֿילו פּעדאַנטיזם בענעגייע זײַן אַרבעט. אין אָט־אָ דער באַהעפֿטונג, מײן איך, דאַרף מען זוכן דעם קוואַל פֿון דער וווּנדערבאַרער קאַליגראַפֿישקייט, מיט וועלכער עס צייכענען זיך אויס אַלע זײַנע מאַנוסקריפּטן, אָנגעהויבן פֿון די סאַמע ערשטע אויף שוואַרץ אָנגעוואָרפֿענע וואַריאַנטן. ער שטרעבט ניט בלויז צו דער שײנקייט פֿון געדאַנק, פֿונעם זאַץ, פֿונעם וואָרט, נאָר ער

וויל, אז יעדעס אָס אפילע זאָל זײַן שיין, אלץ האָט געמוזט פאר אים זײַן מאקסימאל קלאָר, געפּרעסט און וואָרהאפטיק...

שפּעטער-ארום, ווען איך האָב אײנײנעם מיט אים געארבעט אף דער איבער־זעצונג פון עטלעכע דערציילונגען זײַנע אף רוסיש, האָט ער מיר אמאָל דער־קלערט:

— איטלעכס מאָל, ווען איך לייען איבער, וואָס איך האָב אָנגעשריבן, מו־שטיר איך שטרענג דורך אלע ווערטער, וואָס מײַן פּעדער האָט ארויסגעבראכט, איטלעכ וואָרט באטראכט איך, צי מע דארף עס האָבן צי מע קען זיך אָן דעם באגיין. בא א מינדסטן סאָפעק ווערט דאָס וואָרט טייקעף אויסגעשטריכט.

...עס זײַנען אריבער צוויי — דרײַ וואָכן. איך וווין שוין ניט בא מענדעלען, נאָר א קווארטאלן דרײַ — פיר פון אים. פארשטייט זיך, אז איך קום צו אים אָפט ארײַן, און אמאָל קומט ער אויך ארײַן צו מיר. פון די קינדערשע יאָרן אָן איז בא מיר געבליבן אן אינטערעס צו דער נאטור. אין איינעם פון מײַנע צימערן שטייט א גרויס שטײַגל מיט טראָפּישע זינג-פייגעלעך, א גלעזערנער סלאָיִק מיט א כאפּ-היישעריק און אנדערע מעשונעדיקע כײַעס, וואָס פּאסן גאָר ניט פאר מײַן עלטער, מײַן פּראָפעסיע און געזעלשאפטלעכער לאגע.

מיט דעם אלעם אינטערעסירט זיך מענדעלע ניט ווייניקער פאר מיר. מיר מאכן גאָר טשיקאווע באָבאכטונגען איבער דעם לעבן פון די קאנארייקעס. מיט זיי האָט זיך געטראָפן א מאָדנע מײַסע. איך האָב געהאט אין פארשיידענע שטײַ־לעך צוויי פּון די דאָזיקע פויגלען. איינער, וואָס איך האָב געמיינט, אז דאָס איז אן „ער״, מיט גראָלעכע פּעדערלעך אף די פליגלען און פּונקט אזא טשוביקל, האָט זעלטן שיין געזונגען, און א צווייטער, וואָס איך האָב געמיינט, אז דאָס איז א „זי״, א בלאסלעך-געלער, האָט אין מעשעך פון צוויי—דרײַ יאָר קוים געפּישטשעט.

איינמאָל האָבן מיר זיי ביידן ארויסגעלאָזט מיטאמאָל פליִען איבערן צימער, און דאָ איז פּאָרגעקומען א מעשונעדיקע זאך. בא די ווונדערלעכע טרעלן פון דער קלאָמערשטער „זי״ האָבן די פייגל זיך אָנגעהויבן פירן, ווי עס פירן זיך גע־ווײַנלעך באשעפענישן פון פארשיידענע געשלעכטער, אָבער די „זי״ האָט זיך געפירט ווי אן „ער״, און אונדזער געל-גראָלעכער זינגער -- ווי א „זי״. פון דעם מאָמענט אָן איז דער זינגער אנשוויגן געוואָרן ווי א שטומער, אָבער פון דעם טאָג אָן האָט ער אָנגעהויבן פלײַסיק אײַנאָרדענען די נעסט, וואָס איז פאר זיי אָנגעגרייט געוואָרן (מיר האָבן זיי ארײַנגעזעצט אין איין שטײַגל). מאטעריאל אף אונטערבעטן האָט ער אָפּגעצופּט פון זײַן בײַכל, וואָס האָט אָנגעהויבן גיך אנטבלויזט ווערן פון פּעדערן, און ווי נאָר דאָס אונטערגעבעטעכץ איז געווען פארטיק, איז דער געוועזענער „ער״ געבליבן אין נעסט, מיט דער סאמע ערנסטער מינע פון אינדערפרי ביז באנאכט און פון באנאכט ביז אינדערפרי זיצנדיק אף די קלאָמערשטע אייעלעך. די געוועזענע „זי״ האָט ווי אלפּי נעס באקומען א זייער שיינע שטים, פּלעגט זיך צעלאָזן אין טרעלן, קעדיי ער זאָל זיך ניט לאנגווײַליקן, פּלעגט אים אָפט אמוזירן מיט אירע הויכע קונציקע רולאדעס און אויספירן אן אייגנ־ארטיקן טאנץ בא דער נעסט. א וואָכן צוויי — דרײַ זײַנען אריבער, קיין איי־עלעך האָבן מיר זיך ניט דערווארט, און ווי מענדעלע האָט מיר געייעצט, האָב איך ליקווידירט די דאָזיקע אומנוציקע הייראט און האָב די פייגל ווידער פאנאנ־דערגעזעצט אין פארשיידענע שטײַגלעך...

א ניט ווייניקער ווּנדערלעכע באָבאכטונג האָבנ מיר געמאכט אפ דעמ אינסטינקט פונ דער זעלבסטפארהיטונג, וואָס האָט זיכ ארויסגעוויזנ אינעמ בונד פאר קאָלעקטיווער זיכערקײַט בא די... טאראקאנעס.

דער כאפ-היישעריק, ווי באוווּסט, איז א רויבערשער אינזעקט, א גרויסער פרעסער. ווארטנדיק אפ זײַנ רויב, שטייט ער אומבאוועגלעכ, ווי צוגעפעסטיקט מיט זײַנע פיר דינע פיסלעכ צומ צווײַגל, ענלעכ אפ א גרינעמ שפראָצ. די שטארקע פאָדערשטע לאפקעס מיט קארבנ אפ די ברעגנ זײַנענ דעמלט ווי צו א טפילע צונויפגעלייגט איינע צו דער אנדערער — מאמעש א פרומער מאָנאכ (דערפאר רופט מענ אימ אפ רוסיש „богомол“), אונ נאָר זײַנ קליינ גרינ קעפּל אפנ לאנגנ ברוסט-שילדל, ווי אפנ העלדזל פונ א זשוראוו, קערט זיכ קוימ באמערקבאר אינ דער ריכטונג פונ דער באוועגונג, וועלכע עס מאכט דער אָנקומענדיקער אינזעקט. ווי נאָר דער מעהאלעכ צווישנ אימ אונ דעמ אינזעקט ווערט א קלענער, קומט א קורצער שפרונג, אונ דער קאָרבנ, מעג ער זײַנ צוויי מאָל אזוי גרויס ווי דער רויבער, איז פארקלעמט צווישנ זײַנע לאפעס, קײנ רעטונג איז ניטאָ, אונ באלד טאקע הייבט זיכ אָנ דער מאָלצײַט.

די הויפּט-שפּײַז פונ אונדזער כאפ-היישעריק זײַנענ געווענ פליגנ. אָבער איינמאָל אינ הארבסט, ווענ פליגנ איז שוינ געווענ ווייניק, האָב איכ מיט מענדעלענ באשלאָסנ אימ אָנקאָרמענ מיט טאראקאנעס, אונ טאראקאנעס איז געווענ אינ קיכ איבערגענוג. צוויי שטיק האָבנ מיר געבראכט אונ אוועקגעזעצט אינ סלאָיִק צומ כאפ-היישעריק, וואָס איז געזעסנ אינ זײַנ געוויינלעכער פּרומער פּאָזע. ביידע קאָרבאָנעס האָבנ ווי דערפילט עפּעס בייזעס, האָבנ זיכ גענומענ קערנ אינ סלוי ווי צעדולטע, ווער ארופ, ווער אראָפּ, איינער דעמ צווייטנ אנטקעגנ — אונ ווידער פאנאנדערלויפנ זיכ אינ פארשיידענע זײַטנ. אזוי האָט זיכ עס געצויגנ, ביזוואנענ איינער פונ זיי איז ארײַנגעפאלנ אינ די לאפעס פונ דעמ כאפ-היישעריק. אָבער דאָ איז פאָרגעקומענ אנ עמעסער ווּנדער: טייקעפ איז דער צווייטער טאראקאנ ארופגעקראָכנ אפנ בײַכל פונ זײַנ ריזיקנ סוינע אונ האָט אימ אזוי ענערגיש אָנגעהויבנ קיצלענ, אז יענער האָט ארויסגעלאָזנ זײַנ קאָרבנ פונ זײַנע שטארקע קלאמערנ. אזא פאל האָב איכ געזענ צומ ערשטנ מאָל זינט גאנצע כאדאָשימ באָבאכטנ אינזעקטנ. פונ דעמ דאָזיקנ מאָמענט אָנ האָבנ אונדזערע טאראקאנעס אָנגעהויבנ לויפנ איבערנ סלוי דירעקט איינער נאָכנ צווייטנ, ניט אָפּשטייענדיק אפילע אפ א סאנטימעטער. מיר האָבנ זיי שוינ ווײַטער ניט געשטעלט אינ ניסאָיענ, אונ פאר זייער העלדישקײַט אונ סייכל האָבנ זיי באקומענ די פולקומ פארדינטע פרײַהײַט...

8

...איכ דערמאָנ זיכ די אינטימע אָוונטנ, וואָס איכ פלעג פארברענגענ בא די אבראמאָוויטשעס. אמאָל פלעגט ער מיר הייסנ שפּילנ, אונ באמ הערנ בעטהאָווענס סאָנאטעס, שאָפּענס נאָקטיורנענ אונ אנדערע מעלאָדיעס שפּרײַזט ער לאנג, שטיל הינ אונ צוריק אונ מורמלט עפּעס אונטער.

ער האָט ליב געהאט הערנ, ווי זײַנ ייִנגערע טאָכטער זינגט. זייער א מוזי-

קאַלישע, כאָטש גאָר אָן א שול, פלעגט זי זינגען אַריעס פון בעלינים „נאָרמא" און פון „טראַוויאַטא" מיט אַן אָנגענעמער בייגיקער שטים.

איך געדענק, מיט וואָס פאַר א שטאָלץ מענדעלע האָט גערעדט וועגן דער קאָמפּאָזיציע פון זיין שנור (זיין זונס פרוי). צום 25-טן יובילײ פון זיין ליטע־ראַרישער טעטיקייט האָט זי אים געשענקט א געדרוקטן עקזעמפּליאַר פון א ראָ־מאַנס אַף פּרוגס ווערטער, “И зорок глаз, и крепки ноги„, וואָס זי האָט לעקאָוועד אים אָנגעשריבן. די דאָזיקע פּיעסקע פלעגט ער מיר אָפט הייסן שפּילן, ער האָט זי אַליין גוט געזונגען. אים האָט שטאַרק געצויגן צו דער מעלאָדיע, אָבער אַף אַן עמעס מוזיקאַליש איז ער ניט געווען. ס'האָט בא אים קיינמאָל ניט געקלעקט געדולד כּיישעק אַף אָפּצורייסן צייט און צו גיין הערן סימפאָנישע מוזיק אָדער באַרימטע ווירטואָזן.

אין טעאַטער פלעגט מענדעלע ביכלאַל גיין גאָר זעלטן. דאָס פלעגט זיך טרעפן בלויז אַמאָל בא באַזונדערס וויכטיקע פאַמיליען־יאָמטויווים אָדער אין יובילײ־טעג. דעמלט פלעגט מען נעמען א לאָזשע, און די גאַנצע פאַמיליע איז געגאַנגען אינאיינעם אין טעאַטער. פון זיינע טעאַטער־איינדרוקן געדענק איך, ווי ער האָט מיר דערציילט וועגן דער אָפּערעטע „דער פייגל־פאַרקויפער". אי ער אי זיינע טאָכטער האָבן נאָכגעמאַכט דעם אַקטיאָר און זיך געסטאַרעט מיר איבערגעבן, ווי באַצויבערנדיק־פּאָשעט און טמימעסדיק־נאַיוו דער אַרטיסט האָט געזונגען דאָס לידעלע „מיין ליבער אַלטער זיידע".

אינעם שפּילן פון אַן אַרטיסט האָט ער געשעצט דעריקער ניט־געקינצלטקייט, וואָרהאַפטיקייט, לייכטקייט פון איבערגעבן. ער פלעגט קומען אין היספּײלעס פון דער אָפּערעטן־אַרטיסטן איזע קרעמער, וואָס האָט פאַרמאָגט די דאָזיקע אייגנ־שאַפטן.

ריידנדיק וועגן איינעם א קאָנצערט, וואָס איז געגעבן געוואָרן לעקאָוועד זיין יובילײ (איך געדענק שוין ניט וועלכן), האָט מענדעלע באַטאָנט מיט שטאָלץ:

— דאָרטן האָבן זיך באַטייליקט די סאַמע בעסטע אַרטיסטן.

איך געדענק, אַז ער האָט דערביי אָנגערופן די „באַרימטע" איזע קרעמער און קלאַרע יונג.

מענדעלעס באַציִונג צו ניט־נאַטירלעכקייט אַף דער סצענע האָט זיך אויסגע־דריקט איינמאָל בא אַזא געלעגנהייט. מענדעלעס יינגסטע טאָכטער, א מיידל פון א יאָר זעכצן־זיבעצן, איז אַמאָל געווען אַף א ספּעקטאַקל פון די ברידער אַדעלהיים און איז אַזוי ניספּאָעל געוואָרן פון זייער שפּיל, אַז זי האָט אָנגע־הויבן באַזוכן אַלע ספּעקטאַקלען, ווו די אַדעלהיימס זיינען אַרויסגעטראָטן. קומענ־דיק פונעם טעאַטער, פלעגט זי אונדז איבערגעבן אירע איינדרוקן, נאָכמאַכן די אַרטיסטן און דעקלאַמירן מאָנאָלאָגן פון „אָטעלאָ" און אַנד.

האַלטנדיק, אַז זי גיט ריכטיק איבער די מאַניר פון די אַדעלהיימס, האָבן מיר ביידע, איך און מענדעלע, איינגעפונען, אַז אין דער דאָזיקער מאַניר לאָזט זיך פילן א קינסטלעכע געהויבנקייט. דעם מיידל האָט געאַרט, וואָס מיר האַלטן ניט פון איר היספּײלעס, און מיר האָבן זיך מיט איר ניט צופיל געשפּאַרט. אָבער שפּע־טער האָט מענדעלע אַליין געזען די דאָזיקע אַרטיסטן אַף דער סצענע. ווי ווייט איך געדענק, איז ער געבליבן בא דער זעלבער מיינונג.

9

...אונדזערע באַגעגענישן פלעגן זיכ אָפט אָנהייבן פון אַ פראַגע:

— האָסט געלייענט היינטיקע צייטונג? וואָס ווערסטו זאָגן וועגן דעם און דעם?

אָדער:

— איר האָט געלייענט דעם בוכ, וואָס איכ האָב אייכ געגעבן?

איינמאָל, געדענק איכ, האָט ער מיר געענטפערט אַף אַזאַ פראַגע מיט פאַרדראָס:

— פרעג ניט. גיב אַ קוק, — דאָ קומט אַ זשעסט מיט דער האַנט אַף פּעק ליטעראַטור, — וויפל יידישע צייטונגען און זשורנאַלן ס'ע האָט זיכ דאָ אָנגעקליבן. דאָס מוז איכ דאָכ קוידעמקאָל אומבאַדינגט דורכלייענען.

אַמאָל האָט ער אַף אַזאַ פראַגע געענטפערט אַזוי:

— איכ האָב די לעצטע טעג גאָרנישט ניט געלייענט, ס'קלעקט ניט קיין צייט. עס האָבן זיכ אָנגעקליבן עטלעכע ניט דורכגעלייענטע ביכער, און יעדעס פון זיי איז אַ סוינע אין שטוב, אַ שטענדיקער שטילער פאָרוואורף...

... איכ געדענק קלאָר, ווי שווער מיר האָבן איבערגעלעבט אַלע פּראָצעסן פון דער מייסע דרייפוס.

...איכ געדענק מענדעלעס גרויסן אינטערעס פאַר די ראָמאַנען, וואָס האָבן זיכ געדרוקט אין דער אָרטיקער פּרעסע: טאָלסטאָיס «Воскресенье» און זאָלאַס „פרוכטבאַרקייט”. ביידע ראָמאַנען האָבן זיכ אָנגעהויבן צו דרוקן אין איין און דעם זעלבן טאָג אין צוויי צייטונגען, און ביידע הייבן זיכ אָן מיט אַ באַשרייבונג פון די ערשטע פרילינג-טעג: בא טאָלסטאָי אין אַ גרויסער שטאָט, בא זאָלאַ — אין אַ דאָרף. ביידע באַשרייבונגען האָט מענדעלע געהאַלטן פאַר אויסגעצייכנט, יעדע אַף איר שטייגער און האָט מיט היספּייעלעס געוווּנדערט מיין אופמערקזאַמקייט אַף איינצלנע דעטאַלן. שפּעטער, ווען עס האָט זיכ אַרויסגעוויזן אַז אַלע פאַרשוינען פון זאָלאַס ראָמאַן, פון נומער צו נומער, פון וואָכ צו וואָכ, קייען איבער אין זייערע שמועסן איינאיינציקע טעמע — די פראַגע וועגן קינדער האָבן, האָט אים זאָלאַ דערעסן, און ער האָט אופגעהערט לייענען זיין ראָמאַן. טאָלסטאָיס ראָמאַן איז מענדעלען מער געפעלן, אָבער איכ געדענק ניט, צי ער האָט דערלייענט ביז צום סאָף.

וועגן טאָלסטאָי איז אונדז אויסגעקומען צו ריידן אויכ ביז צו יענער צייט. ער האָט גראָד אַפּסניי איבערגעלייענט „Война и мир“, און פון די העלדן פון דעם דאָזיקן ראָמאַן, געדענק איכ, האָט אים מער פאַר אַלץ געריהרט די געשטאַלט פון דער פירשטן מאַריע.

---

איכ געדענק אויכ זיין באַציִונג צו באַשטימטע קלאַסיקער פון דער ענגלישער ליטעראַטור. „גוליווערס נעסיִע” פון סוויפטן איז געווען זיין סאַמע באַליבטער בוכ, און אין דעם בוכ איז אים אַמבעסטן געפעלן דאָס קאַפּיטל וועגן גוליווערס פאַרברענגען אינעם לאַנד פון די גוויגנמען. ער האָט אויכ אויסערגעוויינלעכ ליב געהאַט טעקערייען, דיקענסן און אין אַ גלייכער מאָס זיין פאָר-

גייער — פילדינגג. מיט פילדינגס בוך „די מײַסע פון טאָם דזשאָנס דעם געפינלינג״ האָב איך זיך באַקענט לויט מענדעלעס אייצע. איך געדענק, אַגעוו, אז מענדעלע האָט האַנאָע געהאַט פון די פילע געשלעגן, וואָס ווערן אין דעם בוך גאַנצ אָפט געשילדערט.

...אמאָל האָב איך מענדעלען געבראַכט ד׳אַנונציאָס א טראַגעדיע אין פערזן, וואָס איך האָב נאָרוואָס איבערגעלייענט. דאָס ווערק איז, נאָך מײַן מיינונג, געווען העכסט געקינצלט און פּרעטענציעז. דער אינהאַלט פון דער פּיעסע האָט זיך קימאַט אויסגעוועפּט פון מײַן זיקאָרן, אָבער איך געדענק, אז צוויי גע- ליבטע פון א מעיוכעסדיקער פאַמיליע קאָנען זיך אין מעשעך פון דרײַ אָדער פיר אַקטן ניט פאַרייניקן, ווײַל עס צעשיידט זיי א וואַנט פון פאָרורטיילן, „גרויס-וועלטישע״ מינהאָגים און קאָלערליי אַנדערע מעניִעס. אין דעם לעצטן אַקט, ווען זיי וואַרפן זיך שוין לעסאָפּ אין די אָרעמס, ווײַזט זיך אַרויס, אז איינער פון ביידע האַלט באַם שטאַרבן, און דער אַנדערער שטאַרבט טאַקע פון שרעק און האַרצווייטעק. די סצענע פון די דאָזיקע געליבטע, וואָס זײַנען גע- שטאָרבן געאַרעמט, האָט אַף אַזוי ווײַט אופגערודערט די אַלע פינצטערע קויכעס, איבער וועלכע די גאַנצע מאַראָכע איז אופגעקומען, אז איצט זײַנען זיי מאַסקים אַף דעם דאָזיקן בונד און פּועלן באַם „הייליקן טראָן״ א דערלויבעניש צו באַ- גראָבן די צוויי געליבטע אין איין טרונע, ניט אָפּרײַסן זיי איינעם פונעם צווייטן.

פאָרלייגנדיק דעם דאָזיקן בוך מענדעלען אַלס א מוסטער פון ליטע- ראַרישן „מאָדערניזם״, האָב איך גערעכנט, אז ער, אַלס א רעאַליסט, וועט זיך דערצו באַציִען נעגאַטיוו. איך האָב זיך זייער פאַרכידעשט, ווען ער האָט דורכגעלייענט דעם בוך און האָט מיך באַגעגנט מיט די ווערטער: א שיינע, א טיפע זאַך!

אַנטוויקלענדיק זײַן געדאַנק, האָט ער זיך אַרײַנגעלאָזן אין אַן אַנאַליז פון די ליידן פון ביידע יונגע מענטשן, שטאַרקע, אויסגעצייכנטע עקזעמפּליאַרן פונעם מענטשלעכן מין, און האָט מיט זיפצן און זשעסטן איליוסטרירט זייערע יעסורים.

## 10

איך דערמאָן זיך מענדעלעס ליטעראַרישע סימפּאַטיעס, זײַן ליבע צו דער רוסישער פאָלקס-פּאָעזיע, צו די בילינעס און באַזונדערס צו קאָלצאָוון. אין דער מוזיק פון דער ליד „Что, дремучий лес“ האָט ער געפילט די מאַכט און דעם פרישן אָטעם פונעם ווירקלעכן וואַלד. אין דער געשטאַלט פון סראָליקן (אין דער „קליאַטשע״) — א באָכער מיט א הויכן שטערן, באַברעמט מיט שוואַרצע לאָקן, וואָס בלאָנדזשעט איבערן וואַלד און וועקט מיט זײַן דעקלאַמאַציע דעם וואַלד-עכאָ, האָט ער געמאָלט, ווי ער האָט מיר איינמאָל דערקלערט, א בילד פון זיך אַליין: דאָס האָט אין דער יוגנט דער צוקינפטיקער „מענדעלע״ געוואָגלט איבער די אַרומיקע וועלדער, האָט זיך אײַנגעהערט און האָט אויסגעפּרוּווט די מוזיק פון קאָלצאָווס ווערק.

... בא מיר זײַנען, צום באַדויערן, ניט פאַרבליבן אין זיקאָרן מענדעלעס דירעקטע ווערטער וועגן פּושקינען, אָבער איך קאָן זיכער באַהויפּטן, אז דער גרויסער רוסישער דיכטער איז אים געווען טײַער און נאָענט צום האַרצן. אַלס

יעסאָד פאר מײַנ באהויפּטונג קאָנ דינענ זײַנ בעפּיירעש נעגאטיווע באציִונג צו פּיסארעוונ, וועלכער האָט ניט אָפּגעשאַצט פּושקינענ.

איכ געדענק גוט מענדעלעס שטארקע היספּײַלעס פאר גאָגאָלנ. באזונדערס בוילעט האָט זיכ מיר פארגעדענקט, מיט וואָס פאר א טיפנ אינטערעס ער האָט איינמאָל געהערט, ווי מײַנ פעטער יאָסיפּ בינשטאָק האָט פאָרגעלייענט סצענעס פונ „רעוויזאָר". מײַנ פעטער, א מענטש א פריילעכער, א לעבנסלוסטיקער, מיט פאר-שיידנארטיקע „פּײַקײַטנ", ווענ ער פלעגט קומענ צו פאָרנ צו אונדז קיינ זשיטאָמיר אפּ א צוויי-דרײַ טעג פונ פּעטערבורג, האָט ער ארײַנגעבראכט אינ שטוב א סאכ פריידיקנ טומל. דער הויפּטשטאָטישער גאסט פלעגט פאנאנדערוויקלענ בא אונדז זײַנע טאלאנטנ: זינגענ, שפּילנ אפּ פארשיידענע אינסטרומענטנ. אָבער דער איקער פונ זײַנע ארויסטרעטונגענ איז געווענ רעציטאציע. קאָפּירנדיק די קאָריפייענ פונ דער סצענע פונעם אלעקסאנדרינער טעאטער, פלעגט ער פאָרלייענענ — אונ אפּאָנעם ניט שלעכט — אָסיפּס מאָנאָלאָג. אָבער בא מיר איז זיקאָרנ איז געבליבנ דײַטלעכ ניט זײַנ רעציטירנ, נאָר דער אויסדרוק פונ מענדעלעס פּאָנעם, מענדעלעס פּאָזע, זײַנ זשעסטיקוליאציע אונ אינטאָנאציע, ווענ ער, פארכאפּט פונעם לייענענ, פלעגט נאָכזאָגנ נאָכ דעם דעקלאמאטאָר דאָס וואָרט „всыпал"

— עכ, — טרוימט אָסיפּ: —

хорошо бы приехать в деревню к старому барину. Отец, поди, не посмотрел бы на то, что ты какой-то там елистратишка, взял бы плетку и как... всы — ы — ыпал бы тебе — ציט פּלוצלינג אויס מענדעלע אינ איינ אונ דער זעלבער צײַט מיט דעם דעקלאמאטאָר. איכ גיב אפּ אימ א קוק: דער אופגעהויבענער פויסט האלט דעם קאנטשיק, וועלכנ ער פילט אינ זײַנ האנט, דאָס מויל איז פארקרימט אינ א סארקאסטישנ שמייכל, די פארשטשורעטע אויגנ קוקנ מיט בייזער צופרידנהײַט אפּ דעם אײַנגעקאָרטשעטנ, צו שאנד געמאכטנ „פאָרעצ"...

אָט די באגײַסטערונג מענדעלעס פאר גאָגאָלנ האָט געהאט געוויסע רעזול-טאטנ. גאָגאָלס ווירקונג (די ווירקונג פונ- „Вечера на хуторе близ Дикань-ки", „Миргород") לאָזט זיכ בעפּיירעש פילנ אינ די פאָרווערטער צו איי
ניקע פונ זײַנע דערציילונגענ.

צום באדויערנ, האָט מײַנ זיקאָרנ ניט אופגעהיט גאָרנישט פונ מענדעלעס באציִונג צום צווייטנ גרויסנ רוסישנ סאטיריקער — צו שטשעדרינענ, וועלכנ עס האָט שטארק ליב געהאט מײַנ פאָטער (אָפּט, געדענק איכ, פלעגט ער לייענענ זײַנע ווערק ביז שפּעט אינ דער נאכט, שוינ ליגנדיק אינ בעט). אָבער איכ ווייס זיכער, מײַנ שוינ דערמאָנטער פעטער האָט מיר דאָס געזאָגט, אז ווענ שטשעדרינ האָט געהערט פראגמענטנ פונ מענדעלעס ווערק, וועלכע עס פלעגט אימ עקספּראָמט איבערזעצנ דעם פעטערס פרײַנט, דער באוווסטער פיזיאָלאָג, לערער פונ דער מיליטעריש-מעדיצינישער אקאדעמיע, נ. א. באקסט, איז ער, סאלטיקאָוו-שטשעדרינ, געווענ באגײַסטערט פונ די דאָזיקע ווערק אונ האָט בעשאס יענעמס לייענענ קעסיידער געלאכט.

א באזונדער אָרט פארנעמען אין מײַנע זכרונות וועגן מענדעלען די אָוונטן, ווען מיר האָבן בײדע געאַרבעט איבער דער איבערזעצונג פון אײניקע זײַנע דערציילונגען אַף רוסיש. מענדעלע פלעגט מיך אַרײַנפירן אין די דעטאַלן פונעם אָריגינאַל און מיר אַף יעדן שריט און טריט געבן ווערטפולע אָנווײַזונגען וועגן דעם סטיל פון מײַן איבערזעצונג. צוגעוווינט פון קינדווײַז אויף דערצו, אַז ער רעדט שלעכט רוסיש, האָב איך זיך בעשומויפן ניט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז ער זאָל קאָנען אַזוי פײַן פילן דעם סטיל פון דער שפּראַך, וועלכע ער האָט ניט גאָר פולקום באהערשט. די אַלע קענטענישן אין דער רוסישער קלאַסישער ליטעראַטור, וועלכע ער האָט באַקומען אין דער יוגנט, ווען ער האָט זיך געגרייט צום עק-זאַמען בא דער ראַבינער-שול, האָבן זיך פעסט אָפּגעהיט אין זײַן ליכטיקן קאָפּ און זײַנען שפּעטער, אַפּאָנעם, צוניץ געקומען, ווען ער האָט געאַרבעט איבער זײַנע אײגענע ראָמאַנען און דערציילונגען. אַזוי, לעמאָשל, געדענק איך וועגן די ערשטע שורעס פון דער דערציילונג „שיים און יעפעס אין וואַגאָן“ (ענדגיל-טיק האָט זיך אונדזער רעדאַקציע פון דער איבערזעצונג פון די דאָזיקע שורעס אויסגעלאָזן אין אַזאַ פאָרם:

„Не криками спасающихся от пожара и не воплями гибнущих на тонущем судне оглашается перрон железнодорожной станции Глупск, это приступом берут прибывший на станцию поезд мои единоверцы“)—

האָט מיר מענדעלע דערקלערט, אַז די דאָזיקע פאָרם פון אַ נעגאַטיווער פאַרגלײַ-כונג האָט ער גענומען בא דעלוויגן. ווען ער איז צוגעטראָטן צום אָנהייב פון דערציילונג, האָט ער, ווער ווייסט פאַרוואָס, זיך דערמאָנט די פערזן פון דעל-וויגס „אידיליע“:

Нет, не звезда мне из лесу светила,—
Как звездочка, меня манит час целый
Огонь ваш, братцы...

אונדזער ערשטע אַרבעט איבער דער איבערזעצונג פון „שיים און יעפעס“ איז פאַר מיר געווען אויסערגעוויינלעך אינטערעסאַנט; אָבער זי איז צוגעגאַנגען שווער, האָט געפאָדערט אַ גרויסע אָנשטרענגונג, און מאַכמעס אײן געוויסן אומשטאַנד איז זי געווען מאַמעש מאַטערנדיק. פאַר אונדז איז געלעגן מײַן פאָטערס אַ האַנטשריפטלעכע איבערזעצונג פון דער דאָזיקער דערציילונג, גע-מאַכט אַ לאַנגע צײַט צוריק. די איבערזעצונג איז דעמלט ניט געדרוקט געוואָרן. מיר האָבן פאַרגלײַכט די דאָזיקע איבערזעצונג מיט דעם אָריגינאַל און האָבן אין איר אַרײַנגעטראָגן אויסבעסערונגען. אָבער שוין פון די ערשטע שורעס איז פאָר-געקומען דאָס, וואָס האָט אַרײַנגעבראַכט אין מײַנע זכרונות וועגן דעם טײַערן זאָקן ניט ווייניק ביטערקײַט. מײַן פאָטער, אַליין אַ ליטעראַט, פלעגט באַם איבער-זעצן מענדעלען זיך דערלויבן מאַכן צוגאָבן, קליינע ענדערונגען אינעם אָריגינאַל אאוו., און ווען ער האָט אָפּגעגעבן זײַן אַרבעט אין דרוק, האָט ער איר אַ נאָמען געגעבן ניט „איבערזעצונג“, נאָר „איבערגעאַרבעט פון ייִדיש“. איך רעכן, אַז דאָס איז דעמלט געטאָן געוואָרן מיט מענדעלעס האַסקאָמע. אַמאָל איז דאָך געווען זייער פּאָפּולער די איבערזעצונג פון מענדעלעס פריִיִקן ווערק „האבות והבנים“,

וואָס האָט זיכ אויכ אָנגערופּנ „איבערגעארבעט פונ יידיש", און, ווי ווייַט איכ ווייס, האָט מענדעלע דעמלט קעגנ דעמ ניט פּראָטעסטירט. אָבער איצט האָט מייַנ פּאָ-טערס „איבעראַרבעטונג" פונ „שיימ און יעפעס" שוינ פונ די ערשטע שורעס באליידיקט דעמ אויטאָרס קינסטלעריש געפיל — מייַנ פּאָטער האָט געגעבנ א מער דעטאליש בילד פונ דעמ טומל באמ וואגאָנ. און ווי נאָר איכ האָב מענדעלענ איבערגעלייענט די ערשטע שורעס, איז ער אופגעקאָכט געוואָרנ, האָט אויסגעשפּיגנ און האָט אָנגעהויבנ דונערנ אפ „אָט די איבערזעצער"...

א צעטראָגענער האָב איכ געשוויגנ. וואָס איז מיט אימ? ניט שוינ זשע האָט ער פארגעסנ, אז מייַנ פּאָטער איז געשטאָרבנ? בענעגייע צו א לעבעדיקנ וואָלט איכ נאָכ געקאָנט דערלאָזנ אזא קאס, ביפּראט נאָכ, אז אינ טאָכ איז מענדעלע געווענ גערעכט.

אונדזער פרייַנטשאפט האָט ער אינ יענער רעגע געשטעלט פאר א שווערנ ניסאָיענ.

שפּעטער האָב איכ זיכ אָנגעהויבנ דערקלערנ דעמ זאָקנס אופירונג דערמיט, וואָס ער, א מענטש אנ אויסגעטאָנענער פונ דער וועלט, האָט אָפּגעהיט אינ זייַנ כאראקטער שטריכנ פונ א ווילד ייִנגל: א ווילד ייִנגל, ווענ ער איז אינ קאס, טראכט ווייניק וועגנ דעמ, ווי די ארומיקע רעאגירנ אפ זייַנע געננ.

---

ווייַטער דערמאָנ איכ מיכ אינעמ פּעריאָד פונ אונדזער געמיינזאמער ארבעט איבער דער איבערזעצונג פונ דער דערציילונג „קאָרבאָנעס" (די דאָזיקע דער-ציילונג איז אנ עפּיזאָד פונעמ „ווינטשפינגערל"). פאר מייַנע אויגנ שטייט מענ-דעלעס פּאָנעמ, ווענ ער גיט איבער דעמ שמועס פונ די צוויי אלטע אווירע-מעקלערנס — שייַנצע און האָדל. ער קאָפּירט זייערע כיינדעלעכ און די מאניר פונ זייער שמועס, ווי ער וואָלט זיי געזענ פאר זיכ. פונקט אזוי פולקומ גיט ער איבער אויכ לייווי באָכער מיט זייַנ דראָענדיק-בייזער בעלמע אפנ אויג. ניט ווילנדיק פלעג איכ אָנהייבנ זוכנ די בארימטע בעלמע אפ זייַנ אייגענעמ אויג.

מענדעלעס אייגנשאפט — די פייִקייט צו זענ זייַנע העלדנ — האָט זיכ בא-שטעטיקט בא אזא מינ עפּיזאָד.

אמאָל, ווענ איכ בינ אריַנגעקומענ נאָכ מענדעלעס א קורצנ באטאָגיקנ שלאָף אינ דעמ צימער, ווו איכ האָב אפ אימ געווארט, האָט מיר מענדעלע אָנגעהויבנ דערציילנ מיט א שמייכל:

— וואָס פאר קוריאָזנ עס קומענ מיט מיר פאָר, איידער איכ שלאָף אייַנ! אָט ערשט, ווארטנדיק אפנ שלאָף, בינ איכ געלעגנ מיט האלב-פארמאכטע אויגנ, און פּלוצלינג האָבנ פאר מיר גענומענ פארבייַגייַנ א סאכ פארצופימ. אָבער ס'ארא מאָדנע פיגורקעלעכ, וואָס פארא האוויַעס און גרימאסנ! איכ האָב געקוקט אפ זיי, געקוקט און האָב זיכ צעלאכט. מייַנ פרוי האָט זיכ פארוווּנדערט: „וואָס לאכסטו, וואָס איז מיט דיר?"

פונ דערבייַיִקנ צימער באשטעטיקט פּאָלינע סאָלאָמאָנאָווונע:

— איכ האָב זיכ מאמעש דערשראָקנ, איכ האָב געמיינט, מייַנ אלטער איז פונ זינענ אראָפּ: ער ליגט און לאכט אינמיטנדרינענ אָנ שומ סיבע.

איכ האָב זיכ דערמאָנט פּושקינס פערזנ:

И тут ко мне идет незримый рой гостей,
Знакомцы давние, плоды мечты моей...

איכ האָב שוינ פריִער גערעדט וועגנ דער הארמאָניע, וואָס האָט געהערשט צווישנ דעמ פאָרפאָלק. אָט די דאָזיקע הארמאָניע האָט ניט אויסגעשלאָסנ קיינ קליינע קאָנפליקטנ בא דער אָדער יענער געלעגנהייט.

ווענ איכ בינ אמאָל ארייַנגעקומענ צו די אבראמאָוויטשעס אינדערפרי אינ אנ ערשטנ זוניקנ, אָבער נאָכ קילנ מארט-טאָג, האָב איכ געטראָפנ אינ די צימערנ אלע קאָלאָסאלע פענצטער אופגעפראלט אונ אפ אלע פענצטער — קופעס בעטגעוואנט: מאטראצנ, קישנס אאוו.

מיכ האָט עס פארוווּנדערט:

— וואָס האָט איר אזוי פרי אופגעפראלט די פענצטער? ס'איז דאָכ נאָכ גאָר ניט אזויווארעמ, איר קאָנט זיכ נאָכ פארקילנ.

— דאָס מאכט מייַנ אלטע פאר די וואנצנ א דאטשע, דער רועכ זאָל זיי נעמענ! — ענטפערט מענדעלע בורטשענדיק אונ מיט א שמייכל. — זי האָט מוירע, זיי זאָלנ ניט פארשלאפט ווערנ אָנ א דאטשע.

א צווייטער „קאָנפליקט" איז פאָרגעקומענ פאר מיר, ווענ מיר זייַנענ איינמאָל געזעסנ בא וועטשערע.

זעצנדיק זיכ אמאָל אינ אָוונט צו דער וועטשערע, האָט מענדעלע געטראָפנ, ווי געוויינלעכ, אפנ טעלער א פאָר אייער, ברויט אונ א גלאָז מילכ. דאָס מאָל איז אימ עפעס דאָס עסנ ניט געפעלנ געוואָרנ, אונ קלאפנדיק מעלאנכאָליש מיטנ לעפעלע איבערנ איי, הייבט ער אָנ בורטשענ:

— אוי, פעסיניו, מיר האָבנ שוינ דערעסנ די אייער. באטראכט: מיר לעבנ שוינ צוזאמענ פופציק יאָר. יעדנ טאָג גיסטו מיר צו פרישטיק אונ צו וועטשערע צוויי אייער, סאכאקל פיר אייער א טאָג. קייפל די דאָזיקע פיר אייער אפ 365 אונ נאָכדעמ נאָכ אפ פופציק. דו בארעכנסט, וויפל אייער איכ האָב אופגעגעסנ אינ מייַנ לעבנ? — אונ ער פוילט זיכ ניט מאכנ א קייפל אונ רופט אָנ עפעס אנ אסטראָנאָמישע ציפער. — עפשער איז שוינ צייַט געבנ מיר עסנ עפעס אנדערש?

אָבער פאָלינע סאָלאָמאָנאָוונע בלייַבט קאלטבלוטיק. זי גיט זיכ ניט אונטער אונ הייבט אליינ אָנ בורטשענ:

— הער אופ, אלטער, וואָס טוט זיכ מיט דיר הייַנט? אייער אפ וועטשערע איז געשמאק אונ נארהאפטיק. וואָס דארפ מענ נאָכ?

---

איכ דערמאָנ זיכ אונדזערע שפאצירגענג די לעצטע יאָרנ פונ מייַנ זייַנ אינ אָדעס. געוויינלעכ פלעגנ מיר זיכ לאָזנ גיינ אינ אונדזערע באליבטע ערטער. ווי די זונ האָט ניט געזאָלט ברענענ, פלעגט מענדעלע פאָרט גיינ אפ דער זוניקער זייַט פונ דער גאס, האלטנדיק געוויינלעכ דעמ קאפעליוש אינ האנט.

איכ געדענק, אמאָל, אזייגער דרייַ-פיר באטאָג האָט מיכ מענדעלע געפירט ניט ווי געוויינלעכ אינ דער זייַט פונ דעריבאסאָווער גאס, נאָר אינ דער פארקערטער ריכטונג, מיט ספירידאָנאָווער צו דער פאָרטאָפראנקאָ-גאס.

ווענ מיר האָבנ איבערגעהאקט גולעוואיא גאס, האָט ער געווענדט מייַנ אופמערקזאמקייַט אפ א רייי איינשטאָקיקע הייַזלעכ מיט רויטע לאמטערנס בא דער

ארײַנגאַנג-טיר פון יעדן הײַזל. די טירן און די פענצטער פון די הײַזלעך זײַנען אלע געווען פארהאקט, די פאָרהענגלעך אראָפּגעלאָזן, און די גאנצע גאס איז געווען מעשונעדיק וויסט: נאָר ערגעץ-ווו אינמיטן גאס האָט מען געזען קלײנע הײַפעלעך קינדער, וואָס שפּילן זיך שטיל.

— אָט זײַנען זײ, די פרײלעכע הײַזלעך, — האָט מענדעלע אָפּגעזיפצט.

אין זײַן קאָל האָט זיך דערהערט א דריקנדיקע פּײַן. זײַנע אויגן האָבן געקוקט ערגעץ ווײַט. עס האָט זיך געדוכט, אז זײ זעען פונקט אזוינע הײַזלעך, צעוואָרפענע זײער פיל אין אלע פאָרשטעט, שטילע, וואָס באהאלטן אויס בא דער זון זײער כארפּע. איך האָב אים פאָרגעלײגט פארקערעווען צוריק צו אונדזערע ליבע ערטער, אָבער ער האָט מיר געזאָגט, אז דער גלאנץ און די צעגעפּוצטקײַט פון די אָדעסער גאסן און פארקן האָבן אים דערעסן, אז אים ציט „אפ דער נאטור". מיר זײַנען ארויס פון דער פּאָרטאָפראנקאָ-גאס אפ די וויסטע פּלעצער, ווו דאָס מאָגערע שטויביקע גראָז האָט ארויסגעשפּראָצט צווישן די כורוועס און די גריבער, געבילדעטע פון די קאַריערן פון קאלכשטײן (גאנץ אָדעס איז געבויט פון קאלכשטײן), און ערטערווײַז האָבן זיך געזען אײנצלנע געלע לופט-בלימלעך (одуванчики). דאָס איז געווען „די נאטור", וואָס ער האָט מיסטאמע צוגעפּוצט אין זײַן פאנטאזיע מיט צוגעגעבענע אקסעסוארן.

די דײַטלעכקײַט פון זײַן זיקאָרן איז געווען וווּנדערבאר. ווען איך האָב צו אים אמאָל גערעדט מיט היספּײַלעס וועגן א פּײזאזש, וואָס ער האָט אויסגעמאָלט אין אײנער פון זײַנע דערצײלונגען, האָט ער מיר געענטפערט:

— וואָס איז פאר א כידעש? איך באשרײַב אלעמאָל דאָס, וואָס איך זע. און זען זע איך אלץ, וואָס איך האָב ווען-עס-איז געזען. געדענקסט אונדזער שפּאצירגאנג אין קאָרבוטאָווקער וואלד[1]? מיר האָבן דעמלט גערעדט וועגן N (ער האָט אָנגערופן די פאמיליע פון א מענטשן, וואָס מיר האָבן אים בײדע געדענקט), נאָכדעם האָבן מיר זיך צוגעלײגט אונטער א סאָסנע. איך זע איצט פאר זיך דאָס גרויסע מײַגלעקעלע, פון וועלכן איך האָב דעמלט אָנגעקוואָלן, איך זע דעם גרויסן שווארצן זשוק, וואָס איז לאנגזאם פארבײַגעפלויגן פארבײַ אונדז, איך הער דאָס הודען פון זײַנע פליגלען, — קײן אײן ברעקעלע פון דעם דאָזיקן שפּאציר איז ניט ארויסגעפאלן פון מײַן זיקאָרן.

ס'איז אינטערעסאנט צו פארצײכענען מענדעלעס פײַיקײַט צו פארלעבעדיקן די סאמע געוויינלעכע געגנשטאנדן פונעם ארום.

א מאָל צו פארנאכט-צו, נאָך א הארבסטיקן סליאָטע-טאָג, הער איך, ווי ער עפנט מיט זײַן שליסל די גאס-טיר און נעמט זיך אויסטאָן. איך בין ניט ארויסגעגאנגען צו אים, ווײַל איך האָב געהאלטן באם פארענדיקן לײענען א זײַטל פון א בוך, וואָס האָט מיך פארינטערעסירט. איך זע, אז דער אלטער פארהאלט זיך אין פאָדערצימער און שמועסט עפּעס מיט עמעצן שטילערהײט און בארויגעז. איך גײ ארויס אין פאָדערצימער — און זע: ער שטײט אלײן, קײנער איז ניטאָ.

— וואָס איז, מיט וועמען רעדט איר דאָס?

דער קאפּעליוש הענגט אפ דער שראגע, מענדעלע איז נאָך אין מאנטל.

1 קאָרבוטאָווקע — א דערפל און א דאטשע-אָרט לעבן זשיטאָמיר.

אָנגעלענט מיט דיביידע הענט אָן וואַנט, סטאַרעט ער זיך אַראָפּשלעפּן פון די שיך אַמאָל דעם רעכטן קאַלאָש, אַמאָל דעם לינקן (די קאַלאָשן זײַנען געווען נײַע):

— כ׳האָב זיי פײַנט... קנעכט!.. אַליין וואַלגערן זיי זיך אויס אין קויט, און זייערע אַריסטאָקראַטעלעך היטן זיי אָפּ, אַז אַפּ זיי זאָל כאָלילע קיין שטויבעלע ניט פאַלן!.. און ווען עס איז סאָפּקאָלסאָפּ געקומען אַ מעגלעכקייט אָפּצורוען אַ ביסל פון דער אַרבעט, איז אָנשטאָט צו שיקן די דאָזיקע ליידיקגייערס צו אַלדי רוכעס, קאָנען זיי זיך בעשומויפּן ניט געזעגענען מיט זיי, קאָנען זיך ניט אָפּרײַסן! צוגעקלעפּט זיך צו זייערע באַלטויווועס, טפו!..

---

...אין יאָר 1900 האָב איך זיך געזעגנט מיט אָדעס. אין מעשעך פון אַ סאַך יאָרן האָט מיך דער גוירל געשליידערט איבער אַלערליי שטעט, פון איין עק אין צווייטן עק פון דער אַלטער רוסישער אימפּעריע. אין דער דאָזיקער צײַט איז פאָרגעקומען ניט וויניק געשעענישן אין מײַן פּערזענלעכן לעבן. דערמאָנענדיק זיך אין מענדעלען, האָב איך שוין ניט מער געהאָפּט זיך מיט אים ווען־ס׳ניט־איז ווידער צו זען. אָבער די מאָביליזאַציע פון 1914 יאָר האָט מיך געטראָפן אין יעווּפּאַטאָריע, און דאָרטן האָב איך באַקומען אַ נאָמינאַציע אין איינעם פון די אָדעסער שפּיטאָלן.

און אָט בין איך ווידער אפן דריטן שטאָק פון דער טאַלמעטוירע און נעם אַרום מײַן אַלטן טײַערן פרײַנט, וואָס איז אין די דאָזיקע יאָרן שטאַרק געעלטערט געוואָרן.

ער האַלט זיך נאָך אַלץ קימאַט גלײַך, אָבער זײַן פיגור איז עפּעס שווערער געוואָרן, זײַנע שניי־ווײַסע לאָקן — אַ סאַך שיטערער, ער פאַרמאָגט שוין קיין איין צאָן ניט. און דאָך, נאָך צוויי־דרײַ באַגעגענישן, ווען איך האָב זיך צוגעווינט צו די ענדערונגען אין זײַן פיזישער געשטאַלט, האָב איך זיך איבערצײַגט, אַז זײַן גײַסט איז נאָך אַלץ אַזוי יונג ווי פריִער.

אָט דער מאָמענט האָט זיך אײַנגעקריצט אין מײַן זיקאָרן ווי דער לעצטער עפּיזאָד אין מײַנע באַגעגענישן מיט מענדעלען, ווי איך וואָלט אים שוין שפּעטער מער קיינמאָל ניט געזען.

---

## נ. אויסלענדער

# מענדעלעס מיטגייער אינ די 60־ער—70־ער יאָרנ

1. אריינפיר. — 2. לינעצקי אונ מענדעלעס „ריכטונג“. — 3. וועגנ דער ערשטער אופלאגע פונ י. דינעזאָנס „שווארצנ יונגערמאנטשיק“. — 4. ש. בערנשטיינ אונ זיינ שילדערונג פונ דער שטאָט פאָדלאָוויצ. — 5. „בריוו פונ גאליציענ“. — 6. „אָדעסער ווילדע יונגענ“. — 7. „יידישע לעבנס־פראגנ“. — 8. ביילאגע. די שילדערונג פונ דער יידישער אָרעמשאפט־סוויווע אינ דער אנאָנימער בעלעטריסטיק פונ די 60־ער — 70־ער יאָרנ.

## 1. אריינפיר

1

אינ זיינעמ א בריוו צו דעמ רוסישנ איבערזעצער פונ דער „טאקסע“ — י. פעטריקאָווסקי — האָט מענדעלע געשריבנ:

„עס וואָלט געווענ געוווּנטשנ אונ אפילע אומבאדינגט נייטיק פריער איבערצוזעצנ „דאָס קליינע מענטשעלע“. דאָס פובליקומ (געמיינט: דאָס רוסישע פובליקומ. נ. א.) וואָלט אזויארומ באקאנט געוואָרנ מיט דער אָריגינעלער פערזענלעכקייט פונ מענדעלע מויכער־ספאָרימ, דעמ ארויסגעבער פונ אלע וויַיטערדיקע דערציילונגענ, אונ פאר אימ (דעמ פובליקומ. נ. א.) וואָלט בעהאדראָגעדיק קלאָר געוואָרנ מיינ ריכטונג אינ אונדזער יידיש־זשארגאָנישער ליטעראטור, וועלכע, איכ וואג צו מיינענ, איכ האָב דער ערשטער זיכ באמיט אוועקצושטעלנ נאָענט צומ געזעלשאפטלעכנ לעבנ, קעדיי דערנעענטערנדיק זיכ צו די אינטערעסנ פונ דער רעאלער וועלט אונ צו די פראגנ פונעמ לעבנ, זאָל זי קאָנענ נאָכדעמ ווערנ א פערמענט פונ דער געזעלשאפטלעכער מיינונג“.

די דאָזיקע אינטערעסאנטע שורעס ווענדנ אונדזער אופמערקזאמקייט אפ זייער א וויכטיקנ מאָמענט אינ מענדעלעס ליטערארישער טעטיקייט — אפ זיינ שטענדיקנ שטרעבנ צו שטעלנ די ליטעראטור „נאָענט צומ געזעלשאפטלעכנ לעבנ“, אפ זיינע שטענדיקע באמיִונגענ אופצוהייבנ די ליטעראטור אזוי הויכ, אז זי זאָל קאָנענ שפּילנ א פירנדיקע ראָליע אינ דעמ געזעלשאפטלעכנ לעבנ, „ווערנ א פערמענט פונ דער געזעלשאפטלעכער מיינונג“, ווי מענדעלע דריקט זיכ אויס.

מענדעלע האָט געהאלטנ, אז די דאָזיקע באמיִונגענ זיינע שטעלנ פאָר א דורכויס נייע דערשיינונג אינ דער יידישער ליטעראטור, ער האָט געהאלטנ, אז קיינ שומ פרוּוונ אוועקצושטעלנ די ליטעראטור „נאָענט צומ געזעלשאפטלעכנ

לעבנ" זײַנענ פריִער ניט געמאכט געוואָרנ, אַז די דאָזיקע טענדענצ האָט ער דער ערשטער געבראַכט אונ אַז דאָס איז די „ריכטונג", וועלכע ער, מענדעלע, פאַרטרעט אינ דער ייִדישער ליטעראַטור. געוויס האָט מענדעלע דערבײַ עטוואָס — אונ ניט ווייניק — איבערגעטריבנ. באַשטימטע פרוּווונ צו ווירקנ אַפ דער „געזעלשאַפטלעכער מיינונג" טרעפנ מיר בא אַ גאַנצער ריי מאַסקילישע שרײַבער — מענדעלעס פאָרגייער. צי קאָנ מענ דענ פאַרזענ אַזעלכע פרוּווונ בא י.־ב. לעווינזאָנענ אָדער בא י. אַקסענפעלדנ?

יעטווידער איינער פונ די דאָזיקע צוויי שרײַבער האָט געהאַט אַ גאַנצ קלאָרנ באַגריפ וועגנ דער געזעלשאַפטלעכער מיסיע פונ דער ליטעראַטור, יעטווידער איינער פונ זיי האָט געהאַלטנ פאַר זײַנ פליכט צו וועקנ דעם געזעלשאַפטלעכנ געדאַנק. מענדעלעס לאָזונג אַוועקצושטעלנ די ליטעראַטור „נאָענט צום געזעלשאַפטלעכנ לעבנ" איז אינ דער הינזיכט קיינ נײַער לאָזונג ניט געווענ. דורכויס נײַ איז אָבער געווענ דער אינהאַלט, וועלכנ מענדעלע האָט אַרײַנגעלייגט אינ דעם דאָזיקנ לאָזונג.

מענדעלעס פאָרשטעלונגענ וועגנ „געזעלשאַפטלעכנ לעבנ" האָבנ זיכ אויסגעפורעמט הויפּטזאַכלעכ אינ די 60-ער יאָרנ פונעמ XIX יאָרהונדערט, דה. אינ דער צײַט, ווענ איבער דעמ גאַנצנ לאַנד — פונ עק צו עק — האָט זיכ געקײַקלט אַ מעכטיקע כוואַליע פונ געזעלשאַפטלעכער אופלעבונג. געהאַנדלט האָט זיכ דערבײַ ניט וועגנ יענעמ מינ „אופלעבונג", וועלכע גיט זיכ אַ גליטש איבער דער אויבערפלאַכ פונ דער געזעלשאַפט אונ לאָזט ניט איבער קיינ שום טיפערע שפורנ אינ דעמ לעבנ פונ די ברייטע פאָלקסמאַסנ. דאָס מאָל זײַנענ געקומענ אינ באַוועגונג גראָד די דאָזיקע מאַסנ.

„... דאָס פאַלנ פונעמ לײַבייגנטום-רעכט, — שרײַבט לענינ, — האָט אופגעטרייסלט דאָס גאַנצע פאָלק, האָט עס אופגעוועקט פונעמ דויר-דויִרעסדיקנ שלאָפ, האָט עס אויסגעלערנט אַליינ צו זוכנ דעמ אויסוועג, אַליינ צו פירנ דעמ קאַמפ פאַר פולשטענדיקער פרײַהײַט"[1].

עמעס, אינ גאַנג פונ דעמ אופוואַכונג-פּראָצעס האָט זיכ אַרויסגעוויזנ „די גוואַלדיקע שוואַכקײַט, אומבאַוווּסטזיניקײַט, צעשטויבטקײַט פונ יענע געזעלשאַפטלעכע עלעמענטנ, וואָס זייערע אינטערעסנ האָבנ געפאָדערט אַנ איבעראַנדערשונג"[2]. אָבער אַפילע בא די דאָזיקע אומשטענדנ האָט דאָכ די געזעלשאַפטלעכע אופלעבונג פונ די 60-ער יאָרנ באַקומענ גאָר אַ נײַעמ פאַרנעמ אונ אַ נײַעמ, ביז דעמלט אומבאַקאַנטנ כאַראַקטער. די אופוואַכונג פונ די ברייטע מאַסנ, זייער אַרויסטריט אַפ דער געשיכטלעכער אַרענע, זייער אַקטיווער — דירעקטער אָדער אומדירעקטער — דרוק אַפ דער אָפיציִעלער „געזעלשאַפטלעכער מיינונג" — דאָס איז געווענ דאָס וויכטיקסטע אינ דער געזעלשאַפטלעכער אופלעבונג פונ די 60-ער יאָרנ.

מענדעלע איז דערצויגנ געוואָרנ אינ דער אַטמאָספער פונ דער דאָזיקער אופלעבונג, אונ דאָס האָט געלייגט אַ קענטלעכנ שטעמפל אַפ זײַנע באַגריפנ וועגנ „געזעלשאַפטלעכנ לעבנ". אינ די דאָזיקע באַגריפנ האָט זיכ געלאָזט דערקענענ, אַז מענדעלע איז דורכגעגאַנגענ די שול פונ די 60-ער יאָרנ, כאָטש באַ-

---

1 לענינ, ב. XV, ז. 109.

2 לענינ, ב. XV, ז. 97.

הערשט האָט מענדעלע ווײַט ניט אלצ, וואָס אזא שול האָט געקאָנט געבנ. אינ דער צײַט, וואָס די פאָרשטייער פונ דער רעוואָליוציאָנערער דעמאָקראַטיע (טשער-נישעווסקי) זײַנענ ארויסגעטראָטנ, לויט לענינס אויסדרוק, מיט דער „אידיי פונ קאמפ פונ די מאסנ פארנ אראָפּווארפנ אלע אלטע מאכטהאָבער"[1], האָט מענדעלע אינ די 60-ער יאָרנ ניט באנומענ די היסטאָרישע נויטווענדיקײַט, וואָס האָט גע-פאָדערט, אז דער קאמפ זאָל געפירט ווערנ קעגנ „אלע אלטע מאכטהאָבער". קעגנ איינ קאטעגאָריע „אלטע מאכטהאָבער", וואָס האָבנ באדריקט די ייִדישע פאָלקסמאסנ — קעגנ די אזויגערופענע „באלטויוועס" — האָט מענדעלע אינ די 60-ער יאָרנ שוינ געפירט אנ אנטשלאָסענעמ קאמפ. נאָר די דאָזיקע אנטשלאָסנ-קײַט האָט אימ פארלאָזט, ווי נאָר עס האָט זיכ געשטעלט די פראגע וועגנ דער באציִונג צו די טרעגער פונ דער צארישער מאכט, צו דער צארישער רעגירונג. בענעגייע דער דאָזיקער קאטעגאָריע „אלטע מאכטהאָבער" האָט מענדעלע געהאט א סאכ אילוזיעס. דאָס האָט אימ געפּענטעט אונ ניט געלאָזט זיכ דערנענטערנ צו דער פּאָזיציע פונ דעמ רעוואָליוציאָנערנ קאמפ פונ די מאסנ. ניט געקוקט אפ דעמ, האָט מענדעלע דאָכ ניט איבערגעריסנ זײַנ קאָנטאקט מיט דער אופוואכנדי-קער מאסע, אונ דער דאָזיקער קאָנטאקט האָט ניט איינ מאָל ארויסגעהאָלפנ מענ-דעלענ אינ גאנג פונ זײַנ אידעאָלאָגיש-קינסטלערישער אנטוויקלונג. פונדאנענ האָט מענדעלע געשעפּט די איניציאטיוו צוצוגיינ נאָענט צו די הארבסטע סאָציִ-אלע דערשײַנונגענ, פונדאנענ האָט אויכ געשטאמט דער פאקט, אז אינ דער קאָנקרעטער קינסטלערישער פארקערפּערונג פונ די דאָזיקע דערשײַנונגענ איז מענדעלע גאנצ אָפט געגאנגענ א סאכ ווײַטער, איידער דאָס האָט דערלויבט זײַנ טעאָרעטישע „פּראָגראמ".

2

מענדעלע איז אינ דער ייִדישער ליטעראטור געווענ דער ערשטער, ווער עס האָט זיכ באפרײַט פונ דער פארגלייבטקײַט אינ דער פירנדיקער קראפט פונ דער בורזשואזיע. אינ דער צײַט, ווענ א גאנצע ריי ייִדישע בירגערלעכע שרײַבער האָבנ זיכ נאָכ ארומגעטראָגנ מיט דעמ גלויבנ אינ דער וועגווײַזערישער ראָליע פונ דער בורזשואזיע, האָט מענדעלע אינ זײַנע קינסטלערישע ווערק באוויזנ, אז קיינ שומ רעכט צו פּרעטענדירנ אפ אזא ראָליע האָט די ייִדישע בורזשואזיע ניט. אונ דאָס האָט טאקע געבראכט צו באשטימטע רעזולטאטנ. אייניקע פאָר-שטייער פונ דער בירגערלעכער פּרעסע, וואָס האָבנ בייס מענדעלעס ערשטנ אופטריט אינ דער ליטעראטור נאָכ ארויסגעוויזנ א געוויסע טענדענצ זיכ צו סאָלידאריזירנ מיט אימ, האָבנ שוינ אינ יאָר 1869, באלד נאָכנ דערשײַנענ פונ דער „טאקסע", געאײַלט זיכ וואָס גיכער צו דעמאָנסטרירנ זייער אומצופרידנקײַט מיט דעמ כאראקטער, וואָס עס נעמט אָנ מענדעלעס שאפנ.

אזוי האָט א. צעדערבוימ, דער רעדאקטאָר פונעמ „קול מבשר", אינ דער רעצענזיע וועגנ מענדעלעס „טאקסע", אינ יאָר 1869 מיט גרויס אופגעבראכטקײַט געשריבנ:

1 לענינ, ב. XV, ז. 144.

„כוישעד זײַן, אַז אַלע לײַטישע גווירים פון פאַרשײדענע ריכטונגען זאָלן זײַן אײן קנופּיע, אַלע אײנײנעם באַראַבעווען און באַגאַנווענען די שטאָט, די טאַקסע און אַלע כעוורע-געלטער — דאָס איז אין אונדזערע אויגן איבער-טריבן”[1]...

דער רעדאַקטאָר פונעם „קול מבשר” האָט זיך געפּלײַסט צו איבערצײַגן די לײענער, אַז אין מענדעלעס „טאַקסע” איז פאַראַן „איבערטרײַבונג”, אָבער די זעלבע קלוימערשטע „איבערטרײַבונג” איז דאָך, אײגנטלעך, געווען אויך אינעם „קלײנעם מענטשעלע”. אויך דאָרטן האָט זיך געהאַנדלט ניט וועגן אײנעם אַן איסער וואַרגער, נאָר וועגן אַ גאַנצער „קנופּיע”, וועלכע פּרעטענדירט אָפּ אַ פירנדיקער ראָליע אין דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן פון דער שטאָט גלופּסק.

מיט וואָס פאַר אַ סאַרקאַזם זײַנען פול אין „קלײנעם מענטשעלע” די אויס-געצײכנטע סצענעס, ווו מענדעלע שילדערט די גלופּסקער נגידים באַם אויס-הערן די לעבנס-באַשרײַבונג פון אווראָם-יִצחאָק טאַקיפּ. מענדעלע אַטאַקירט דאָ אָפן שאַרפסטן אופן די אָפּיציִעלע „געזעלשאַפטלעכע מײנונג”, וואָס די דאָזי-קע נגידים פאַרטרעטן, און אַנטקעגן איר שטעלט ער אַרויס אַן אַנדער מין געזעלשאַפטלעכע מײנונג, די, וואָס דריקט אויס די באַגערן און פאַרלאַנגען פון דער אָרעמשאַפט.

דער ערשטער אין דער ייִדישער ליטעראַטור הײבט מענדעלע אָן פירן אַ קאַמף פאַר דער דעמאָקראַטיזירונג פון דער „געזעלשאַפטלעכער” מײנונג. און מיט וואָס פאַר אַ שטאַנדהאַפטיקײט ער פירט דעם דאָזיקן קאַמף! אַמבעסטן לאָזט זיך דאָס זען אין מענדעלעס צוגאַנג צו זײַן מערקווירדיקן פּערסאָנאַזש, וואָס פיגורירט אונטערן נאָמען מענדעלע מויכער-ספָרים. ווען מע קוקט זיך צו נעענטער צו דער דאָזיקער געשטאַלט, זעט מען, אַז אָט דער אָרעמער מויכערספָרימניק, וואָס וואַנדערט פון שטאָט צו שטאָט, איז דער טרעגער פון יענער נײַער „געזעלשאַפט-לעכער מײנונג”, פאַר וועלכער עס קעמפט מענדעלע. די געשטאַלט פון מענדעלע מויכער-ספָרים האָט אַלעמאָל אינעם ווערק אַ גאַנץ באַשטימטע פונקציע: די דאָזיקע געשטאַלט פאַרקערפּערט אין זיך באַ אַלע אירע שטריכן, וואָס פאַרבינדן זי מיט דער פאַרגאַנגענהײַט, דעם אופוואַכנדיקן, פון טאָג צו טאָג שטײַגנדיקן זעלבסטבאַוווסטזײַן פונעם פאָלקס-מענטש. דערמיט דערקלערט זיך דעם אוטאָרס אָפענע סימפּאַטיע פאַר דער דאָזיקער געשטאַלט. דורך איר איז באַוויזן געוואָרן מענדעלעס טיפער אינטערעס צו דעם אופוואַכונגס-פּראָצעס, וואָס קומט פאָר אין דער טיף פון פאָלק.

אין יאָר 1872, ד.ה. קימאַט גלײַכצײַטיק מיטן דערשײַנען פון מענדעלעס „קליאַטשע”, האָט א.-מ. דיק אין אַ פאָרעדע צו זײַנעם אַ בוך געשריבן[1]:

„מיר האָבן עס איבערגעזעצט פון פּויליש אין ייִדיש-דײַטש מיר האָבן עס אָבער זײער פאַרקירצט... ווײַל די איבעריקע איז מער פּאָליטיש (פּאָליטי-טשעסקע), אַלס היסטאָריש — וואָס אונדזער ייִדישעס פּובליקום (אוילעם) האָט נאָך דערפאַר קײן געשמאַק און ווערט זיך אַזוי דערבײַ מער לאַנגווײַלן אַלס פאַרגע-ניגן”...

1 „קול מבשר”, 1869, נומ. 24.

2 א.-מ. דיק, „דער ייִדישער סטודענט יוזעף קסעמעניצקי”, ווילנע, 1872.

א.-מ. דיקס פּאָרעדע איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר די גערווינהייטן, וואָס האָבן געהערשט אין א געוויסן טייל יידישער ליטעראַטור אין די 60-ער—70-ער יאָרן. די מוירע פאַר אַלץ, וואָס זעט אויס צו זיין „פּאָליטישעסקע", איז בא דער מערהייט בירגערלעכע שרייבער פון יענער צייט געווען אַזוי גרויס, אַז דאָס ווייכן פון פּאָליטישע פּראָבלעמעס האָט געקומען גילטן ווי א מין „ליטעראַ-טור-געזעץ", וועלכן מע האָט געפּרוווט צו באַרעכטיקן דערמיט, וואָס די ברייטע פאָלקסמאַסע האָט נאָך קלוימערשט „דערפאַר קיין געשמאַק".

מענדעלעס „קליאַטשע" איז בא אַלע באַגרענעצונגען, וואָס מיר קאָנען קעגן איר אויסזעצן, געווען דער ערשטער אַנטשלאָסענער אַרויסטריט אין דער יידישער ליטעראַטור קעגן אָט די אײַנריידענישן פון יענער צייט. זייענדיק טיף איבערצייגט, אַז דער מאַסן-לייענער האָט אַן אָרגאַנישן אינטערעס צו פּאָליטיש-געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמעס, האָט מענדעלע אוועקגעשטעלט דאָס, וואָס דיק רופט אָן „פּאָליטישעסקע", אין צענטער פון עם ווערק, און דאָס איז געווען א באַשטעטיקונג פון מענדעלעס גלויבן אין עם אופוואַכנדיקן פאָלק.

זייענדיק אַזוי שטאַרק צוגעבונדן צו דער פאָלקסמאַסע און האָבנדיק אַזא גלויבן אין אירע פאַרבאָרגענע קויכעס, איז מענדעלע דאָך געווען ווייט פון אידעאַליזירן די דאָזיקע מאַסע. מענדעלע האָט אין אָט דער הינזיכט אַרויסגעוויזן א פולשטענדיקע גרייטקייט זיך צו סאָלידאַריזירן מיט דאָבראָליובאָוון און טשערנישעווסקין, וואָס האָבן דעמלט געפירט א שאַרפן קאַמף קעגן דער אידעאַליזאַציע פון די פאָלקס-געשטאַלטן אין דער רוסישער ליטעראַטור.

„שוין א צייט, ווי די קריטיק האָט אָנגעהויבן באַמערקן, — האָט געשריבן טשערנישעווסקי, — אַז אין די דערציילונגען און פאַרצייכענונגען פון דעם פאָלק-שטייגער ווערן סיי די כאַראַקטערן, סיי די מינהאָגים, סיי די באַגריפן שטאַרק אידעאַליזירט... קיין איין האַרט וואָרט, קיין איין טאַדלענדיק וואָרט. אַלע כעסרוינעס ווערן פאַרבאַהאַלטן, פאַרטושירט, פאַרשמירט, עס ווערט געשטעלט דער טראָפּ נאָר אױף דעם, אַז דאָס פאָלק איז אומגליקלעך, אומגליקלעך, אומגליקלעך..."

טשערנישעווסקי טרעט דאָ אַרויס קעגן טורגעניעוון און גריגאָראָוויטשן, וואָס האָבן צו יענער צייט געגעבן א גאַנצע ריי אַזעלכע אידעאַליזירטע שילדערונגען פון דעם „פאָלק-שטייגער". אַלס מוסטער שטעלט טשערנישעווסקי אַרויס די פאָלק-שילדערונג, וואָס איז פאַראַן אין די ווערק פון אייניקע „ראַזנאָטשיניִשע" שרייבער, באַזונדערס בא ניקאָליי אוספּענסקין, וועלכער האָט אין זיין רעאַליסטישער שילדערונג באַוויזן „טיף אַרייַנצוקוקן אין דעם פאָלקס-לעבן און בוילעט אויסצומאָלן די גרונטלעכע סיבע, פאַרוואָס אָט דאָס לעבן גייט אַזא שווערן גאַנג".

מענדעלע איז ניט געבליבן אָן א זייט פון אָט דער וויכטיקער דערשיינונג אין דער רוסישער ליטעראַטור פון די 60-ער יאָרן — דעם קאַמף קעגן דער אידעאַליזירטער שילדערונג פון דעם פאָלקס-לעבן. ניט געקוקט דערויף, וואָס אין מענדעלעס ערשטע ווערק האָבן ערטערווייז זיך געלאָזט דערקענען געוויסע רעשטן פון בורזשואַז-ליבעראַלן געדאַנקענגאַנג, איז דאָך מענדעלע פריי פון יענער ליבעראַלער „פאָלקס-ליבע", וועלכע גייט באַנאַנד מיט דער שטענדיקער מוירע זיך צו באַגעגענען מיט דעם עמעסן פאָלק און טראָגט דעריבער צו אָנ-

שטאָט רעאַליסטישער שילדערונג א געקינצלטע אידיליע פון קלוימערשטעטדיקן פאָלקס-לעבן. אין מענדעלעס שילדערונג פונעם פאָלק איז אזא מין אידיליע ניט געווען. מענדעלע האָט דאפקע געהאלטן פאר זיין כויוו פון ווערק צו ווערק צו פארצייכענען די נעגאטיווע שטריכן אין דער אָפּגעשטאנענער און דורערסלאנג פארשקלאפטער מאסע.

„די באציִונג פון דער געזעלשאפט צום פאָלק, — האָט געשריבן אין יאָר 1860 דאָבראָליובאָוו, — איז געוואָרן א סאך ערנסטער, זי איז געוואָרן א ביסל מער באזיניקט. דאָס דערקלערט זיך פּאָשעט מיט דעם פאָרגעפיל פון דער טעטי-קער ראָליע, וועלכע ווערט צוגעגרייט פארן פאָלק אין דער גאָר ניט ווייטער צוקונפט. אין צוזאמענהאנג דערמיט האָבן זיך באוויזן אויך אנדערע דערציילונגען פונעם פאָלק-שטייגער, וואָס זיינען געשריבן שוין גאָר אפ אן אנדער אויפן איידער די, וועלכע פלעגן דערשיינען פריִער"...

מענדעלעס ווערק, וואָס האָבן געגעבן אן אָביעקטיווע און ניכטערע שיל-דערונג פון דעם פאָלקס-לעבן, אנטבלויזנדיק צומאָל די שווערסטע ווונדן, האָבן אָן שום ספק געהערט צו דער קאטעגאָריע „דערציילונגען פונעם פאָלק-שטיי-גער", וועלכע דאָבראָליובאָוו האָט דעמלט אזוי הייס באגריסט. ווי קריטיש עס האָט צומאָל ניט אויסגעזען מענדעלעס באציִונג צו די אָדער יענע פאָלקס-גע-שטאלטן, האָט דאָך בא מענדעלען שטענדיק זיך געלאָזט הערן דער טיפער גלוי-בן אינעם פאָלק, עס האָט זיך געלאָזט הערן דער „פאָרגעפיל פון דער טעטיקער ראָ-ליע, וועלכע ווערט צוגעגרייט פארן פאָלק אין דער גאָר ניט ווייטער צו-קונפט".

מענדעלעס ווערק האָבן געוועקט יענע ערנסטע באציִונג צום פאָלק, וועגן וועלכער עס רעדט דאָבראָליובאָוו. און דאָס איז געווען איינע פון די גרונט-סיבעס, פארוואָס מענדעלעס שאפן האָט אין די 60-ער — 70-ער יאָרן באקומען אזא גרויסן געזעלשאפטלעכן רעזאָנאנס. מענדעלעס ווערק האָבן ווירקלעך אָנגעהויבן ווערן א „פערמענט פון דער געזעלשאפטלעכער מיינונג", לויט מענדעלעס אויס-דרוק. די אידעאָלאָגיש-קינסטלערישע איינשטעלונג, וועלכע מענדעלע האָט בא-צייכנט ווי „מיין ריכטונג אין דער יידיש-זשארגאָנישער ליטעראטור", האָט אָנ-געהויבן באווירקן א גאנצן ברייטן קריַיז שרייבער, וואָס זיינען דורכגעגאנגען מענדעלעס שול און האָבן ווייטער אנטוויקלט די מאָטיוון פון מענדעלעס שאפן. דער באגריף פון מענדעלעס „ריכטונג" האָט אָנגעהויבן גילטן ניט בלויז ווי די באצייכענונג פון מענדעלעס ליטעראַרישן וועג, נאָר ווי די באצייכענונג פון דעם וועג, מיט וועלכן עס גייט אין די 60-ער—70-ער יאָרן דער גרעסטער טייל פּראָגרעסיוו געשטימטע יידישע שרייבער. דער דאָזיקער פּראָצעס, וועגן עס הייבט זיך אָן אויספורעמען מענדעלעס „ריכטונג", איז ביז אהער נאָך ווייניק אויסגע-פאָרשט געוואָרן. מיר האלטן דעריבער פאר נייטיק דאָ צו ברענגען אייניקע מא-טעריאַלן, וואָס ווארפן א שיין אפ דער אויסבילדונג פון מענדעלעס „ריכטונג" אין דער יידישער ליטעראטור פון די 60-ער—70-ער יאָרן.

## 2. לינעצקי און מענדעלעס „ריכטונג"

### 1

אין יאָר 1869 האָט איינער אַן אומבאַקאַנטער מעכאַבער אָפּגעדרוקט אין „קול מבשר" אַ גרעסערע פֿאַרצייכענונג מיטן נאָמען „אַ געשפּרעך אַף דער אײַזנבאַן", ווו ער האָט זיך אונטערגענומען צו באַשרײַבן די מאָדנע פֿאַרשוינען, וועלכע מע טרעפֿט אין באַן, אַז מע פֿאָרט איבער דעם אַזויגערופֿענעם יידישן „טכום". אינטערעסאַנט איז דאָ די האַקדאָמע פֿונעם אומבאַקאַנטן אַווטאָר. ער שרײַבט:

„ווער עס וויל זיך אַ טײַנעג אָנטאָן, זאָל פֿון דער ערשטער אָדער צווייטער קלאַסע אַף אַ ווײַלע אַרײַנגיין אין דער דריטער קלאַסע, וועט ער הערן אָפּט מער אינטערעסאַנטע געשפּרעכן צווישן אונדזערע יידעלעך, ווי אונטער דער שטײַפֿער געזעלשאַפֿט אין די וואַגאָנעס ערשטע און צווייטע קלאַסע, ווו די פּאַ-סאַזשירן בלאָזן זיך טכילעס איינער קעגן דעם אַנדערן, און, ביז מע מאַכט באַ-קאַנטשאַפֿט, דאַרף מען שוין אויסשטײַגן. אויך טרעפֿט מען ניט אימער גלײַכע מענטשן, און יעדער וויל ניט אָפּטרעטן פֿון זײַן עגאָיִזמוס. אַנדערש איז עס אין דער דריטער קלאַסע. דאָ, ווער שמועסט אונטער יידעלעך, גייט עס ראָש, קוים זעצט מען זיך, ווערט מען באַלד אַ שמעלקע און מע אונטערהאַלט זיך שוין, יעדער ווייסט שוין פֿונוואַנען דער אַנדערער איז, וווהין ער פֿאָרט און וואָס זײַן געשעפֿט איז, וואָרעם דאָס איז דאָס ערשטע און דערפֿון קניפּט זיך איין גע-שפּרעך אָן דעם אַנדערן"[1].

אין די דאָזיקע שורעס, וואָס דערמאָנען אונדז אָן שאָלעם-אַליכעמס „אײַזן-באַן-געשיכטן", האָבן מיר פֿאַר זיך זייער אַן אינטערעסאַנטן דאָקומענט פֿון די 60-ער יאָרן. דעם אַווטאָרס רייד וועגן „דריטע קלאַסע" האָבן געשטאַמט ניט פֿון אַ צופֿעליקן פּעליעטאָניסטישן אײַנפֿאַל, זיי זײַנען אַף דורך און דורך געווען פֿאַרבונדן מיט די באַגעגענישן, וועלכע דער אַווטאָר האָט געהאַט בײַס זײַן רײַ-זע איבער דעם יידישן „טכום". אָבער ניט נאָר אין אַזעלכע אויסטערלישע רײַזע-אומשטענדן האָט דער שרײַבער פֿון די 60-ער יאָרן זיך אָנגעשטויסן אַף דער פּראָבלעם פֿון דער „דריטער קלאַסע". די דאָזיקע פּראָבלעם האָט זיך געשטעלט פֿאַר דעם שרײַבער פֿון די 60-ער יאָרן באַ די סאַמע פֿאַרשיידנסטע אומשטענדן, ווי נאָר ער האָט געפּרוווט ערנסט זיך צוקוקן צו די פּראָצעסן, וואָס קומען פֿאָר אין דער יידישער סוויווע.

עס איז געוויס סימפּטאָמאַטיש, וואָס אין יאָר 1864, נאָך ערעוו דעם דער-שײַנען פֿון מענדעלעס „קליינעם מענטשעלע", באַווײַזט זיך אין דער עפֿנטלעכ-קײַט, אַלס אַ באַזונדער ביכל, אַ פּאָעמע, וואָס נעמט זיך אונטער צו דערציילן די געשיכטע פֿון אַ „כעוורע מעשטשאַנעס קאַפּצאָנים", וועלכע האָבן באַשלאָסן פּאָטער ווערן פֿון די נעגידים און אַליין איבערצונעמען די ראָליע פֿון „שטאָט-רעגירער". דער אַווטאָר פֿון דער פּאָעמע (זי האָט געהייסן „דער קאָמיטעט פֿון מעשטשאַנסקע אָבשטשעסטווע") איז געווען אַ גאַנץ באַשיידענער מיטאַרבעטער

[1] „קול מבשר", 1869, נומ. 30.

פון „קול מבשר" מיטן נאָמען מיכל ווישנעווסקי, אָבער אויך ער האָט, קאָנ-טיק, ניט געקאָנט פאַרדעכן דאָס, וואָס עס קומט פאָר אין דער „דריטער קלאַסע". ווישנעווסקיס באַציִונג צו דער „דריטער קלאַסע" איז גאָר ווייט פון סימפּאַטיע. ער איז גרייט צו אירָאָניזירן איבער די „מעשטשאַנעס קאַפּצאָנים", טיילמאָל הערט זיך בײַ ווישנעווסקין אַפּילו אַן אויסגעשפּראָכענער ביטל-טאָן. אָבער אויך מיכל ווישנעווסקי קאָן ניט פאַרשווײַגן דעם פאַקט, אַז די „דריטע קלאַסע" איז באַ-הערשט פון אַ געוויסן אומרו, אַז זי הייבט אָן מיט אָפענע אויגן קוקן אויף דעם אומרעכט, וואָס הערשט אין דער אַרומיקערווירקלעכקייט. אַזוי הערן מיר, ווי איינער פון די „מעשטשאַנעס קאַפּצאָנים" רעדט מיט אַ פּראָטעסטירנדיקן טאָן:

מע קלײַבט אָבער גאַבאָים און נעמאָנים
נאָר פון די, וואָס זיי שפּילט דאָס מאַזל,
מעשטשאַנעס, זאָגט מען, זײַנען קאַפּצאָנים,
ווו זיי קערן זיך, איז שלים-שלימאַזל.

זאָגט אונדזער ברודער עפּעס אַ וואָרט,
הערט מען אים ניט פאַר אַ פּיטאַק,
מע בעט אים מעכילע פון זײַן אָרט,
און ער כאַפּט נאָך אָפּט אַ סטוסאַק.

טרעפט זיך אָבער אַזוינע איניאָנים,
ווו מע דאַרף די נעגידים העלפן פון אַ צאָרע,
מאַכן זיי פאַר אונדז אַ קרום פּאָנעם,
ווי פאַר דעם גוטן-יידן די אַקאָרע.

אָט, לעמאָשל, איינער פון זיי וויל ראַטמאַנ זײַן,
ווערן מיר דאָך אויך צו די שאַרעס גענוצט,
מיר זאָלן דעם וויבאָר אָדאָבראַיען פײַן, —
האָט קאַרג רעב גערשן בײַ אונדז געשוויצט?

זיי קומען נאָר אויס מיט כניפע,
ביז מיר מאַכן זיי פאַר הארן.
זיי האַלטן עס נאָר פאַר אַ טרופע
אַבי אונדז אין זאַק אַרײַנצונאַרן.

הײַנט פאַרשטייט גוט מיט קאָפּ:
צו וואָס נוצן אונדז אַזעלכע זאַכן?
נאָך זייער דודקע צו שפּרינגען האָפּ,
זיי זאָלן פון אונדז נאָר כויזעק מאַכן?

ווי געזאָגט, האָט מ. ווישנעווסקי ווייניק אָפּשײַ פאַר די „מעשטשאַנעס קאַפּצאָנים", ער גלייבט זייער ווייניק אין דער באַדײַטנדיקייט פון דעם אופוואַ-כונג-פּראָצעס, וואָס קומט פאָר אין דער „דריטער קלאַסע".

גאָר אַן אַנדער באַציִונג צו דער שילדערונג פון דער „דריטער קלאַסע“ שטעלט אײַן מענדעלע. מענדעלע פאַרבינדט אַלע זײַנע האָפענונגען און פאַר־לאַנגען מיט דעם אויפוואַכונג־פּראָצעס, וואָס קומט פאָר אין דער ברייטער פאָלקס־מאַסע, און דאָס ווערט כאַראַקטעריסטיש פאַר דער גאַנצער „ריכטונג“, וואָס מענ־דעלע פאַרטרעט אין דער יידישער ליטעראַטור. אָנשליסנדיק זיך אָן מענדעלעס „ריכטונג“ האָט געהייסן ניט בלויז קאָנסטאַטירן דעם פאַקט, אַז אין די ברייטע פאָלקסמאַסן קומט פאָר אַ באַשטימטער אויפוואַכונג־פּראָצעס, — דאָס האָט געהייסן אויך סאַמע אַקטיוו אויפן שטיצן דעם דאָזיקן פּראָצעס, העלפן דעם פאָלקס־מענטש אַראָפּצוּוואַרפן פון זיך דעם שווערן יאָך. אַזוי האָט פאַרשטאַנען זײַן באַ־רוף יעדער איינער פון די שרײַבער, וואָס זײַנען צוגעגאַנגען נאָענט צו מענדע־לעס „ריכטונג“. אָבער דער ערשטער, וועלכער האָט מיט ווערדע גענומען טראָגן אָט דעם הויכן באַרוף, איז אָן שום ספק געווען י.־ל. לינעצקי.

2

אין 1869 יאָר האָט לינעצקי אָפּגעדרוקט אין „קול מבשר“ אַן אַרטיקל, וווּ ער האָט צום ערשטן מאָל געפּרוּווט פאָרמולירן זײַנע ליטעראַרישע אָנשויונגען. דער אַרטיקל איז געשריבן, ווי געוויינלעך בײַ לינעצקין, אין אַ טאָן פון אַ וויצלדיק־איראָנישן שמועס מיטן לעזער. עס ווערט דאָ אָבער געמאַכט אַן ערנס־טער פּרוּוו אָנצומערקן די אויפגאַבעס, וואָס שטייען פאַרן יידישן שרײַבער. און פאָרמולירט ווערן די דאָזיקע אויפגאַבעס אין לינעצקיס אייגנאַרטיקער שפּראַך אַזוי:

„אַ קריטיקע אויפן רעבן, אַ לאַך פון די חסידים, אַ שפּאָט פון אונדזערע נאַרישע איבערצײַגונגען, אַ צופּ די פאַלשע אַריסטאָקראַטן, אַ קניפּ די לײַוונטענע זעק מיט קערבלעך, אַ שמײַס די אומזיסטיקע קאָהאָל־פרעסערס, אַ שנײַד די פּוילישע שאַדכאָנים, אַ רײַב די פאַרזיכערטע שקאָנטיסטן, אַ וויין אויף דעם נידע־ריקן שטאַנד, אַ קרעכץ אויף זייערע גאָלדענע טאַלאַנטן, וואָס ווערן אומזיסט פאַרפאַלן, אַ זיפץ אויף זייער אומקאָוועד, וואָס זיי האָבן פון אַלע זײַטן“...

ס׳איז קלאָר, אַז דאָ האָבן מיר פאַר זיך אַ ליטעראַרישע פּראָגראַם, וואָס גייט אַ סאַך ווײַטער, איידער לינעצקי איז געגאַנגען אין יאָר 1867 אין זײַן ערשטן וואַריאַנט פון „פּוילישן יינגל“. אויב דאָרטן, אין „פּוילישן יינגל“, איז די פּראָב־לעם פון „נידעריקן שטאַנד“ ווייניק־וואָס פאַרבונדן געוואָרן מיט דער פּראָבלעם פון די „אומזיסטיקע קאָהאָל־פרעסערס“, אויב פריִער האָט לינעצקי ווייניק־וואָס פאַר־טראַכט זיך אויף דעם גורל פון דעם פאָלקס „גאָלדענע טאַלאַנטן, וואָס ווערן אומזיסט פאַרפאַלן“, אויף „זייער אומקאָוועד, וואָס זיי האָבן פון אַלע זײַטן“, — ווערט עס איצט איינע פון די גרונט־פראַגן, וואָס אויף זיי ווענדעט לינעצקי זײַן אויפמערקזאַמקייט.

ס׳איז געוויס קיין צופאַל ניט, וואָס אַרויסגעטראָטן מיט אָט דער פּראָגראַם איז לינעצקי אין יאָר 1869, דעם יאָר, ווען מענדעלע האָט פאַרעפנטלעכט „די טאַקסע“ און „פישקע דעם קרומען“. ס׳איז קיין ספק ניט, אַז מיט די אויבן ציטירטע שורות פון זײַן אַרטיקל איז לינעצקי אויסן געווען זיך סאָלידאַריזירן מיט די לאָזונגען, וואָס האָבן דורכגעקלונגען אין מענדעלעס נײַסטע ווערק, אויסן געווען צו זאָגן, אַז ער שליסט זיך אָן אין מענדעלעס „ריכטונג“, וואָס

האָט אינ יאָר 1869 שוינ אָנגעהויבנ אָנצונעמענ אזא קלאָרנ אונ דײַטלעכנ כאראק-טער. עס דארפ אָבער פארצייכנט ווערנ, אז אָט די טענדענצ זיכ אָנצושליסנ אָנ מענדעלעס „ריכטונג" האָט ליִנעצקי ארויסגעוויזנ ניט בלויז אינ ארטיקלענ. נאָכ מער דײַטלעכ טרעט ארויס די דאָזיקע טענדענצ אינ איינעם א קינסטלערישנ ווערק, וואָס ליִנעצקי האָט צו יענער צײַט אָנגעשריבנ,— דאָס איז די קאָמעדיע „וויבאָרעס". צוליב דער כאראקטעריסטיק פונ מענדעלעס „ריכטונג" אינ דער יִדישער ליטעראטור פונ די 60-ער—70-ער יאָרנ האלטנ מיר פאר נייטיק באקאנט צו מאכנ דעם לייענער מיט דער אינטערעסאנטער געשיכטע פונ אָט דעם ווייניק באקאנטנ ווערק ליִנעצקיס.

3

די „וויבאָרעס" האָט ליִנעצקי אָנגעהויבנ שרײַבנ נאָכ אינ יאָר 1869. שוינ דעמלט האָט ער אָפגעדרוקט אינ „קול מבשר" א דראמאטיש בילד מיטנ נאָ-מענ „א וויבאָר אפ א ראטמאנ"— אנ עסקיז צו דער שפּעטערדיקער קאָמעדיע „וויבאָרעס". ברייטער פאנאנדערארבעטנ דעמ דאָזיקנ עסקיז האָט ליִנעצקי דעמלט ניט געהאלטנ פאר נייטיק, געטאָנ האָט ער עס ערשט אינ די 70-ער יאָרנ, ווענ ער האָט אָנגעהויבנ ארויסצולאָזנ זײַנע באוווסטע זאמלונגענ („דער סטאטעק", „דער פריטשעפּע" אאוו.). אינ איינער פונ די זאמלונגענ, וואָס איז דערשינענ אונטערנ טיטל „דאָס מעשולאכעס— קארטינעס פונ יִדישנ לעבנ" (אָדעס, 1874) האָט ליִנעצקי אָפגעדרוקט די „וויבאָרעס", וואָס האָבנ איצט שוינ פאָרגעשטעלט מיט זיכ א פארגאנצטע קאָמעדיע אינ צוויי אקטנ.

ס'איז קעדײַ צו פארצייכענענ, אז אינ דער זעלבער זאמלונג „מעשולאכעס" האָט ליִנעצקי ארײַנגענומענ נאָכ א פאָר דראמאטישע בילדער, וועלכע ער האָט אינ יאָר 1869 אָפגעדרוקט אינ „קול מבשר" („א סצענע באמ סעראטשקער רעבנ", „א סצענע באמ טעדעראדעווקער ראָוו"), אָבער קיינ איינע פונ אָט די „סצענעס" האָט ליִנעצקי אינ יאָר 1874 ניט געהאלטנ פאר נייטיק איבערצוארבעטנ אונ אנטוויקלענ אינ א גרעסערער זאכ. אנ אויסנאמ איז אינ דער הינזיכט גע-ווענ בלויז „א וויבאָר אפ א ראטמאנ". ליִנעצקי איז געווענ איבערצײַגט, אז די טעמע „וויבאָרעס" פארדינט א ברייטערע אונ טיפערע באהאנדלונג.

באשעפטיקט האָט מענ זיכ מיט דער דאָזיקער טעמע אינ דער דעמלטדיקער יִדישער ליטעראטור גאנצ אָפט. מענדעלע האָט נאָכ אינ זײַנ ערשטנ באדײַטנ-דיקנ ווערק, אינ „דעמ קליינעמ מענטשעלע", געפרווּט ווענדנ די געזעלשאפט-לעכע אופמערקזאמקײַט אפ דעמ איניענ „וויבאָרעס". נאָכאמאָל קערט זיכ מענ-דעלע אומ צו די „וויבאָרעס" אינ דער „קליאטשע". דעמ זעלבנ אינטערעס צו דער דאָזיקער טעמע האָבנ ארויסגעוויזנ אויכ אייניקע אנדערע שרײַבער, וואָס האָבנ זיכ באהעפט אָנ מענדעלעס „ריכטונג". אזוי, לעמאָשל, האָט ש. בערנשטיינ אינ זײַנע פארצייכענונגענ וועגנ דער שטאָט פאָדלאָוויצ געגעבנ א ספּעציעל קאפּיטל די „וויבאָרעס" (1871). אויכ גאָלדפאדענ שרײַבט אינ יאָר 1871 א וואָדעוויל „די וויבאָרעס פונ א גובערנסקי ראָוו" [1].

1 לאָמיר דאָ, אגעוו, פארצייכענענ, אז איינס פונ שאָלעמ-אלייכעמס פריִקע ווערק איז אויכ געווענ געווידמעט דעמ איניענ „וויבאָרעס".

פאַר לינעצקין האָט די טעמע „וויבאָרעס" געהאַט נאָך אַ באַזונדערע צו־ציִונגס־קראַפט: זי האָט געגעבן אים די מעגלעכקייט זיך אָרויסצורייסן פון דעם ענגן קרייז אַנטיכסידישע מאָטיוון, מיט וועלכע ער האָט ביז דעמלט זיך באַשעפ־טיקט. ס'איז דעריבער פאַרשטענדלעך, וואָס ער האָט אַזוי גערן זיך אָנגעכאַפּט אָן דער טעמע „וויבאָרעס" און האָט באַשלאָסן איבערצואַרבעטן די מיניאַטיור „אַ וויבאָר אַפּ אַ ראַטמאַן" אין אַ גרעסער ווערק.

לינעצקי האָט אין זיין איבעראַרבעטונג צוגעגעבן אַ גאַנצן אַקט. אין דעם וואַריאַנט פון 1869 (מיר וועלן אים באַצייכענען: ערשטער וואַריאַנט) הייבט זיך אָן די האַנדלונג דירעקט מיט דער פּראָצעדור פון די וואַלן. אין דעם ניי־צוגע־שריבענעם אַקט שילדערט לינעצקי, וויאַזוי די „שטאָט־באַלעבאַטים" הייבן אָן באַ־צייטנס זיך גרייטן צו די וואַלן. עס גייען דורך פאַר אונדז סיי די קאַנדידאַטן אַפּ דעם ראַטמאַן־פּאָסטן, סיי זייערע מיטהעלפער, וואָס ווערן געשילדערט מיט אַ פאַרניכטנדיקן סאַרקאַזם. לינעצקי האַלט זיך דאָ בא דעם מוסטער פון מענדעלעס „טאַקסע". ער שילדערט די „שטאָט־באַלעבאַטים" ניט ווי אָפּגעזונדערטע איינצל־פיגורן, נאָר ווי אַ גאַנצע „קנופּיע". דער ניי־צוגעגעבענער אַקט ווייזט אונדז די דאָזיקע „קנופּיע" אין איר טאָגטעגלעכער פּראַקטיק, עס ווערט דעמאַסקירט די ברוטאַלקייט און נידערטרעכטיקייט פון אַלע אירע מעשים.

און דאָך ליגט דער שווערפּונקט פון דעם ניי־צוגעגעבענעם אַקט ניט אין דער שילדערונג פון די „שטאָט־באַלעבאַטים". וואָרעם ווי שטאַרק לינעצקי האָט דאָ ניט פאַרברייטערט די שילדערונג פון די קאָהאָלשע רעדלפירער, קיין פּרינצי־פּיעלע נייס איז עס אין פאַרגלייך מיטן ערשטן וואַריאַנט פון די „וויבאָרעס" ניט געווען. פּרינציפּיעל ניי איז געווען די שילדערונג פון דער צווייטער גרופּע געשטאַלטן, וועלכע לינעצקי האָט אַריינגעפירט אינעם נייעם אַקט — דאָס זיינען די געשטאַלטן פון די האָרעפּאַשניקעס.

4

אין ערשטן וואַריאַנט פון די „וויבאָרעס" זיינען די געשטאַלטן פון די האָ־רעפּאַשניקעס געווען פאַרטראָטן בלויז מיט אַ פּאָר צופעליקע רעפּליקעס. דער „צעכ" האָט דאָ פיגורירט אייגנטלעך בלויז אין דער אַווטאָרשער רעמאַרקע, וווּ עס איז געווען אָנגעגעבן: „אַ פולער בעסמעדרעש מיט באַלעבאַטים, קאָהאָלס־לייט, דער שניידערשער צעכ און אַנדערע באַלמעלאָכעס". ווייטער פון אָט־אָ דער רעמאַרקע איז לינעצקי אין יאָר 1869 ניט געגאַנגען. גאָר אַנדערש האָט עס געזאָלט זיין אין דעם צווייטן וואַריאַנט פון די „וויבאָרעס". דער „צעכ" האָט דאָ שוין געזאָלט פאַרנעמען דאָס צענטראַלע אָרט, די געשטאַלטן פון די באַלמעלאָכעס האָבן דאָ געזאָלט אַרויסטרעטן אַלס אַקטיוווסטע אָנטיילנעמער פון דער האַנדלונג.

פונוואַנען האָט זיך בא לינעצקין גענומען אין יאָר 1874 אָט דער שטאַרקער אינטערעס צו די געשטאַלטן פונעם „צעכ"? געוויס האָבן מיר דאָ צו טאָן מיט אַ דערשיינונג, וואָס איז פאַרבונדן מיט דער אַלגעמיינער עוואָליוציע, וועלכע לינעצקי מאַכט דורך צו יענער צייט. די 70־ער יאָרן — דאָס איז די צייט, ווען לינעצקיס געדאַנקענגאַנג הייבט אָן גאַנץ אָפּט זיך קערעווען אַלץ נעענטער צו

די ראדיקאלע אידייען פון דער „ראזנאָטשיניִשער״ רוסישער ליטעראטור. ליִנעצקי הייבט אָן דאָ און דאָרט ארויסטרעטן אלס אויסגעשפּראָכענער דעמאָקראט, דער דעמאָקראטיזם זײַנער באקומט אפילע ווען-ניט-ווען א קעמפערישן כאראקטער. א גאנצן קלאָרן אויסדרוק האָבן די דאָזיקע דעמאָקראטישע שטימונגען ליִנעצקיס געפונען אין דעם זשורנאל „יִסראָליק״ (1875), וועלכן ער האָט ארויסגעגעבן אײנײיִעם מיט גאָלדפאדענען. נאָך מער דײַטלעך לאָזן זיך הערן די דאָזיקע שטי־מונגען אין די קלײנע זאמלונגען, וועלכע ליִנעצקי האָט ארויסגעגעבן אין די 70-ער יאָרן. אין אײנער פון אָט-אָ די זאמלונגען טרעט ליִנעצקי אין יאָר 1876 ארויס מיט זײַן פּראָגראם, וועלכע פאָדערט, אז דער שרײַבער זאָל זיך ווענדן צום „פּראָסטן פאָלק״, קעדײ „אים (דאָס פאָלק. נ. א.) ריידעווודיק מאכן, ער זאָל אָנהייבן פּרעטענדירן אפּ מענטש״.

„אָנהייבן פּרעטענדירן אפ מענטש״ האָט לויט ליִנעצקין געהייסן עפענען די אויגן אפּ דעם גרויסן סאָציִאלן אומרעכט, וואָס ווערט באגאנגען קעגן דעם „פּראָסטן פאָלק״, דאָס האָט געהייסן אראָפּוואַרפן פון זיך דעם יאָך פון די קנעכ־טישע געוווינהײַטן. „לאָז ער אָנהייבן פּראָטעסטירן קעגן זײַנע בלוטצאפּערס!״ — אָט דאָס איז דער רוף, מיט וועלכן ליִנעצקי ווענדט זיך אין די 70-ער יאָרן צו דעם „פּראָסטן פאָלק״.

די קאָמעדיע „וויבאָרעס״ איז געווען אײנס פון די ווערק, אין וועלכע לי־נעצקי האָט געפּרוווט פארווירקלעכן די פּראָגראם פון „ריידעוודיק מאכן״ דאָס פאָלק. שטעלנדיק זיך אלס ציל צו באקעמפן די קנעכטישע געוווינהײַטן, וואָס זײַנען ערטערווײַז נאָך פארבליבן אין „פּראָסטן פאָלק״, גיט אָפּ ליִנעצקי קימאט דעם גאנצן נײַעם אקט אפּ צו שילדערן דעם פּראָצעס, וויאזוי א גאנץ בינטל האָרעפּאשניקעס, מענטשן, וואָס האָבן געליטן פון דער שווערסטער אונטערדרי־קונג, לאָזן זיך פארנארן און פארפירן פון זייערע אונטערדריקער. בוכשטעבלעך פאר א לעק בראנפן, פאר א זופּ ווײַן ווערן אָט די „פּראָסטע, דערשלאָגענע ברידערלעך״ פארוואנדלט אין קנעכט, זיי פארגעסן אָן זייער מענטשלעכער ווער־דע און לאָזן זיך טרעטן מיט די פיס.

עמעס, ניט אלע האָרעפּאשניקעס, וואָס טרעטן אוף אין ליִנעצקיס „וויבאָ־רעס״, זײַנען אין דער זעלבער מאָס דורכגעדרונגען מיט האכנאָע און דערשלאָגנ־קײַט. פאראן צווישן ליִנעצקיס „צעכ״-פארשוינען אויך אײנער אזא, וואָס צו זײַן באוווסטזײַן איז שוין דערגאנגען דער געדאנק וועגן סאָציִאלן אומרעכט און וואָס דער דאָזיקער געדאנק לאָזט אים ניט רוען. אזא איז דער שנײַדער געדאליע כיק, וועלכער איז געניײגט צו ווידערשפּעניקײַט, ער טראָגט זיך ארום מיט א גאנץ היפּשער פארביטערונג קעגן די „שטאָט-באלעבאטים״.

געדאליע כיק טראָגט אין זיך עפּעס א פונק פון סאָציִאלן פּראָטעסט. די „שטאָט-באלעבאטים״ זײַנען אָבער גענוג קלוג און פארשטייען דעם דאָזיקן פונק אויסצולעשן מיט אן איבעריקן עמער ווײַן. פול מיט ביטערער איראָניע קלינגט דעריבער געדאליע כיקס לידל:

ווען איך בין ניכטער, זע איך ארויס,
אז די וועלט איז קאפּויר פון קאָפּ ביז די פיס,
דעריבער גײ איך נאָך דער מאשקע אויס,
זי ווײַזט מיר א וועלט גאָר צוקער-זיס...

ווײַטער פונ אָט דער ביטערער איראָניע, וואָס איז געווענדעט קעגנ אים אליינ, איז געדאליע כיק ניט אימשטאנד צו גיינ, אונ ער ווערט ארײַנגעצויגנ אינ דעם זעלבנ זומפּ פונ קנעכטישקײַט, אינ וועלכנ עס זינקענ אויכ די איבעריקע „צעכ"-געשטאלטנ בא ליניעצקינ.

5

אינ זײַנ ארטיקל וועגנ די דערציילונגענ פונעם „ראזנאָטשינישנ" שרײַבער סלאוווטינסקי, וואָס האָט אינ די 60-ער יאָרנ ארויסגעפירט א גאנצע גאלעריי פאָלקס-געשטאלטנ, האָט דאָבראָליובאָוו געשריבנ:

„ער (סלאוווטינסקי. ג. א.) קארגט ניט קיינ פארבנ אפ צו שילדערנ די שלעכטע זײַטנ זײַנע (דעם פאָלקס. ג. א.), ער באהאלט ניט אויס די דעטאלנ, וואָס זאָגנ איידעס וועגנ די שטארקע אונ ווילדע שטערונגענ, וואָס עס באגעגנט אינ אים (דעם פאָלק. ג. א.) א גוטע קאוואָנע אָדער א נוצלעכע אונטערנעמונג. אָבער ניט געקוקט דערופ, זײַנענ מיר זיכ מודע, דערוועקנ אינ אונדז סלאוווטינסקיס דערציילונגענ א סאכ מער אכטונג אונ מיטגעפיל צומ פאָלק איידער די לאקריצ-זיסע אידיליעס פונ די פריערדיקע דערציילער. יענע פלעגנ געוויינלעכ קוקנ אפנ פאָלק פונ דער הייכ פונ זייער גרויסקײַט. זיי האָבנ גרויסמוטיק זיכ באמיט צו פארשווײַגנ זײַנע פעלערנ אונ ארויסצושטעלנ בלויז די גוטע אייגנשאפטנ... איז עס אזוי אײַנגענעמ צו זענ אזא מוטיקע, אָפענע אונ שטרענגע באציִונג צומ פּראָסטנ פאָלק ווי די, וואָס איז אויסגעדריקט אינ סלאוווטינסקיס דערציילונגענ... דאָרט האָבנ מיר געהאט צו טאָנ מיט א גרויסמוטיקער אראָפּני-דערונג צומ פאָלק, דאָ — האָבנ מיר גלויבנ אינעמ פאָלק".

די דאָזיקע שורעס, וואָס כאראקטעריזירנ אזוי בולעט די אידייִשע אטמאָספער, אינ וועלכער עס האָט זיכ אנטוויקלט די רוסישע „ראזנאָטשינישע" ליטעראטור, קאָנענ אָנ שומ ספּעק דינענ אויכ באמ כאַראַקטעריזירנ דעמ געדאנקענגאנג פונ דעמ דעמאָקראטישנ פליגל אינ דער יִדישער ליטעראטור פונ יענער צײַט. דער גלויבנ אינעמ פאָלק האָט געהייסנ דעמ רוסישנ דעמאָקראטיש געשטימטנ שרײַבער ניט צו פארשווײַגנ די פעלערנ פונ דעמ פאָלקס-מענטש. דער זעלבער גלויבנ אינ פאָלק האָט אויכ דעמ יִדישנ דעמאָקראטיש געשטימטנ שרײַבער דיקטירט די טענדענצ אָביעקטיוו צו שילדערנ די נעגאטיווע שטריכנ, וואָס זײַנענ פארבליבנ אינ דער פסיכאָלאָגיע פונ די דוירעסלאנג פארשקלאפטע פאָלקסמאסנ. די דאָזיקע טענדענצ זעענ מיר זייער בולעט אויסגעדריקט אינ מענדעלענ, מיט דער זעלבער טענדענצ איז דורכגעדרונגענ אויכ ליניעצקיס קאָמעדיע „וויבאָרעס".

עמעס, ליניעצקיס קאָמעדיע איז ווײַט ניט גלײַכמעסיק געשריבנ. פונקט ווי דאָס טרעפט אינ אנדערע ווערק ליניעצקיס, אזוי זעענ מיר ערטערווײַז אויכ אינ די „וויבאָרעס", אז אָנשטאָט צו באהערשנ זײַנ קינסטלערישנ מאטעריאל ווערט ליניעצקי אליינ באהערשט פונ אימ. אינ גאנג פונ דער האנדלונג — באזונדערס אינ ערשטנ אקט — זעענ מיר, ווי ליניעצקי ווערט פארכאפּט פונ דער „לעצאָנעס-טרײַבערײַ", אונ מיר באקומענ דאָ אָנ עמעסע וואקכאנאליע פונ אומגעצוימטער, אומבאהערשטער ווערטלזאָגערײַ. מעגלעכ, אז דערפאר טאקע האָט ליניעצקי אינ צווייטנ

אקט שוין באמיט זיך צו שטילן דעם אימפעט פון די „צעכ״-פארשוינען און גע-געבן זיי בלויז געציילטע רעפליקעס. דער צווייטער אקט האָט, קאָנטיק, שוין געזאָלט דערמאָנען מער אָן דעם געוויינלעכן טיפ פון א „ליטעראַרישער״ פּיעסע אין דער צייט, וואָס דער ערשטער אקט האָט, לויט לינעצקיס קאוואָנע, מער געזאָלט זיין ענלעך צו א מין פאָלקס-שפּיל.

ס'איז קעדיי צו פארצייכענען, אז גראָד די עלעמענטן פון פאָלקס-שפּיל, וואָס זיינען פאראן אין לינעצקיס „וויבאָרעס״, האָבן ארויסגערופן א באזונדערן אינ-טערעס בא שאָלעם-אליי‏כעמען, וועלכער איז בי‏כלאל געווען באגייסטערט פון לי-נעצקיס קאָמעדיע. די באגייסטערונג זיינע האָט שאָלעם-אליי‏כעם ארויסגעדריקט סיי אין דער פּרעסע סיי אין זיינע בריוו צו לינעצקין. אין איינעם א בריוו שרייבט שאָלעם-אליי‏כעם:

„וואָס טו איך פון אייך בעטן, אדוני לינעצקי? נאָר א קלייניקייט: א בילד, א קארטינקע פונעם יידישן לעבן Из народного быта אפּ דעם שניט פון איי‏ערע „וויבאָרעס״. איך היט זיך פון כניפע. נאָר דאָ מוז איך אויסזאָגן מיין געשמאק, וואָס און וועלכעס געפעלט מיר אין דעם ארט שרייבן. ס'געפעלט מיר די פאָרטרעטן по Гейневскому און די פאָלקס-שפּראך по Щедринскому, און דאָרט, ווו איר שרייבט פון נאראָד [1], דאָרט זייט איר לינעצקי״...

אין א צווייטן בריוו שרייבט שאָלעם-אליי‏כעם ווידער:

„פון אייך קאָן איך בעטן אזא מין ארטיקל: סע זאָל זיין א סצענקע פונעם יידישן פּאָשעטן לעבן, נאָר א פריילעכס און א לעבעדיקס. אינעם ארט פון איי‏ערע „וויבאָרעס״ — איר געדענקט״...

ווי עס איז צו זען נאָך פון אייניקע שטעלן אין שאָלעם-אליי‏כעמס בריוו און ארטיקלען, האָט ער געשאצט די קאָמעדיע „וויבאָרעס״ מער פאר אלץ דער-פאר, וואָס לינעצקי „שרייבט פון נאראָד״ און דערביי באקומט זיך „א פריילעכס און א לעבעדיקס״. אין די „צעכ״-פארשוינען פון די „וויבאָרעס״ האָט שאָלעם-אליי‏כעם דערהערט עפּעס אן אָנזאָג אפּ זיינע אייגענע שפּעטערדיקע אמכאָ-גע-שטאלטן. און קיין טאָעס האָט דערביי שאָלעם-אליי‏כעם ניט געהאט. לינעצקיס קאָמעדיע „וויבאָרעס״ איזווירקלעך איינס פון די ווערק פון די 70-ער יאָרן, ווו עס הערט זיך שוין א געוויסער אָנזאָג אפּ דעם שאָלעם-אליי‏כעמישן הומאָר.

## 3. וועגן דער ערשטער אופלאגע פון י. דינעזאָנס „שווארצן יונגערמאנטשיק״

### 1

אין דער נייער אויסגאבע פון י. דינעזאָנס „שווארצן יונגערמאנטשיק״ (ווער-שע, 1928) שרייבן די ארויסגעבער אין זייער האקדאָמע:

„הנאהבים והנעימים, אָדער שווארצער יונגערמאנטשיק״ (אין די ביז איצטיקע אופלאגעס „דער שווארצער יונגערמאנטשיק״), איז דער ערשטער יידישער גע-

[1] אונטערגעשטראָכן בא שאָלעם-אליי‏כעמען.

דרוקטער ראָמאַן פֿון יאַנקעוו דינעזאָן. דער ראָמאַן איז דערשינען אין ווילנע 1877. ס׳ווערט, הייסט עס, 50 יאָר, זינט דאָס ווערק איז אָפּגעדרוקט... מיר האָבן זיך באַמיט צו געבן די איצטיקע אויפֿלאַגע ווי ווײַט מעגלעך אָן קיין שום ענ־דערונגען פֿון דער ערשטער אויפֿלאַגע״.

די יעדיעס, וואָס ווערן דאָ אָנגעגעבן וועגן דינעזאָנס „שוואַרצן יונגערמאַנטשיק״, שטימען לאַכלוטן ניט מיט דער ווירקלעכקייט. יאַנקעוו דינעזאָן האָט זײַן ראָמאַן „דער שוואַרצער יונגערמאַנטשיק״ אַרויסגעלאָזן צום ערשטן מאָל אין יאָר 1875, און דאָס איז די עמעסע דאַטע פֿון דער ערשטער אויפֿלאַגע. דער טעקסט, וועלכן די וואַרשעווער אַרויסגעבער האָבן אין יאָר 1928 איבערגעדרוקט, איז גענומען פֿון אַ שפּעטיקערער אויפֿלאַגע, וועלכע האָט זיך זייער שטאַרק אונטערשיידט פֿון דער ערשטער. דער אונטערשייד איז געווען אַזוי גרויס, אַז דינעזאָן האָט אַפֿילע געהאַלטן פֿאַר נייטיק אַליין צו געבן צו וויסן וועגן דעם אין אַ ספּעציעלער האַקדאָמע צו דער צווייטער אויפֿלאַגע.

„דורך אײַן אירטום, — האָט געשריבן דינעזאָן, ווענדנדיק זיך צום לעזער, — איז די קאָפּיע (טשאָרנאָוויק) אַרויס אָנשטאָט דעם אָריגינאַל, און דערפֿאַר בעט איך, שענק מיר דײַן געדולד נאָכאַמאָל אונד לעזע דעם אָריגינאַל״...

ווי מיר זעען, האַלט דינעזאָן, אַז די ענדערונגען, וואָס ער האָט אַרײַנגע־טראָגן אין דעם טעקסט פֿון דער ערשטער אויפֿלאַגע, זײַנען גאַנץ וועזנטלעכע. אַז דאָס איז ווירקלעך אַזוי, קאָן מען זען, ווען מע נעמט אַפֿילע אויבנאויפֿיק פֿאַר־גלײַכן די ערשטע אויפֿלאַגע פֿון דינעזאָנס ווערק מיט די שפּעטיקערע. באַזונ־דערס בולעט טרעטן אַרויס די ענדערונגען אינעם צווייטן טייל פֿון דינעזאָנס ראָמאַן. און דאָס איז קלאָל קיין צופֿאַל ניט. אינעם צווייטן טייל פֿון זײַן ראָ־מאַן שטעלט זיך דינעזאָן דעם ציל אַרײַנצופֿירן דעם לייענער אין דער אידייִ־שער וועלט פֿון זײַן העלד, דאָ קומט פֿאָר, אַזוי צו זאָגן, די אידעאָלאָגישע זעלבסטבאַשטימונג פֿון דינעזאָנס יונגן העלד. ס׳איז קיין וווּנדער ניט, וואָס אָפּ דעם דאָזיקן טייל פֿון זײַן ווערק האָט דינעזאָן געלייגט אַ באַזונדערע אַכט באַם צוגרייטן די צווייטע אויפֿלאַגע. ער האָט געשטרעבט צו פֿאַרצייכענען ווי מעגלעך בולעט דעם אידייען־קרײַז, אין וועלכן זײַן העלד באַוועגט זיך, געפּלײַסט זיך צו פֿאַרפֿינקטלעכן אייניקע פּסיכאָלאָגישע דעטאַלן, מאַכן דײַטלעכער די כאַ־ראַקטעריסטיק פֿון דעם העלדס געמיט־צושטאַנד. אייניקע אַזעלכע ענדערונגען געפֿינען מיר אין דער צווייטער אויפֿלאַגע, און זיי האָבן באַשטימט געקאָנט הע־כערן דעם אָביעקטיווו ווערט פֿון דינעזאָנס ווערק. אָבער אין דער זעלבער צײַט באַמערקן מיר דאָ אַ גרעסערע צאָל ענדערונגען, וואָס זײַנען געווענדעט גראָד אין אַ פֿאַרקערטער ריכטונג.

מיר וועלן דאָ ברענגען אַלס אַ בײַשפּיל עטלעכע שטעלן, וועלכע זײַנען אין טעקסט פֿון דער ערשטער אויפֿלאַגע געווען און זײַנען אין דער צווייטער אויפֿלאַגע פֿאַרשווּנדן.

אין דער ערשטער אויפֿלאַגע כאַראַקטעריזירט דינעזאָן זײַן העלד יויסעפֿ ניט אַלס אַ דורכויס פּאַסיוון, סענטימענטאַל־צעקראָכענעם יונגערמאַן, וואָס איז גרייט גיסן טרערן באַ יעדער געלעגנהײַט און גאָר אָן שום געלעגנהײַט. יויסעפֿ פֿון דער ערשטער אויפֿלאַגע איז אַ מענטש, וואָס פֿאַרמאָגט אַ געוויסע אַקטיווּ־קײַט, ער האָט אַ געוויסן טעמפּעראַמענט און — וואָס עס איז באַזונדערס כאַראַק־

טעריסטיש — דער דאָזיקער טעמפּעראַמענט דערוועקט זיך אין אים מערסטנטייל אין די פֿאַלן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ געוויסער געזעלשאַפטלעכער אַקציע. אין איינקלאַנג מיט אָט דעם צוגאַנג צו זײַן הויפּט-העלד שרײַבט דינעזאָן אין דער ערשטער אויפֿלאַגע:

„יוסעף איז געווען פֿון יענע מענטשן, וואָס האָבן געקאָנט פֿאַרשווײַגן אַן אייגענע אַבידע, אים האָט ניט געאַרט, אַז מע האָט געזאָגט אַף אים, וואָס מע האָט געוואָלט, אָבער ווי עס האָט אָנגערירט אַ גאַנצן קלאַל, ווי עס האָט גע-האַלטן די רעדע וועגן אַ גאַנצן מין מענטשן, האָט ער זיך ניט געקאָנט באַ-הערשן און געמוזט ריידן, וואָס ער האָט קעגן געהאַט"...

די דאָזיקע כאַראַקטעריסטיק פֿון יוסעפֿן ווערט אין גאַנג פֿון דער האַנד-לונג באַשטעטיקט מיט אַ גאַנצער ריי עפּיזאָדן, פֿון וועלכע מיר זעען, אַז יוי-סעף האָט ניט בלויז „קעגן געהאַט", נאָר ער האָט אויך אין אַ געוויסער מאָס „קעגן געטאָן". אין דער הינזיכט האָט דינעזאָנס יוסעף אין דער ערשטער אויפֿ-לאַגע דערמאָנט אָן מענדעלעס העלד — וועקער.

„איר זאָגט, אַז עס פּאַסט ניט, אַז מע זאָל דאָס איבערריידן, — רופֿט אויס יוסעף אין דער ערשטער אויפֿלאַגע פֿון דינעזאָנס ראָמאַן, — דער גאַנצער כיסאָרן איז, וואָס מע רעדט ניט איבער, וואָס באַ אונדז אין פֿאַרשטעטל איז ניטאָ אַ רעכטער מענטש, וואָס זאָל דאָס גאָר פֿאַרשטיין, וואָס דאָ טוט זיך. און דער, וואָס פֿאַרשטייט, פֿאַרבײַסט די ליפּן און שווײַגט, ווייל זיך מיט זיי ניט טשעפּען. זיי-ער גליק, וואָס איך בין דאָ הי אַ פֿרעמדער. איך וואָלט ניט אַלע שטאָטיקע גווירים באַוויזן, וואָס דאָ טוט זיך?"...

אַף דעם, וואָס אָרעם און אָרום „טוט זיך", קוקט יוסעף מיט גאַנץ ניכטע-רע אויגן. צוזעענדיק די ווילדע וואַקכאַנאַליע פֿון פֿאַנאַטיזם און קאָהאָלשן וויל-קיר, ווייל דינעזאָנס העלד דאַפֿקע אָנרופֿן די דאָזיקע דערשײַנונגען מיט זייער עמעסן נאָמען. אַזוי הערן מיר, לעמאָשל, ווי דינעזאָנס העלד כאַראַקטעריזירט דעם שטאָטישן ראָוו:

„ווי גאָט שיקט צו אַלצ, וואָס צו וואָס עס פּאַסט! אָט גראָד דאָ אין פֿאַר-שטעטל דאַרף אַזאַ שויטע זײַן אַ ראָוו, וואָס טראָגט אום צוויי גראָשן און אַ שטיקל צעבראָכענע פֿאַרדאַרטע בייגל און באַווײַזט איטלעכן: דו זעסט? מאָ-היבל אויך מיר אַ שטאָט, מע זאָל נאָר מאַכן פֿאַר אַ גאַנצן טאָג צוויי גראָשן פּסאַק-געלט!"

נאָך מער פֿאַרשאַרפֿט ווערט יוסעפֿס טאָן, ווען ער הייבט אָן ריידן וועגן די קאָהאָלשע לײַט:

„אַז אין שטאָט גייט אויס אַלע אינטערעסן, וואָס די קאָהאָלשע לײַט מאַכן דערפֿון דעם מאָגן ניט קאַליע, אַז דאָס אַלצ קאָנטשעט זיך, קעדוימע לעמאָשל, נו, וואָס זשע זאָלן אַזעלכע אָפּגעפּרעסענע אומערזעטלעכע טאָן? וואַרטן, ביז גאָט וועט זיי פֿון הימל צושיקן נאָך אַ כאַסינקע? כאָלעמט זיך בעסער אַ גוטן פּרו-מען יידן, אַז אין שטאָט איז פֿאַראַנען כאַטאָים אָדער מאָסרים, און מע איז זיך באַלד מטיב חלום און איטלעכער פֿון די האָט שוין אַ גוטן כאָלעם, ווי ער האָט זיך בעסער ניט געווינטשט. אָט איצט מיט די ראַבאָנים, אַז זיי זיצן, וועט פֿאַר-דינען דער שטאַדלען, דער סטאַרעסטע, דער שרײַבער — אַלע, אַלע, וועט עס האָט נאָר פֿאַרכאַפּט פֿון דעם קאָהאָלשן טעלער. האַיאָר איז איישעס-איש אויס-

געגאנגענע פון מאָדע. האָט מען געפונען אנדערע איניאָנים, קעדיי צו מאכן א מישפעט, — האקלאל, זיי זאָלן האָבן וואָס צו טאָן און זאָלן זײַן זאט...״

אזעלכע רעפליקעס — און אין דער ערשטער אופלאגע פון „שווארצן יונגער־מאנטשיק״ קאָן מען זיי טרעפן גאנצע אָפּט — רופן בא אונדז ארויס א געדאנק, אז מיר האָבן דאָ צו טאָן קלאל ניט מיט יענעם זיפצער און קרעכצער, ווי עס מאָלט זיך אונדז געוויינלעך אויס דינעזאָנס א העלד.

„זאָגט מיר, צי איז דאָס אלץ רעכט? — פרעגט יויסעפ, — צי קאָן א מענטש מיט געפיל דאָס אלץ זיך אָנזען, אָנהערן און פון דאָס אלץ אזוי קלאָר וויסן און שווײַגן? איז גאָר מעגלעך צו שווײַגן? ניין![1]״...

און יויסעפ שווײַגט טאקע ניט. זײַן מאָנאָלאָג, ווי ער איז איבערגעגעבן אין דער ערשטער אופלאגע, איז דורכגעדרונגען מיט געזעלשאפטלעכן פּראָטעסט, יויסעפ איז פול מיט גרייטקײַט ארײַנצומישן זיך אקטיוו אין דער ארומיקער ווירקלעכקײַט, ווי עס הערשט אזויפיל סאָציאַלע אומרעכט.

עמעס, מיר טרעפן אויך אין דער ערשטער אופלאגע עפּיזאָדן, ווו יויסעפ ווערט צעפלאָסן אין פארשיידענע סענטימענטן, אָבער די דאָזיקע עפּיזאָדן קאָנען דאָך ניט אָפּשוואכן דעם אײַנדרוק פון די מאָמענטן, ווען אין יוסעפן הייבט זיך אָן דערוועקן א געוויסע אקטיווקײַט, ווען ער הייבט אָן ווערן ענלעך אף מענדע־לעס וועקער.

אנדערש איז עס אין דער צווייטער אופלאגע. די אויבן געבראכטע שטעלן פארשווינדן. אָנשטאָט דעם טעמפּעראמענטפולן מאָנאָלאָג, ווו יויסעפ דעמאסקירט די „קאָהאָלשע לײַט״ און זייערע מיטהעלפער די קלייקוידעש, באקומען מיר אין דער צווייטער אופלאגע יויסעפס א „טאָגבוך״, ווו די פאקטן פון סאָציאַלן אומ־רעכט ווערן פארצייכנט בלויז „פאר זיך אליין״, ווי עס דריקט זיך אויס דינע־זאָנס העלד.

דער טאָגבוך ווערט פארוואנדלט אין א לירישן דיאַלאָג מיט „זיך אליין״. די „ביטערקײַט״, וואָס קומט אלס רעאקציע אף די גרויליקע פאקטן פונעם ארום, שטויסט שוין ניט דינעזאָנס העלד צו וועלכער־עס־איז געזעלשאפטלעכער אקציע. ס'איז ניט מער ווי א פאסיוו־מאכטלאָזער געפיל, וועלכן דינעזאָן הייבט אָן אין דער צווייטער אופלאגע אויסצומאָלן אלס דעם גרונט־שטריך פון זײַן העלד. אין איינקלאנג דערמיט נעמט דינעזאָן אין דער צווייטער אופלאגע באזײַטיקן די אלע עפּי־זאָדן, וואָס האָבן געמאכט יויסעפן ענלעך אף מענדעלעס וועקער. באזונדערס כאראקטעריסטיש איז אין דער הינזיכט דער פאקט, וואָס אין דער צווייטער אופ־לאגע איז אינגאנצן ארויסגעוואָרפן געוואָרן דאָס זעקסטע קאפיטל פון צווייטן טייל.

1 עס איז קעדיי צו דערמאָנען, אז וועקערס פּראָטעסט קעגן „שווײַגן״ ווערט אויך ארגומענ־טירט מער פאר אלץ מיט דעם „געפיל״. וועקער זאָגט:

„פארפלוכט זאָל זײַן דער, וואָס זעט אזעלכע אוולעס און שווײַגט... איך האָב א הארץ, איך האָב געפיל, איך קאָן זיך מער ניט אײַנהאלטן. איך קען ניט שווײַגן״ („די טאקסע״, פינפטער אקט. פינפטע סצענע).

דאָס זעקסטע קאַפּיטל פונעם צווייטנ טייל האָט לויט דינעזאָנס טשילעסדיקנ פלאַנ געזאָלט פאַרנעמענ גאָר א באַדײַטנדיק אָרט אינ דער כאַראַקטעריסטיק פונ דעם הויפּט-העלד יויסעפנ. שטעלנדיק זיך פאַר א ציל צו באַווײַזנ דעם פּראָצעס, ווי זײַנ העלד הייבט אָנ זיך אָריִענטירנ אינ דער ארומיקערווירקלעכקײַט אונ הייבט אָנ אקטיוו רעאגירנ אפ דעם סאָציִאַלנ אומרעכט, וואָס די אָרעמשאַפט שטייט אויס, האָט דינעזאָנ געהאַלטנ פאַר נייטיק צו שילדערנ אויך דעם מאָ-מענט, ווענ זײַנ העלד קומט אינ א דירעקטער באַרירונג מיט דער אָרעמשאַפט-סוויווע.

געגאַנגענ איז דינעזאָנ דערבײַ מיט דעם וועג, וואָס איז געווענ אָנגעמערקט נאָך גאָר אינ אָנהייב פונ זײַנ ראָמאַנ. נאָך גאָר אינ דעם ערשטנ קאַפּיטל, ווו עס ווערט ברייטלעך ארומגערעדט דאָס שווערע לעבנ פונ די נאַכט-וועכטער, טרעט דינע-זאָנ ארויס מיט דער קאַטעגאָרישער בעהויפּטונג, אז „די אָרעמעלײַט זײַנענ די נוציקסטע, ווײַל זיי האָרעווענ”, אונ דאָך „לעבט נעבעך דער אָרעמער א בלײַ-ערנעם שווערנ לעבנ”, ווײַל „זײַנע גאַנצע טעג אונ יאָרנ זײַנענ בלײַ, אַלטע שטיקלעך טשוהונ, וואָס ווערט אינ מיסט ארויסגעוואָרפנ אָדער אינ ברוך פאַר-קויפט פאַר זייער א וואָלוועלנ פּרײַז”.

דאָס זעקסטע קאַפּיטל פונ צווייטנ טייל האָט, לויט דעם פלאַנ פונ דער ערשטער אופלאַגע, געזאָלט איליוסטרירנ די דאָזיקע פעסטשטעלונג מיט קאָנקרעטע בילדער פונ דער אָרעמשאַפט-סוויווע אונ דערבײַ געזאָלט באַווײַזנ, וויִאַזוי די דירעקטע באַרירונג מיט דער אָרעמשאַפט-סוויווע ווירקט אפ דעם געדאַנקענגאַנג פונעם הויפּט-העלד יויסעפנ. אונ געווירקט האָט עס אפ יויסעפנ, לויט דינעזאָנס שילדערונג, אומגעהייער שטאַרק[1].

„יויסעפ וואַר באַשטירצט אונ האָט זיך אזוי פאַרטראַכט, אז ער האָט קימאַט פאַרגעסנ, ווו ער איז, ווענ ניט דער רעגנ, וואָס האָט אָנגעהויבנ שטאַרקער צו גיסנ אפנ גאַס אונ געמאַכט נײַע רינענדיקע ערטער אינ דעם גרויסאַרטיקנ הויז, ביז עס האָט שוינ געכאַפּט אים א פליוך וואַסער מיטאַמאָל, וואָס האָט אים אופ-געוועקט פונ זײַנ ווער ווייסט וואָס פאַר א שווערנ מיטלייד אונ געדאַנקענ. אים וואַר דאָס האַרצ פאַרקלעמט, אונ האָט ניט געקאָנט אויסרײדנ א וואָרט”.

פאַרוואָס איז יויסעפ אזוי „פאַרקלעמט” געוואָרנ, ווערט קלאָר, ווענ מע לייענט די באַשרײַבונג פונ דער יִידישער אָרעמשאַפט-סוויווע, ווי זי ווערט געגעבנ בא דינעזאָנענ. אָט זײַנענ א פּאָר אויסצוגנ פונ דער דאָזיקער באַשרײַבונג, וועלכע דינעזאָנ האָט אינ די שפּעטיקערע אופלאַגעס ארויסגעוואָרפנ.

„עפנט! — האָט יויסעפ געזאָגט, צוגייענדיק צום טיר. קיינער האָט זיך דאָ ניט באַוויזנ, ער איז צוגעגאַנגענ צום פענצטער אונ האָט דערזענ די קראַנקע איינע אליינ. ער האָט א קלאַפּ געטאָנ אינ שויב, אונ די אלמאָנע האָט אופגע-

---

1 אינ דער היסטאָרישער קאָנ מענ זאָגנ, אז יויסעפס באַגעגעניש מיט דער אָרעמער אלמאָנע, וואָס ווערט געשילדערט אינ זעקסטנ קאַפּיטל, שפּילט אינ דינעזאָנס ווערק די זעלבע ראָליע, וואָס דער באַזוך פונ דער „אָרעמער יִידינע” צו וועקערנ אינ מענדעלעס „טאַקסע” (פינפטער אקט, פינפטע סצענע). ווי אינ א סאַך אנדערע שטעלנ אינ דער ערשטער אופלאַגע פונ דינעזאָנס „שוואַרצנ יונגערמאַנטשיק”, פילט זיך אויך דאָ זייער דײַטלעך מענדעלעס ווירקונג.

הויבן איך אָפּגעצערטע האַנט און געגעבן יוסעפן צו פאַרשטיין, אַז ער זאָל אַ הייב טאָן די טיר. יוסעפּ האָט דאָס פאַרשטאַנען און באַלד אַזוי געטאָן און איז אַרײַן אין שטוב.

עס האָט אים דער אָטעם פאַרכאַפּט פון דעם שלעכטן אוויר, וואָס האָט אים פּלוצעם אַ שפּאַר געטאָן, ווי ער האָט נאָר די טיר געעפנט. אים איז פינצטער געוואָרן אין די אויגן, אַז ער האָט אַ קוק געטאָן, וואָס עס טוט זיך אין שטוב. דאָס וואָלט בעסער געפּאַסט אָנצורופן מיט דעם נאָמען גרוב, זומפּ, העלע, אָבער ניט שטוב. אַ נידעריקער צימערל מיט העלצער̇ אונטערגעשפּאַרט דעם באַלקן, אָן אַ ברוק (דילן), צוויי קליינע פענצטערלעך, וואָס האָבן ניט איין גאַנ־צע שויב אין זיך געהאַט, פאַרשטאָפּט מיט טיכער, מיט אַ קליינעם טישעלע און מיט דער אַלמאָנעס שאַבעסדיקע קאַטינקע. פון באַלקן און פון די ווענט האָט געראָנען, אַזוי ווי זיי וואָלטן אויך מיטגעוויינט אַף דעם אומגליק און עלנט פון דער אָרעמער פרוי... שרעקלעכער און טרויעריקער ווי דאָס אַלץ וואַר די סצענע, וואָס יוסעפּ האָט געזען אַ ביסל ווײַטער. בײַ דעם אַנדערן פענצטער, וועלכער איז איצט פאַרשטעלט געווען מיט אַ לאָקשן־ברעט, איז געשטאַנען אַ בעטל, אַן אָרעמע, וואָס קאָן שוין אָרעמער ניט זײַן, די פּיסלעך זײַנען געווען צונויפגעבונדן מיט שטריקלעך און מיט אַלטע צוזאַמענגעבונדענע שטיקער טראַפּ־קעס (לומפּן). אין בעט אַף אַ ביסל שטרוי איז געלעגן שטיל ווי דער טויט אַ געשטאַלט פון אַ מענטשן אַמאָל, אָבער איצט נאָר אַ שאָטן און ניט מער. טיף אײַנגעפאַלענע אויגן, מיט אַ טויט־געלער ג'עזיכט, דעם גאַנצן גאָרגל מיט יעדן גלידעלע און אָדערל האָט מען געקאָנט דורכזען̇ דורך דער אויסגעמאָגער־טער, דינער, ווי גלאָז דורכזיכטיקער הויט. אַף דעם הויפּן בײנער האָט זיך געוואַלגערט אַן אַלטע צעריסענע, פון ראַזנע מאַטעריע צוזאַמענגענייטע קאָלדרע־טשקע און צוקאָפּנס אַ קישעלע. איבעריקנס, איז דאָס קישעלע געלעגן אַזוי, וואָרעם די קראַנקע האָט גאָר געהאַלטן דעם קאָפּ פאַרוואָרפן אַף אַ קאַנט בעט".

צו דער צײַט, ווען דינעזאָנס „שוואַרצער יונג'ערמאַנטשיק" איז דערשינען, האָט די יידישע ליטעראַטור שוין געהאַט געניג בוילעטע דאַלעס־שילדערונגען אין די ווערק פון מענדעלען, לינעצקין און אַנד. פונדעסטוועגן האָט דינעזאָנען זיך אײַנגעגעבן צו שאַפן אַזאַ גרויליק בילד פון עקאָנאָמישער דעגראַדאַציע, אַז דאָס האָט אַפּסנײַ צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקײַט פונעם מאַסן־לייענער און גע־קלונגען ווי אַ באַשולדיקונגס־אַקט קעגן די „פּאַראָנדקעס", וואָס הערשן אין דער יידישער סוויווע. דינעזאָן לאָזט זײַן העלדן, די אָרעמע פרוי פון דער כור־ווע, דערציילן איר לעבנס־געשיכטע. אָט וואָס די אָרעמע פרוי דערציילט וועגן זיך:

„פאַר אָרעמקײַט איז די גרעסטע קלאָלע, אַז זיי האָבן קינדער ייִנגלעך. איך האָב געהאַט אַ באָכערל, ער האָט פריִער געלערנט אין טאַלמעטוירע, דער־נאָך האָב איך אים אוועקגעשיקט אין שכולע, אין דער יעשיווע, און מײַן גאַנ־צער טרייסט און האָפענונג איז ער מיר און מײַן מאַן — צו לענגערע יאָר אים — געווען. אָט דאַרף גאָט צושיקן אַ אובאָר (נאַבאָר? — נ. א.), און שכולע דאַרף נעמען מײַן איינציק קינד, אים אַ נײַעם נאָמען און פאַמיליע געבן און מע פירט אים אַרײַן אין פּריזאָם און מע האָט אים אָפּגעגעבן! פאַר ווער, פאַר וואָס? איך האָב דאָס דערהערט, איך האָב אָנגעהויבן שרײַען, לויפן צו די גווירים.

שרײַ הײַנט, שרײַ מאָרגנ, — עס איז פארפאלנ. ער איז געווענ פונ אונדזער
שטעטל ניט א פארשריבענער. קײנ פאספּאָרט האָט ער ניט געהאט, אונ שכולע
האָט זיך מיסטאמע געלאָזט קאָסטנ — אונ א סאָפּ. וויפל טרערנ האָב איך צע-
גאָסנ! אויסגעהאָדעוועט אזא שײנעם צווײַג אונ אים דארפנ אוועקגעבנ פאר
פרעמדע טאטע-מאמעס! מײַנ מאנ אָלעוואשאָלעם האָט דאָס ניט געקאָנט ארי-
בערטראָגנ אונ האָט זיך פאָרגענומענ: „אז זײ וועלנ מײַנ קינד ניט ארויסגעבנ
מיט גוטנ, — וועלנ זײ מוזנ ארויסגעבנ מיט בײזנ". אונ האָט אופגעהערט פונ
פארדראָס אונ קאס צו טאָנ זײַנ מעלאָכע — ער האָט געהאקט שטײנער אפנ שאָ-
סײ — אונ האָט אָנגעהויבנ אומצוגײנ צו נאטשאלסטווע. ביז אײנ מאָל אינ א
פינצטערער נאכט איז ער געקומענ צו פויזענ אהײמ אפ אלע פיר. — „אוי, זײ
האָבנ מיר דעמ רוקנ איבערגעבראָכנ" — האָט ער געשריִענ א גאנצע נאכט. אונ
ביז טאָג איז ער פארטיק געוואָרנ. אונ אזוי זײַנענ געקומענ די „כעוורע-קאדישע"-
לײַט אונ האָבנ אימ ארופגעוואָרפנ אפנ פור, אונ מע האָט אימ אוועקגעפירט אפנ
בעסוילעמ. דאָרטנ איז געווענ סימכע וועסאָסנ. איך האָב דאָרטנ געזענ די גאנ-
צע כעוורע: מײערקע דער שכולער כאפער, דער כאָדאטײַ, דער סטארעסטע זײ-
ערער אונ נאָך אזעלכע מענטשנ, וואָס מײַנ מאנ האָט זײ דערמאָנט פארנ טויט
אונ געבעטנ בא גאָט, ער זאָל זײ באצאָלנ. איך האָב געשריִענ: „גאזלאָנים,
ראָצכים, איך ווײס דאָך, אז איר האָט מײַנ מאנ געטויט! איך וועל אײַך דאָס
ניט שווײַגנ! איך וועל גײנ צומ סאמע גובערנאטאָר!.." אָבער זײ האָבנ מיר
צוגעוואָרפנ א פינפ-אונ-צוואנציקער אונ געזאָגט: „וועסטו שווײַגנ, איז רעכט, אָבער
ניט — וועסטו אויך אזא סאָפּ האָבנ ווי דײַנ מאנ!..." איך האָב זײ מיסטאמע
זײער געלט אינ צורע ארײַנגעוואָרפנ אונ געוואָלט לויפנ צומ גובערנא-
טאָר, אָבער די שכײנימ ארומ אונ ווי נאָר עס איז מיר געקומענ מענאכעמ-
אָוול זײַנ, האָבנ מיר אָפּגערעדט, וואָרעמ זײ האָבנ געזאָגט, אז דער גובערנא-
טאָר וועט זיך דאָס דערוויסנ, וועט מענ מײַנ מאנ מוזנ ארויסנעמענ צוריק פונ
קײווער אונ אימ פאלמעסנ. דאָס האָב איך שוינ ניט געוואָלט: גענוג, וואָס מע
האָט אימ געהארגעט אפ דער וועלט, נאָך קומענ אפ יענער וועלט אויך א צע-
שניטענער? אונ אזוי האָט זיך מיט מיר אויסגעלאָזנ".

די שוידערלעכע געשיכטע וועגנ דעמ האָרעפּאשניק, וואָס איז געפאלנ א
קאָרבנ פאר זײַנ ניט וועלנ זיך אונטערגעבנ דעמ ווילקיר פונ די „קאָהאָלשע
לײַט", ווארפט א נײַ שײַנ אפ דעמ גאנצנ מאָנאָלאָג פונ דער אָרעמער אלמאָנע.
אירע רײד הײבנ אָנ קלינגענ ווי אנ אויסדרוק פונ דעמ פּראָטעסט, וואָס וואקסט
אינ דער טיפ פונ דער האמויניש-האָרעפּאשנער מאסע.

די אָרעמע אלמאָנע נעמט זיך אונטער צו רײדנ וועגנ דעמ אומרעכט, וואָס
די נעגידימ באגײענ. מיט די אויגנ פונ א מענטשנ, וואָס איז יאָרנלאנג געווענ
געדריקט. גיט זי א קוק אפ די באדריקער. זי ברענגט פאקטנ פונ דער טאָג-
טעגלעכער פּראקטיק פונ די שטאָט-באלטויוועס אונ פרעגט:

„— פארוואָס בינ איך מעכוײעוו זײ צו צאָלנ קאראָבקע — דערפאר וואָס זײ
פאזוואָליענ מיר ארומטראָגנ באָב אונ וואשנ די דילנ בא זײ?"...

דער מאָנאָלאָג פונ דער אלמאָנע איז פול מיט אזעלכע פראגנ. עס פילט זיך,
אז דאָס רעדט א מענטש, וואָס הײבט זיך אָנ באפרײַענ פונ דערשלאָגנקײַט. דער
מאָנאָלאָג פונ דער אָרעמער פרוי איז דערמיט טאקע געווענ סימפּאטאָמאטיש, וואָס

אין אים האָט זיך געלאָזט דערקענען אַן אָפּקלאַנג פון דעם אופוואכונג-פּראָצעס, וואָס נעמט ארום אין די 60-ער—70-ער יאָרן גאָר ברייטע שיכטן פון דער פאָלקסמאסע.

„מיר האָבן באמערקט, אגעוו, — האָט געשריבן אין יאָר 1861 דאָבראָליובאָוו, — אַן אלגעמיינע שטרעבונג צו באשטיין אף דער מענטשנ-ווערדע און גלייכבארעכטיקטקייט פון אלע און יעדן איינעם... דער גרעסטער טייל פון אָט-אָ די דערשלאָגענע טראָגט דאָך שטארק און טיף, כאָטש אפילע בעסאָד פון זיך אליין, פארבאהאלטן אין זיך א לעבעדיקע נעשאָמע און אן אייביקן, פון קיין שום ליידן ניט פארשווינדנדיקן באוווסטזיין פון זייער מענטשלעכן רעכט אף לעבן און גליק"...

מיט אָט דעם „באוווסטזיין" איז געווען דורכגעדרונגען ניט איין אָרעמשאפט-שילדערונג אין דער יידישער ליטעראטור פון די 60-ער—70-ער יאָרן[1]. דער זעלבער „באוווסטזיין" האָט געזאָלט דעמאָנסטרירט ווערן אויך אין דינעזאָנס מאָנאָלאָג פון דער אָרעמער אלמאָנע, וועלכע רופט אויס מיט אזא טיפן גלויבן אין דעם עמעס פון אירע ווערטער:

„וואָס טוען אײַערע נעגידים? אזוי ווי מע דערציילט פון יענעם ראָשע, וואָס פלעגט טיילן אָרעמלײַט געלט און ברויט, אָבער ער פלעגט זיי פריער אָנטאָנצאָרעס און יעסורים, אײַנפּאטשקען דעם ברויט אין פּאסקודסטווע, אז דער אָרעמאן פלעגט נעבעך אויסקרענקען איטלעכן ביסן ברויט, וואָס ער פלעגט בא אים נעמען? זאָגט מיר, צי זיינען אײַערע נעגידים בעסער? צי פארפיאצקען זיי דען ניט דעם ברויט, וואָס זיי ווארפן אונדז צו?".

ווען מע לייענט אָט די שטעלן אין דער ערשטער אופלאגע פונעם „שווארצן יונגערמאנטשיק", הייבט מען אָן צו פארשטיין, פארוואָס דינעזאָן איז זיך שפּעטער אזוי הארב באגאנגען מיט דעם זעקסטן קאפּיטל, ווי אויך מיט אנדערע אזעלכע שטיקער טעקסט, וואָס ער האָט זיי איינגאנצן ארויסגעוואָרפן אין די שפּעטערדיקע אופלאגעס. אָט דאָס זעקסטע קאפּיטל, ווו דינעזאָן האָט געפּרוווט דירעקט צוגיין צו דער אָרעמשאפט-סוזשעט, איז אפן סאמע שארפן אויפן זיך פאנאנדערגעגאנגען מיט די טענדענצן פונעם שפּעטערדיקן דינעזאָן. האָט דען די אָקאָרשט צימירטע רעפּליקעס פון דער אָרעמער אלמאָנע ניט געקאָנט ארונטערייסן די פילאנטראָפּישע אילוזיעס, וועלכע דינעזאָן האָט שפּעטער אין מעשעך פון צענדליקער יאָרן אין פארשיידענע — אָפענע און באהאלטענע — פאָרמען געפּלאנצט באם מאסן-לייענער? האָט דען דער מאָנאָלאָג פון דער אָרעמער יידענע ניט געקאָנט ארונטערייסן די שפּעטערדיקע דינעזאָנישע אינטערפּרעטאציע פון דעם פאָלקס-מענטש, אלס א נעבעכדיקע בריע, וואָס קאָן זײַן בלויז דער אָביעקט פון מיטלייד און ראכמאָנעס? ס'איז דעריבער קיין ווונדער ניט, וואָס אין די וויי̆טערדיקע יאָרן, ווען דינעזאָן האָט אלץ מער און מער גענומען קולטיווירן די סענטימענטאל-פילאנטראָפּישע מאָטיוון אין זײַן שאפן, האָבן אייניקע שטעלן פונעם „שווארצן יונגערמאנטשיק" אָנגעהויבן „שטערן", און דינעזאָן האָט זיי באזײַטיקט. אָבער אין דעם ערשטן וואריאַנט פון דינעזאָנס ראָמאן זײַנען די

[1] זע וויי̆טער די בײַלאגע וועגן דער אָרעמשאפט-שילדערונג אין דער אנאָנימער בעלעטריסטיק פון די 60-ער—70-ער יאָרן.

סענטימענטאַל-פּילאַנטראָפּישע מאָטיוון קלאָר ניט געווען די הויפּט-מאָטיוון פונעם ווערק. און דערמיט דערקלערט זיך דער באַטייט, וואָס דאָס דאָזיקע ווערק האָט געהאַט פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער ליטעראַטור אין די 70-ער יאָרן.

3

וועגן דעם אויסערגעוויינלעכן דערפאָלג, וואָס דינעזאָנס „שוואַרצער יונגער-מאַנטשיק" האָט געהאַט גלייך נאָכן דערשיינען, זיינען פאַרשפּרייט אַ סך לע-גענדעס. לויט איין לעגענדע זאָל די ערשטע אויפלאַגע פון דינעזאָנס ראָמאַן אין גאָר אַ קורצער צייט האָבן זיך פאַרקויפט אין צען טויזנט עקזעמפּליאַרן. וואָס זשע איז אין דינעזאָנס בוך געווען אַזעלכס, וואָס האָט אים געמאַכט אַזוי שטאַרק פּאָפּולער אין די 70-ער יאָרן?

לויט דער מיינונג פון דער בירגערלעכער קריטיק האָט דינעזאָנס דערפאָלג זיך דערקלערט דערמיט, וואָס דינעזאָן זאָל האָבן איינגעריסן מיט דער ליטעראַ-טור-טראַדיציע פון יענער צייט. באַלמאַכשאָוועס, לעמאָשל, האַלט אַז דער איינ-רייס מיט דער הערשנדיקער טראַדיציע דרינגט דורך דאָס גאַנצע שאַפן דינע-זאָנס, און אויסדריקן דריקט זיך אויס דער דאָזיקער איינרייס אין דעם, וואָס דינעזאָן זאָגט זיך אָפּ צו „קוקן אויף אַלץ אויף דער וועלט מיט די אויגן פון דער מאַנצבלשער נעשאָמע". אַ שרייבער, וואָס פאַרמאָגט אַ „מאַנצבלשע נעשאָמע", גייט מיטן גלייכן וועג, דרינגט באַלמאַכשאָוועס, אַזאַ שרייבער „שטעלט זיך ניט אָפּ פאַר קיין זאַך, ביכדיי אויפצודעקן אַלץ, וואָס איז קראַנק, שוואַך, פאַרפוילט און אָפּגעשטאָרבן". דינעזאָן איז, לויט באַלמאַכשאָוועסן, אַן אויסנאַם אין דער גאַנ-צער ייִדישער ליטעראַטור פון יענער צייט.

„י. דינעזאָן, — שרייבט באַלמאַכשאָוועס, — איז דער איינציקער צווישן זיינע עלטערע כאַווייריִם, וועלכער מאָלט אונדז דאָס ייִדישע לעבן ניט מיט דעם בליק פון דער מאַנצבלשער נעשאָמע".

צי האָבן מירווירקלעך אין דינעזאָנס „שוואַרצן יונגערמאַנטשיק" עפּעס ענ-לעכס אויף אַן איינרייס מיט דער דעמאָלטיקער ליטעראַטור-טראַדיציע, ווי עס וויל דאָס אויסמאָלן באַלמאַכשאָוועס? אין קיין פאַל ניט. דינעזאָנס איינשטעלונג אין דעם ערשטן וואַריאַנט פון „שוואַרצן יונגערמאַנטשיק" איז גראָד געווען „אויפצו-דעקן אַלץ, וואָס איז קראַנק, שוואַך, פאַרפוילט און אָפּגעשטאָרבן". וועגן דער דאָזיקער איינשטעלונג רעדט זײַער אויסדריקלעך דינעזאָן אַליין אין איינעם אַן אָרט פון זיין ראָמאַן, ווו דער הויפּט-העלד יוסעפ כאַראַקטעריזירט געוויסע קרייזן פון די ייִדישע לעזער:

„אַז איך וואָלט זיי שרייבן נאָך אַן איסער, זיי מאַכן דעם דאַוונען זיבן מאָל גרעסער, ווי ער איז, זיי געבן צום זאָגן נאָכן דאַוונען אַ חק ליעקב, חק לאלהים און אַ חק ליצחק, ווי יענער האָט זיי געגעבן אַ חק לישראל, דאַן וואָלטן זיי מיר פאָלגן, מע וואָלט קויפן מיינע ספאָרים, וואָס מע דאַרף דערצו קיין קאָפּ און געפיל האָבן צו מאַכן, מער ניט קענען אויפקלייבן טויטע ביינער פון אַלטן בעסוילעם! אָבער אַז גאָט זאָל אויסהיטן, אַז איך זאָל פּרוּוון אַ וואָרט אויסריידן, פּרוּוון מיין פיינערדיקע האַרץ לעשן מיט מיין שרייבן פאַר זיי אַ סייפער, זיי אויפוויזן זייערע פעלערן, דאַן בין איך אומגליקלעך!.. די דרוקער,

וועלכע זײַנען אָפּהענגיק פֿון די קויפֿער ניט ווייניקער קימאַט פֿאַר דעם מע-כאַבער, וועלן דאָס ניט קויפֿן פֿון מיר און וועלן דאָס ניט דרוקן און אַז יאָ, וועט מען דאָס גיכער פֿאַרברענגען"...

ווי זײַן העלד יוסעפֿ אַזוי האָט אויך דינעזאָן אין די 70-ער יאָרן אַנטשיידן אָפּגעוואָרפֿן דעם געדאַנק, אַז די ליטעראַטור מעג זיך דערווײַטערן פֿון אַקטועלע געזעלשאַפֿטלעכע פּראָבלעמען און „אופֿקלײַבן טויטע ביינער פֿון אַלטן בעסוילעם". ווי זײַן העלד אַזוי האָט אויך דינעזאָן געהאַלטן, אַז זײַן אויפֿגאַבע איז „אויפֿ-ווײַזן פֿעלער", ד.ה. אַרויסטרעטן מיט אַקטיווער געזעלשאַפֿט-קריטיק. און גראַדע דאָס האָט געזיכערט דינעזאָנס ערשטן ראָמאַן אַזאַ גרויסן דערפֿאָלג.

4

דינעזאָנס „שוואַרצער יונגערמאַנטשיק" איז געווען אַ טיפּיש ווערק פֿון די 70-ער יאָרן: דאָ האָט זיך אָפּ שריט און טריט געלאָזט פֿילן, ווי עס ווערן צע-שטערט די איליוזיעס פֿון דער „וועסנע-צײַט". בולעט זעט זיך דאָס אין דעם טייל, וואָס איז געווידמעט דער באַשרײַבונג פֿון יוסעפֿס לעבן אין פּעטער-בורג.

אָט שרײַבט, לעמאָשל, דינעזאָנס העלד פֿון דער שטאָט פּעטערבורג:

„וואָס האָב איך געוווּסט פֿון אַ וועלט, ווערנד איך בין אין מאָהיבלער פֿאַר-שטעטל געווען? איך האָב קיין גרויסע גליקן געקענט. אָבער די אומגליקן וואַרן מיר אויך ניט אַזוי פֿירכטערלעך ווי דאָ. דאָ זע איך מאַנכן ליכטיק ווי די זאָנע און פֿילע שוואַרץ ווי די ערד! דאָ לעבט מען שווינדעריש, רײַך, מיט קאַ-רעטן, מיט פּאַרקן און מיט וואָס מען נאָר אויסדענקען קאָן, און מע לעבט אויך אָרעם ווי די אַרמוט זעלבסט! אָן שטיוול זע איך מענטשן שלאָגן די פֿיס אָפּ די אָפּגעבראָכענע שטיינער, פֿאַרשמאַכטעטע, צעטריקנטע, אָן ברויט און וואַסער! אַ, וואָס איז דאָס פֿאַר אַן אומבאַגרײַפֿלעכע וועלט! ווער האָט זי אַזוי געאָרדנט און לײַטעט זי פֿון ערשטן טאָג? מיר ליגט איצט אויפֿן האַרצן שווערע, ביטערע געפֿילן, איך האָב זיי ניט פֿאַר וועמען אויסצורײדן"...

אין דעם טאָן, וואָס הערט זיך אין די דאָזיקע שורעס, איז ניט שווער צו דערקענען די זעלבע אַנטוישונג אין דער קאַפּיטאַליסטישער גרויס-שטאָט, וועלכע איז ניט איין מאָל געקומען צום אויסדרוק בײַ די קליינבירגערלעכע שרײַבער פֿון די 70-ער יאָרן. פֿאַר דעם אַווטאָר פֿון דעם „שוואַרצן יונגערמאַנטשיק" האָט די גרויסע שטאָט זיך געשטעלט אין דעם שײַן פֿון די שאַרפֿע סאָציאַלע קאָנטראַסטן, אין דעם שײַן פֿון דעם גרויסן סאָציאַלן אומרעכט, פֿון וועלכן עס האָט צו לײַדן די מערהײַט פֿון דער שטאָט-באַפֿעלקערונג. „דאָ זע איך מאַנכן ליכטיק ווי די זאָנע און פֿילע שוואַרץ ווי די ערד", — מיט אָט די ווערטער האָט דינעזאָנס העלד אויסגעדריקט זײַנע אײַנדרוקן פֿון דער בורזשואַזער „גערעכטיקײַט", מיט וועלכער ער האָט זיך צוזאַמענגעשטויסן אין פּעטערבורג.

נאָך שטאַרקער איז די דאָזיקע קריטישע באַציִונג צו דער אַרומיקער ווירק-לעכקײַט געווען אויסגעדריקט אין דינעזאָנס שילדערונג פֿון דער שטאָט מאָהיבל, ווו עס קומט פֿאָר די האַנדלונג פֿונעם ראָמאַן. די סאָציאַלע סאַטירע האָט זיך דאָ דורכגעשלאָגן דורך אַלע אָנשיכטונגען פֿון דינעזאָנס סענטימענטאַליזם, און דער

מאסנ-לייענער האָט אופגענומענ די מאָהיבל־שילדערונג ווי א ווײַטערדיקע אנט-וויקלונג פונ מענדעלעס שילדערונג פונ דער שטאָט גלופּסק.

באזונדערס דײַטלעכ האָבנ זיכ געלאָזט הערנ די אָפּקלאנגענ פונ מענדעלעס שאפנ אינ דינעזאָנס צוגאנג צו דער נעגאטיווער פיגור פונ דעמ שווארצנ יונגער־מאנטשיק.

„אזויפיל האָט ער צו טאָנ אוולעס, אונ דאָכ טראָגט אימ די ערד אונ מאָ-היבילער געזעלשאפט שפּײַט אימ ניט ארויס, א טשלענ אונ א דייע־זאָגער אינ באנק איז ער, צו א וויבאָר הערט מענ ריידנדיק נאָר אימ אליינ“...

דער שווארצער יונגערמאנטשיק איז א טיפּישער פאָרשטייער פונ מענדעלעס „קנופּיע“־פארשוינענ. זײַנ לעבנס-געשיכטע האָט אינ אייניקע גאָר וועזנטלעכע פּראָ-טימ דערמאָנט אָנ דעמ וועג, וואָס עס מאכט דורכ דאָס „קליינע מענטשעלע“ — יצחאָק-אווראָמ טאקיפ בא מענדעלענ[1] דער מאסנ-לייענער פונ די 70-ער יאָרנ האָט געהאט דאָס פולע רעכט צו זענ אינ דינעזאָנס ראָמאנ א ווײַטערדיקע אנט-וויקלונג פונ דער פּראָגראמ, מיט וועלכער מענדעלעס „ריכטונג“ איז געקומענ אינ דער ליטעראטור. ס'איז דעריבער קיינ וווּנדער ניט, וואָס אָט דער לייענער האָט באשאָנקענ דינעזאָנענ מיט דער זעלבער סימפּאטיע, וועלכע ער, דער מאסנ-לייענער, האָט דעמלט ניט איינ מאָל דעמאָנסטרירט אינ זײַנ באציִונג צו מענ-דעלעס ווערק.

## 4. ש. בערנשטיינ אונ זײַנ שילדערונג פונ דער שטאָט פּאָדלאָוויצ

1

סאָפ 60־ער — אָנהייב 70-ער יאָרנ האָט אפ די שפּאלטנ פונעמ „קול מבשר“ אָנגעהויבנ צוציִענ צו זיכ די אופמערקזאמקײַט איינער א שרײַבער ש. בערנשטיינ (פּסעוודאָנימ: שלשום בר יענטע), וואָס האָט אנטוויקלט א פילזײַטיקע ליטערארישע טעטיקײַט. דעביוטירט האָט ער אלס א דיכטער (ער האָט אינ יאָר 1868 ארויס־געלאָזט א גרעסערע לידער-זאמלונג), אָבער ניט ווייניקער אקטיוו האָט ער גע-וואָלט זײַנ אינ געביט פונ דראמאטורגיע (ער האָט אינ יאָר 1871 אָפּגעדרוקט א פּיעסע „יאָכצע דאל-גייער“) אונ נאָכ מער טעטיק איז ער געווענ אלס א פּראָ-זאִיקער — זײַנע פארצייכענונגענ אונ דערציילונגענ האָבנ זיכ געדרוקט אינ „קול מבשר“ גאָר אָפט.

---

1 אינ זײַנע זיכרוינעס דערציילט י. דינעזאָנ, אז גלײַכ נאָכ זײַנ ערשטער באקאנטשאפט מיט מענדעלעס ווערק איז ער געוואָרנ מענדעלעס אנ אָנהענגער. דינעזאָנ שרײַבט:

„עס זײַנענ איבערהויפּט דעמלט געווענ יאָרנ (עס האנדלט זיכ וועגנ סאָפ 60־ער יאָרנ — נ.א.), וואָס מיט שאָלעמ־יאנקעוו אבראמאָוויטש האָבנ זיכ די מעיוכאָסימ פונ דער אלטער גאָלדענער פאָנ צוגעשעמט, ווי מיט עפּעס א „נחות דרגא“ אינ דער מישפּאָכע. איכ בינ נאָכ דעמלט א יונג יִנגל געווענ, א שטיקל מאסקיל, אנ אָנפאנגער, וואָס האָט זיכ שוינ אפילע געריבנ ארומ די מע־יוכאָסימ פונ דער אלטער גאָלדענער פאָנ, אָבער וואָס האָט בעשומויפנ רעב מענדעלענ ניט געוואָלט באטראכטנ פונ עפּעס א „נחות דרגא“, כאָלילע, אינ מײַנ יִכעס... איכ האָב אימ ליב געהאט מיט מײַנ גאנצער נעשאָמע. מיט אימ זיכ אמאָל צו באגעגענענ אונ צו קענענ אימ ארויסזאָגנ, ווי ליב איכ האָב אימ ניט נאָר פאר דעמ, וואָס ער דערציילט, נאָר אויכ פאר דעמ, וואָס ער איז רעב מענדעלע מויכער־ספאָרימ, איז געווענ איינס פונ די הייסעסטע ווונטשנ, וואָס איכ האָב דעמלט מיר פארגינט צו ווינטשנ“... (י. דינעזאָנ, „זיכרוינעס אונ בילדער“, ז. 176—178).

דער ווייניק באוווסטער ש. בערנשטיין האָט פּרעטענדירט אַף ליטעראַרישער זעלבשטענדיקייט. ער האָט ניט געוואָלט גיין מיטן וועג פון די „קליינע מעכאַברימלעך"[1], וואָס האָבן מערסטנטייל זיך באַנוגנט מיטן וואַרייִרן די מאָטיוון, וועלכע האָבן שוין געהאַט אַ ברייטן אָנגאַנג אין דער ליטעראַטור. בערנשטיין האָט אין זיינע ווערק געהאַט צו טאָן מיט געשטאַלטן און בילדער, וואָס האָבן פּרעטענדירט צו זיין ניי, און באַזונדערס האָט ער די נייקייט געוואָלט אונטערשטרייכן דערמיט, וואָס ער האָט די דאָזיקע געשטאַלטן און בילדער איינגעפּאַסט אין זיינער אַן אייגענער סוויווע — די שטאָט פּאַדלאָוויץ. די שילדערונג פון דער שטאָט פּאָדלאָוויץ פיגורירט קימאַט אין אַלע ווערק, וואָס בערנשטיין האָט געשריבן סאָף 60־ער אָנהייב 70-ער יאָרן, און זי שטעלט אָן שום סאָפעק פאַר אַ גאַנצן אייגנאַרטיקע דערשיינונג אין דער יידישער ליטעראַטור פון יענער צייט.

די יידישע ליטעראַטור פון די 60-ער—70-ער יאָרן אַנטוויקלט זיך דערעכ קלאַל אונטער דער ווירקונג פון די דריי גרויסע סאָציאַלע פּאַראַלגעמיינערונגען, וועלכע מענדעלע האָט אָנגעמערקט אין זיינע דריי שטעט: קאַפּצאַנסק, גלופּסק און טונעיאַדעווקע. די נעמען פון אָט די שטעט זיינען אַזוי ווייט אַריין אין דעם אַלגעמיינעם ליטעראַרישן געברויך, אַז עס איז שיר ניט געוואָרן אַ מין טראַדיציע זיך צו נוצן מיט מענדעלעס שטעט-באַצייכענונגען. אייניקע מעכאַברים האָבן, עמעס, געפּרוּווט וואַרייִרן דעם מענדעלישן שטאָט-נאָמען. אַזוי, לעמאָשל, שרייבט אַ געוויסער מעכאַבער פּ. סובאָצקי אין די אָנהייב-שורעס פון זיינער אַ דערציילונג:

„בעיר אחת ושמה קאַבצעלניק[2], אין איין שטאָט, וואָס איר נאָמען איז קאַפּצעלניק, אין דעם קרייז פון גאַליציע, וואַר דאָרטן אַ געוויסער מעלאַמעד מיט זיין באַוווּסטן נאָמען רעב גרוינעם דער מעלאַמעד"...

פאַרבייטנדיק מענדעלעס „קאַפּצאַנסק" אַף „קאַפּצעלניק", האָט דער מעכאַבער פון די 70-ער יאָרן געוואָלט ניט מער, ווי אויסמיידן די באַשולדיקונג אין פּלאַגיאַט, וואָרעם לויט דער עצעם שילדערונג האָט קאַפּצעלניק באַטייט דאָס זעלבע, וואָס קאַפּצאַנסק. אַנדערע מעכאַברים פון יענער צייט פלעגן נעמען מענדעלעס שטאָט-באַצייכענונג, ווי זי שטייט און גייט. פּאַלטיִעל זאַמאָשטשין, צום ביישפּיל, פירט אַריין אין זיינער אַ דערציילונג מענדעלעס מאָטיוו „קאַפּצאַנסקער מעיוכאָסים". מיט דער זעלבער נאַטירלעכקייט שרייבט דער זעלבער זאַמאָשטשין אין דעם אָנהייב-זאַץ פון זיינער אַ גרעסערער דערציילונג „דער סאַם": „ניט ווייט פון גלופּסק, אַן ערעכ פון אַ ווערסט פיר, פינף, זעקס... ליגט אַ שטאָט"...

פּונקט אַזוי באַגייען זיך מיט מענדעלעס שטאָט-באַצייכענונגען אויך אַנדערע „קליינע מעכאַברימלעך" פון יענער צייט. צב. דער אומבאַקאַנטער אַוטאָר פון דער גרעסערער דערציילונג „דער פאַרבלאָנדזעטער" (1870) נוצט זיך מיט מענדעלעס שטאָט-באַצייכענונג טונעיאַדעווקע.

בערנשטיין האָט ניט געוואָלט גיין מיט אָט דעם וועג פון די „קליינע מע-

1 דעם טערמין האָט איינגעפירט אין די 60־ער יאָרן לינעצקי, שפּעטער האָט זיך מיט אים זייער גערן באַנוצט שאָלעם-אַליכעם.

2 גרונעלע די רעבעצן, מאת אפ״ס" (סובאָצקי), ווילנע, 1874. באַם וואָרט „קאַבצעלניק" מאַכט דער אַוטאָר אַ באַמערקונג: „לפי הנשמע איז איר נאָמען יעצט געענדערט געוואָרן".

כאברימלעכ". ער האָט געוואָלט באַווײַזנ זײַנ ליטעראַרישע זעלבשטענדיקײַט אונ האָט זיכ גענומענ אופשטעלנ א בילד פונ א שטאָט מיט דעם נאָמענ פּאָדלאָוויצ.

פונ דער גרויסער כאָפּטע „קליינע מעכאברימלעכ", וואָס מיר טרעפנ דעמלט אפּ די שפּאַלטנ פונעם „קול מבשר", צייכנט זיכ בערנשטיינ אויס דערמיט, וואָס ער איז אָנ שום סאָפּעק א קינסטלער. בערנשטיינס א געשטאַלט פאַרגעדענקט זיכ סײַ מאכמעס דעם בוילעט-געצייכנטנ פּאָרטרעט סײַ מאכמעס די טרעפלעכע רעפּליקעס. אינ בערנשטיינס דערציילונגענ פילט זיכ גאַנצ אָפט א פרישע איניציאַטיוו.

אזא איניציאַטיוו פילט זיכ ערטערווײַז אויכ אינ זײַנ צוגאַנג צו דער שטאָט פּאָדלאָוויצ. בערנשטיינ פאַרמעסט זיכ צו שילדערנ זײַנ שטאָט פּאָדלאָוויצ גאָר ברייט. דערופ גיט ער אָנצוהערנ אינ דעם ארײַנפיר צו זײַנ גרעסערער דערציילונג „א נעקאָמע אינצווייענ". בערנשטיינ שרײַבט דאָרט:

„די שטאָט פּאָדלאָוויצ איז א גרויסע שטאָט אונ איז צעטיילט אפּ דרײַ כאַלאָקים, הײַנט: פּאָדלאָוויצ, זא-פּאָדלאָוויצאָמ אונ פּאָד-פּאָדלאָוויצ". אונ אזוי איז אַלצדינג אינ איר אײַנגעטיילט אינדרײַענ. אינ איר איז דאָ:

מויערנ, הײַזער אונ שטיבלעכ,
מערק, גאַסנ אונ הינטערגעסלעכ,
קריסטנ, ייִדנ אונ ייִדלעכ,
נעגידימ, באַלעבאַטימ אונ קאַפּצאָנימ,
מיסנאַגדימ, כסידימ אונ פּליאַסקעס,
פּאָדריאַטשיקעס, סאָכרימ אונ פאַקטוירימ,
מענטשנ, בעהיימעס אונ שקאָצימ,
אונ צווישנ די שקאָצימ געפינט מענ:
כוואַטעס, אזעסניקעס אונ קאָלבויניקעס....

פּאָדלאָוויצ האָט לויט דעם אווטאָרס קאַוואָנע געזאָלט פאָרשטעלנ א פּאַראַלעלער געמיינערטע באַצייכענונג פונ א גרויסער שטאָט מיט א שאַרפּ דיפערענצירטער באַפעלקערונג, מיט בוילעטע סאָציאַלע קאָנטראַסטנ — אזא גרויסע שטאָט, ווי עס האָט צו יענער צײַט געפּרוווט שילדערנ בלויז איינ ייִדישער שרײַבער: מענדעלע אינ זײַנ גלופּסק. אונ בערנשטיינ נעמט זיכ טאַקע שילדערנ זײַנ שטאָט פּאָדלאָוויצ לויט דעם מוסטער פונ מענדעלעס גלופּסק.

אז בערנשטיינ געפינט זיכ אונטער מענדעלעס ווירקונג, קאָנ מענ זענ שוינ פונ דער ערשטער פאַרצייכענונג „די וועלט האָט זיכ איבערגעקערט", מיט וועלכער בערנשטיינ איז ארויסגעטראָטנ אינ יאָר 1870 („קול מבשר", 1870, נומ. 6)[1].

1 ניט ווייניקער דײַטלעכ לאָזט זיכ זענ מענדעלעס ווירקונג אינ בערנשטיינס ארטיקלענ. אזוי למשל, לייענענ מיר אינ בערנשטיינס אנ ארטיקל, וואָס איז געווענ געדרוקט אינ „קול מבשר" פונ 1866־טנ יאָר (נומער 47): „ייִדנ אַליינ פּלאָדיענ אָנ אפּ זיכ פּיאַווקעס, בלוטזויגערס... פאַרוואָס שטופּט מענ ארײַנ גרוינימענ שטאָט־געלט, ער זאָל דעריבער זײַנ א שוימער עד שיבוא אליהו? פאַרוואָס לאָזט מענ האָצמאַכנ, ער זאָל רײַטנ אפּ זיי אונ זאָל זיי הריזנ ווי כלחוך השור? וואָס לויפנ אַלמאָנעס, יעסוימימ, אָרעמע קאַלעס ווי פאַרסאַמטע מײַז אונ שטופּנ ארײַנ זייער לעצט שטיקל האָפענונג יאַקנעהאָזנ אינ די הענט ארײַנ?.. א ראַכמאָנעס אפּ מענטשנ, וואָס זײַנענ פערד אונ לאָזנ אפּ זיכ רײַטנ! א ראַכמאָנעס אפּ מענטשנ, וואָס זײַנענ ווי בעהיימעס אונ לאָזנ זיכ מעלקנ!

שוינ דאָרטנ זעט מענ, אז פונ דער גאנצער פּאָדלאָוויצער באפעלקערונג ציִענ צו בערנשטיינס אופמערקזאמקייט מער פאר אלצ די געשטאלטנ, וואָס זייַנענ דירעקט אָדער אומדירעקט פארבונדנ מיט דער „קנופּיע”, מיט די שטאָטישע באלעטויוועס. די כאראקטעריסטיק פונ די דאָזיקע געשטאלטנ שטעלט בערנשטיינ אוועק אינ צענטער פונ זייַנ גאנצער פּאָדלאָוויצ-שילדערונג. אלס מוסטער וועלנ מיר דאָ ברענגענ די כאראקטעריסטיק פונ איינעמ א פּאָדלאָוויצער קאָהאָלס-מאנ, וואָס מע רופט אימ צאָדעק ציבעלע.

„אינ יענער צייַט — געדענק איכ — איז געווענ אינ דער שטאָט פּאָדלאָוויצ א ייִד, וואָס האָט געהייסנ בפי כל — צאָדעק ציבעלע. כאָטש איכ בינ ניט קיינ גוטער-ייִד איכ זאָל וויסנ, וואָס עס טוט זיכ בא יענעמ אינ בויכ, פּריטייַ ווייס איכ, אז בא צאָדעקנ אינ בויכ איז טאָמיד געלעגנ ברויט מיט ציבעלעס, אמאָל מיט באָרשטש, אמאָל מיט א קוליש אונ זייער זעלטנ מיט א שטיקל פלייש. דעריבער איז צאָדעק געווענ א פארכמארעט, א פארדארט ייִדל אונ האָט ליב געהאט דעמ · קנאק גאָר אפ אנ אנדער אויפנ.

שאבעס איז פאר אימ געווענ א וועלט: ער פלעגט ארומגייִנ צווישנ זייַנע באקאנטע אונ מאכנ קידעש. ער פלעגט אהיימ קומענ מאָלע סימכע אונ פלעגט זיכ זעצנ עסנ זייַנע ליבע מייַכאָלימ לעקאָוועד שאבעס, הייַנע: רעטעכ מיט ציבעלעס, אייער מיט ציבעלעס, לעבער מיט ציבעלעס, הערינג מיט ציבעלעס אונ ציבעלעס מיט שמאלצ — ייִדישע מייַכאָלימ... צאָדעק האָט זייער ליב געהאט ציבעלעס, באמ גרעסטנ טרונק בראָנפנ האָט ער נאָר פארביסנ מיט א ציבעלע, דעריבער האָט מענ אימ גערופנ אינ פּאָדלאָוויצ: צאָדעק ציבעלע.

א ווייַב האָט צאָדעק געהאט א מאכשייפע, א יאשטשערקע, א צרה שלא תבוא, וואָס פלעגט אימ בויערנ דעמ מויעכ אונ פּאָשעט אויסקנייַפנ שטיקער פלייש, פארוואָס ער דרייט זיכ ניט ארייַנ צו קאָהאָל ווי אנדערע שיינע-ייִדנ, וואָס זייַנענ קימאט אשירימ געוואָרנ דערפונ.

— וואָס איז? — פלעגט זי טייַנענ, — ביסט ניט אזא שיינער־ייִד ווי זיי? ביסט עפשער ניט אזא מעיוכעס ווי זיי? האָסט עפשער ניט אזוינע מייַלעס ווי זיי? ביסט קראנק צו זייַנ ווי יאָסל קאָלבויניק, וואָס אלע פּאָדלאָוויצער נעגידימ האָבנ פאר אימ מוירע? ביסט קראנק צו זייַנ ווי טאָדרעס קראצ, וואָס האָט דאָס ווייַב באנייט אונ באהאנגענ אונ ברענגט אלע טאָג פונ אלדאָסגוטס: הייַנט א גענדזל, מאָרגנ א קאפּהאָנ — אונ עס קאָסט אימ ניט א גראָשנ? וואָס דענ? פונ דיר וועט עפּעס זייַנ? מישטיינסגעזאָגט! א ציבעלע בלייַבט א ציבעלע!

אָט אזוי האָב איכ איבערגעלאָזט צאָדעקנ, בעשאס איכ בינ אוועקגעפאָרנ פונ פּאָדלאָוויצ. א צייַט מיט יאָרנ זייַנענ אוועק, פיל וואסערנ זייַנענ איבערגעלאָפנ, עס איז שוינ גאָר לא עלתה על מחשבתי געווענ, איכ זאָל גאָר נאָכאמאָל זייַנ אינ פּאָדלאָוויצ אונ זאָל זענ דעמ צאָדעקנ אונ נאָכאמאָל מיט אימ ריידנ.

---

א ראכמאָנעס אפ אונדזערע ייִדנ, וואָס לאָזנ זיכ צאפנ, נאָגנ, רייַסנ; א ראכמאָנעס אפ אונדזערע ייִדנ, וואָס האָבנ אפ זיכ אליינ קיינ ראכמאָנעס ניט!”

סיי דער געדאנקענגאנג, סיי דער אלגעמיינער טאָנ פונ דעמ ארטיקל, וואָס מיר האָבנ דאָ ציטירט, דערמאָנט אָנ שומ סאָפעק אָנ מענדעלענ. דאָס זעלבע קאָנ מענ באמערקנ אויכ אינ אנדערע ארטיקלענ, וועלכע בערנשטיינ האָט געדרוקט אינ „קול מבשר”.

דאָ ניט לאַנג האָט מיכ דער צופאַל צוריק געבראַכט קיינ פּאָדלאָוויץ. מײַלע, וואָס קאָנ איכ אײַכ זאָגנ — איכ האָב דערזענ דעם צאָדעקנ, בינ איכ גיווהעל ווע-נישטוימעט געוואָרנ: עס איז גאָר ניט דער צאָדעק. עפּעס אַנ איבערקערעניש איז אָפּ אים געקומענ. צאָדעק האָט באַקומענ אַ בויכ מיט אַ וואַרגע, אַז אָפּ טרייפֿע פֿלייש איז ער אויכ ווערט צוויי גילדנ די אָקע. צאָדעק הייסט שוינ גאָר ניט צאָדעק ציבעלע, ער הייסט שוינ גאָר רעב צאָדעק ציבעלמאַנ. צאָדעק איז שוינ גאָר אַ שטאָט-מענטש אונ אַנ ערלעכער ייִד געוואָרנ, צאָדעק זאָרגט שוינ, נעבעכ, פֿאַרנ כּלל-ייִסראָעל, צאָדעק פֿאַרקויפֿט שוינ גאָר „לוי-יעכרעצ" אָפּנ לויט, צאָדעק עסט שוינ ניט קיינ ציבעלעס, נאָר גענדז אונ פּופּקעס — פֿאַר שטאָט-געלט, צאָדעק טרינקט ספּירט אונ וויַינ „על דעת הקהל", צאָדעק מאַכט כּסימעס, צאָדעק נעמט אופּ אַ דאַיענ, אַ כאַזנ אונ אַ ראַבינער. האַקלאַל, צאָדעק איז קאָל וועלאָכ אונ קענ שוינ אַרײַנמישנ אינ זײַנ ריידנ אַ פּאָר לאָשנקוידעשע ווערטער, כאָטש זיי פּאַסנ זיכ גאָר ניט צו דער זאַכ.

ברוך משנה עתים ומחליף את הזמנים! די צײַטנ האָבנ זיכ פֿאַרענדערט. די וועלט האָט זיכ איבערגעקערט, אונ עס איז שוינ אומעטום דאָ אַזוינע ציבעלעס, וואָס האָבנ זיכ אַמאָל קיינ נאָז ניט געקאָנט אָפּווישנ, הײַנט רײַטנ זיי אָפּ אַנ אײדע ייִדנ".

די געשיכטע וועגנ צאָדעק ציבעלע איז, ווי מיר זעענ, אַ טיפּישע לעבנס-געשיכטע פֿונ מענדעלעס „קליינע מענטשעלעכ". דער וועג, מיט וועלכנ דאָס „פֿאַרכמאַרעט, פֿאַרדאַרט ייִדל" מיטנ נאָמענ צאָדעק ציבעלע איז געגאַנגענ צו ווערנ אַ „שטאָט-מענטש" רעב צאָדעק ציבעלמאַנ, וואָס פֿאַרמאָגט שוינ „אַ בויכ מיט אַ וואַרגע", איז אומגעפֿער דער זעלבער, וואָס עס מאַכנ דורכ די פּאָר-שטייער פֿונ דער „קנופּיע" אינ מענדעלעס ווערק. בערנשטיינ וויל אויכ דערמיט זײַנ געטרײַ דעם מוסטער פֿונ מענדעלעס ווערק, וואָס ער נעמט זיכ אונטער צו שילדערנ ניט איינעם אַ פּאָדלאָוויצער „שטאָט-מענטש", צאָדעק ציבעלע, נאָר די גאַנצע „קנופּיע", וואָס קלײַבט זיכ אופּ אַרומ אים. אַלס איינעם פֿונ אָט דער קנופּיע פֿירט אַרויס בערנשטיינ אַ געוויסנ פֿאַרשוינ מיטנ נאָמענ פֿײַטל קאָפּ.

פֿײַטל קאָפּ געהערט אויכ צו די פֿאַרשוינענ, וואָס „רײַטנ אָפּ אַנ אײדע ייִדנ". בערנשטיינ דערציילט: „פֿאַר פֿײַטלענ האָט מענ מוירע געהאַט ווי פֿאַר אַ ווילדע כײַע. מע האָט געוווּסט, ער קאָנ זיכ אָפּרײַסנ אונ יענעמ אויסמישנ מיט דער בלאָטע אומזיסט אונ אומנישט. מע האָט געוווּסט, אַז ער קאָנ געבנ אַ ביס הינטנאַרומ, ווי אַ הונט. מע האָט געוווּסט, אַז פֿײַטל קאָנ שיסנ דורכ אַ מעסירעלע צי דורכ דעמ רעבנ".

צווישנ פֿײַטל קאָפּ אונ צאָדעק ציבעלע הערשט, נאַטירלעכ, אַ פֿולשטענדיקע אַכדעס. אַפֿילע אָפּ דער עלטער, ווענ פֿײַטל איז אויסגעוועפּט געוואָרנ אונ האָט שוינ ניט מיט וואָס צו בײַסנ, — אַפֿילע דעמלט ווייסט צאָדעק ציבעלע, אַז ער טאָר ניט אײַנרײַסנ מיט פֿײַטלענ.

...„צאָדעק ציבעלע, זאָל לעבנ, פֿאַרגעסט ניט זײַנ גוטנ-ברודער אונ פֿרי-גלאַשעט אים צו צײַטנ צו זיכ, אַז ער דאַרפֿ אַמאָל אַנ אייצע האַלטנ זיכ וועגנ שטאָט-זאַכנ. ער שענקט אים — עס זאָל ניט אויסגערעדט זײַנ — אַמאָל אַ גילדנ צוויי, דרײַ, ער זאָל ניט אויסזאָגנ פֿונעמ כיידער פֿונ אַמאָל. ער האָט אים אויכ צוגעזאָגט, אַז נאָכ זײַנ פּטירע וועט ער גיינ פֿאַר זײַנ מיטע אונ וועט שרײַענ

„צדק לפניו יהלך", ער וועט אים אויך א שיינע מאצייווע שטעלן מיט א שיינעם טיטל, היינו: „פה נטמן איש תם וישר, ר' פייטל זצ"ל", נאָר ביטניי ער זאָל זיך ניט מיסוואדע זיין פארן טויט".

2

א וויכטיק אָרט אין דער שילדערונג פון דער שטאָט פּאָדלאָוויץ פארנעמט בא בערנשטיינען די פארצייכענונג „וויבאָרעס"[1]. ווי אלע שרייבער פון מענדעלעס „ריכטונג", איז אויך בערנשטיין אויסן צו באווייזן, אז די וואלן, וואָס ווערן פראקטיקירט אין דעם קאָהאָל-שטייגער, זיינען ניט מער ווי א פיקציע. אין בערנשטיינס פארצייכענונג טרעפן מיר א כאראקטעריסטישן דיאַלאָג צווישן צוויי פּאָדלאָוויצער פארשוינען: טרייטל בעזעמ און בערל יאקנעהאָז. בערל יאקנעהאָז וויל וויסן, אין וואָס באשטייט דער איניען „וויבאָרעס", ער וויל פארשטיין, וואָס טוט מען עס דערביי מיט די „גאלקעס".

„— שויטע, — זאָגט טרייטל מיט א בייזער, — ביסט דאָך עפּעס פּאָשעט לוי אַליינו א פארשטאָפּטער קאָפּ, דו ווייסט, וויאַזוי מע קלייבט אויס א ראָוו, א באלטאקסע, א ראטמאן, א אָצענשטשיק, א כאָדאטייַ אוכעדוימע. נו, ווארפן זיי גאלקעס, און ווער עס ווארפט מער — דער איז זויכע בעגוירל.

— יאָ, — זאָגט יאקנעהאָז, — אָבער די גאלקע אליין וואָס איז אזוינס?"

דעם ריכטיקן ענטפער אף זיין פראגע באקומט יאקנעהאָז ערשט שפּעטער, ווען עס זאמלט זיך אוף דער גאנצער אוילעם, וואָס דארף זיך באטייליקן אין די וואלן, און אלע גיבן זיך א לאָז צו געצלען אין ווייִנשענק אריין.

„— הא, — זאָגט יאקנעהאָז, וויינענדיק. — אצינד פארשטיי איך, וואָס הייסט גאלקעס. גאלקעס הייסט אפּאָנעם פראָסטע א קויסע ...נו, אזוינע גאלקעס בין איך אויך א באלן צו ווארפן"...

און דאָס איז דער מוסערהאסקל פון דער גאנצער פארצייכענונג: די „וויבאָרעס" — דאָס איז ניט מער ווי אַן אָנשטעל, א שפּיל. „גאלקעס" הייסט אף דער פּאָדלאָוויצער שפּראך „פּראָסטע א קויסע", און יעדער פּאָדלאָוויצער איינוווינער קאָן מיט רעכט זאָגן: „אזוינע גאלקעס בין איך אויך א באלן צו ווארפן"...

צווישן די פארשוינען, וואָס זיינען ארויסגעפירט אין בערנשטיינס פארצייכענונג, זיינען ניט אלע אזעלכע „וויינענדיקע" בריעס ווי בערל יאקנעהאָז. פאראן דאָ אנדערע, וואָס מאכן פון זיך ניט אזעלכע נעבעכלעך. אָט לייענען מיר אין בערנשטיינס באשרייבונג פון דעם מאָמענט ערעוו די וואלן:

„אין דרויסן שטייען א גאנצע כעוורע באלמעלאָכעס, אלע שרייען, אלע ריידן, מע גאָנערט ווי די גענדז, און מע הערט ניט א וואָרט. פּלוצעם לויפט ארויס פון דער כעווּרע א געזונטער יונגאטש צאָדעק יאָצרעס און לויפט צו גלייך צו רעב טרייטלען און זאָגט אין דער גיך:

— פארשטייט איר, רעב טרייטל! נאָר מיט קאָפּ! איך בין דאָך איך! און אז איך ווער אין קאס — בין איך דאָך טאקע אין קאס. מיילע, קאָלזמאן איך

1 „קול מבשר", 1871, נומ. 49.

שווײַג — שווײַג איכ, אָבער אז איכ וועל אָנהייבנ שרײַענ, וועל איכ דאָכ טאקע שרײַענ, אז מע וועט זיכ צונויפלויפנ מארבע פינות בית דינ. די מײַסע דערפונ איז אזוי. דער מענטש איז נאָר א בשר ודג, א פראָסטער מעבר יבוק, הײַנט איז ער דאָ ומחר ויברח, אונ סאָרע נעמ צו די פיש... אָבער גלאט פיפופא איז וידבר... עס איז א מעלאָכע צו מאכנ שטוקעס־פוקעס? קומט מיכ ווערגנ — איכ וויל אימ ניט! לאָז ער זײַנ, מעכילע, א ראָוו אינ יערושאָלאימ, אינ ערעצ־ייִסראָעל, אינ בראָד אפילע — ניט בא אונדז. איכ וויל אויכ א דייע! איטלעכער הונט אפ זײַנ מיסט, איכ וויל ניט בעשומויפנ אזא ראָוו"...

ווי די איבעריקע שרײַבער פונ מענדעלעס „ריכטונג", אזוי קאָנ אויכ בערנשטיינ ניט פארזענ דעמ פאקט, אז וואָס א טאָג פארשטארקט זיכ אינ דער פאָלקסמאסע דער אומצוטרוי צו די קאָהאָלשע מאכטהאָבער, ער לאָזט אפילע זײַנ העלד צאָדעק יאָצרעס אויסרופנ מיט גרויס זיכערקײַט: „עס איז ניט העפקער א וועלט... אלע כאיאָטימלעכ, פארשטייט איר, וועלנ האלטנ מיט מיר"... דער אווטאָר אלײנ אָבער איז קלאָל ניט אזוי אָפטימיסטיש ווי זײַנ העלד. ער האלט, אז די שטאָט פאָדלאָוויצ איז אזוי דורכ אונ דורכ פארפעסטעט אונ פארדאָרבנ, אז דאָ מוזנ געשטרויכלט ווערנ אי דער „געזונטער יונגאטש צאָדעק יאָצרעס" אי „אלע כאיאָטימלעכ", וואָס זײַנענ גרייט אימ צו שטיצנ. דער סאָפ פונ בערנשטיינס פארצייכענונג איז טאקע דאָס אויסנ צו באווײַזנ. די קאנדידאטנ פונ די „וויבאָרעס" האָבנ אונטערגעשיקט דעמ שאמעס יאָסל ווארנעטשקע, ער זאָל רופנ דעמ אוילעמ צו געצלענ אינ ווײַנשענק; די גאנצע אופגערודערטע מאכנע מיט צאָדעק יאָצרעס אינ דער שפיצ גיט זיכ א לאָז אהינ, אינ ווײַנשענק ארײַנ, אונ ווײַטער מעג מענ שוינ זײַנ זיכער, אז אלצ וועט גיינ ניט לויט דעמ פארלאנג פונ דעמ „געזונטנ יונגאטש צאָדעק יאָצרעס", נאָר לויט דעמ פארלאנג פונ דעמ פאָדלאָוויצער גוויר — צאָדעק ציבעלע.

זײַנ אטאקע קעגנ די פאָדלאָוויצער גווירימ פירט בערנשטיינ גאנצ סיסטעמאטיש. ער טוט עס ניט בלויז אינ זײַנע פארצייכענונגענ, נאָר אויכ אינ אייניקע לידער. זייער כאראקטעריסטיש איז אינ דעמ זינענ די גרעסערע ליד „דער כאָלעמ", וואָס איז געבויט ווי א מינ באשרײַבונג פונ „יענער וועלט". בערנשטיינ באגעגנט זיכ אפ „יענער וועלט" מיט די „פניי", ער זעט, ווי מע „צערעכנט" זיכ דאָרטנ מיט זיי פאר די „טויוועס", וואָס זיי האָבנ געטאָנ דער שטאָט.

דאָרט זיצנ באהאנגענ
אינ פײַערדיקע שלאנגענ
אשירימ, פארבראָטנ, פארברענט,
אונ שיטנ אינ קענדלעכ
פארבלוטיקטע רענדלעכ
פונ גזיילע, רעציכע, פראָצענט.
עס ווערט א בעהאָלע,
די מאלאכיי-כאבאָלע
קומענ מיט געפילדער, געשריי
אונ כאפנ די גווירימ,

די שיינע אשירים
און רייסן שטיקער פון זיי [1].

די ליד „דער כאַלעמ", וואָס איז געווען אָפּגעדרוקט אין יאָר 1872, האָט באוויזן, אז בערנשטיינס אָפּאָזיציע קעגן די „שיינע אשירים" באקומט א גאנצ באשטימטנ סאָציאַלנ אינהאלט [2]. ארייַנלייגנ אָט דעמ סאָציאַלנ אינהאלט אינ דער ווייַטערדיקער שילדערונג פונ דער שטאָט פּאָדלאָוויצ האָט געהייסנ אנטבלויזנ די סאָציאַלע קאָנטראַסטנ אינ דער דאָזיקער שטאָט, אופדעקנ דעמ סאָציאַלנ אנטאַגאָניזמ צווישנ די „נעגידימ, באלעבאטימ און קאַפּצאָנימ", אפּ וועלכע עס טיילט זיכ, לויט בערנשטיינען, פּאָדלאָוויצער באפעלקערונג.

מיט דעמ וועג איז, ווי באוווּסט, געגאנגענ מענדעלע, בייס ער האָט אינ דער „טאקסע" געשילדערט די שטאָט גלופּסק. מענדעלע איז דערבייַ געקומענ צו דער שילדערונג פונ דעמ שארפנ סאָציאַלנ קאָנפליקט צווישנ די שטאָט-באלעטויווּעס און דער גלופּסקער אָרעמשאפט, און אינ דער שילדערונג פונ אָט דעמ קאָנפליקט האָט מענדעלע טאקע ביז גאָר בוילעט דעמאָנסטרירט זייַנע פעסטע, אָרגאנישע פארבינדונגענ מיט דער האמוינישער-האָרעפאשנער סוויווע.

בערנשטיינ האָט קיינ פעסטע פארבינדונגענ מיט דער דאָזיקער סוויווע ניט געהאט. אנטשליסנ זיכ אפּ אנ ערנסטנ קאָנפליקט מיט די פאָרשטייער פונ די הערשנדיקע סאָציאַלע גרופּנ האָט ער קיינמאָל ניט געקאָנט, און דאָס האָט זיכ גלייַכ געלאָזט דערקענענ אינ דעמ ווייַטערדיקנ גאנג פונ דער פּאָדלאָוויצ-שילדערונג.

## 3

אינ יאָר 1872 מאכט בערנשטיינ א נייַעמ פּרווו צו שילדערנ די שטאָט פּאָדלאָוויצ. ער באנוגנט זיכ ניט דאָס מאָל מיט דער קורצער פארצייכענונג, וואָס גיט זיכ אָפּ בלויז מיט אנ איינצל-עפּיזאָד פונ פּאָדלאָוויצער לעבנ. ער שרייַבט א גרעסערע דערציילונג „א נעקאָמע אינצווייענ" („קול מבשר", 1872, נומ. 7—18), וואָס האָט פארמאָסטנ זיכ צו געבנ א ברייטע שילדערונג פונ דער שטאָט פּאָד-

---

1 „קול מבשר", 1872, נומ. 19.

2 ס'איז קעדייַ צו פארצייכענענ, אז אינ דער ליד „דער כאַלעמ" באגעגענענ מיר זיכ ווידער מיט דער געשטאלט פונ צאַדעק ציבעלע. בערנשטיינ דערציילט וועגנ דעמ גענעמ:

דאָרט טאסקעט מענ איינעמ
א ייִדנ א שיינעמ
בא די לאנגע באָרד און פּייעס,
מע שלאָגט אימ אינ קארק,
און ער מייקעט שטארק
מיט גנייווישע מאטבייעס.
עס איז רעב צאַדעק אליינ,
וואָס איז, נעבעכ, געווענ
בא דער שטאָט א נעמענ א צייַט,
ער האָט ניט געקלונגענ,
נאָר שטילערהייט געשלונגענ,
ביז ער איז געוואָרנ א לייַט...

לאָוויץ. אין דער דאָזיקער פארברייטערטער פאָדלאָוויץ-שילדערונג באמערקט זיך אָבער א טענדענץ זיך צו דערווײַטערן פון שארפע, אקטועל-געזעלשאפטלעכע פראָבלעמען. בערנשטיין ווײַכט דאָ פון דער אָרעמשאפט-סוויווע, ער מײַדט אויס צו שילדערן דאָס לעבן פון די „קאפּצאָנים", ווו די סאָציאַלע קאָנטראסטן נעמען אָן אזא שארפן אויסדרוק.

אָנשטאָט דעם אינטערעס צו דער סאָציאַלער פּסיכאָלאָגיע פון ברייטערע שיכטן קומט די טענדענץ זיך צו באשעפטיקן מיט דער אזויגערופענער „ריינער פּסיכאָלאָגיע". בערנשטיין הייבט אָן צעשמירן די „איבערלעבעכצן" פון זײַנע יוגנטלעכע העלדן און פאלט ארײַן אין פלאכער סענטימענטאלקײַט און ביליקן מעלאָדראמאַטיזם. און דאָך האָט די דאָזיקע דערציילונג אויך צוגעגעבן אייניקע וועזנטלעכע שטריכן צו דער כאראקטעריסטיק פון דער שטאָט פאָדלאָוויץ.

אין צענטער פון דער דערציילונג „א נעקאָמע אינצווייען" שטייען געשטאלטן פון דער פאָדלאָוויצער יוגנט. בערנשטיין וויל דאָ דערווײַזן, אז דער פאָדלאָוויצער „יונגער דאָר" אונטערשיידט זיך לאכלוטן ניט פון יענעם „אלטן דאָר", וועלכער איז פאָרגעשטעלט מיט צאָדעק ציבעלע[1].

אינעם קאפּיטל „די שיינע אסיפע" שילדערט בערנשטיין, ווי עס פארברענגען די צײַט די פאָדלאָוויצער שיינע יונגעלײַט.

„אין א פארוואָרפן געסל, וואָס מע רופט עס „קאָלבויניצע", גאָר אָן א זײַט, שטייט א שטיבל גאָר באזונדער מיט פענצטער אף דער גאס ארויס. צווישן די צוויי פענצטער איז א טיִר, וואָס פירט ארײַן אין א קליין פאָרהײַזל, און פון דאָרט אין א שטוב, וואָס די ווענט זײַנען אמאָל געווען מיט שיינעם שפּאליר איבערגעקלעפּט. די קאנאפּע, מיט טונקל-גרינער צעראטע באצויגן, שטייט אויבנאָן, פאר דער קאנאפּע א קײַלעכדיקער טיש, און אף אים ליגן עטלעכע טאליעס קאָרטן. אף אן אנדער טישל שטייט א גרויסע פלאש בראנפן צווישן א סאך אייער-שאָלעכץ, און אין שטוב דרייען זיך ארום עטלעכע פערזאָן, טייל מיט היטלען, טייל אָן היטלען, טייל מיט סורדוטן, טייל אָן די קאמזוילן אויך. מע טרינקט, מע שמועסט, מע לאכט און מע שעלט זיך, מע זידלט זיך אף קאטאָוועס. איינער דעם אנדערן דערציילט, מיט וואָס ער האָט די יאָרן פארבראכט. יעדער בארימט זיך מיט אן אנדער אנטיק".

דאָס „פארוואָרפן געסל", וואָס מע רופט עס „קאָלבויניצע", איז ניט קיין נעבן-דעטאל אין בערנשטיינס שילדערונג פון דער שטאָט פאָדלאָוויץ. פון דעם געסל „קאָלבויניצע" ציִען זיך פעדעם צו אלע איבעריקע גאסן פון דער שטאָט פאָדלאָוויץ, דאָ גייען דורך זייער „שול" די יונגע מענטשן, וואָס וועלן איניכן פארנעמען אין דער שטאָט פאָדלאָוויץ גאָר א געהויבן אָרט.

מיט עטלעכע יאָר שפּעטער שרײַבט בערנשטיין אָן א גרעסערע דערציילונג „א וועלט מיט קליינע וועלטעלעך", ווו ער גיט זיך ספּעציִעל אָפּ מיט דער שיל-

---

1 צאָדעק ציבעלע פיגורירט אין „נעקאָמע אינצווייען" אלס א קאָרעוו פונעם הויפּט-העלד כײַקל. אָבער צווישן דעם יונגן כײַקל און דעם אלטן צאָדעק ציבעלע איז פאראן ניט בלויז אן אויסערלעכע פאמיליען-קרויוועשאפט. בערנשטיין שטרײַכט אונטער, אז די קרויוועשאפט איז דאָ א סאך א טיפערע, ס'איז די קרויוועשאפט, וואָס איז פאראן צווישן איין „קליין מענטשעלע" און א צווייטן. און דער יונגער כײַקל האָט שוין ווירקלעך פארכאפּט דעם פּאָסטן פון א שטאָטישן רעדלפירער, ער האָט זיך שוין אויסגעלערנט אָפּלעקן א ביינדל בא פארשיידענע קאָהאָלשע איניאָנים.

דערונג פונ דער פּאָדלאָוויצער אונטערוועלט[1]. דער סאָציִאַלער אספּעקט פונ דער פּאָדלאָוויצ-שילדערונג איז דאָ א סאַך בוילעטער, קלאָרער. בא דער גאנצער ספּעציפישקייַט פונ דער סוויווע (דער אווטאָר שילדערט א פּאָדלאָוויצער „הייַזל") טרעפנ מיר דאָ ניט קיינ בילִיקע „אינטריגע", בערנשטיינ יאָגט זיכ דאָ ניט נאָכ סענסאַציע. מיר האָבנ דאָ בא בערנשטיינענ אומגעפער דעמ זעלבנ צוגאנג ווי בא מענדעלענ שפּעטער אינ דער שילדערונג פונ לייווי באָכערס „הייַזל" אינ צווייטנ טייל „ווינטשפינגערל". די אונטערוועלט-סוויווע ווערט דאָ פּאָרגעשטעלט ווי אנ אומפאַרמייַדלעכער פּראָדוקט פונ די אלגעמיינע פּאָדלאָוויצער פּארהעלטענישנ. די אונטערוועלט-דערשייַנונגענ זייַנענ דאָ ניט מער ווי „קליינע וועלטעלעכ" פונ דער „וועלט", וואָס הייסט פּאָדלאָוויצ.

די דערציילונג „א וועלט מיט קליינע וועלטעלעכ" האָט, קענטיק, געזאָלט זייַנ א ווערק פונ א גרעסערנ פאַרנעמ. כוצ דעמ ערשטנ טייל, וואָס איז געווענ געדרוקט אינ „ייִסראָליק", האָט בערנשטיינ געגרייט צומ דרוק נאָכ א צווייטנ טייל. דערופ ווייַזט אויסדריקלעכ אָנ לינעצקי אינ זייַנ בוכ „דער סטאטעק", ז. 91. מיר ווייסנ ניט, צי דער צווייטער טייל פונ דער „וועלט מיט קליינע וועלטעלעכ" איז דערשינענ אינ דער עפנטלעכקייַט, אָבער דער ערשטער טייל, וואָס איז דערגאנגענ צו אונדז, כאראקטעריזירט בערנשטיינענ אלס אייגעמ פונ די שרייַבער, וואָס האָבנ זיכ באוווסטזיניק אָנגעשלאָסנ אָנ מענדעלעס „ריכטונג", אלס א שרייַבער, וואָס האָט אינ מעשעכ פונ א גאנצער ריי יאָרנ געהאלטנ פאר זייַנ כּיוו פּאָרצוזעצנ יענע וויכטיקע ארבעט, וועלכע מענדעלע האָט אָנגעהויבנ מיט זייַנ קלאסישער שילדערונג פונ דער שטאָט גלופּסק.

## 5. „בריוו פונ גאליציענ"

### 1

אינ דעמ קליינעמ בינטל שרייַבער, וואָס האָבנ אקטיוו מיטגעארבעט אינ דעמ זשורנאל „קול לעמ" האָט א גאנצ אָנגעזעענע אָרט פארנומענ אייגער א מיטארבעטער, וואָס האָט זיכ באהאלטנ אונטערנ פּסעוודאָנימ: ד"ר ציגענסאָנ. ער האָט דאָ פארעפנטלעכט זייער אנ אינטערעסאנט ווערק — „בריוו פונ גאליציענ". ווער עס איז געווענ דער ד"ר ציגענסאָנ אינ דערווירקלעכקייַט, איז ניט פעסטגעשטעלט. לויט אייגער א האשאָרע זאָל דאָס זייַנ י.-י. לערנער, וואָס האָט אינ די 60-ער יאָרנ אָנגעהויבנ זייַנ טעטיקייַט מיט „ניהיליסטישע" ארויסטרעטונגענ, אלס א.-א. קאָוונערס מיטקעמפער, אונ אינ די 80-ער יאָרנ איז ער ארויסגעטראָטנ מיט אנ אויסגעשפּראָכענער רעאקציִאָנער-נאציִאָנאליסטישער אפּאָלאָגעטיק. די האשאָרע, אז ד"ר ציגענסאָנ איז אייגער פונ לערנערס פּסעוודאָנימענ, ווענ זי זאָל זיכ באשטעטיקנ, וואָלט זי געוויס צוגעגעבנ אייניקע ווערנטלעכע שטריכנ צו דער כאראקטעריסטיק פונ דעמ פּראָגרעסיוונ פּעריִאָד אינ לערנערס טעטיקייַט. אָבער אזוי לאנג ווי די דערמאָנטע האשאָרע בלייַבט ניט מער ווי א האשאָרע, מוזנ מיר באהאנדלענ די „בריוו פונ גאליציענ" ווי איינס פונ דער גרויסער צאָל אנאָנימע

1 די דערציילונג „א וועלט מיט קליינע וועלטעלעכ" האָט זיכ געדרוקט אינ „ייִסראָליק", וואָס לינעצקי מיט גאָלדפאדענענ האָבנ ארויסגעגעבנ אינ די יאָרנ 1875—1876.

ווערק, מיט וועלכע ס׳קומט אונדז אויס האָבן צו טאָן אין דער יידישער ליטע־ראטור פון די 60־ער און 70־ער יאָרן [1].

ד״ר ציגענסאָן האָט געדרוקט אין „קול לעם״ ניט בלויז זיינע „בריוו פון גאליציען״. אין מעשעך פונעם יאָר 1879 האָט ער דאָ אויסער דעם פארעפנט־לעכט א גאנצע ריי ארטיקלען און פעליעטאָנען, וואָס האָבן געזאָגט איידעס, אז ד״ר ציגענסאָן איז קלאל ניט קיין זייטיקער מענטש אין דער יידישער פרעסע. פון זיינע ארטיקלען אין „קול לעם״ קאָן מען זען, אז ער האָט געהאט א היפשע דערפארונג אין זשורנאליסטישער ארבעט. אין די „בריוו פון גאליציען״ לאָזן זיך אויך פילן די זשורנאליסטיש־פעליעטאָניסטישע געווויינהייטן פונעם אווטאָר. אָבער אין אלגעמיין האלט זיך דער אווטאָר באַם מעטאָד פון קינסטלערישער שילדע־רונג, און זיינע „בריוו פון גאליציען״ האָבן דאָס פולע רעכט באטראכט צו ווערן אלס איינס פון די אייגנארטיקע קינסטלערישע ווערק פון די 70־ער יאָרן.

די קינסטלערישע אייגנארט פון ד״ר ציגענסאָנס ווערק ווייזט זיך ארויס פרי־ער פאר אלץ אין דעם, וואָס דאָ איז גאָר אפ א נייעם אויפן אויסגענוצט גע־וואָרן דער בריוו־זשאנר. דער איינציקער שרייבער, וואָס האָט ביז דעמלט גע־פרווט איינפלאנצן דעם בריוו־זשאנר אין דער יידישער ליטעראטור, איז געווען יויסעף פערל. זיין „מגלה טמירין״, וואָס איז דערשינען אין יאָר 1819 אפ הע־ברייִש און איז געווען באקאנט אין די ליטעראַרישע קרייזן אויך אין א יידישער ווערסיע, האָט געהאט א גרויסע ווירקונג אפ אייניקע שרייבער, וואָס האָבן זייערע ווערק געווידמעט דעם קאמפ קעגן כאסידיזם. ניט פריי פון פערלס ווירקונג איז ערטערוויין אויך ד״ר ציגענסאָן, דער אווטאָר פון די „בריוו פון גאליציען״. ס׳איז אָבער גענוג איבערצולייענען עטלעכע „בריוו״ פון ציגענסאָנס ווערק, קעדיי צו באמערקן, אז דער בריוו־זשאנר איז דאָ אויסגענוצט געוואָרן גאָר אפ אן אנדער אויפן ווי בא יויסעף פערל.

די גרונט־אייגנשאפט פון ד״ר ציגענסאָנס בריוו־זשאנר באשטייט דערין, וואָס אין צענטער פון די בריוו ווערט דאָ אוועקגעשטעלט אייִן געשטאלט, ארום וועל־כער עס ווערן גרופירט אלע שטייגער־דערשיינונגען. אלץ, וואָס עס פאסירט אין די „בריוו פון גאליציען״, האָט א דירעקטע שייכעס צו דער צענטראלער פיגור, וואָס רופט זיך אָן „האקאָטן כאַים בען יִצכאָק מארגאָליס״. דערפאר זעען מיר, ווי פון בריוו צו בריוו באקומט די דאָזיקע געשטאלט אלץ מער בוילעטקייט, זי וואקסט אויס אין א טיפּישער פיגור, וואָס ווערט ניט פארזונקען אין דער עטנאָ־גראפיש־טרוקענער באשרייבונג, און הייבט זיך טיילמאָל אופ צו א קינסטלערישער פאראלגעמיינערונג.

---

1 דער נאָמען ציגענסאָן ווערט דערמאָנט אין לינעצקיס בוך „דער סטאטעק״. מיר לייענען דאָרט (ז. 91):

„איך שריי אבינו מלכנו, און איר, זשארגאָניסטן, שלאָפסט, אבראמאָוויטש, שלשום בר יענטע, גאָלדפאדען, דיק, צעדערבוים, גאָטלאָבער, ענגעלשטיין, ד״ר ציגענסאָן! איר שלאָפט!... גוואלד, ווארפט אוועק אייער ארבעט אומגעקאָנטשעט: ווארפ אוועק, שלשום בר יענטע, דיין צוויי־טע טייל „א וועלט מיט קליינע וועלטעלעך״, ווארפ אוועק, גאָלדפאדען, דיין פידעלע מיט די נאָטן, און דו, ציגענסאָן, הער אופ צו דולן א קאָפּ מיטן טיפאָגראפ וועגן דיין נייער באָוועלע! ווארפט אוועק אלעס אינמיטן, און לאָמיר איינלייגן די וועלט!״

אין לינעצקיס „יִסראָליק״ האָט ד״ר ציגענסאָן אָפּגעדרוקט א ריי פעליעטאָנען — „בריוו פון רוסישן שטאָקהאָלם״.

די „בריוו פונ גאליציענ“ זײַנען געגעבנ ווי די טרויעריקע געשיכטע פונ כאַיִמ בענ יִצאָק מארגאָליסעס וואַנדערנישנ איבער דעמ „קירע-לאנד“. דערבײַ דערלויבט זיכ דער אווטאָר גאנצ אָפט צו מאכנ ברייטערע אָפּווײַכונגענ. ער נעמט זיכ צו באשרײַבנ דעמ פאנאטישנ שטייגער פונ די „קירישע“ יִדנ, אָבער גראָד פונ די דאָזיקע שטייגער-באשרײַבונגענ — באזונדערס אינ צווייטנ טייל פונעמ ווערק — ווערט קלאָר, אז ציגענסאָנ באטראכט ניט דעמ פאנאטיזמ אלס איינציקע סיבע פונ דער אומנאָרמאלער לאגע, אינ וועלכער עס געפינט זיכ זײַנ העלד. דער אווטאָר פונ די „בריוו פונ גאליציענ“ זעט די סיבע פונ אָט דער אומנאָרמאלער לאגע א סאכ טיפער. ער ווענדט זײַנ אופמערקזאמקײַט אפ די אלגעמיינע סאָציאַל-עקאָנאָמישע פארהעלטענישנ, וואָס הערשנ אינ דער יִדישער סוויווע. דער אנטיכסידישער מאָטיוו איז אינ די „בריוו פונ גאליציענ“ בלויז א פארבײַגייענדיקער מאָטיוו, פונקט אזוי ווי יויסעפ פערלס ווירקונג אפ ציגענסאָנען איז בלויז א פארבײַגייענדיקע. אינ ציגענסאָנס ווערק זײַנען פאראנ קענטיקע סימאָנימ פונ אנ אנדערער, א מער טיפער אונ אָרגאנישער ווירקונג, וואָס האָט געלייגט איר שטעמפל אפ דעמ ווערק — דאָס איז די ווירקונג פונ מענדעלע מויכער-ספאָרימ.

מענדעלעס ווירקונג לאָזט זיכ דערקאָנענ אינ דער גאנצער סטרוקטור פונ ציגענסאָנס ווערק. פונ בריוו צו בריוו אנטוויקלט זיכ פארנ לייענער די געשיכטע פונ כאַיִמ בענ יִצכאָק מארגאָליס, וואָס איז אנטלאָפנ פונ דער „היימ“. דער העלד וואנדערט, ער באזוכט א שטאָט נאָכ א שטאָט, אונ דער אווטאָר נוצט אויס די דאָזיקע וואנדערנישנ, קעדיי צו געבנ ברייטערע שילדערונגענ פונ דעמ פארצײַטיקנ יִדישנ לעבנשטייגער. שוינ פונ די ערשטע בריוו ווערט קלאָר, אז די רײַזע-באשרײַבונג ווערט געפירט לויט א באשטימטנ מוסטער — לויט מענדעלעס „מאַסאָעס ביניאָמינ האשלישי“. דאָס געמיינזאמע צווישנ די דאָזיקע צוויי ווערק באשטייט דערינ, וואָס אינביידע פאלנ סימבאָליזירט דאָס אנטלויפנ פונ דער „היימ“ די אומדערטרעגלעכקײַט פונ דעמ טונעיאדעווקער לעבנ, פונ וועלכנ מע איז גרייט צו לויפנ, וווהינ די אויגנ טראָגנ.

די זעלבע מענדעלישע אופאסונג זעענ מיר אויכ אינ דער עצעמ שילדערונג פונ דעמ הויפט-העלד אינ די „בריוו פונ גאליציענ“. ציגענסאָנס העלד, מארגאָליס, איז פונקט אזא מאכטלאָזיקע בריע, ווי ביניאָמינ דער דריטער. ער איז פול מיט שרעק פאר דעמ ארומיקנ רעאלנ לעבנ, זײַנ האלטונג בענעגייע דעמ ווײַב זײַנעמ, זײַנ אופירונג בײַס דער באגעגעניש מיט דעמ גאליציאַנער פאָליציימאנ אָדער בײַס דער קאזאק האָט אימ אריבערגעטראָגנ אפ דער פלייצע איבער דעמ טײַכ זברוטש איז דורכויס אויסגעהאלטנ אינ גײַסט פונ מענדעלעס „מאסאָעס“. באזונדערס געטרײַ דער מענדעלישער אופאסונג וויל ציגענסאָנ זײַנ אינ דעמ שילדערנ די פארגלייבטקײַט אינ פאנטאזיעס אונ כימערעס, מיט וועלכער עס צייכנט זיכ אויס זײַנ העלד.

„דו ווייסט, אז איכ בינ א שטיקל באלדימיענ“ — זאָגט וועגנ זיכ ציגענסאָנס העלד. ציגענסאָנ באטאָנט אָט די כאראקטעריסטיק פונ זײַנ העלד זייער אָפט. ווי א געטרײַער טאלמיד פונ מענדעלענ, האלט ער פאר נייטיק ביטער אויסצולאכנ דעמ דאָזיקנ „באלדימיענ“ אונ נוצט אויס יעטווידע געלעגנהײַט, קעדיי ווידער אונ ווידער צו דערמאָנענ, אז דאָ האָט מענ צו טאָנ מיט א סאָציאַל-פסיכאָלאָגישנ שטריכ, וואָס איז אייגנטימלעכ דעמ גאנצנ שיכט, פונוואנענ עס קומענ די ביניאָמינס אונ די מארגאָליסעס.

## 2

זײַענדיק אזוי שטארק באווירקט פונ מענדעלעג, האָט ציגענסאָנ דאָכ פארטראכט זײַנ העלד ווי א קינסטלערישע געשטאלט, וואָס האָט געזאָלט גאָר ווענטלעכ זיכ אונטערשיידנ פונ מענדעלעס ביניאָמינ דעמ דריטנ. די לאָגיק פונ ביניאָמינס גאנצער „רײַזע״ איז אזא, אז זי וועט פריִער-שפּעטער אימ ברענגענ צוריק קיינ טונעיאדעווקע. דער מאָסקווער מעלוכישער ייִדישער טעאטער האָט דעריבער געהאט דאָס פולע רעכט צו געבנ אלס פינאל פונ ביניאָמינס וואנדערנישנ זײַנ אָנקומ צוריק קיינ טונעיאדעווקע. פאר ציגענסאָנס העלד איז אזא פינאל אויסגעשלאָסנ. ווי שווער עס זײַנענ ניט די מאפּאָלעס, וואָס ציגענסאָנס העלד האָט אויסצושטיינ אינ זײַנע וואנדערנישנ, — וועגנ אומקערנ זיכ אהיימ הייבט ער אפילע ניט אָנ צו טראכטנ. אונ די „בריוו פונ גאליציענ״ ענדיקנ זיכ טאקע מיט דער מוידאָע פונ דער אגונע דוואָסיע באס רעב טרײַטל, וואָס גיט צו וויסנ, אז ס׳איז שוינ פארבײַ „צענ יאָר, ווי מײַנ מאנ האָט מיר אָפּגעשיקט א געט פונ גאליציע אונ איז אוועקגעפאָרנ אינ ווײַטע מעדינעס״. מיר דערוויסנ זיכ אזויארומ, אז די וואנדערנישנ פונ כאיִמ בענ ייִצכאָק מארגאָליס האָבנ אימ פארפירט נאָכ ווײַטער פונ גאליציע, ער איז פארפאָרנ אזש אינ די „ווײַטע מעדינעס״, אונ „אהיימ״ וועט ער, קאָנטיק, קיינמאָל זיכ ניט אומקערנ.

צי איז דער דאָזיקער פינאל פונ ציגענסאָנס ווערק בארעכטיקט? געוויס יאָ. דער אונטערשייד אינ דעמ פינאל, וואָס עס האָבנ די וואנדערנישנ בא מענדעלעס אונ ציגענסאָנס העלדנ, נעמט זיכ דערפונ, וואָס אויכ די וואנדערנישנ גופע טראָגנ בא די דאָזיקע צוויי העלדנ א גאנצ פארשיידענעמ כאראקטער. ווי פאנטאסטיש עס זײַנענ ניט די אײַנפאלנ פונ ציגענסאָנס העלד, איז אימ דאָכ קיינמאָל ניט אײַנגעפאלנ אינ זײַנ רײַזע צו זוכנ די „רויטע ייִדעלעכ״. ציגענסאָנס העלד זוכט בלויז איינס: „א פארדינסטל״. שוינ אינעמ סאמע אָנהייב פונעמ ווערק, אינעמ דריטנ בריוו; הייבט אָנ דער אווטאָר שילדערנ זײַנ העלדס „פארדינסטל״.

„אָט האָט זיכ מיר יענע וואָכ גראדע געמאכט, האָב איכ געהאט א גאנצ שיינ פארדינסטל, — שרײַבט ציגענסאָנס העלד, — איכ זע ארויס באשײַמפּערלעכ, אז מײַנ גליק האָט זיכ מיר פארבעסערט״...

די באשרײַבונג פונעמ „פארדינסטל״ שאפט דעמ אייגנטלעכנ אינהאלט פונעמ בריוו. דאָס „פארדינסטל״ באשטימט דעמ גאנצנ געמיט-צושטאנד פונ ציגענסאָנס העלד.

„אָט אזוי האָב איכ אומגעריכט פארדינט א רייניש מיט עטלעכע גרייצער, — שרײַבט ציגענסאָנס העלד אינ זעלבנ דריטנ בריוו. — נו, קענסטו שוינ פארשטיינ, ווי גליקלעכ איכ שעצ מיר דאָ? ווײַטער האָב איכ דיר דערווײַל ניט וואָס צו שרײַבנ״...

אינ די ווײַטערדיקע בריוו ווערט די געשיכטע פונ די „פארדינסטלעכ״ אלצ מער אונ מער אנטוויקלט.

„מײַנ מײַמעד האָט זיכ מיר, גאָט זײַ דאנק, אָנגעהויבנ פיל צו פארבעסערנ, — שרײַבט מארגאָליס אינ פערטנ בריוו. — דער פּאָליאק איז מיר אפ דער האנט גוט געוועזנ. איכ האָב ערשט גאנצ שיינ זיכ פּאָפּראוועט, איכ האָב שוינ געקויפט אנ אלטע קירישע קיטאיענע זשופּעצע, אזוי אז ס׳איז שוינ שווער צו דערקענענ מיכ״.

יאָגנדיק זיך נאָך א „פאַרדינסטל", ווײַזט ציגענסאָנס העלד אַפ שריט און טריט אַרויס זײַן אומפּייִקײַט צו טאָן עפּעס א פּראָדוקטיווע אַרבעט, ער איז א לופט-מענטש, און אַלע זײַנע „געשעפטן" הייבן זיך אָן מיט דער אילוזיע, אַז „מײַן גליק האָט זיך מיר פאַרבעסערט", און ענדיקן זיך מיט דער ביטערסטער מאַפּאָלע. די ערשטע מאַפּאָלע פון אונדזער העלד ווערט באַשריבן שוין אין עם פינפטן בריוו.

„ליבער פרײַנט! — שרײַבט מאַרגאָליס, — איך האָב זיך אַפ דײַן בריוו דאָ ניט דערוואַרט. איך בין אוועק פון דער שטאָט, וואָס איך האָב דיר ביז אַהער בריוו געשריבן, גאַנץ אומגעריכט. איך דאַנק נאָר גאָט, וואָס איך בין מיט מײַן לעבן גאַנץ אַרויס"...

די זעלבע טײַנע, אַז אַלץ איז געשען „גאַנץ אומגעריכט", וועלן מיר נאָכ-דעם הערן פון כאַיִם בען יִיצכאָק מאַרגאָליסן גאַנץ אָפט. פּונקט אַזוי, ווי עס קומט „גאַנץ אומגעריכט" די מאַפּאָלע, קומט ווידער אויך „גאַנץ אומגעריכט" — די נײַע אילוזיע, אַז „מײַן גליק האָט זיך מיר פאַרבעסערט".

אַלס בוילטע אילוסטראַציע דערצו קאָנען דינען דער זעקסטער און זיבע-טער בריוו. כאַיִם בען יִיצכאָק מאַרגאָליס פאַרגעסט זייער גיך וועגן דער מאַפּאָ-לע, וואָס ער האָט אָקאָרשט געהאַט, ער ווערט פול מיט היספּײַלעס פון זײַן לעבן אין דער שטאָט קייִץ, ווו ער האָט געטראָפן דעם נאָגיד רעב שלוימעלען. פון איצט אָן זײַנען שוין אַלע אילוזיעס זײַנע פאַרבונדן מיט אָט דעם רעב שלוימעלען.

„מיר איז דאָ באַ אים גוט ווי די וועלט", — שרײַבט אין זעקסטן בריוו ציגענסאָנס העלד וועגן זײַן לעבן באַ רעב שלוימעלען. אָבער גאָר אײַנגיכן קומט די ביטערע אַנטוישונג. אַזוי לייענען מיר שוין אין זיבעטן בריוו:

„דו ווייסט, אַז איך בין א שטיקל באַלדימיען, האָב איך מיר שטענדיק פאַר-געשטעלט, אַז די מענטשן, וואָס דינען באַ א נאָגיד, דאַרפן אויך זײַן נעגידים... צום סאָף לאָזט זיך אויס, לעבן זיי גאָר, די מענטשן, וואָס זיי אַרבעטן אַזוי שטאַרק, גאָר אין דאַכקעס"...

אַלס לאָגישער אויספיר פון דעם אַלעמען קומט אין זעלבן בריוו א גאַנץ קאַטעגאָרישער זאַץ:

„ראַט איך דיר ניט, דו זאָלסט אַהער קומען צו אים א שטעלע בעטן — קיין גליק שטייט דיר אין דעם ניט פאָר"...

מיר האָבן דאָ זייער א כאַראַקטעריסטישן מאָמענט, ווען ציגענסאָנס העלד הייבט אָן זיך אויסניכטערן פון זײַנע „דימיוינעס" און איז גרייט מיט ניכטערע אויגן א קוק צו טאָן אַפ דער אַרומיקער ווירקלעכקײַט. אָבער דאָס דויערט ניט מער ווי א ווײַלע. וואָרעם באַלד דערוועקט זיך אין אים ווידער די נאַטור פון א „באַלדימיען", ווידער פאַרגלייבט ער זיך אין פאַנטאַסטישע פּלענער און מיט אײן בריוו ווײַטער (אין נײַנטן בריוו) שרײַבט ער צום פרײַנט:

„ווי עס זעט אויס, אַז גאָט וועט הײסן, וועסטו אײַנגיכסטן דאָ זײַן, דען איצט מאַכט זיך דאָ א נײַע זאַך"...

דער גאַנצער נײַנטער בריוו איז געווידמעט אָט דער „נײַער זאַך". די פאַנ-טאַזיע פון ציגענסאָנס העלד צעשפּילט זיך; פון זײַן פריִערדיקער ניכטערער אײ-בערצײַגונג, אַז „קיין גליק שטייט דיר אין דעם ניט פאָר", איז ניט פאַרבליבן

קיין שפור, און מיט ווידער אופגעוואכטן אימפעט שרייבט ציגענסאָנס העלד צו זיין פריינט:

„מיר וועלן האָבן פּאַרנאָסע בערעוועך, אז גאָט און לײַט וועלן אונדז מע־קאָנע זיין, אין דעם מעגסטו זיכער זיין".

אין ווייטערדיקן, צענטן, בריוו צעשפּילט זיך מאַרגאָליסעס פאַנטאַזיע נאָך שטאַרקער.

„איצט קאָן איך דיר שרייבן א נײַס, וואָס דו וועסט זיך גאָר דערקוויקן, — שרייבט ער צו זיין פריינט. — איצט מעגסטו שוין פאַר געוויס אהער קומען"...

אָבער ווידער לאָזט זיך דאָס אויס ניט מער ווי מיט א שווערער מאַפּאָלע. פון די אלע „נײַס", מיט וועלכע מע האָט געזאָלט זיך „גאָר דערקוויקן", האָט זיך אויסגעלאָזט א טײַך. די כאַלוימעס וועגן „פּאַרנאָסע בערעוועך" זיינען גע־וואָרן צו נישט. דער עלפטער בריוו באַשרייבט געננוי, ווי דער „בראָך" איז גע־שען. דער צוועלפטער בריוו באַווײַזט שוין די טרויעריקע רעזולטאַטן פון דעם בראָך, וואָס איז אָקאָרשט געשען.

„איצט איז פאַר מיר מערער ניט געבליבן, — שרייבט מאַרגאָליס, — נאָר איך זאָל פאַר זיך זאָרגן, אז איך זאָל פונדאַנען קאָנען אוועק"...

עס האַנדלט זיך אָבער קלאָל ניט וועגן אומקערן זיך אהיים. פאַרקערט, אין דער סאַמע שווערער מינוט פונעם „בראָך" פאַרגעסט ניט ציגענסאָנס העלד אַרויסצושיקן זיין ווייב א געט, ווי א באַווײַז, אז אהיים וועט ער זיך ניט אומקערן. אָבער וווהין ער וועט זיך לאָזן פאָרן — ווייסט ער נאָך אויך ניט. און דערמיט ענדיקט זיך טאַקע מאַרגאָליסעס שלוס-בריוו:

„הײַנט פאָר איך פונדאַנען אוועק. וווהין ווייס איך אליין ניט"...

דער לויפיקער איבערבליק איבער דער געשיכטע פון מאַרגאָליסעס „פאַר־דינסטלעך" באַווײַזט, אז דאָ האָבן מיר צו טאָן מיט אן אויסגעשפּראָכענעם פאָר־גייער פון שאָלעם-אליינכעמס מענאַכעם-מענדל. פּונקט ווי שאָלעם-אליינכעם זאָגט עס וועגן מענאַכעם-מענדלס „געשעפטן", אזוי וואָלט אויך ד"ר ציגענסאָן מיט רעכט געמעגט זאָגן וועגן זיין העלדס „פאַרדינסטלעך":

„הייבן הייבן זיי זיך אָן, דאכט זיך, גאַנץ נישקאָשעדיק, מיט אזויפיל בי־טאָכן און גלענצנדע האָפענונגען, און אויסלאָזן לאָזן זיי זיך אויס, צומיינסטנס, מיט שלים-שלימאזל"...

די זעלבע כאַראַקטעריסטישע קאָמבינאַציע פון „ביטאָכן", „גלענצנדע האָפע־נונגען" און א „שלים-שלימאזל" האָט באַוויזן אין זיינע „בריוו פון גאַליציען" דער ד"ר ציגענסאָן. מיט גרויס אופמערקזאַמקייט האָט ער נאָכגעשפּירט די ערשטע טריט פון זיין העלד, דעם „באַלדימיען", ער האָט געגעבן א ריי בילדער, וואָס שילדערן, וויאַזוי כאַיִם בען יִיצכאָק מאַרגאָליס באַוועגט זיך נאָך אפן פאָן פון דער פעאָדאַל-מיטלאַלטערלעכער סוויווע, ווי ער כאַזערט דערבײַ איבער די האַנ־דלונגען פון מענדעלעס ביניאָמין האַשלישי. אָבער בא אָט דעם אָנהייב פון דעם „באַלדימיענס" וועג האָט ד"ר ציגענסאָן זיך ניט אָפּגעשטעלט, ער האָט גע־מאכט א פּרווו אריינצופירן זיין העלד נאָך אין אן אנדער סוויווע, וווּ עס הערשן שוין נײַע, קאַפּיטאַליסטישע פאַרהעלטענישן.

„איך אליין, — דערציילט ציגענסאָנס העלד, — האָב אויך געמיינט, אז איך בין אהער געקומען, אז ווער ווייסט וויאַזוי די מענטשן זיינען גליקלעך, וואָס

זיי געפינענ זיכ בא א געשעפט, נאָר אז איכ האָב דאָ געהאט דאָס געלעגנהײַט זיכ גוט צוקוקנ, האָב איכ געזענ, אז עס איז ניט אזוי, ווי איכ האָב מיר פאָרגעשטעלט״.

אָט די ערשטע באַגעגעניש מיט דער וועלט פונ „געשעפט״, דער ערשטער צוזאמענשטויס מיט דער קאפיטאליסטישערווירקלעכקײַט, — דאָס באשטימט דאָס נײַע, וואָס טיילט אָפּ ציגענסאָנס העלד פונ מענדעלעס ביניאָמינ דעם דריטנ. אָבער גראָד דאָס מאכט ציגענסאָנס העלד פאר דעם עמעסנ פאָרגייער פונ שאָ-לעם-אַלייכעמס מענאכעם-מענדל, וואָס שטעלט מיט זיכ פאָר די קלאסישע פאר-קערפּערונג פונ א קאסרילעווקער „באלדימיענ״ אינ זײַנ טראגישנ צוזאמענשטויס מיט דער קאפיטאליסטישער ווירקלעכקײַט. ד״ר ציגענסאָנ איז, פארשטייט זיכ, געווענ גאנצ ווײַט פונ באנעמענ דעם דאָזיקנ צוזאמענשטויס אינ אזא ברייטנ סאָציאַלנ אספעקט, ווי דאָס האָט געטאָנ שאָלעם-אַלייכעם. ד״ר ציגענסאָנ האָט אויכ לויט דעם פארנעמ פונ זײַנע באשיידענע קינסטלערישע מעגלעכקײַטנ ניט געקאָנט פרעטענדירנ, אז זײַנע א פיגור זאָל געשטעלט ווערנ אינ איינ ריי מיט שאָלעם-אַלייכעמס מענאכעם-מענדלענ, — איינ פארדינסט האָט אָבער ד״ר ציגענסאָנ אָנ שום סאָפעק געהאט: מיט זײַנע „בריוו פונ גאליציענ״ האָט ער איינער פונ די ערשטע באטראָטנ יענעמ וועג, וואָס האָט געפירט פונ מענדעלענ צו שאָ-לעם-אַלייכעמענ[1].

מיר ברענגענ ווײַטער דעם טעקסט פונ ציגענסאָנס „בריוו פונ גאַליציענ״.

## בריוו פונ גאליציענ

### ערשטער בריוו

ליבער פרײַנט!

וואָס זאָל איכ דיר שרײַבנ? דאנקענ דעם, וואָס מיר זײַנענ ניט ווערט צו דערמאָנענ זײַנ ליבנ נאָמענ. איכ בינ שוינ בעשאָלעם איבערגעקומענ. איכ געפינ זיכ אצינד אינ א פרײַ לאנד, אינ אזא לאנד, וואָס מע קענ עס טאקע אָנרופנ ערעצ-ייִסראָעל, פונ אריבער דעם זברוטש.

דעם נעס, וואָס איכ האָב געהאט טראָגנדיק מיכ דער קאָזאק אפּ די פּלייצעס איבער דעם וואסער פאר האלבע נאכט, איז נאָר זכוסאָוועס האָבנ זיכ פאר מיר געמיט, עס איז אָבער אלצדינג ווערט, איכ פיל זיכ אצינד מאמעש ווי אינ ערעצ-ייִסראָעל. שטעל זיכ פאָר, ליבער, דו גייסט ארויס אינ גאס, זעסט ייִדנ טאקע, וואָס ייִדנ הייסט, מיט אָפּגעגאָלטע קעפּ, יארמעלקעס אונ פונ אויבנ א ספּאָדעק אינדערוואָכנ אונ א שטרײַמל אומ שאבעס, קיטאיאָוועגע, ראצעמאָ-רענע, אטלאסענע זשופּעצעס. אונ מיט אלערליי גארטלענ, אויכ טוזליקעס, שיכ אונ זאָקנ אונ פאנטאָפל, קיינ איינציקנ ווערסטו ניט זענ אינ שטיוול, ווי בא אונדז. איכ זאָג דיר, אז עס קאָנ צוקומענ א שטיק געזונט אפּ א קירישנ ייִד א קוק טאָנ! אָט דאָס הייסט ייִדנ, וואָס ייִדנ הייסט. איכ זאָל דיר געבנ א

---

1 קיינ זיכערע ידיִעס וועגנ דעמ, אז שאָלעם־אַלייכעמ זאָל האָבנ געלייענט ציגענסאָנס „בריוו פונ גאליציענ״, האָבנ מיר בא הײַנטיקנ טאָג ניט. אָבער בא א גענויערנ אנאליז, וואָלט, לויט אונדזער מיינונג, ניט שווער געווענ צו געפינענ די שפּורנ פונ ציגענסאָנס ווירקונג אינ שאָלעמ־אַלייכעמס יוגנט־ווערק „די איבערגעכאפּטע בריוו״ אונ באזונדערס אינ די ערשטע צוויי קאפּיטלענ פונעמ בוכ „מענאכעמ־מענדל״.

שטיקעלע באגריפ פונ זייער פרײַהײַט אזויווי זיי ווייסנ פונ קיינ גאָלעס ניט צו זאָגנ, וועל איכ דיר דערציילנ א קליינִיקײַט:

איכ גיי מיר דינסטיק אינדערפרי פונ דעמ וואסער. גייענדיק אזוי פאר-טראכט, דערזע איכ גיינ עטלעכע ייִדנ אינ די שטרײַמלעכ מיט די טאלעס-זעק אונטערנ אָרעמ, אונ קיינער האָט זיכ אפ זיי גאָר ניט אומגעקוקט. „וואָס קאָנ דאָס זײַנ?" האָב איכ בא זיכ געטראכט. צוגיינ פרעגנ עמעצנ האָב איכ זיכ געשעמט, מע זאָל מיכ ניט האלטנ פאר א פּאָרעצ. עס האָט זיכ מיר אָבער פּאָרט געגלוסט צו וויסנ, וואָס דאָס באטײַט. האָב איכ זיכ גענומענ זיי נאָכגיינ, ביז איכ האָב געזענ, זיי זײַנענ ארײַנ אינ דער קלויז, ווו איכ שטיי אײַנ. איכ בינ אויכ ארײַנ אינ קלויז, זיי האָבנ זיכ געשטעלט דאוונענ, אונ אז איכ האָב דערהערט, אז איינער האָט אָנגעהויבנ צו זינגענ „וכרתו", האָב איכ זיכ אָנגע-שטויסנ, אז עס איז א בריס אונ אלע באאלײ-קיבודימ זײַנענ געגאנגענ אינ די שטרײַמלעכ דאוונענ. נאָכ דעמ דאוונענ האָט מענ געײִדישט דאָס קינד אינ קלויז אונ מע איז אוועק אפ דעמ בריס. וואָלסטו געוועזנ זענ, וואָס פאר א בריס עס איז געוועזנ: דרײַ טאָג נאָכ דעמ בריס האָט מענ געהוליעט אינ די גאסנ מיט די שטרײַמלעכ. נו, הײַנט ווּעסטו שוינ פארשטיינ, וויאזוי די קירישע[1] ייִדנ ווייסנ פונ א גאָלעס צו זאָגנ? מיר איז דערווײַל ניט שלעכט, מײַנ סטאנציע, ווייסטו זיכ שוינ, איז אינ קלויז, א ביסל בראָנפנ בינ איכ ניט זשעדנע, עסנ האָב איכ אויכ ווו: אלע טאָג בעט מיכ אנ אנדערער צו זיכ אפ אָנבײַסנ. מיט די יונגעלײַט האָב איכ זיכ שוינ דאָ א ביסל באקאנט, איכ האָב זיי געבעטנ, זיי זאָלנ מיר צונויפמאכנ אפ הויצאָעס, אז איכ זאָל מיכ קאָנענ אינ אנ אנדער שטאָט אוועקפאָרנ, אונ אז עס וועט מיר געראָטנ פונדאנעט אוועקצופאָרנ, וועל איכ דיר שרײַבנ פונ אלעמענ, אזוי ווי איכ האָב דיר צוגעזאָגט, אונ דו וועסט געוויס פונ מײַנע בריוו טײַנעג האָבנ.

האקאָטנ כאִימ בענ ייִצכאָק זצ"ל מארגאָליס.

ע"ש. אז דו וועסט מיר שרײַבנ א בריוו, שרײַב מיר, וואָס טוט אצינד מײַנ ארורע, צי דענקט זי מיכ מיט דעמ אטאפּ אָדער כאָלילע אפ א קאָטשערע אהיימ ברענגענ.

הנ"ל.

## צווייטער בריוו

דײַנ בריוו האָט מיר שטארק יעסורימ אָנגעמאכט, איכ ציטער, עפשער וועט מײַנ ארורע בא דער זנאכערקע זיכ וואָס עס איז דערוויסנ, דענסטמאָל ווער ווייסט וואָס פאר א שפּיצל זי קאָנ מיר אָפּטאָנ. א קאשע אפ א מײַסע, וואָס אזא ארורע קאָנ? דער בריוו האָט מיר פּאָשעט אלע מײַנע אייוורימ צעשרויפט. איכ זאָג דיר דעמ עמעס: איכ פיל זיכ נאָכ פאר א שטיקל גווארטענ, איכ האָב מיר באלד הארצ געמאכט אונ גענומענ א גוט ביסל זעכציקגראדיקנ אלעביקאָוונ בראָנפנ אונ ווידער א ביסל צו זיכ געקומענ אונ שרײַב דיר ווידער פונ די קירישע. מע רופט זיי בא אונדז שויטימ. שטעל דיר פאָר: איכ גיי מיר דאָ ארומ פראנק אונ פרײַ, אונ קיינעמ פאלט ניט אײַנ צו מיר צוצוגיינ אונ פרעגנ

1 אינ גאנצ וואָלינ רופט מענ גאליציענ מיט דעמ נאָמענ „קירע".

אפּ א פּאַשפּאָרט. דאכט זיך, א בלינדער סאָצקי וואָלט מיך מיט מײַנע רוסישע הײלעך דערקענט, אז איך בין ניט קײן קירישער, גײ זשע דו, שוטע, צו און פרעג מיך אויס א שיר-האמײַלעס, וואָלסטו זיך בא מיר געקענט כאַפּן א צווײער. נײַן, אים פאַלט דאָס גאָר ניט אײַן. אז איך האָב זיך מיט א יונגנמאַן אין קלויז צערעדט און האָב אים בעסאָד דערצײלט, אז מיר פעלט שווארץ און ווײַס, האָט ער זיך פון מיר צעלאַכט, עס איז בא אים עפּעס אויסגעקומען, גלײַך ווי ער הערט דאָס דאָס ערשטע מאָל, און דער קירע דער שוטע האָט מיך נאָך גע-מאַכט פאַר א נאַר. „לאַך, לאַך" האָב איך בא זיך געטראַכט, „אז בא דיר איז רעכט, איז בא דיר אוואדע גוט". אצינד וועל איך דיר נאָך דערצײלן, ווי זײ ווייסן גאָר ניט ווי זײער פרײַהײַט צו שעצן, איך זאָג דיר, אז אין ערעצ-יִסראָ-על ווייס איך ניט, צי קאָן מען שוין פרײַער זײַן. הער א מײַסע, וועסטו אויך פאַרגעניגן האָבן:

נעכטן ארום פיר דעם זײגער גײ איך פון דעם שויכעטס יאָרצײַט, א ביסע-לע פרײלעך בין איך געווען. עס איז געווען זײער א שײנע סודע, בראָנפן, ווישניק איז געווען ווי וואסער. פּלוצעם דערהער איך קלעזמער שפּילן. אזוי ווי איך קוק זיך אום, זע איך א גאנצע באנדע ווײַבער אין שטערנטיכלעך און א סאך פאַרפּוצטע מײדלעך. פאר זײ גײט א מארשאלעק מיט א פלאַש בראָנפן אין דער האנט און זינגט צו דאָס, וואָס די קלעזמער שפּילן, און די אויסגעשלײערטע ווײַבער טאנצן, און פון הינטן גײען נאָך ייִנגלעך און, לעהאַוודל, גויִם מיט גויעס און טײַטלען מיט די פינגער אפּ א שײנע מײדל. „אָ צע קאלע" — האָב איך גע-הערט — האָבן זײ געזאָגט. איך בין זײער נײַגעריק געווען צו וויסן, וואָס דאָס באטײַט, און האָב זיך צעפרעגט, וואָס דאָס איז, האָט מען מיר דערצײלט, אז מע פירט, מעכילע, די קאלע פון דער מיקווע און אין א שאָ ארום וועט זײַן די כופּע, כאָטש דעם טאָג איז געווען א יאריד און עס וואָלט געקאָנט ארויסקומען, אז א פאָר פאנסקע פערד זאָלן זיך איספּאלאָשען פון דעם געפּילדער פון די קלעזמער און פון דעם מארשאלעקס ווילד זינגען, פונדעסטוועגן האָט זײ קײנער ניט פאַרווערט צווישן די פורן איבערן מארק פון דער מיקווע מיט דער קאלע גײן. אפּ זײ קאָן מען רעכט זאָגן, אז זײ ווייסן ניט פון קײן גאָלעס צו זאָגן. נו, הײַנט וועסטו שוין פאַרשטײן, וויִאזוי איך קוועל אָן יעדער טאָג פון זײער ייִדישקײַט. דערווײַל בלײַב געזונט און שרײַב מיר ווי איינגיכסטן, אזוי ווי דו האָסט מיר צוגעזאָגט, וואָס האָט איר, דער ארורע, די זנאכערקע געענטפערט וועגן מיר.

האקאָטן כאַיִם בען ייִצכאָק מארגאָליס.

## דַהִיטעַר בּרִיוו

א שטיק געזונט איז מיר צוגעקומען, וואָס מײַנע האָט ניט געהאַט וואָס דער זנאכערקע צו געבן פון מײַנע כפּײציִם א פאַרשווייסיקטע זאַך. דאָס האָב איך נאָך פריִער באטראַכט, אײדער איך האָב זיך אוועקגעלאָזט אפּ דער נעסיִע. איך האָב מיר מיטגענומען אלע אלטע יארמעלקעס, די זאָקן, דעם אלטן טאלעסקאָטן מיט אנדערע קלײניקײַטן, אז זי זאָל מיר גאָרנישט קאָנען אָפּטאָן, וואָרעם אין עמעס ארײַן וואָלט פאַר מיר א טאכלעס געווען צו לאָזן אין דער הײם עפּעס א

פאַרשװיסיקטע זאַכ, אַז מע זאָל מיכ קאָנענ דערמיט צוריקברענגענ? קאַרג שרעק האָב איכ געליטנ דעם איינ מאָל, װאָס דער קאָזאַק האָט מיכ דעם זבורטש אַריבערגעטראָגנ? אונ אַצינד גיי שלעפּ דיכ איבער טאָל אונ בערג אַהיימ אַפּ אַ קאָטשערע צו מײַנ אַרורע. װאָס איז? זי האָט ניט װעמענ דעם קאָפּ צו הריזענ! אַמער זיצ איכ מיר דאָ פרײַ װי אַ פויגל אונ קוק מיר צו די קירישע מינהאָגימ אונ קלײַב מיר צו נאַכעס. אַז עס מאַכט זיכ מיר אַמאָל, אַז עס פעלט מיר אַ טאָג, אַז מע פאַרגעסט מיכ צו רופנ אַפּ אַנ אָנבײַסנ, זאָרג איכ זיכ אויכ ניט אַזוי שטאַרק. װאָס זאָל איכ דאָ מער מעיוכעס זײַנ װי אינ דער היימ? אינ דער היימ פלעגנ מיר אָפּטער עטלעכע טעג פעלנ, אונ דערצו פלעגט זי מיר נאָכ דעמ קאָפּ הריזענ. אונ דאָ װער הערט אַ טאָג, אַז עס פעלט. אָט האָט זיכ מיר יענע װאָכ גראַדע געמאַכט, האָב איכ געהאַט אַ גאַנצ שיינ פאַרדינסטל, איכ זע אַרויס באַשײַמפּערלעכ, אַז מײַנ גליק האָט זיכ פאַרבעסערט. הער אַ מײַסע!

איכ גיי זיכ דורכ אַפּ דעמ מאַרק. אַזויװי עס איז געװעזנ אַ יאַריד, האָב איכ זיכ מעיאַשעװ געװעזנ, איכ װעל זיכ דורכגיינ, עפּשער װעט גאָט העלפנ, עלייאָהו האַנאָװי װעט מיר אַנטקעגנ קומענ. איכ בינ מיר אַװעקגעגאַנגענ אַפּ דעמ גלאַװנעמ מאַרק, װאָס מע רופט דאָ דער „הויפּט־מאַרק”. ניט אומזיסט אָבער הייסט ער אַזוי, װאָרעמ דאָ געפינט מענ טאַקע אַלצדינג, װאָס דאָס האַרצ גלוסט. דאָ זעט מענ פאַרשיידענע סכוירעס. אָט שטייט אַ פאַקנטרעגער מיט סכוירעס, ספאָרימ, שויפערס, הייעלעכ, צאָנ־ביינדלעכ ביינערנע, אַלטע טאַלייסימ אונ אַנדערע זאַכנ. לעבנ אימ שטייט אַ ייִדענע מיט צירונג. אַ ביסל װײַטער שטייט אַ ייִד אונ פאַרקויפט אַלטע ראַצעמאָרענע קאַפּאָטעס אונ אויכ קיטאַיענע. איינ ייִד שטייט אונ פאַרקויפט אַלטע אָפּגעצויגענע אַפּיקאָרסישע טאַכטוינימ. נאָכ װײַטער שטייט אַ ייִדענע אונ פאַרקויפט פונ אַ קליינ בעדילקעלע בראַנדװײַנ מיט אַ הייבער (ליװער) אינ דער האַנט, װאָס זי ציט אָנ מיט דעמ מויל אונ זײַט דורכ דעמ פינגער אינ גלעזל אַרײַנ. אונ דאָ שטייט אַ ייִד מיט אַ גרויסנ פראָסטנ קאַפּעליוש אונ פאַרקויפט הינער, לעבנ דעמ ייִדנ שטייט אַ גויִשער כאַזערניק אונ פאַרקויפט שיסעלעכ מיט טרייפע ברילייעס אונ שטיקער װײַסנ כאַזער מיט זאַלצ באַשיט, אונ װער עס גייט דורכ האַלט זיכ צו באַמ נאָז, ער זאָל ניט נענע זײַנ, כאָלילע, פונ דעמ טרייפענעמ רייעכ. אַזוינע זאַכנ זעט מענ דאָ גוזמע־גוזמאָעס, אונ קירע הייסט זיכ דערפאַר גאָר ניט באַצאָלנ קיינ שומ שטײַער.

פאַרבײַגייענדיק דעמ דאָזיקנ הויפּט־מאַרק, דערזע איכ, װי צװיי יונגעלײַט שטייענ לעבנ אַ פאַקנטרעגער אונ האַלטנ צװיי שויפערס אינ די הענט אונ מוטשענ זיכ צו בלאָזנ, אונ עס גייט ניט. זיי בײַטנ איבער די שויפערס אַפּ אַנדערע, עס גייט אַלצ ניט, גלײַכ װי אַ סאָטנ האָט זיכ צו זיי אַרײַנגערוקט. איכ האָב זיכ אײַנגעבויגנ אונ גענומענ פונ דער ערד באַמ פאַקנטרעגער אַ שויפער אונ גוט דורכגעבלאָזנ דורכ דער אַנדערער זײַט אונ האָב אימ איבערגעקערט מיט דער דינער זײַט אינ מויל אַרײַנ אונ אָנגעהויבנ פרוּװנ. עס גייט, עס בלאָזט באַ מיר װי באַ דעמ גרעסטנ באַלטקיִע. איינ יונגערמאַנ, אַז ער האָט דערזענ, אַז איכ בלאָז אַזוי גוט, האָט ער גענומענ פאַרהערנ מיט אַ ניגנ די טקיִעס, אונ װאָס ער האָט מיר פאָרגעזאָגט, איז אַלצדינג געגאַנגענ באַ מיר װי אַ װאַסער. אַ סאַכ ייִדנ אונ, לעהאַװדל, גויִימ האָבנ זיכ אַרומ מיר אַרומגעשטעלט. זיי האָבנ

שטארק אָנגעקוועלט פוּנ מײַנ קינצלעכ בלאָזנ. עפּעס א פּאָליאַק איז אויכ צוגע־קומענ, ער האָט אָנגעהויבנ צו לאַכנ אוּנ האָט זיכ אָפּגערופנ.

— דוי, זשידזשע, דוי, א מאָי מאָשקע פּאַקטאָר בענדזשע ספּיוואַט „מא־יאָפּיס".

אז איכ האָב ניט פאַרשטאַנענ, וואָס ער מיינט, האָט מיר א באַטאָגטער ייִד געזאָגט, אז דער פעלדשער וויל, אז איכ זאָל נאָכ בלאָזנ.

— בלאָזט, בלאָזט, — האָט מיר דער ייִד געזאָגט, — דער פעלדשער וועט אײַכ דערפאַר באַצאָלנ, ער האָט ליב א ייִדנ. ער ווערט נאָכ אימ די קאַפּאָרע.

עס איז טאַקע אזוי געווענ. איכ האָב ווידער געבלאָזנ, אוּנ דער פעלדשער האָט מיכ א דריי געטאָנ בא דער פּייע אוּנ א וואָרפ געטאָנ א ריינישׂ אוּנ האָט עפּעס געזאָגט, וואָס אלע ייִדנ האָבנ דערפוּנ געלאַכט. די צוויי יונגעלײַט האָבנ זיכ פאַרלאָזט אפ מײַנע מעווינעס אוּנ האָבנ גענומענ צוויי שויפערס. נאָכ עפּעס א ייִד האָט געקויפט אינ א דאָרפ ארײַנ א שויפער אוּנ האָט מיר אויכ גע־לאָזט עטלעכע גרייצער. דער פאַקנטרעגער האָט מיר געשענקט א „לב עברי" אוּנ האָט מיכ געבעטנ, אז ער וועט קומענ אינ צוויי וואָכנ ארום אהער אפ דעמ יאַריד, זאָל איכ זיכ צו אימ נאָכאמאָל יאָווענ אוּנ ער וועט מיכ אָרנטלעכ באהאַנדלענ, דאָס איכ וועל צופרידנ זײַנ. אָט אזוי האָב איכ אומגעריכט פאַרדינט א ריינישׂ מיט עטלעכע גרייצער. נו, קאָנסטו שוינ פאַרשטיינ, ווי גליקלעכ איכ שעצ זיכ מיכ דאָ? ווײַטער האָב איכ דיר דערווײַל ניט וואָס צו שרײַבנ.

## פערטער בריוו

מײַנ מײַמעד האָט זיכ מיר, גאָט זײַ דאַנק, אָנגעהויבנ פיל צו פאַרבעסערנ. דער פּאָליאַק איז מיר אפ דער האַנט גוט געווענ, איכ האָב ערשט גאַנצ שיינ זיכ פּאָפּראַוועט. איכ האָב שוינ געקויפט אנ אלטע קירישע קיטאַיענע זשופּעצע, אזוי אז ס'איז שוינ שווער צו דערקענענ מיכ, אז איכ בינ א רוסישער.

מײַנ פאַרדינסט באַשטייט דאָ פוּנ טילימ זאָגנ, עס זאָל דיר ניט קאָשע זײַנ, וויאזוי פאַרדינט מענ פוּנ טילימ — געלט. דאַכט זיכ, דו זאָגסט אויכ אלע טאָג טי־לימ, עפּשער נאָכ מיט מאַמאָדעס, אוּנ קיינער גיט דיר ניט קיינ צעבראָכענעמ גראָשנ. וועל איכ דיר דערציילנ א זאַכ, וואָס בא דיר וועט עס זײַנ א נײַעס אוּנ וועט דיר נאָכ עפּשער האַנאָע טאָנ אויכ:

דאָ האָבנ ר"ל[1] אָנגעהויבנ שטאַרק קליינע קינדער צו שטאַרבנ. זאָלסטו זענ, וואָס פאַר אנ אליאַרעמ עס איז געוואָרנ. מע האָט זיכ באַלד ארומגעקוקט, ניט ווי בא אונדז טוט מענ דאָ, מע זאָל זיכ כאַפּנ צו דאָקטוירימ, אַפּטייקנ אוּנ נאָכ אזוינע נאַרישקײַטנ. דאָ האָט מענ באַלד גויזער־טאָנעס געווענ אוּנ דערבײַ גע־זאָגט סליכעס. דער אלטער ראָוו, א ייִד א כאָכעמ, האָט באַלד אנ אייצע גע־געבנ, אז מע זאָל א קינד מיטגעבנ, אז ער וועט שטאַרבנ, א שליסל אינ קיווער ארײַנ. כאָטש א סאַכ מענטשנ האָבנ דערפוּנ געוווּסט אָנ דעמ ראָוו, פוּנ־דעסטוועגנ האָט קיינער ניט געוואַגט דאָס צו טאָנ אָנ אימ, אוּנ ער אליינ האָט אָנגעוויזנ, וואָס פאַר א קינד מע זאָל דעמ שליסל מיטגעבנ. נאָכדעמ, אז די

1 ראַכמאָנע־לִיצלאַנ.

סגולע האָט ניט געהאָלפֿן, האָט מען געמאכט אַן אָסיפֿע, און עס איז געבליבן, מע זאָל מעהאַרהער ביטשוווע זיין, איטלעכער זאָל בא זיך אין דער היים די מעזוזעס איבערזען און מע זאָל שטילערהייט נאָכקוקן, צי געפֿינט זיך עפּעס ניט אין שטאָט פֿאַרבאָרגענע אווײרעס. אַן אויסגעוויקסטער יונגערמאַן האָט אָנגעהויבן צו פֿילדערן, מע זאָל צדאָקע אויך טאָן: „נאָר צדאָקע", האָט ער געשריגן, „מאַצל מימאָוועס". אַזוי אַז אַ סאַך מענטשן האָבן דאָס געהערט, האָבן זיי זיך באַשטעלט מאַמאָדעס פֿון דער אַלטער שויכעטקע, אַן אַלמאָנע נעבעך, מיט צוויי שטיפֿיינגלעך און אַ מיידל אַ קאַליקע. אויך האָט דער אייגענער יונגערמאַן פֿאָרגעלייגט, אַז מע זאָל אָפּ דעם הייליקן אָרט אַ כופּע שטעלן, דער שויכעטקעס קאַליקע זאָל נעמען דעם כאַזנס מאַמאַטליוועס זון, און די שטאָט זאָל זען געבן האַלבאָשע מיט נאַדן. אַ סאַך מענטשן זיינען שוין צו דעם ווי צוגעשטאַנען, נאָר דער ראָוו, דער כאָכעם, האָט עפּעס ניט געוואָלט מאַסקים זיין דערצו, ער האָט געזאָגט, אַז די סגולע איז טאַקע באָדוק אומענוסע, נאָר בלויז צו אַ כאָליערע, אָבער צו קליינע קינדער איז ער מעסופּעק, צי עס וועט העלפֿן. צי האָט דער ראָוו דערוף ניט באַשטאַנען, ווייל עס איז ניט זיין פּלאַן געווען, צי דערפֿאַר ווייל ער איז עפּעס מיט דעם יונגנמאַן ניט שאָווע־בעשאָווע געוועזן, וואָס דער ראָוו האָט געזאָגט קאָשער, פֿלעגט ער זאָגן טרייף. צי העלפֿט די סגולע טאַקע ניט מער, נאָר אין אַ כאָליערע, ווייס איך ניט, נאָר דערווייל איז דעם יונגנמאַנס פּלאַן צו נישט געוואָרן, כאָטש אַ סאַך מענטשן האָבן זיך געצאַפּלט, דער פּלאַן זאָל אויסגעפֿירט ווערן, און דער שויכעטקעס קאַליקע מיט דעם כאַזנס מאַמאַטליוועס וועלן נעבעך מוזן וואַרטן אָפּ אַ געלעגנהייט, אַז מע זאָל זיי כאַסענע מאַכן און דאַווקע אָפּ דעם הייליקן אָרט אַ כופּע שטעלן.

אָט אַזוינע פֿרומע יידן זיינען דאָ און אַזוינע שטרענגע מיטל נעמט מען דאָ צו דעם קינדער־שטאַרבן. היינט פֿאַרשטייסטו שוין, אַז איך פֿאַרדינ צוליב דעם טילים היפּשע עטלעכע גרייצער. שרייב מיר, וואָס טוט מיין פּיסקעל; ווייל איך האָב מוירע, עפּשער גייט בא אונדז אויך אַרום דאָס כאַלאַס אָפּ קליינע קינדער, וואָס מע רופֿט דאָס סקרופֿל. אַז איך זאָג טילים פֿאַר יענעם, האָב איך מיין קינד אין זינען. ווי זאָגט מען: כ'לעבן, זיין העמד איז נייטיקער צום לייב.

אינגיכן דענק איך דאָ צו מאַכן אַ נעסיע. מינאַסטאַם וועל איך דיר דערפֿון שרייבן.

האַקאָטן כאַים מאַרגאָליס.

פֿינפֿטער בריוו

ליבער פֿריינט!

איך האָב זיך אָפּ דיין בריוו דאָ ניט דערוואַרט, איך בין אַוועק פֿון דער שטאָט, וואָס איך האָב דיר ביז אַהער בריוו געשריבן, גאַנץ אומגעריכט. איך דאַנק נאָר גאָט, וואָס איך בין מיט מיין לעבן גאַנץ אַרויס. דיר וועט דאָך אַ וווּנדער זיין, ווי קומט דאָס, דאָס נאָך אַזאַ רוייק לעבן, ווי איך האָב דאָ געהאַט און האָב שוין אָנגעהויבן ביסלעכווייז פֿאַרדינען, זאָל איך גאָר דאַרפֿן פּלוצעם אַוועק און זאָל זיך אַפֿילע אָפּ דיין בריוו ניט דערוואַרטן. וועל איך דיר דערציילן די סיבע דערפֿון: נאָך דער אָסיפֿע, וואָס איך האָב דיר געשריבן, וואָס

עס איז געווען וועגן דעם כאלאס ר״ל, און די אלע מיטלען האָבן ניט געהאָלפן, בין איך מיר געזעסן מיט א פּאָר יונגעלײַט אין קלויז און מיר האָבן באלאקעט פון פארשיידענע זאכן, פון דער מילכאָמע, ווי אונדזער מאָסקוויטער האָט קאָמע טויזנטער יישמעיילים דערשאָסן און וויפל ער האָט צוגענומען אין פּלעג אָרײַן, און פון דעם ענגלישן יידישן מיניסטער „דישראלי״, ווי ער וויל, אז דער יישמאָעל זאָל א מאפּאָלע האָבן, קעדיי יידן זאָלן אופגעריכט ווערן, איבער דעם לאָזט ער ניט, דאָס ענגלענדישע כאַיל זאָל אים צו הילף גיין, ווי̇אזוי ער איז קלאָר אין בעל הטורים, וואָס ער זאָגט, אז מאָשיאַכ וועט דענסטמאָל קומען, ווען דער יישמאָעל וועט א מאפּאָלע האָבן, און איבער דעם טאַמ טאָקע לאָזט ער ניט רויטשילדן, וואָס ער אנטלײַט אלע קייסאָרים געלט אף פּראָצענט, אז ער זאָל דעם טוגער אנטלײַען, קעדיי די יעשועע זאָל שוין טאָקע גיכער זײַן, און נאָך פון אנדערע איניאָנים. איינער האָט דערציילט, אז ער האָט געהערט, אז מע האָט אויסגעטראכט הײַנט אזא מאשינדל אזוי ווי א טעלעגראַף, וואָס אז מע רעדט אין דעם, הערט זיך דאָס קאָל פון איין עק וועלט ביז אין דער אנדערער. פון דעם איז מען ארופּ, ווי דאָס קאָל פון א מעס הערט זיך אויך מסוף עולם ועד סופו. אז מע האָט שוין געהאלטן פון מייסים, איז מען ארופּגעקומען פון דעם, וואָס קליינע קינדער שטארבן, און נאָר בא אָרעמעלײַט ר״ל. איינער האָט געזאָגט, אז בא זיי, די נעגידים, שטארבן דערפאַר ניט קיין קינדער, ווײַל זיי גיבן א סאך צדאָקע, דער אנדערער האָט געזאָגט, אז דערפאַר שטארבן בא זיי ניט קיין קינדער, פאָשעט ווײַל פּאָשעט גאָט וויל אזוי. אז איך האָב מײַן מיינונג געזאָגט, ווײַל זיי באַנומען דאָקטוירים, און בא אונדז טוט מען אויך אזוי און מע וואָלט דאָ דאָס מיטל אויך געמעגט פּרוּוון, עפשער וועט דאָס העלפן, וועט מען פארשפּאָרן גויזער־טאָנעס זײַן, אָט דאָ איז דאָס געוואָרן א ראַש. — וואָס איז? — האָבן זיי אָנגעהויבן צו שרײַען: — האָבן מיר דען ניט געזען, אז דאָרט, ווו מע באַנוצט א דאָקטער, שטארבט מען אויך? וואָס ווייסן זיי, די בעהיימעס? גאָט איז א דאָקטער — ניט זיי!

מע איז זיך צונויפגעלאָפן פון דעם ליארעם. אז מע האָט זיי אָנגעהויבן צו פרעגן, וואָס פאַר א ראַש זיי האָבן דאָ געמאכט, האָבן זיי אָנגעהויבן צו שרײַען, אז איך בין אן אפּיקוירעס, א מיסיאָנער. מע האָט מיך געוואָלט נעמען שלאָגן. איך אליין האָב זיך בארעכנט, אז איך האָב א נארישקײַט געזאָגט, און האָב זיך געוואָלט נעמען פארענטפערן פאַר זיי, נאָר עס האָט ניט געהאָלפן. איך בין קוים מיט מײַן לעבן גאנץ ארויס, מײַנע ביינער האָט מען שיר צעטראָגן. פאַר שרעק האָב איך געמוזט דעם אייגענעם טאָג פונדאנען אנטלויפן.

נו, אצינד זעסטו שוין, וואָס פאַר א שויטים די קירעס זײַנען, מע האָט זיי אף מיר געזאָגט, אז איך בין א מיסיאָנער, איז פאַר זיי רעכט, זיי גלייבן באלד. דו קענסט מיך, בין איך א מיסיאָנער? א, ווייס איך אפילע, וואָס דאָס הייסט? ! זיי האָט דאָס, אפּאָנעם, פארדראָסן, וואָס איך זאָג איוורע בעסער פון זיי. אז איך פלעג טילים זאָגן, האָט מען זיך צוגעהערט און געוווּנדערט אף מײַן איוורע, זיי האָט דאָס פארדראָסן — האָבן זיי אף מיר אויסגעטראכט, אז איך קען דיקדעק און איך לערן דאָס, קעדיי מע זאָל מיר פאַר מײַן טילים זאָגן גאָרניסט געבן. אז קיינער האָט אף מיר דאָס נארישקײַט ניט געגלייבט און דער ליגן האָט זיי ניט געהאָלפן, האָבן זיי אף מיר אויסגעטראכט דאָס דאָזיקע, און

צוליב דעם בין איך פון דאָרט אנטלאָפן. אצינד געפין איך זיך שוין אין קייץ, וועסט מיר שוין אהער שרייבן בריוולעך.

אז איך וועל פון דיר א בריוו דערהאלטן, וועל איך דיר פונדאנען שרייבן א נייס, אזוינס, וואָס דו וועסט דערפון קוועלן, וועסט זיך מאמעש דער־מיט קוויקן. דערווייל שרייב איך דיר ניט מער, בלייב געזונט. פון מיר —

האקאָטן כאַים בען ייִצכאָק זצ״ל מארגאָליס.

## זעקסטער בריוו

ליבער פריינט!

איך האָב זיך גאָר מעכייַע געווען, וואָס מיינע קאָן קיין טאָלק ניט דער־גיין בא די קאָרטן־וואָרפערנס, פון וואָס פאר א יענער זייט וואסער איך בין, צי פון יענער זייט דאָברוטשי צי פון יענער זייט נעסטער. איך זע שוין ארויס, אז איך מעג מיקוייעך דעם רויִק זייַן. זי, מיינע ארורע, וועט מיך שוין ניט זוכן. אצינד וועל איך דיר שרייבן דאָס, וואָס איך האָב דיר אין יענעם בריוו צוגעזאָגט, דו וועסט דערפון פארגעניגן האָבן.

דו געדענקסט נאָך מינאסטאם די מייַסע צוריק מיט עטלעכע יאָר, וואָס בא אונדז האָט זיך געטראָפן מיט אונדזער רעב שלוימעלע דעם ראָווס. ווי אונדזער גוויר האָט מיט אים ארויסגעשיקט צו זיינעם אן איינקויפער פון ווייץ דעם ליט־וואק מארקאָוויטש 15 טויזנט רובל אין אן אימעניע אריין, וואָס אים, דעם ליט־וואק, האָט ניט געסטייעט פאר ווייץ צו באצאָלן דעם פאָרעצ. נאָכדעם, אז רעב שלוימעלע האָט דעם ליטוואק די 15 טויזנט רובל אָפּגעגעבן, האָט ער אים קיין קאבאָלע דערויף ניט געגעבן. אזויווי רעב שלוימעלע האָט דענסטמאָל א בריוו אריינגעשיקט צום גוויר וועגן דעם און דער ליטוואק האָט דאָס גאָר איינגאנצן אָפּגעלייקנט, ער האָט געזאָגט, אז ער האָט אים אין די אויגן ניט געזען, נאָר דורך דעם פארבלוטיקטן טאלעסקאָטן, וואָס מע האָט אפ דעם וועג געפונען און מיר האָבן אים דערקענט, אז עס איז רעב שלוימעלעס, איז מען דערגאנגען, אז דער ליטוואק האָט אים דערהארגעט און דאָס געלט זיך צוגענומען. און מע האָט אים אין טורמע אריינגעזעצט, וואָס ער פוילט נאָך ביז איצט דאָרט. הייַנט דאָס, ווי שפרינצע רעב שלוימעלעס איז אוועק צו די קירישע ראבאָנים, מע זאָל איר מאטיר זייַן, אז זי זאָל קיין אגונע ניט בלייַבן, און זי איז אויך פארפאלן גע־וואָרן, אזוי אז דער זון זייערער ווייסט אפילע ניט, ווען זייער יאָרצייַט געפאלט. הייַנט לעבן זיי גאָר! און איך שטיי דאָ איינע בא זיי. זיי זייַנעןביידע, דאנ־קען גאָט, געזונט, און רעב שלוימעלע, זאָל לעבן, מאכט דאָ גאנצ שיינע גע־שעפטן, ער האָט דאָ א גוראלניע אָפּגעדונגען, און ייִדן עסן בא אים ברויט.

קענסט זיך מעשאער זייַן, ווי איך האָב זיך דאָ מעכייַע געווען מיט אים: ערשטנס, אז ער לעבט, איז, באָרעכאשעם, געזונט מיט זייַן שפרינצען, זאָל מייַ־ריך יאָמים זייַן. צווייטנס, וואָס ער איז, אָן איינהאָרע, זייער א שיינער נאָגיד און ער האָט דאָ קאָוועד און איז א מאכניס־אורעך. מיר איז דאָ בא אים גוט ווי די וועלט. דו ווייסט דאָך, אז ער איז א ייִד א כאָכעם. האָט ער מיר אן אייצע געגעבן, איך זאָל אהיים שיקן מייַן ארורע א געט און זאָל פונדאנען אוועק־פאָרן, ער וועט מיר דערצו מיטהעלפן. ער וועט מיר שענקען 100 רייניש, איך

זאָל האָבן אַפּ דער הויצאָע פונדאַנענע אוועק און זאָל דאָ קאָנען כאַסענע האָבן, איך מיין, איך זאָל אים פאָלגן. נו, איצט ביסטו צופרידן פון דעם נײַס, וואָס רעב שלוימעלע לעבט און דער ליטוואַק פוילט אין טורמע? אַ! כ׳לעבן, אַ סאַך גלײַכער, אַז דער ליטוואַק זאָל זיצן ווי ער. אויך מיר אַ ייִד, וואָס עס איז מעכאַלעל שאַבעס בעפאַרהעסיע. ער טראָגט אום שאַבעס, און זײַנע קינדער גייען אין שקאָלע אַרײַן און שרײַבן אום שאַבעס. הײַנט זײַן ווײַבעניו גייט מיט אַ האַלבן קאָפּ האָר אין דרויסן און שעמט זיך ניט פאַר קיין פרעמדע מאַנסבילן. נישקאָשע, ער מעג זיך אָפּרוען אַ ביסל דאָרטן, וווּ ער זיצט.

וועגן די ייִדן, וואָס געפינען זיך דאָ, קען איך דיר שרײַבן, אַז זיי האָבן אין אַלע זאַכן דאָס אייגענע פרײַהייט ווי יענע. נאָר פון איין זאַך לײַדן זיי צו שטאַרק: זיי האָבן עפּעס, ווי זיי רופן אים, אַ „באַאַמטער”, וואָס ער איז אַ סוינע-ייִסראָעל. ער טוט זיי אָן צאָרעס. קיין שום פּאַמוניצע לאָזט ער זיי ניט אַרויסגיסן פאַר דער טיר. הײַנט אַפּ די קלויזן האָט ער אָנגעקלעפּט צעטלעך, אַז מע זאָל קיין קטאַנים ניט האָבן אַפּ די ווענט, און נאָך אַנדערע רישעס טוט ער זיי... ער פאַרזאָגט זיי, אַז זיי זאָלן אַלע טאָג פאַר די שטיבער אויסקערן, גלײַך ווי עס וואָלט געדאַרפט אַראָפּקומען אַ שייני לעמעלעך אָדער אַן איספּראַוו-ניק; אין אַנדערע זאַכן מישט ער זיך באַ זיי ניט.

פון אַנדערע זאַכן וועל איך דיר שרײַבן אין די איבעריקע בריוו. דערווײַל בלײַב דיר געזונט. פון מיר —

האַקאָטן כאַיִם בען ייִצכאָק זצ״ל מאַרגאָליס.

## זיבעטער בריוו

ליבער פרײַנט!

איאָ, איך האָב געטראָפן, אַז דו וועסט פאַרגעניגן האָבן פון דעם, וואָס רעב שלוימעלע לעבט מיט שפּרינצענע און דערצו איז זיי נאָך גוט אויך! נאָר וועגן דעם, וואָס דו דענקסט, זאָלסט אהער פאָרן און אַ שטעל אָנעמען באַ רעב שלוימעלען, איז פאַר דיר גאָר קיין פּלאַן ניט. דאָס ווייס איך אַליין, אַז רעב שלוימעלע וועט דיר ניט אָפּזאָגן, ער וועט דיר די בעסטע שטעלע געבן. די גאַנצע שײַלע איז, וואָס וועסטו דערפון האָבן? ניט מער, ווי יעסורים. איך אַליין האָב אויך געמיינט, אַז איך בין אהער געקומען, אַז וועער ווייסט וויִאַזוי די מענטשן זײַנען גליקלעך, וואָס זיי געפינען זיך באַ אַ געשעפט, נאָר אַז איך האָב דאָ געהאַט דאָס געלעגנהײַט זיך גוט צוקוקן, האָב איך געזען, אַז עס איז ניט אַזוי, ווי איך האָב מיר פאָרגעשטעלט. איך זאָג דיר דעם עמעס: דאָס ערש-טע מאָל, אַז איך האָב געזען די שווערע אַרבעט, וואָס די מענטשן האָבן באַ אונדזער רעב שלוימעלען, און וויִאַזוי, אַז עס קומט דאָנערשטיק, ווי עס הייבט זיי אָן אָפּצושטאַרבן יעדער איינוער, ווײַל עס פעלט זיי אַפּ שאַבעס, האָט דאָס מיר שטאַרק אַפּ אים פאַרדראָסן. „סטײַטש, האָב איך זיך געטראַכט, רעב שלוי-מעלע זאָל עס טאָן? אַז גאָט האָט אים געהאָלפן, אַז ער קען ייִדן געבן פאַר-נאָסע, פאַרוואָס זאָל ער ניט זען, אַז זיי זאָלן האָבן פאַרנאָסע בערעוואַך?” איך האָב זיך דערמאָנט, וויִאַזוי מיר פלעגן אַמאָל זיצן מיט אים אין איינעם אין

קלויז אונ מיר פלעגנ זיכ ווינטשנ רײַכ צו ווערנ, פלעגט ער זאָגנ, אז גאָט זאָל אימ העלפנ, אז ער זאָל זײַנ א נאָגיד, וואָלט ער גרויס אונ גוטס געטאָנ ייִדנ, — ער וואָלט א סאכ צדאָקע געגעבנ, פאר זײַנ אייגנ געלט וואָלט ער אנ אייגענע קלויז געבויט אונ נאָכ אנדערע מיצוועס געטאָנ, וואָס ער קאָנ איצט ניט טאָנ, ווײַל ער איז אנ אָרעמאנ. — אונ ווי מיר פלעגנ אימ מעקאנע זײַנ מיט זײַנ האסאָגע, וואָס ער האָט דענסטמאָל געהאט, טאקע עמעס, ווי אנ ערלעכער ייִד דארפ האָבנ, אונ איצט האָט ער עס גאָר פארגעסנ.

נאָר אז איכ האָב זיכ צוגעקוקט, וויאזוי די קירישע נעגידימ האלטנ אויס ייִדנ, האָב איכ ערשט ארויסגעזענ, אז ער איז בעעמעס א צאדיק קעגנ זיי.

דו ווייסט, אז איכ בינ א שטיקל באלדימיענ, האָב איכ מיר שטענדיק פאָרגעשטעלט, אז די מענטשנ, וואָס דינענ בא א נאָגיד, דארפנ אויכ זײַנ נעגידימ, אונ דער סייכל-האיאָשער איז אזוי: זיי זײַנענ מענטשנ, ארבעטנ אָפ אימ אונ זײַנענ אימ טרײַ; זיי היטנ אָפ, אז דאָס געשעפט זאָל גוט גיינ: ער, דער נאָגיד אליינ, טוט גאָרנישט ער שלאָפט זיכ רויִק, ער ווייסט אָפטמאָל ניט פונ זײַנ כּיִעס צו זאָגנ, וואָס אינ זײַנ געשעפט טוט זיכ, אונ דערפאר, וואָס זיי ארבעטנ אונ צוליב זיי פארדינט ער א סאכ געלט, דארפ ער זיכ מיט זיי [טיילנ? — ג.א.] מיט דעמ פארדינסט, וואָס זיי ברענגענ אימ אײַנ אינ זײַנ שוטפעס, אז זיי זאָלנ האָבנ פארנאָסע בערעוואכ, זיי זאָלנ קענענ סכארלימעד צאָלנ צו דער צײַט אונ א פאָר שיכ דער ווײַב מאכנ אָפ א רעגל. צומ סאָפ לאָזט זיכ אויס, לעבנ זיי נאָר, די מענטשנ, וואָס זיי ארבעטנ אזוי שטארק, גאָר אינ דאלקעס. אונ בא די קירישע נעגידימ אפילע זייערע קליינע ייִנגעלעכ גייענ שוינ אינ אטלאסענע קאפאָטקעלעכ, שאבעס אינ ראצעמאָרענע קאפאָטקעלעכ מיט זײַדענע גארטעלעכ אונ זעמשענע טײַערע שיכ אונ זעקלעכ אינדערוואָכנ, דענסטמאָל ווענ זייערע ארבעטערס קינדער גייענ ווינטער אינ גרעסטנ פראָסט אינ אויסגעקרימטע שיכ אונ די נאקעטע פיאטעס פונ די פיס שטעקנ זיי ארויס פונ די אויסגעריבענע שווארצע קויטיקע זאָקנ; אונ פונ קיינ ווארעמ לײַבל איז שוינ גאָר קיינ רייד ניט. אונ נאָכ די אלע גליקנ, וואָס איכ שרײַב דיר איצט, שרײַענ נאָכ די קירישע נעגידימ, אז זייערע מענטשנ זײַנענ בא זיי פיאווקעס. זיי נעמענ בא זיי אומזיסטע געלט פאר זייער ארבעט, וואָס זיי ארבעטנ בא זיי. נו, איצט קאָנסטו זיכ שוינ מעשאער זײַנ, ווי גוט עס איז צו זײַנ בא זיי אונ וואָס פאר א טאָעס איכ האָב געהאט מיט מײַנע דימיוינעס, וואָס איכ האָב שטענדיק געהאט וועגנ דעמ. כאָטש מע קאָנ אונדזער רעב שלוימעלענ ניט פארגלײַכנ צו זיי, ווײַל ער איז בעעמעס אינ דער היימ געווענ א פרומער ייִד אונ איז דאָ אויכ א פרומער. דאָס געלט, די 15 טויזנט רובל, וואָס גאָט האָט אימ געהאָלפנ, האָט אימ ניט קאליע געמאכט דאָ ווי אנדערע. ער מאכט הײַנט אויכ בא זיכ שאלעסודעסנ אונ גיט אלע זײַנע מענטשנ אומזיסט צו קווארטירלעכ בראָנפנ אָפ שאבעס פונ זײַנ גוראלניע, וואָס קיינ אנדערע נעגידימ טוענ דאָס ניט, אָנ אײַנהאָרע, אינ זײַנ גראד. פונדעסטוועגנ ראט איכ דיר ניט, דו זאָלסט אהער קומענ צו אימ א שטעלע בעטנ. קיינ גליק שטייט דיר אינ דעמ ניט פאָר. וויאזוי דיר איז אינ דער היימ דאָרטנ, האלט דיכ פאָרט די שוויגער אויס אָפ קעסט מיט דײַנ ווײַב אונ די קינדערלעכ. וואָס איז — דו ווייסט, ווי זי פארדינט אונ וויאזוי איר קומט דאָס אָנ? אבי דו קומסט אהיימ, טרעפסטו שוינ אלצדינג גרייט. לאָז זיכ דיר ניט

גלוסטן צו ווערן א באלדימיוינעס. באנוגן זיך מיט דער שוויגערס קעסט און בלייב געזונט. פון מיר —

האקאָטן כאַים בען יִצחאָק זצ״ל מארגאָליס.

# אַכטער בריוו

ליבער פריינט!

איך האָב גוט געוווּסט, אז דו וועסט פון מיינע בריוו שיבער־לעוו האָבן, נאָר וואָס האָב איך געקאָנט בעסער מאכן? איך האָב דיר ניט מער ווי דעם עמעס געשריבן, די מייסע דערפון איז פּאָרט אזוי: דיר איז פיל גליַיכער צו זיצן בא דער שוויגער און איר קוקן אין דער האנט אריַין איידער צו דינען בא די קירישע נעגידים, אפילע פון די בעסטע פון זיי, אזוי ווי בא אונדזער רעב שלוימעלען, וואָס, אין עמעס אריַין, ווער קען אים בעסער ווי מיר ביידע.

קעדיי דו זאָלסט גוט פארשטיין, וויאזוי דו האָסט זיך ניט וואָס צו בענקען אהער, זאָלסט ניט מיינען, ווער ווייסט וויפל דו ווערסט אָן דערמיט, וואָס איך שלאָג דיך אָפּ און וואָס איך האָב דיר פריער ניט געראטן, זאָלסט אהער קומען, וועל איך דיר באשריַיבן דאָס לעבן פון די קירישע יִידן, פון די רייַכערע, — ניט פון די, וואָס איך האָב מיר אין דער מאכשאָווע פאָרגעשטעלט פון זייער גליק, וואָס עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אז זיי דארפן זיַין שוטפעס מיט די נעגידים און האָבן פּארנאָסע בערעוואכ, פון וועלכע איך האָב דיר אין מייַן לעצטן בריוו געשריבן.

דאָ אין קירע־לאנד זיַינען קימאט אלע יִידן פריַי פון די נעסינעס, וואָס בא אונדז פאלט דאָס אמיינסטן אָפּ יִידן, — אשטייגער פּאטענטן, טאקסע. מע ווייסט גאָר ניט, וואָס דאָס הייסט, און נאָך אזעלכע זאכן, וואָס בא אונדז איז מען ניט ריין דערפון. אשטייגער, טו א כאפּ א קירישן יִיד און פרעג אים:

— ווי איז מען זיך בא אייַך נויהעג מיט באָסאָר כוצ?

בלייַבט ער שטיין, כאָטש מעלק אים אויס.

— וואָס הייסט דאָס? — וועט ער פרעגן.

אז דו וועסט אים דערציילן, אז אונדזערע ראבאָנים אסערן באָסאָר כוצ און מאכן דערופּ א כיירעם, קעדיי דער באלטאקסע זאָל זיי צאָלן פינקטלעך צו דער צייַט זייער סכירעס; אז דו וועסט זיי דערציילן, אז בא אונדז האָט דאָס דעם אייגענעם דין ווי באָסאָר כאזער, כאָטש דאָס פלייש איז געקויפט געוואָרן בא אַן ערלעכן יִידן און פון א קאָשערן יִידנס שכיטע...

— סטייַטש, ווי קאָן דאָס זיַין? — וועט ער דיר ענטפערן. — בא אייַך נעמען דען ניט די ראבאָנים פון אזא ארט סכירעס ווי בא אונדז? צו וואָס נוצט א טאקסע? סיידן פון דעם שויכעטס וועגן צאָלט מען אים דערפאר; ער נעמט א קרייצער פאר אן אָפּ און א ריַיניש פון א בעהיימע!

מיט איין וואָרט, ער קאָן דאָס ניט פארשטיין, עס קריכט אים ניט אין זיַין נארישן קאָפּ אריַין.

דאכט זיך אויס, אז זיי דארפן גליקלעך לעבן, וואָס עס קאָן שוין בעסער ניט זיַין. צום סאָפּ לאָזט זיך אויס פונקט קאפויער. פון די שענקען, וואָס זיי האלטן דאָ אָן פאטענטן און מעגן זיך קויפן בראָנפן, ווי זיי ווילן, טראָגט זיי

אפילע ניט אפ דירעגעלט מיט סכארלימעד צו צאָלנ. בא אונדז, דאכט זיך, אז עס זאָל זײַנ אזוי וואָלוול בראָנפנ ווי דאָ, וואָלט מענ זיך דעמ יארדנ אויסגעטרונקענ אונ ייִדנ וואָלטנ איינ גאָלד געגאנגענ, אונ דאָ טרינקט אימ עפּעס קיינער ניט, זיי פארשטייענ אפילע ניט די טויווע, וואָס מע טוט זיי דערמיט, וואָס מע לאָזט זיי פריַי טאָרגעווענ אָנ פאטענטנ. אונ פלייש, אשטייגער: בא אונדז זאָל קיינ טאקסע ניט זײַנ אונ מע זאָל זיך מעגנ ארײַנפירנ פלייש, פונוואנענ מע וועט וועלנ, וואָלט זיך איטלעכער אלע טאָג געקאָכט פלייש, ניט ווי היַינט וואָס מע קאָכט נאָר איינ מאָל אָדער צוויי מאָל אינ דער וואָכ, ווײַל די ראזבאָיניקעס די באלטאקסעס מוטשענ זיי. אונ דאָ, כאָטש קיינער מוטשעט זיי ניט, זיי מעגנ זיך ארײַנפירנ פלייש, פונוואנענ זיי ווילנ, עסנ זיי פאָרט, די סאָנים מאקעס, ניט קיינ פלייש א גאנצע וואָכ. אפ שאבעס קויפט מענ איינ א געזינדל פונ זעקס מענטשנ, אָנ איַינהאָרע, אָנדערהאלבנ פונט פלייש.

ווּעסטו מיינענ, אז זיי עסנ עפּשער מילכיקס א גאנצע וואָכ, — אָסער! ווער ווייסט דאָ דערפונ? א קו האָט דאָ נאָר דער גוויר, א ציג אָדער צוויי ווער עס האָט, דער הייסט שוינ א שיינער באלעבאָס, אונ ניט איטלעכער קאָנ דאָ קומענ צו א ציג, ווײַל אמיינסטנ גייענ דאָ איבער די ציגנ בעיערושע אָדער איינער צעטיילט בעכינעמ די קינדער צו איינ ציג. אזוי אז מע ווייסט אפילע ניט איר ווערט אונ וויפל דארפ קאָסטנ, אז מע זאָל זי וועלנ פארקויפנ, זי איז גאָרניט בעניִמצע צו באקומענ אפ א מארק.

מילכיקס באנוצט מענ נאָר דאָ אפ שוועס אָדער צו א קימפעטאָרנ אפ א מילכעדיקנ .גריצ מיט פערלגרויפּנ אָדער גערשטענע, וויִאזוי דאָ איז איַינגעפירט.

היַינט מיט די איבעריקע פארנאָסעס מיט זייערע, וואָס זיי האָבנ פונ דעמ פּאָרעצ, האָט מענ זיי אויכ עפּעס איבעריק ניט מיט וואָס מעקאנע צו זײַנ. זאָלסט זענ, וואָס עס טוט זיך איבער, אז דער פּאָרעצ קומט אמאָל אינ שטאָט ארײַנ, בא דעמ ארײַנפאָר-הויז, וואָס דער פּאָרעצ שטייט איַינ. עס קאָכט דאָרט ווי א קעסל איינ דעמ איַינפאָר, איטלעכער רוקט זיך צו דער טיר מיט דעמ כיידער, ווי ער פארנעמט, אז ער זאָל זײַנ דער ערשטער זיך צו זענ מיט דער באַלעבאָסטעס טאָכטער, ווי ער שטייט איַינ, דורכ איר געוואָר ווערנ, וואָס דער פּאָרעצ דארפ, ווײַל אָנ איר מאכט ער קיינ שום געשעפט, ווײַל זי איז א כאכאָמע אונ דערצו א יעפאסטויאר אויכ. היַינט דאָס געשלעג, וואָס עס ווערט דערנאָכ צווישנ זיי, וואָס איטלעכער לויפט אונ איַילט זיך, אז ער זאָל אויספּייענ דעמ פּאָרעצ צו ברענגענ, וואָס ער דארפ, פאר דעמ אנדערנ, אז יענער זאָל ניט פארכאפנ די מעציִע, אונ ארומ אונ ארומ טרעפט דאָס עפּשער אָנ א רייניש פארדינסט. איז אָנ שרעק! צומאָל מאכנ זיי יאדאכאס, אז זיי זאָלנ זיך איינער דעמ אנדערנ ניט איבערשלאָגנ.

אונ דאָס איינגאנצנ דערצייל איכ דיר שוינ פונ דער ריַיכער מאדרייגע מענטשנ, אונ פונ יענער מאדרייגע מענטשנ ווּעסטו שוינ, דאכט זיך מיר, אליינ פארשטיינ, וויִאזוי זיי קאָנענ שוינ לעבנ.

זעסטו, איינ זאכ איז מיר דאָ געפעלנ, וואָס מע קאָנ פונ דעמ עמעס ניט אוועקגיינ, — ייִדישקײַט. דערמיט מעג מענ זיי דאָ מעקאנע זײַנ. בא אונדז ווּעסטו שוינ אזוינע ייִדנ ניט געפינענ. ווי פריַי זיי זײַנענ דאָ, וואָס א ייִד מעג דאָ זײַנ אפילע ספּראווניק אונ נאָכ עפּשער א גרעסערער טשינ, אבי ער זאָל נאָר

געלערנט זײַן, ער זאָל קענען שרײַבן און לייענען דײַטש. פונדעסטוועגן וויל קיינער דאָס נארישקײַט ניט טאָן, ער זאָל זיך לערנען אין די שקאָלעס, ער זאָל דערצו קומען. דאָ וויל קיינער ניט פארבײַטן אוילעמהאבע פאר כאיע אוילעמ-האזע, ניט ווי בא אונדז, כאָטש זיי ווייסן אלײן, אז זיי וועלן אפילע קיין קווארטאלניעס ניט ווערן, אז זיי וועלן קענען גויִיש לייענען און שרײַבן, פונ-דעסטוועגן לערנען זיי פאָרט אין די שקאָלעס. קוים לערנען זיי זיך נאָר אויס צוויי שורעס גויִיש אָנשרײַבן, בײַטן זיי זייערע נעמען איבער פון יעקל אף יאקים, פון מאָרדכע — אף מאקסים. אָט פון די זאכן ווייסט מען דאָ קלאל ניט.

עפשער צוליב דעם ווילסטו אהער קומען, זאָלסט פון די אלע זאכן טײַנעג האָבן, איז די בריירע בא דיר: ווילסט אהער קומען, אזוי שרײַב מיר, וועל איך ריידן מיט אונדזער רעב שלוימעלען, ער וועט דיר אוואדע בא זיך אן אָרט געבן, און איך וועל דיר באלד שרײַבן, זאָלסט אהער קומען. בלײַב געזונט און באטראכט דיך, וואָס דו האָסט צו טאָן. פון מיר —

האקאָטן כאיִם בען ייִצכאָק זצ״ל מארגאָליס.

נײַנטער בריוו

ליבער פרײַנט!

ווי עס זעט אויס, ביסטו אף מיר בארויגעז און ווילסט מיר דערפאר קיין בריוו שרײַבן שוין אזא צײַט, ווײַל איך האָב דיך אָפגעשלאָגן אין מײַן לעצטן בריוו, דאָס דו זאָלסט אהער ניט קומען, דאָס זע איך ארויס פון דײַן שווײַגן. גלייב מיר, אז איך בין אין דעם גאָר ניט שולדיק. פונקט ווי דו ווילסט דאָ זײַן, וויל איך נאָך מערער, נאָר, ווי עס זעט אויס, אז גאָט וועט הייסן, וועס-טו איינגיכסטן דאָ זײַן, דען איצט מאכט זיך דאָ א נײַע זאך. זאָבאלד עס וועט ניגמער ווערן, וועל איך דיר דערפון שרײַבן.

די מײַסע דערפון איז אזוי:

הײַנטיקן שאבעס איז געווען בא אונדזער רעב שלוימעלען א סודע, ווײַל ער איז א גאבע אין דער כעוורע „גמילעס-כאסאָדים״, און דער שאבעס געהערט צו דער כעוורע. וואָלסטו געוועזן זען, וואָס פאר א סודע עס איז געווען, אז אל-טע מענטשן געדענקען ניט אזא סודע. צײַט די כעוורע איז ניסיאכעד געוואָרן, געדענקט גאָר קיינער ניט, אז אזא סודע זאָל אמאָל ערגעץ געוועזן זײַן. די מײַכאָלים און די מאשקאָעס האָט זיך זיי קיינעם אפילע אין כאָלעם ניט פאָרגע-שטעלט. הײַנט דער טאנץ, וואָס עס איז געווען שאבעסצונאכט, איז גאָר גע-ווען א גאָטס ווונדער. איך ווייס גאָר ניט, צו רעב שלוימעלען, אָן אײַנהאָרע, האָבן זיך די קויכעס גענומען אף אזויפיל, אז ער האָט א גאנצע נאכט געטאנצט, גאָט זאָל אים טאקע קויעך געבן אלצדינגן אויסצוהאלטן.

זאָלסט זען, וואָס פאר א סאוולען ער איז, וואָלסטו זיך געוווּנדערט. אז עס קומט דער טאָג, וויפל איטלעכער דורעט אים אָן, דער קומט צו אים נאדן-געלט אײַנלייגן, דער מיט אן אייצע, איינער קומט צו אים מיט א בריס און אזוי שטאָט-זאכן, וואָס ער זאָגט זיי קיינעם ניט אָפּ. אן אנדערער אף זײַן אָרט וואָלט דאָס גאָר ניט געוואָלט אָננעמען, וואָרעם, אין עמעס ריידנדיק, האָט ער זײַנע אייגענע געשעפטן גענוג. עס מאכט זיך אפילע אמאָל, אז ער שיקט אָפּ צו אן

אנדערנ מיט נאדנ-געלט איינלייגנ. טשעפעט מענ זיכ צו אימ אָבער אזוי צו, אז ער קאָנ זיכ ניט אָפּזאָגנ אונ מוז דאָס פּאָרט אָנעמענ, וואָרעמ ער איז זיכ פּאָרט רעב שלוימעלע מיט זיינ איידעלנ כאראקטער.

אציינד האָט זיכ דאָ געמאכט א נייע זאכ. דער אלטער גאבע פונ ערעצ-יִסראָעל-געלט איז ר"ל פּלוצעמ געשטאָרבנ! האָט מענ געמאכט אנ אסיפע, אונ עס איז געבליבנ, אז רעב שלוימעלע זאָל ווערנ גאבע פונ ערעצ-יִסראָעל-געלט. ער וויל דאָס אפילע ניט אָנעמענ — נאָר מע האָט זיכ צו אימ צוגעטשעפּעט, אונ איכ ווייס, אז ער וועט זיכ ניט קאָנענ אָפּזאָגנ. עפּעס א דוואר-פּעלע! דאָ איז א מינהעג, אז דאָס גאבאָעס פונ דעמ ערעצ-יִראָעל-געלט גייט איבער בעירעושע, דארפ דער איצטיקער געוועזענער גאבע, אָלעוו-האשאָלעמ, האָבנ א זונ ניט קיינ לייט, ער זאָל ניט זיינ קיינ מערוצע לאקאָהאָל. מע האָט בא אימ געפונענ א מינ אפּיקאָרסיש סייפער, איכ ווייס ניט, ווי זיי רופנ דאָס דאָרט אָנ — „זשורנאל", אנדערע זאָגנ „השחר", אונ מע דערציילט נאָכ אפ אימ עפּעס ניט קיינ שיינע זאכנ. א טייל זאָגנ, אז ער לערנט פּויליש אונ דייטש ביגנייווע. נאָר נאָכ וואָס זאָל איכ אפ אנ ערלעכנ יִדנס א זונ מאלשינ זיינ? צו וואָס נוצט מיר מיינ לאָשנהאָרע? גאנצ גענוג, אז מע האָט אימ מאוויר נאכלע געוועזנ, אז ער זאָל ניט גאבע זיינ אפ דעמ פאָטערס אָרט.

עס געפינט זיכ אפילע איינער, וואָס ער איז געוועזנ דער הויפּט-מעשולעכ באמ פרִיערדיקנ גאבע. עס קאָסט אימ שוינ היפּשע עטלעכע רייניש מאשקע, נאָר עס וועט אימ גאָרנישט העלפנ. ערשטנס איז ער, וואָס ער איז, אונ אונדזער רעב שלוימעלע איז פּאָרט רעב שלוימעלע, זיי האָבנ שוינ צייט געהאט זיכ גוט צוצוקוקנ צו זיינע מייסימ, וואָס ער האָט פונזייערטוועגנ געטאָנ, צייט ער איז צו זיי אראָפּגעקומענ. זיינ גוטסקייט, וואָס ער איז צו מענטשנ, וואָס זיי דינענ בא אימ, זיינע סודעס, וואָס ער מאכט פונ זיינ אייגענער קעשענע אונ ניט פונ כעוורע-געלט, אזוי ווי די פרִיערדיקע גאבאָימ פלעגנ אָנווייזנ א רעכענונג, אז די קלענסטע סודעלע האָט זיי געקאָסט פונ כעוורע-געלט עפּשער 100 רייניש. אָט דאָס אליינ פאָרדינט, אז מע האָט צו אימ אזא צוטרויענ. אונ צווייטנס, איז ער, רעב שלוימעלע, טאקע פאָשעט א גוויר. ער איז מער באָטואכ, אז בא אימ זאָל זיכ געפינענ אזא סומע געלט ווי בא יענעמ. עס גייט נאָכ א ביסל שווערלעכ צו, ער וויל דאָס נאָכ ניט אָנעמענ, נאָר עס מאכט ניט אויס. אמיי ער וויל אמאָל קיינ נאדנ-געלט ניט צונעמענ צו זיכ, אונ פונדעסטוועגנ בעט מענ אימ איינ. מע וועט אימ מינאסטאמ דאָ אויכ איינבעטנ, אונ ער וועט זיי מוזנ צוליב טאָנ, וואָרעמ ער איז פּאָרט א יִיד א כאָכעמ. וואָס איז, ער זעט דענ ניט ארויס, אכוצ אימ איז אינ שטאָט קיינ אנדערער ניטאָ, אז מע זאָל אימ מעגנ דאָס גאבאָעס צוטרויענ?

אז עס וועט ניגמער ווערנ, וועל איכ דיר באלד שרייבנ, זאָלסט אהער קומענ, אונ מיר וועלנ ביידע ווערנ מעשולאָכימ פונ דער סוויווע אפ צונויפנעמענ דאָס ערעצ-יִסראָעל-געלט. דענסטמאָל, זעסטו, וועסטו פאָטער ווערנ פונ דיינ שוויגער, אזוי ווי איכ פונ מיינ ארורע, אונ מיר וועלנ האָבנ פארנאָסע בערעוואכ, אז גאָט אונ לייט וועלנ אונדז מעקאנע זיינ. אינ דעמ מעגסטו זיכער זיינ, אז מיר וועלנ מעשולאָכימ דערביי ווערנ אונ צוליב אונדז וועט רעב שלוימעלע אָפּזאָגנ די קירישע. אָט דענסטמאָל וועסטו ערשט ארויסזענ, ווי עס איז דאָ האש-

גאָכאס-האבוירע, וואָס ער האָט אים אזויפיל געהאָלפן, קעדיי עס זאָל אונדז אויך א טויווע ארויסקומען. בלייַב געזונט און פארליר ניט קיין האָפענונג. פון מיר —

האקאָטן כאיִמ בען ייִצכאָק זצ״ל מארגאָליס.

## צענטער בריוו

ליבער פרייַנט!

איצט קאָן איך דיר שרייַבן א נייַס, וואָס דו וועסט זיך נאָר דערקוויקן, איצט מעגסטו שוין פארגעוויס אהער קומען. נאָר דאָס שרייַב איך דיר, אז דו זאָלסט וויסן, וואָס דו האָסט צו טאָן. לעמאַנעשעם זאָלסט מיטנעמען פון דער היימ אלצדינג פון דייַנע כפייצים, אז עס זאָל אפילע קיין פאָדעם ניט בלייַבן פון דיר, אז עס זאָל זייַן אזוי ווי אין וואסער אריין, אז קיין טאָטער, קיין זנאַ־כערקע, קיין קאָרטנוואַרפערן, קיין באלשעם, לעהאוודל, זאָלן קיין שום סליעד ניט דערגיין, ווו דו ביסט. נאָך מייַן מיינונג מעגסטו נאָך פארבלייַבן אין דער היימ, ביז אלע יאָמטויוויִמ וועלן איבערגיין, זאָ ווי עס ניט ווייַט פון ראָשעשאָנע, איז ניט קעדייַ פון דער היימ אוועקפאָרן אין אזא צייַט, וואָס ווער ווייסט ווו דיר קאָן אויסקומען יאָמטעוו צו האלטן. און דערצו, אז דו וועסט אָנקומען שפעטער א ביסל, וועסטו אויך גאָרנישט פארזאמען.

די מייַסע דערפון, וואָס איך שרייַב דיר, אז דו מעגסט אהער קומען געוויס, איז אזוי:

דאָ האָט זיך געמאכט גאָר א נייַע זאַך — בא דער אסיפע, וואָס עס איז געוועזן און מע האָט אונדזער רעב שלוימעלען אויסגעקליבן פאר א גאבע אי־בער דעמ ערעצ-ייִסראָעל-געלט, האָט מען אָנגעהויבן ריידן מיקויעכ דעמ מערכעצ, וואָס עס איז שוין זייער אלט און מע דארף דאָס איבערבויען און עס איז ניטאָ פונוואַנען געלט צו נעמען. דערופ האָט רעב שלוימעלע אַן אייצע געגעבן, אז מע זאָל דאָס מערכעצ פארסעקורירן. מיר איז אפילע א שטארקער וווּנדער גע־ווען אפ אזא כאָכעמ ווי ער, ווי פאלט ער אויס דאָ א נארישקייַט צו זאָגן. וואָס געהערט זיך אָן סעקורירן מיט דעמ, וואָס קיין געלט איז נישטאָ אפ א נייַער באָד איבערצובויען? און ווידער האָב איך געטראכט: זיי האָבן מוירע, די אלטע באָד זאָל כאָלילע ניט אָפּגעברענט ווערן, און א סעקורירטע הויז ברענט דען ניט? וואָס פאר א באוואָרעניש איז דאָס? עס איז עפּעס בא מיר אויסגעקומען ווי איבעריק דער גאנצער פּלאַן זייַנער. נאָר וואָס דען, אז איך האָב געזען, אז אלע נעמען דעמ פלאַן אָן, איז בא מיר, ניט פארשטייענדיק, אויך רעכט געוואָרן. „רעב שלוימעלע איז זיך פּאָרט א כאָכעמ, — האָב איך בא זיך געטראכט, — מינאַס־טאמ ווייסט ער, וואָס ער האָט צו טאָן, אים דארף מען ניט לערנען״. אוואַדע, אוואַדע האָט מען אים געפאָלגט, מע האָט די באָד סעקורירט, און צו די אכט טאָג איז זי אָפּגעברענט געוואָרן, דערנאָך האָב איך ערשט געזען, אז עס איז טאקע עפּעס א גאָט-זאַך. אז נאָר מיִן האשאָמאָיִמ איז ער געוואָר געוואָרן, אז דאָס מערכעצ וועט אָפּגעברענט ווערן. איבער דעמ האָט ער די קלוגע אייצע גע־געבן, וואָס איך האָב ניט פארשטאנען, אז פאר א סעקורירטער באָד קאָן מען געלט נעמען בא דער „כעוורע סעקוראַנט״. עס האָט זיך אָבער פּאָרט נאָך געלט

געפעלט! אָט דאָ האָט מענ ערשט ארויסגעזענ זײַנ גרויסקייט. ער, רעב שלוימע-
לע, האָט אנ אייצע געגעבנ דער שטאָט, מע זאָל מאכנ א טאקסע אפ הייוונ
אונ אפ ייִדישנ טאלפנ זאלצ, אז נאָר איינער זאָל דאָס פארקויפנ. די קירעס, די
שויטים, האָבנ גאָר ניט פארשטאנענ, וואָס דאָס הייסט, אונ קיינער האָט די טאק-
סע ניט געוואָלט דינגענ. אנדערע האָבנ גאָר געמאכט א גוואלד דערופ, זיי האָבנ
געזאָגט: בעכיינ, וואָס איז, עס וועט זיי אזויפיל אָנרירנ וויפל די גרעסטע גווי-
רים, ווײַל זאלצ אונ הייוונ באנוצנ זיי אזויפיל וויפל די גווירים אונ אז עס
קומט עפּעס צו א דייע — האָבנ זיי גאָרניט, מע פרעגט זיכ אפילע בא זיי ניט
אָנ, וואָס מע וויל מאכנ פונ זייערע אָרעמע, בלוטיקע, פארהאָרעוועטע געלט. נאָר
ווער האָט זיי געהערט מיט זייער גוואלד? רעב שלוימעלע האָט די טאקסע גע-
נומענ אפ זיכ, אז וויפל עס וועט מאכנ, זאָל ער דאָס אינגאנצנ אוועקגעבנ דער
שטאָט. דער ראָוו האָט באלד געלאָזט צונויפרופנ די גאנצע שטאָט אינ בעסמע-
דרעש ארײַנ אונ האָט געמאכט א כיירעמ, אז קיינער טאָר קיינ הייוונ אונ זאלצ
אינ ערגעצ ניט קויפנ כוצ בא אונדזער רעב שלוימעלע. פונ א טאלפנ זאלצ
דארפ יעדער צאָלנ פיר קרייצער טאקסע אונ פונ א קוואָרט הייוונ זעקס קריי-
צער. אונ אזוי איז דאָס שוינ פאר אימ געבליבנ, אונ מע האָט זיכ שוינ געוווינט
די באָד בויענ. נו, הײַנט קאָנסטו שוינ פארשטיינ, אז מיר ביידע וועלנ שטעלנ
האָבנ בא אונדזער רעב שלוימעלענ — צי בא ערעצ-ייִסראָעל-געלט צי בא דער
טאקסע, דאָס מאכט שוינ ניט אויס, אבי מיר זאָלנ האָבנ א שטעלע אונ פאר-
נאָסע בעקאָוועד.

כאָטש איכ האָב נאָכ מיט אימ ניט גערעדט דערפונ, נאָר פונדעסטוועגנ רעכנ
איכ, אז מיר וועלנ צו אימ צושטיינ, וועט ער אונדז מוזנ געבנ א שטעלע, וואָ-
רעמ צו וועמענ דענ קאָנענ מיר אזויפיל צושטיינ, אז ניט צו אימ? צו אנדערע
גווירימ געוויס ניט. צי פילנ זיי דענ דאָס שלעכטקייט פונ אנ אָרעמאנ, אז זיי
זײַנענ קיינמאָל קיינ אָרעמעלײַט ניט געווענ? אונדזער רעב שלוימעלע אָבער, ער
איז זיכ יאָ געוועזנ אנ אָרעמאנ גלײַכ מיט אונדז, ער פילט זיכ יאָ, ווי ביטער
איז אונדז, אוואדע וועט ער אונדז ניט אָפּזאָגנ אונ וועט מוזנ געבנ שטעלעס,
אונ ביפראַט, אז מע זעט ארויס, אז עס איז א האשגאָכע פראָטיס, דערמאָנ זיכ
אלײנ: וויפל דער פריִערדיקער גאבע האָט געלעבט אונ ניט געשטאָרבנ, האָט
גראָד געדארפט איצט שטארבנ אונ רעב שלוימעלע זאָל גאבע ווערנ אפ זײַנ
אָרט, הײַנט די באָד איז שוינ אלט עפשער 100 יאָר אונ איז נאָכ אפילע איינ
מאָל ניט אָפּגעברענט געוואָרנ, אונ איצט האָט זי פלוצעמ אָפּגעברענט, אונ רעב
שלוימעלע איז געוואָרנ דער גאנצער שטאדלענ פונ דעמ בויענ. קיינ טאקסע איז
דאָ קיינמאָל ניט געווענ, אונ איצט איז גאָר פלוצעמ דורכ זײַנ אייצע געוואָרנ א
טאקסע. הײַנט וואָס נאָכ מער ווילסטו?

נו, קאָנסטו פארשטיינ, אז די שטעלע איז א זיכערע אונ מעגסט אהער קו-
מענ. איצט בלײַבט ניט מער פאר דיר, זאָלסט זיכ נאָר ביגנייווע פונ דער היימ ארויס-
כאפנ, קיינער זאָל דערפונ ניט וויסנ. אז דו וועסט אהער קומענ, וועט אלצדינג
רעכט זײַנ. ווײַטער בלײַב געזונט אונ האָב מיר א כתיבה וחתימה טובה.

פונ מיר דײַנ בעסטער גוטער-פרײַנט, וואָס ווינטשט זיכ מיט דיר צו זענ
אינגיכסטנ.

האקאָטנ כאימ בענ ייִצכאָק זצ״ל מארגאָליס.

# עלפטער בריוו

ליבער פריַינט!

מיט גרויס שרעק אונ מיט ציטערניש שריַיב איך דיר דעם עלפטנ בריוו. איַי! אנ אומגליק האָט אונדז געטראָפנ. אונדזער זונ איז אונטערגעגאנגענ אינמיטנ העלנ טאָג.

הײַנטיקנ פריַיטיקצונאכט, מע איז נאָר געקומענ פונ דעם בעסמעדרעש, מע האָט זיך נאָרוואָס געוואָלט שטעלנ קידעש מאכנ, האָט מענ באלאגערט אונדזער רעב שלוימעלעס שטוב. עס זיַינענ אריַינ עטלעכע קירישע זשאנדארמעריעס מיט א קאָמיסאר אונ אדיוטאנט אונ מע האָט זיך גענומענ מאכנ אנ אָביסקע. זיי האָבנ אלע פאפירנ צוגענומענ, אלע טיַיערע כפייצים אונ דאָס גאנצע געלט, וואָס עס איז געווענ, האָט מענ פארכאסמעט אונ מע האָט רעב שלוימעלענ ערגעצ צוגענומענ, קיינער ווייסט ניט ווּהינ. אפילע קיינ קידעש האָט מענ אימ ניט געלאָזט מאכנ אינ דער היימ. די גאנצע שטאָט איז אויך באלד צונויפגעלאָפנ, וויפל מע האָט פאר אימ ניט געבעטנ, אז ער זאָל כאָטש איבער שאבעס אינ דער היימ פארבליַיבנ אונ מע זאָל שטעלנ א וואך לעבנ טיר, ער זאָל ניט אנטלויפנ, אונ עס האָט ניט געהאָלפנ. אפילע דאָס, פארוואָס מע נעמט אימ, מע זאָל געוואָר ווערנ, וויפל מע האָט זיך ניט געסטארעט דאָס צו דערגייַנ, איז אלצדיַינג אומזיסט געווענ. שאבעס אינדערפרי האָט מענ קוימ מיט צאָרעס געפועלט מע זאָל אימ אינ געפענקעניש אריַינ אריַינגעבנ א טאלעס אונ עסנ לעקאָוועד שאבעס. די קירישע זשאנדארמעריעס, די רעשאָימ, האָבנ זיך נאָך גערייצט, זיי האָבנ געלאכט אונ געזאָגט: שיינע, ערלעכע יידנ שטאָט-באלעטויוועס האָט איר בא זיך, וואָס זיי פירנ איַיערע שטאָט-זאכנ מיט איַיך אינייַנעמ בא דער נאָז.

איך זאָג דיר, מיַינע קויכעס עקנ זיך אינ מיר. שוינ דעם אנדערנ טאָג, אז איך האָב ניט טויעמ טאמ אכילע געווענ. די גאנצע שטאָט גייט צעטומלט פונ דער שרעקלעכער מיַיסע! סטיַיטש, פארוואָס קומט דאָס, אז אזא פרומער ייד זאָל פלוצעמ אפ זיך האָבנ אזא כשאד, אז ער זאָל נעבעך דארפנ זיצנ אומזיסט אונ אומנישט. אינ שטאָט גייענ ארומ אלערליי פאָטשטנ. איינער זאָגט, אז ער האָט עפעס אינ גוראלניע געמאכט א מאָשענסטווע, דערפאר האָט מענ אימ גענומענ אונ אריַינגעזעצט. די אנדערע זאָגנ, אז ער האָט געהאנדלט מיט רוסיש פאלש געלט, דערפאר האָט מענ אימ גענומענ, א טייל זאָגנ, אז ער האָט נאָכגעמאכט פאלשע וועקסלענ. אונ נאָך אזוינע פאָטשטנ גייענ דאָ אומ, וואָס קיינער קאָנ דעמ עמעס ניט דערגייַנ.

די גוראלניע האָט מענ אויך פארכאסמעט, אונ א סאך יידנ, נעבעך, זיַינענ געבליבנ אָנ פארנאָסע. צומ ערשטנ טאָג סליכעס האָט זיך דאָ געטאָנ, אז עס איז געווענ א שרעק. טיַיכנ טרערנ זיַינענ פארגאָסנ געוואָרנ, אז מע האָט זיך דערמאָנט, אז אזא ייד ווי רעב שלוימעלע זאָל דארפנ סליכעס זאָגנ איינער אליינ, אָנ א מיניענ, אינ דער טפיסע. שפרינצעלע, זאָל לעבנ, איז באלד נאָך סליכעס ערגעצ אוועקגעפאָרנ, וואָס קיינער ווייסט ניט ווּהינ. אז איך האָב זי געפרעגט, ווּהינ זי פאָרט, האָט זי מיר ניט געוואָלט זאָגנ. זי האָט מיר נאָר געזאָגט:

— איך בעט דיך, זאָלסט זיך דאָ עפעס, כאָלילע, ניט ארויסכאפנ מיט א נאריש וואָרט.

הערסטו, וואָס מיר איז איינגעפאלן? איך האָב מוירע, אויב דעם געוועזענעם ערעצ-יׅסראָעל-גאבעס זון, וואָס זײַן פאָטער איז ניט לאנג דאָ געשטאָרבן און מע האָט אים ניט געוואָלט מאכן פאר קיין גאבע אפ דעם פאָטערס אָרט, זאָל אים ניט האָבן געמאסערט מיקויעך דעם אייגענעם פון דעם ליטוואק מיט די פופצן טויזנט רובל. א קאשע אפ אן אפיקוירעס, וואָס ער קוקט אריין אין א „השחר". עס האָט אים פארדראָסן, ווײַל מע האָט אים צוליב רעב שלוימעלען מאוויר נאכלע געווען, האָט ער דאָס געטאָן. איך פיל זיך א ביסל כײַעוו אין דעם: רעב שלוימעלע האָט ניט געוואָלט אָנעמען די גאבאָעס, האָב איך אים געדארפט צוריידן. אוואדע האָט ער זיך דערמיט אָנגעמאכט סאָנים. איך וועל דארפן אָפגעבן דיגװעכזשבן פאר אזא פרומען ייִדן.

היינט 12 דעם זייגער איז געוועזן באלאגערט די פאָליציי. די גאנצע שטאָט איז געלאָפן מיט אים זיך זעגענען, ווײַל מע האָט אים פונדאנען אוועקגעשיקט, נאָר מע האָט קיינעם צו אים ניט געלאָזט, מע האָט זיך קוים דערוווּסט דורך א שרײַבער, אז מע שיקט אים אוועק קיין רוסלאנד פאר א שטארקן פארברעכ, וואָס ער האָט דאָרט געטאָן. וואָס פאר א פארברעכ ווייסט ער ניט, ווער ווייסט, ווו אים, אזא פרומען ייִד, וועט נעבעכ אויסקומען ראָשעשאָנע האלטן, צי וועט ער כאָטש הערן שויפער בלאָזן ערגעץ, ווײַל מע האָט אים פונדאנען אוועקגעשיקט פאָ-עטאפּו. עס קאָן זײַן, אז אים זאָל ערגעץ אויסקומען אין א דאָרפ ראָשעשאָנע האלטן. אז איך דערמאָן זיך אָן דעם איינציקן, עקלט זיך אין מיר אלע מײַנע קיריכעס. אזויווי איך רעכן, אז עס איז ניט אנדערש נאָר דאָס, וואָס מע האָט אים געמאסערט וועגן דעם ליטוואק, וועט מען דאָך אים געוויס אהיים ברענגען, בעט איך דיך לעמאנעשעם, זאָלסט מיר באלד שרײַבן דערפון, קעדיי איך זאָל וויסן, וואָס איך האָב דאָ צו טאָן. ודי לחכימא ברמיזא...

פון מיר האקאָטן כאַים בען ייִצכאָק זצ"ל מארגאָליס.

## צוועלפטער בריוו

ליבער פרײַנט!

דײַן פינצטערן בריוו האָב איך דערהאלטן.

טײַכן טרערן האָבן זיך מיר פון מײַנע אויגן געגאָסן, לייענענדיק, אז רעב שלוימעלע האָט היינטיקן ראָשעשאָנע קיין שויפער ניט געהערט בלאָזן. נאָך מער בין איך געווען פון זײַנעם אָנקומען צו אונדז. ווי אלע ווײַסעכווערע זײַנען אים נאָכגעלאָפן ביז צום אָסטראָג, און דער ראש, וואָס בא אונדז האָט געמאכט זײַן ברענגען. היינט וויאזוי אונדזערע אפיקאָרסים האָבן כויזעק געמאכט פון זײַן פרומקייט. גאָט זאָל זיי נאָר צאָלן אפ דעם גלײַכן וועג. וואָרעם וואָס האָט מען צו אזא פרומען ייִד ווי ער? היינט דעם כילעל-האשעם דערפון, אז אזא ליטוואק אן אפיקוירעס, טאקע א גוי מאמעש, וואָס ער לאָזט זײַנע קינדער בעפארהעסיע אין די שקאָלעס גיין און שרײַבן אום שאבעס, זאָל ער פון אָסטראָג ארויס, און רעב שלוימעלע דארפ אפ זײַן אָרט ארײַן, און דער ליטוואק זאָל בלײַבן אן אָרנטלעכער מאן. אוי! אז ווינד און וויי איז די אויערן, וואָס דארפן אזעלכע זאכן צוהערן!

דײַנע אלע בריוו האָב איך דאָ פארברענט, נאָך איידער דו האָסט מיר דערפון גע-

שריבן. איצט איז פאר מיר מער ניט געבליבן, נאָר איך זאָל פאר זיך זאָרגן, אז איך זאָל פונדאַנען קאָנען אוועק און עס זאָל זיך מיר, כאָלילע, ניט מאכן דער אומגליק, וואָס רעב שלוימעלע האָט זיך געמאכט. איך האָב נאָך גאנץ די הונדערט רייניש, וואָס רעב שלוימעלע האָט מיר געשענקט, אז איך זאָל מיר פונ־דאַנעט אוועק און מײַן ארורע א געט שיקן. איצט טו איך דאָס: איך שיק דיר צו אין דעם בריוו א געט, דער געט איז געשריבן געוואָרן באַם ראָוו אין שטוב קעדין, מײַן נאָמען, די איידעס נעמען, דער נאָמען פון דער שטאָט און פון דעם טײַך „דניעסטער", — אלע איידעס האָבן זיך אונטערגעשריבן, ווי עס געהער צו זײַן, עס פעלט אין אים ניט קיין קויצוי שעל יוד.

איך בעט דיך, דו זאָלסט אים איבערגעבן, וויאַזוי דער ראָוו וועט געפינען. כאָטש מײַנע איז אַן ארורע, פונדעסטוועגן וועל איך זי פאר קיין אגונע ניט מאכן, דערפאר ווײַל זי האָדעוועט מײַן פיסקאלי.

הײַנט פאָר איך פונדאַנען אוועק. ווּהין, ווייס איך אליין ניט. אז איך וועל ערגעץ קומען אַף אַן אָרט, וועל איך דיר געוויס שרײַבן. מער קיין בריוו שרײַב מיר ניט, ביז דו וועסט פון מיר קיין בריוו ניט דערהאלטן.

האקאָטן כאַיִם בען יִיצכאָק.

דער ערויסגעבער פון „גאליציאַנער בריוו" בעט די געערטע רעדאקציאָן „קול לעם" צו דרוקן דיזע מוידאָע:

„ישראל רחמנים בני רחמנים! שוין 10 יאָר, ווי מײַן מאן האָט מיר אָפּגעשיקט א געט פון גאליציע און איז אוועקגעפאָרן אין ווײַטע מעדינעס, נאָר בעזר"ה איז דער געט פּאָסל געוואָרן, מאכמעס אין דעם געט איז געשריבן דער נאָמען פון דעם דאָרטיקן טײַך „דניעסטער", און דער היגער ראָוו, זאָל לעבן, האָט גע־זאָגט, אז עס דארף שטיין „נעסטער", אָן א „ד". און אזוי, נעבעך, וועך איך פארפיַנצטערט שוין 10 יאָר. על כן ישראל רחמנים בני רחמנים, טאָמער וועט איר זען ערגעץ מײַן מאן, זאָלט איר אים בעטן, ער זאָל מיר אַן אנדער געט שיקן אַפן היגן ראָווס נאָמען. זײַן נאָמען איז כאַיִם בען יִיצכאָק מארגאָליס, בע־ערך א יאָר 35, א הויכער, א שווארצער, פון גאָרגל גייט ארויס ווי א קנאָפּ און אַף דעם לינקן אויג א בעלמע.

ממני העגונה דוואָסיע בת ר' טרײַטל ז"ל.

## 6. „אָדעסער ווילע יונגען"

### 1

צוליב דער כאראקטעריסטיק פון דער געזעלשאפטלעכער אטמאָספער, וואָס שאפט זיך ארום דער יִידישער ליטעראטור אין די 70־ער יאָרן, לוינט זיך אָפּ־שטעלן אַף דעם צווייבענדיקן ראָמאן, „אָדעסער ווילע יונגען", וואָס איז דער־שינען אין יאָר 1872.

ווי עס לאָזט זיך פארשטיין פון אייניקע אָנווײַזונגען אין טעקסט פונעם ראָ־מאן (ער איז דערשינען אנאָנים), איז דער אווטאָר פון די „אָדעסער ווילע יונ־גען" געווען מ. דאנציג. צו יענער צײַט, דאָס הייסט אין 1872, האָט מ. דאנציג

געהאט פארעפנטלעכט אפ ייִדיש בלויז צוויי ווייניק־באדייַטנדיקע לידער-זאמלונגענ „דער ליטוואק" (1869) אונ די „ליטוואטשקע" (1870). געשריבנ האָט מ. דאנציג זייַנע לידער אינ עליאָקומ צונזערס נוסעכ. ער האָט אפילע אָפּגעדרוקט א ספּעציעלע ווענדונג צו ע. צונזערנ, ווו ער האָט, אגעוו, געשריבנ:

דייַנע לידער זייַנענ האָניק — גיב זיי צו געניסנ,
ייִדנ ליבנ האָניק — זיי וועלנ לעקנ די פינגער.
גיפט, קריטיק זאָלסטו אינ דעמ האָניק ארייַנמישנ,
וועט דאָס אפ זיי וויר קנ בעסער אונ גרינגער...

(„דער ליטוואק")

דעמ זעלבנ געבאָט — ארייַנצומישנ אינ דער ליד „גיפט, קריטיק" — האָט מ. דאנציג געהאלטנ אָנגעמאָסטנ אויכ פאר זיכ אלייִנ. אונ ער האָט ווירקלעכ אינ אייניקע לידער געפּרוּווט ארויסטרעטנ מיט „קריטיק", נעמענדיק דערבייַ אלס אויסגאנג-פּונקט אמאָל מענדעלעס א מאָטיוו[1], אמאָל צונזערס. ווענ-ניט-ווענ קאָנ מענ בא דאנציגנ אינ די לידער טרעפנ אויכ זייַנעמ אנ אייגענעמ מאָטיוו.

איינער אזא מאָטיוו, צו וועלכנ מ. דאנציג איז געקומענ דורכ זייַנ אייגענער דערפארונג, איז געוועזנ די „קריטיק" פונ דער שטאָט אָדעס. דאנציג קריטיקירט פארשיידענע געוווינהייַטנ פונ די אָדעסער אייַנוווינער, זייער יאָגעניש נאָכ דער „מאָדע" אאוו. ערטערווייַז באמערקט זיכ אָבער, אז דאנציגס אומצופרידנקייַט רופנ ארויס ניט בלויז אָט די אויסערלעכע שטייגער־דערשייַנונגענ. אזוי, לעמאָשל, קומט מ. דאנציג אינ איינ אָרט צו דערציילנ:

אָדעס איז געוועזנ גוט מיט עטלעכע יאָר צוריק,
עפּעס גאָר אנ אנדערע צייַט, גאָר אנ אנדער גליק!
א שטאָט דורכויס פונ גווירימ איז זי געוועזנ,
אונ קיינ אָרעמאנ האָט מענ גאָר אינ די אויגנ ניט געזענ.

1 א כאראקטעריסטישנ מענדעלע־מאָטיוו טרעפנ מיר בא מ. דאנציגנ אינ דער „ליטוואטשקע":

ייִדנ פאלנ ווי די סנאָפּעס אינ די גאסנ,
אינ יעדער ווינקל ווערט ייִדיש בלוט פארגאָסנ;
הונגער, כאָלערע אונ נאָכ אנדערע צאָרעס...
וואָס טוענ די ראבאָנימ? שטעלנ כופּעס אפנ בייסהאקוואָרעס!
מע פּאָרט, מע טאנצט, מע שרייַט: „מאזלטאָוו!"
לעבנ זאָל כאָסנ־קאלע, לעבנ זאָל דער ראָוו.
אינ אונדזער ראָווס זכוס לעבנ מיר אלע —
לעבנ זאָל דער כאָסנ, לעבנ זאָל די קאלע!

— לעבנ זאָלט איר, ייִדנ, — ענטפערנ מיר מיט אנ אומעטיק פּאָנעמ:
לעבנ זאָלט איר, ייִדנ, אָבער אונטער בעסערע ראבאָנימ!
לעבנ זאָלסטו, אָרעמ פאָלק, אונטער ווייניקער גזיירעס,
אונטער ווייניקער מיצוועס, אונטער ווייניקער אווייַרעס,
אונטער ווייניקער קאָהאָלס־לייַט, אונטער ווייניקער קאבראָנימ,
אונטער ווייניקער באטלאָנימ, אונטער ווייניקער קאפּצאָנימ!..

פלעגט זיך עפּעס אַרײַנכאַפּן א ליטוואַק פון דער זײַט
און פלעגט אונטערשטאַרבן פון הונגער עפּעס גראָד אין זײַן צײַט,
פלעגט מען זאָגן: אָט דאָס איז טאַקע דער ערשטער אין אָדעס!
וואָס איז דאָס פאַר אַ מין בריה? עפּעס אַ פּאָנעם פון אַ מעס?
יעצט איז אָדעס דורכויס אַ שטאָט פון מייסים,
נאָר אָן טאַכריכים... אָן ציציס... אָן טאַליסים...
(„דער ליטוואַק״)

די דאָזיקע שורות, וואָס מיר טרעפן אין מ. דאַנציגס בוך פון 1869־טן יאָר, זאָגן איידעס, אַז מ. דאַנציג איז ניט געווען דורכגעדרונגען מיט דער היספּײַלעס פאַר דער שטאָט אָדעס, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער ליטעראַטור פון די 60־ער יאָרן. ווען מ. דאַנציג זאָל געווען נעמען פאַר אַ מוסטער די באַציִונג צו דער שטאָט אָדעס, וואָס ווערט אויסגעדריקט אין די 60־ער יאָרן אין „קול מבשר״, וואָלט ער זיכער ניט געוואָגט אַרויסצוטרעטן מיט אַזאַ קאַטעגאָרישער באַהויפּטונג, אַז אָדעס איז „אַ שטאָט פון מייסים״. דער „קול מבשר״ — דער גרעסטער טייל שרײַבער, וואָס האָבן זיך אַרום אים גרופּירט, — האָבן די שטאָט אָדעס געוואָלט אויסמאָלן דאַפקע ווי די אידעאַלע פאַרקערפּערונג פון „פּראָגרעס און ציוויליזאַציע״.

וואָס נענטער צו די 70־ער יאָרן, אַלץ מער הייבט אָן קלאָר ווערן, אַז די האָפענונגען פון דעם אַלגעמיינעם וווילשטאַנד, וואָס די אַזויגערופענע „וועסנע־צײַט״ פון די 60-ער יאָרן האָט געזאָלט ברענגען, האָבן זיך ניט באַרעכטיקט. אין איינקלאַנג דערמיט הייבט אָן אין דער יידישער ליטעראַטור פון די 70־ער יאָרן זיך בײַטן אויך די באַציִונג צו דער שטאָט אָדעס. די היספּײַלעס פאַר דער שטאָט אָדעס הייבט אָן פאַרשווינדן.

די דערנענטערונג פון דעם עקאָנאָמישן קריזיס האָט נאָך מער פאַרערגערט די לאַגע פון די ברייטע מאַסן, פאַרגיכערט די פאַראָרעמונג פון דעם גרויסשטאָטישן קליינבירגערטום, אוועקשטעלנדיק דאָס קליינבירגערטום פאַר דער געפאַר פון פולשטענדיקער רוינירונג. פאַרבײַגייענדיק די דאָזיקע פּראָצעסן האָט מען שוין דאָס מאָל ניט געקאָנט. די פּראָבלעם פון אָדעס — דער „שטאָט פון מייסים״ — האָט אָנגעהויבן צוציִען די אויפמערקזאַמקײַט פון גאָר ברייטע לייענער־מאַסן. מ. דאַנציג האָט באַשלאָסן אָנצושרײַבן אַ גאַנץ ווערק, וואָס זאָל געבן אַ ברייטע שילדערונג פון דער שטאָט אָדעס. אָט אַזוי איז עס אַנטשטאַנען דער ראָמאַן „אָדעסער ווילדע יונגען״.

2

ווי פאַר זײַנע לידער, אַזוי האָט מ. דאַנציג אויך פאַר זײַן פּראָזע אויסגעקליבן אַ באַשטימטן מוסטער. דעם דאָזיקן מוסטער האָט ער געפונען באַם רוסישן שרײַבער ווסעוואָלאָד קרעסטאָווסקי, וואָס איז באַוווּסט געוואָרן מיט זײַן ווערק „Петербургские трущобы“. לויט אָט דעם מוסטער האָט עס מ. דאַנציג גענומען שרײַבן זײַנע „אָדעסער ווילדע יונגען״.

קרעסטאָווסקיס ווירקונג לאָזט זיך דערקענען אין מ. דאַנציגס ראָמאַן אַפּ

שריט און טריט. ווי קרעסטאָווסקי אזוי האָט מ. דאנציג אויכ א באזונדערנ כיישעק זיכ צו גריבלענ · אינ דער אונטערוועלט, אינ די „אָדעסער קעלערס און טרושטשאָ־בעס,” ווי דאנציג רופט עס אָנ. דאָ און דאָרט לאָדט ער איינ דעם לעזער: „מיר וועלנ זיכ מאטריִעכ זײַנ ארײַנגייִנ אינ דעם טראקטיר”, און ער גיט אָפּ גאנצע זײַטלעכ אפּ דער געטריסטער באשרײַבונג פונ די אָדעסער שענקנ[1]. אָבער פונדא־נענ, פונ דער אונטערוועלט, גיט מ. דאנציג אינ איינ אויגנבליק א שפרונג ארײַנ אינ די „הויכע פענצטער” פונ די אָדעסער „נעגאָציִאנטנ” און באווײַזט, אז אויכ דאָרטנ איז ער געגונג היימיש, ניט ווייניקער ווי זײַנ וועגווײַזער קרעסטאָווסקי. פונקט ווי קרעסטאָווסקי אזוי זאָרגט אויכ מ. דאנציג, אז די אינטריגע פונ זײַנ ראָמאנ זאָל זײַנ שפּאנענדיק, ער פירט ארײַנ אינ דער האנדלונג פארשיידענע אוואנטיורעס, „קרימינעלע” פּאסירונגענ, ערטערווײַז הייבט עס דערבײַ אָנ צו שמעקנ מיט יענעמ ווולגארנ נוסעכ, וואָס וועט שפּעטער מיט א צענדליק יאָר באצייכנט ווערנ אלס דער שאָמער־נוסעכ אינ דער ייִדישער ליטעראטור.

דער מעכאבער אָבער האלט פאר נייטיק צו פארענטפערנ זיכ:

„א, איר האָט ליב געשיכטעס! — ווענדט זיכ דאנציג צומ לעזער. — גלייבט מיר, אז איכ וואָלט קיינמאָל מײַסעס ניט געשריבנ, איכ וואָלט עפּעס געשריבנ סעריאָזנע, נאָר דער מאדפּיס וואָלט נעבעכ די הויט דערלייגט. אז אונדזערע ייִדנ האָבנ ליב מײַסעס פונ א בער, פונ א רעבעצנ מיט א בעדערנ, פונ א באלשעמ און נאָכ אזעלכע מינע נארישקײַטנ”...

און, ווירקלעכ, קומענ באלד נאָכ דעמ קאפּיטלענ, וווּ מ. דאנציג וויל אונ־טערשטרײַכנ די אידיייִשע אָנצילונג פונ זײַנ ווערק, וויל דערווײַזנ דעמ לעזער, אז אימ, דאנציגנ, איז טײַער ניט דער ווילדער געפלעכט פונ די פּאסירונגענ, וואָס קומענ פאָר מיט זײַנע העלדנ, נאָר די קריטיק פונ דער שטאָט אָדעס, ווו אזעלכע ווילדע פּאסירונגענ זײַנענ מעגלעכ.

אינעמ קאפּיטל, וואָס הייסט „דער פּארפאסער זאָגט ווידע”, שרײַבט דאנציג:

„נאָכ וואָס זאָל איכ אלצ באשרײַבנ פּעלער און פּעלער, בלאָטע און בלאָטע, מיסט און מיסט פונ מײַנ געליבטער שטאָט אָדעס? גלײַכ ווי איכ זוכ אומיסטנ, איכ גראָב אויס פונ דער בלאָטע פּארדאָרבענע כאראקטערנ, שענדלעכע פּאראזיטנ, קעדיי איכ זאָל מיט זיי שמירנ מײַנ געליבטע שטאָט אָדעס...

ווער איז אינ דעמ שולדיק? צי איז טאקע אָדעס אזוי פול מיט בלאָטע, אז עס איז שווער ארויסצוזענ די דימענטנ, וואָס וואלגערנ זיכ אינ דעמ מיסט? צי בינ איכ שולדיק, וואָס מײַנ טאלאנט איז אזוי באשאפנ? כ'לעבנ, איכ ווייס ניט, נאָר טראכטנ טראכט איכ, אז דאָס ערשטע איז ריכטיקער”...

פאר מ. דאנציגס שארפּ־קריטישער באציִונג צו אָדעס איז כאראקטעריסטיש, וואָס זי שטאמט ניט פונ דער טענדענצ צו אידעאליזירנ דאָס קליינע שטעטל. וועגנ דעמ לעבנ אינעמ קליינעמ שטעטל האָט מ. דאנציג א גאנצ קלאָרע פאָר־

---

1 מ. דאנציג שרײַבט: „אינ דער ייִדישער גאס געפינט זיכ מינעלעס טראקטיר... אינ דעמ אומריינעמ טראקטיר קומט זיכ צונויפּ דער ייִדישער פּראָסטער אוילעמ, עס הייסט דער ארבעט־ייִד, דער לאָפּעטניק, דער זעק־טרעגער, דער באלעגאָלע און אלערליי אָדעסער ערלעכע לײַט, עס הייסט, דער נאָווי, דער קעשענע־שנײַדער און נאָכ אזעלכע אָדעסער ווילדע יונגענ. פונ די לעצטע אָדעסער ווילדע יונגענ בעט איכ מײַנע לעזער, זיי זאָלנ מיר ערלויבנ צו ריידנ א ביסל פּאָדראָבנער”...

שטעלונג, ער זעט דעם עלנט און די נויט, וואָס עס האָבן דאָרטן געהאַט אויס-צושטיין זײַנע העלדן.

דאָס „נידעריק בלאָטיק שטיבל״ אינעם שטעטל איז געווען, ווי דאַנציג שיל-דערט, „פינצטער און קאַלט ווי א קייווער״. אָבער גרויזאַמער און שרעקלעכער איז די גרויסע שטאָט אָדעס. אָט וואָס עס דערציילט א העלדן פון מ. דאַנציגס ראָמאַן:

„אין אָדעס הייבט זיך אָן דער צווייטער פעריאָד פון מײַן לעבן. און דער פעריאָד איז דער ערגסטער, דער אומגליקלעכסטער פעריאָד. אז איך דערמאָן מיך, ציטערט מיר הענט און פיס, עס איז גאָר שווער צו באשרײַבן, וואָס פאר א צאָרעס מיר האָבן די ערשטע צײַט אין אָדעס געליטן. טעגווײַז זײַנען מיר אָן ברויט געזעסן, און קיינער האָט אף אונדז קיין ראכמאָנעס געהאַט... איך ווייס אפילע פארוואָס, ווײַל אָדעס איז א גענעם״.

דעם דאָזיקן געדאַנק, אז „אָדעס איז א גענעם״ נעמט זיך אונטער מ. דאַנ-ציג צו איליוסטרירן מיט א גאנצער ריי בילדער פון אָדעסער לעבן. דאָס ערשטע, וואָס מ. דאַנציג וויל דערבײַ אונטערשטרײַכן, דאָס איז די פאלשקײַט פון דער דעמלטדיקער ברייט-פארשפרייטער מיינונג, אז אָדעס איז די שטאָט פון פראָגרעס און ציוויליזאציע. מ. דאַנציג לאַכט אויס די „אָדעסער פראָגרעסיסטן״, וועלכע האָבן איבערגענומען די אויסערלעכע מאַנירן פון די „ציוויליזירטע מענטשן״ און זײַנען אינדערעמעסן פארבליבן פארגרעבטע נעפאַשעס. מ. דאַנציג גיט אָפּ א באַ-זונדער קאַפּיטל אָפּ צו ווײַזן די פארגרעבטקײַט און אמעראַצעס פון די אָדעסער לערער „די קוגל-לערערס״, ווי ער רופט זיי אָן. און אויך די גאנצע סוויווע, וואָס רינגלט ארום אין אָדעס אָט-אָ די „קוגל-לערערס״, איז פונקט אזוי אָפּגעשטאַנען און פארגרעבט. דאָ טרעפט מען אף שריט און טריט „לערע מענטשן מיט לערע קעפּ״, ווי מ. דאַנציג דריקט זיך אויס. עמעס, ניט אלעמאָל זײַנען די דאָזיקע „לערע מענטשן מיט לערע קעפּ״ שולדיק אין זייער פארדאָרבנקײַט.

„די ווייסטע פּאָרטונע האָט זיי אף דעם זאַסודיעט, — שרײַבט מ. דאַנציג, — זיי זאָלן פארברענגען זייערע בעסטע יאָרן אין פוילקײַט און בעזדייסטווע, און עס טריקנט זיי טאַקע דער מויעך אָן ארבעט, אזוי ווי דער מאָגן אָן עסן. נאָר וואָס קאָנען זיי מאכן? די בייזע פּאָרטונע איז שולדיק״...

די זעלבע „בייזע פּאָרטונע״ איז אויך שולדיק אין דעם, וואָס אין דער „צי-וויליזירטער״ שטאָט אָדעס באגעגנט מען זיך מיט דערשײַנונגען פון סאמע ווילדן פאַנאַטיזם. מ. דאַנציג שרײַבט:

„א טייל פון מײַנע לעזער וועלן מיר עפשער ניט גלייבן, אז אין אָדעס זאָלן זיך נאָך געפינען נאראָנים, וואָס גלייבן אין באבקעס, אין מאכשייפעס און אין גוטע-יידן. גלייבט מיר, מײַנע לעזער, איך קאָן אײַך אפילע שווערן אין טאַלעס-און-קיטל, אז אין אָדעס געפינען זייערע לעבנסמיטל טויזנטער מאכשיי-פעס מיט באבקעס. פון אָדעס ווערן נאָך ארויסגעפירט טויזנטער קערבלעך צו גוטע-יידן. עמעס, אז אין אָדעס טוען עס גאָר א טייל ניט מאכמעס יירע, נאָר מאכמעס שמאַדשטיק, עס נוצט זיי צום געשעפט, נאָר דערווײַל קומט דעם גוטנ-יידן אין בײַטל ארײַן. אין אָדעס שפּרעכט מען נאָך אויך, כאָטש עס געפינט זיך באַרימטע דאָקטוירים. אין אָדעס וואָראָזשעט מען נאָך אויך״..

מ. דאַנציג נעמט זיך אונטער צו באווײַזן, ווי דער רעליגיעזער פאַנאַטיזם

ווערט אין דער שטאָט אָדעס אויסגענוצט צום „געשעפט", ווי די אָפּגעשטאַנענקייט פון געוויסע שיכטן אָדעסער באַפעלקערונג ווערט אויסגענוצט פון פאַרשיידענע מינע פאַראַזיטן, אָנהייבנדיק פון די „אָדעסער קעשענע-שניידערס" און ענדיקנדיק מיט די „אָדעסער גאָרגל-שניידערס". די לעצטע פאַרנעמען אין מ. דאַנציגס בוך גאָר א באַזונדער אָרט. „אָדעסער גאָרגל-שניידערס" דאָס איז בא מ. דאַנציגן די באַצייכענונג פון קאָלערליי אופגעקומענע גווירים, געשעפט-מאכער, פּראָצענט-ניקעס. וועגן די דאָזיקע „שענדלעכע פאַראַזיטן", ווי ער באַצייכנט זיי, רעדט מ. דאַנציג מיט א באַזונדערער פאַרביטערונג.

„יאָ, מיינע לעזער, — רופט אויס מ. דאַנציג, — אַלצדינג מאַכט דער מענטש פון זיינע אויגן. אַלצדינג קאָנען זיי באַוויזן. נאָר איין געפיל קאָנען די פאַלשע אויגן ניט אויסדריקן — דאָס געפיל פון ראַכמאָנעס, דאָס געפיל פון מענטשן-ליבע... אַזעלכע אויגן, וואָס טרעפן ניט באַם געוויין פון א פאַמיליע, וואָס מע נעמט בא איר צו דאָס לעצטע קישעלע פאַר א פינפערל כויוו, ניין, אַזעלכע אויגן קאָנען ניט אויסדריקן דאָס געפיל פון מענטשן-ליבע. און ווען איר וועט אין אָדעס באַגעגענען לויפן פאַרסאָפּעט מיט א שטאָק און מיט א פּאַפּיראָס אין מויל א הויכס, א גראָבס מיט א רויט בערדעלע אָדער א נידריקס, א דאַרס מיט א קליין שוואַרץ בערדעלע און מיט אַזעלכע אויגלעך, ווי איך שרייב אייך דאָ, זאָלט איר וויסן: דאָס איז א שקאָנטיסט אָדער א שקאָנטע-מעקלער. אַנטלויפט פאַר זיי ווי פאַר פייער, וואָרעם זיי ברענען!"...

אין א צווייט אָרט קערט זיך מ. דאַנציג ווידער אום צו דעם זעלבן מאָטיוו. ער שרייבט אין א האַלב-איראָנישן, האַלב-ערנסטן טאָן:

„אז איך שטעל מיר פאָר דעם קעשענע-שניידער, פאַלט אַף מיר א פּאַכעד פאַר מיינע עטלעכע קאָפּעקעס. גיב איך מיך א כאַפּ בא דער קעשענע. אז איך שרייב אָבער פון אָדעסער שקאָנטיסטן, גיב איך מיר א כאַפּ בא דעם גאָרגל, ווייל די ערשטע זיינען נאָר „קעשענע-שניידערס," די אַנדערע אָבער „גאָרגל-שניידערס". עס שטעלט זיך מיר פאָר דער הויכער, דער פולער שקאָנטיסט מיט די רויטע אויגן און מיט דער גרויער באָרד, האַלט א מעסער אין האַנט און פידלט מיר איבער דעם גאָרגל. ער שניידט מיך ניט מיטאַמאָל, ער שניידט ביסלעכווייז, און נאָך יעדן געשריי און זיפץ לאָזט ער אַרויס א ווילדן געלעכטער, ער קוקט, ווי איך מוטשע זיך, און ער רייבט זיך די הענט און פלעסקעט פאַר סימכע"...

אַזעלכע שטאַרק-אַקצענטירטע שטעלן טרעפן זיך אין מ. דאַנציגס בוך ניט זעלטן, און אין אַלע אַזעלכע שטעלן לאָזט זיך דערקענען די שטים פון יענער עקאָנאָמיש דעגראַדירטער קליינבירגערלעכער מאַסע, וואָס האָט געפילט אַף זיך די שווערע האַנט פון די אָדעסער גווירים, געפילט די קאַלטע מערדערישקייט פון די „גאָרגל-שניידערס".

די שילדערונג פון די אָדעסער „גאָרגל-שניידערס" האָט לויט דעם אַוטאָרס קאַוואָנע געזאָלט פאַרנעמען דאָס הויפּט-אָרט אין עם ראָמאַן „אָדעסער ווילדע יונגען". מיר זעען פאַר זיך א גאַנצע סעריע געשטאַלטן, וועלכע גייען לויט א געוויסער גראַדאַציע פון די קלענערע „גאָרגל-שניידערס" צו די גרעסערע. צו די קלענערע געהערט פריער פאַר אַלץ דער הער קאַלטמאַן.

„הער קאַלטמאַן איז א גראָבער, א הויכער ייד, א לאָוקער, א לעבעדיקער, מיט א רויט בערדל. זיינע קלוגע שוואַרצע אויגן לויפן ווי בא א גאַנעוו. ער

מאכט פונ די אויגנ, וואָס ער וויל. וויל ער, קוקנ זיי בייז, אז עס איז א פּאַכעד. וויל ער, קוקנ זיי אזוי זיס, אז עס איז א מעכייַע. וויל ער, קוקנ זיי מיט גאדלעס, אז איר וועט מיינענ, ער איז דער ערשטער באַנקיר. וויל ער, קוקנ זיי אזוי נידעריק, אז מע קאָנ מיינענ, ער האָט ניט מיט וואָס דעם טאָג איבערצולעבנ... ער האָט געהערט צו א גאנצ נידעריקער פאמיליע אונ איז אופגעצויגנ געוואָרנ אפּ דעם גרעבסטנ ארט. ביז צוועלפ יאָר האָט ער אינ כיידער געלערנט, דערנאָכ איז ער אינ א געשעפט ארייַנ, אונ אז ער האָט די ערשטע פינפ קערבלעכ געקריגנ, האָט ער אָנגעהויבנ שקאָנטע צו מאכנ: צו לייַענ די טאָרגאָווקעס אפּ מאשקאָנעס מיט זייער גוטע פּראָצענטנ — פונ א קערבל צוואנציק קאָפּעקעס א וואָכ. אונ אז ער האָט זיכ צונויפגעקליבנ עטלעכע קערבלעכ אונ האָט כאסענע געהאט אונ האָט נאָכ עטלעכע קערבלעכ נאדנ אויכ גענומענ, דעמלט האָט ער אָנגעהויבנ צו פירנ דאָס געשעפט אפּ אלע פליגל"...

עס איז ניט שווער צו דערקענענ, אז פונקט ווי אייניקע אנדערע שרייַבער פונ יענער צייַט, אזוי פאלט דאנציג אויכ ארייַנ אינ מענדעלעס טאָנ אונ דערציילט די געשיכטע פונ דעם אָדעסער „גאָרגל־שנייַדער" אומגעפער אפּנ זעלבנ אויפנ, ווי מענדעלע האָט דערציילט די געשיכטע פונ דעם „קליינעם מענטשעלע".

נאָענט צום טיפּ פונ א גלופּסקער „קליינ מענטשעלע" איז אויכ דער צווייטער, העכערער טיפּ „גאָרגל־שנייַדער" — דער געוועזענער מעשאָרעס אונ שפּעטערדיקער אייגנטימער פונ עטלעכע מויערנ — פּוטשאטש, וואָס ווערט ברייט באשריבנ אינ „אָדעסער ווילע יונגענ". באמ שילדערנ די „גאָרגל־שנייַדערס" באמיט זיכ דער אווטאָר אונטערשטרייַכנ זייער פּאראזיטיש־עקספּלואטאָרישע ראָליע בענעגייע דער אָרעמשאפט.

אָט איז, לעמאָשל, א כאראקטעריסטישער דיאַלאָג צווישנ פּוטשאטשנ אונ קאלטמאנענ:

„— וויאַזוי האָט איר געענדיקט מיט דעם קאפּצנ, ווי רופט מענ אים? כאַימ ציבולניק?

— וואָס זאָל איכ מיט אים ענדיקנ? אָט גייט סוקעס, וועט מענ אים דארפנ פארפּאָרנ אינ די הויכע פענצטער, וועט ער די קישעלעכ פארקויפנ אונ וועט אונדז באצאָלנ.

— זעט איר, הער קאלטמאנ, — זאָגט פּוטשאטש מיט א ראכמאָנעס־פּאָנעם. — דעמ קאפּצנ טוט מיר דאפקע באנק. מיר האָבנ טאקע אפּ אימ א וועקסל אפּ הונדערט רובל, נאָר צווישנ אונדז רעדנדיק, האָט ער דאָכ אונדז שוינ אכציק רובל אָפּגעצאָלט...

— ע, הער פּוטשאטש, איר הייבט שוינ אָנ ראכמאָנעס צו באווייַזנ. איר פארגעסט, אז א שקאָנטיסט דארפ קיינ ראכמאָנעס האָבנ אפילע אפּ אנ אייגענעמ טאטנ...

— עס טוט מיר אָבער...

— ע, לאָזט אָפּ די נארישקייַטנ. לאָמיר בעסער ריידנ פונ פריילעכערס..."

אזא ארט דיאַלאָג האָט בא דעם לעזער פונ די 70־ער יאָרנ אומפארמייַדלעכ געמוזט זיכ אסאָציִירנ מיט די ציניש־אנטבלויזטע רייד פונ מענדעלעס העלדנ אינ „קליינעם מענטשעלע" אונ „טאקסע". אפּ דעם לעזער פונ די 70־ער יאָרנ האָט אָבער געמוזט מאכנ א באזונדערנ אייַנדרוק דער פאקט, וואָס די דאָזיקע באקאנטע

גלופסקער געשטאלטנ דערזעט ער דאָס מאָל אפנ פאָנ פונ דער אָדעסער ווירקלעכקײַט. אינ דעמ האָט געשטעקט פאר דעמ דעמלטיקנ לעזער ניט קײנ קלײנע איבעראשונג. מענדעלעס „קלײנ מענטשעלע" איז, ווי באווּסט, אויסגעמאָלט געוואָרנ ווי א פראָדוקט פונ דער האלב־פעאָדאלער ווירקלעכקײַט, א רעזולטאט פונ אָפגעלעבטע סאָציאַל־עקאָנאָמישע פארהעלטענישנ. דאנציגס „גאָרגל־שנײַדערס" האָבנ מיט דער פארצײַטיקער, האלב־פעאָדאלער סוויווע ניט געהאט צו טאָנ. דאָס זײַנענ שוינ ניט די אלטפרענקישע גלופסקער גווירימ, זײ ווילנ גראָד אויסנעמענ מיט זײער „וועלטלעכקײַט" אונ „אײראָפּײִשקײַט". אײנער פונ דאנציגס „גאָרגל־שנײַדערס" פיגורירט אפילע אונטער דעמ נאָמענ „מיסטער דאָמבי", וועלכנ ער האָט זיכ גענומענ, בײס ער איז געווענ אינ ענגלאנד.

„מיסטער דאָמבי איז א מענטש פונ מיטעלע יאָרנ, א הויכער, א דארער, מיט זײער א פריַאטנע פּאָנעמ. ער טראָגט א לאנג שווארצ בערדל ווי אנ ענגלענדער, נאָר מע דערקענט אינ אימ א ײדישנ טיפּ... פונ דעמ ערשטנ קוק אפ דעמ מענטשנ וועט איר צו אימ צוגעצויגנ ווערנ, נאָר אז איר וועט זיכ אינ אימ רעכט אײַנקוקנ, וועט איר פאר אימ א ביסל פּאכעד קריגנ, איבערהויפּט וועלנ אײַכ ניט געפעלנ זײַנע שווארצע אויגנ, וואָס ברענענ ווי אינ א מערדער. אזוי איז זײַנ פּאָרטרעט".

דער אונטערשייד צווישנ מיסטער דאָמבי אונ די פארשוינענ פונ העכער קאלטמאנס שניט באשטײט דערינ, וואָס ער, מיסטער דאָמבי, האָט שוינ אפ זיכ ארופגעצויגנ דעמ אויסערלעכנ גלאנצ פונ א „ציוויליזירטנ" מענטשנ, צו אימ קאָנ מענ פונ ערשטנ בליק אפילע „צוגעצויגנ" ווערנ. אפנ זעלבנ אויפנ ווערט פאָרגעשטעלט בא מ. דאנציגנ אויכ דער רײַכער העכער שפּילקעמאנ, וואָס פירט זײַנע געשעפטנ אינײנעמ מיטנ מיסטער דאָמבי. בלײַבנדיק געטרײַ זײַנ טענדענצ וואָס מער קאָנקרעט צו באצײכענענ די געשטאלטנ פונ די אָדעסער „גאָרגל־שנײַדערס", דערציילט מ. דאנציג:

„אפ דער רישעליע־שטראסע, ניט ווײַט פונ דעמ אָדעסער טעאטער, האָט א יאָר פינפ אָדער זעקס צוריק געווױנט א זײגערמאכער העכער שפּילקעמאנ. זײַנ קלײט איז געווענ אינ אָדעס גאנצ פּאָפּוליארנע, ער פלעג פירנ דעמ געשעפט גאנצ גרויס אונ פלעג א סאכ האנדלענ מיט אנדערע שטעט. אפ אלע יארידימ פלעג ער ארויסשיקנ זײַנ קראָמ מיט גאָלדווארג. ער פלעג ניט נאָר האנדלענ מיט גאָלדזאכנ, ער פלעג אויכ שקאָנטע מאכנ אפ גרויסע סומענ אונ פלעג אפילע שפּעקולירנ אינ ווײַצ־זאכנ. מיט אײנ וואָרט, דאָס איז געווענ א געוויסער אָדעסער נעגאָציאַנט".

בײדע — אי דער העכער שפּילקעמאנ אי דער מיסטער דאָמבי ווילנ גילטנ אלס פאָרשטײער פונ דער „הויכער געזעלשאפט". אָבער ווי נאָר זײ בלײַבנ אונטער פיר אויגנ, הערט מענ דעמלט, ווי דער מיסטער דאָמבי זאָגט:

„העכער שפּילקעמאנ, פארגעסט ניט, אז מיר קענענ זיכ בײדע זײער גוט, אז מיר זאָלנ זיכ מאסקירנ אײנער קעגנ אנדערנ"...

מ. דאנציג נעמט זיכ טאקע אונטער ארונטערצורײַסנ די מאסקע פונ די דאָזיקע פארשוינענ. דערפאר הערנ מיר, ווי אײנער פונ דאנציגס יוגנטלעכע העלדנ זאָגט צו זײַנ טאטנ, א רײַכנ „גאָרגל־שנײַדער":

„איכ שעמ מיכ ניט, כאָטש דו ביסט מײַנ טאטע, אומרעכט מעג מענ אפילע

אַ אייגענעם טאטנ איג די אויגנ אויכ זאָגנ: אפ דיר ווייגט א וועלט מיט מענטשנ, איבער דיר גייענ ארום טויזנטער קליינע קינדער אינ די הייזער, יעדער קערבל דיינס איז א שטיק בלוט פונ אנ אָרעמער אלמאָנע אָדער פונ אנ אָרעמענ יאָסעמ"...

מיט דער דאָזיקער דעמאסקירונג־טענדענצ זיינענ דורכגעדרונגענ א סאכ שטעלנ אינ מ. דאנציגס בוכ. עמעס, באשרייבנדיק די פארדאָרבענע סוויווע פונ די אָדעסער „גאָרגל־שניידערס", ווערט מ. דאנציג גאנצ אָפט געשטרויכלט אונ טראָגט צו ביליקע „קרימינעלע" עפעקטנ, וואָס רייסנ ארונטער די שילדערונג. אָבער אפילע אינ אָט דער ערטערווייז פארפלאכטער אונ פארביליקטער שילדערונג לאָזט זיכ דאָכ ניט פארהערנ א געוויסער געזונטער טאָנ — די קריטישע באציִונג צו דער אָדעסער „הויכער געזעלשאפט". די דאָזיקע באציִונג, וואָס גייט באנאנד מיט אנ אלגעמיינ־קריטישער באציִונג צו דער שטאָט אָדעס, איז געווענ זייער סימפּאטאָמאטיש פאר דעמ אָנהייב 70־ער יאָרנ, ווענ די קליינבירגערלעכע מאסע האָט אָקאָרשט גענומענ זיכ אויסניכטערנ פונ די איליוזיעס פונ דער „ועסנע־צייט". דערמיט דערקלערט זיכ דער פאקט, וואָס דער ראָמאנ „אָדעסער ווילע יונגענ" האָט באמ דערשיינענ געהאט א גאנצ באשטימטנ דערפאָלג בא דעמ ברייטנ לייענער־עולעמ.

## 7. „יידישע לעבנס־פראגנ"

1

די צעניאָריקע עקזיסטענצ פונ דעמ „קאָל מעוואסער" (1862—1872) האָט ניט איינ מאָל צוגעצויגנ די אופמערקזאמקייט פונ אונדזער סאָוועטישער ליטעראטור־פאָר־שונג, אונ מיר האָבנ שוינ בא היינטיקנ טאָג אייניקע ארבעטנ, וואָס באהאנדלענ וויכטיקע מאָמענטנ אינ דער טעטיקייט פונ דער דאָזיקער צייטונג. דער „קאָל מעוואסער" האָט אָבער ביז אהער פיגורירט בא אונדז ווי א צייטונג אויסשליסלעכ פונ די 60־ער יאָרנ. עס זיינענ אינגאנצנ פארזענ געוואָרנ די ענדערונגענ, וואָס קומענ פאָר אינ דער צייטונג אינ די לעצטע פאָר יאָר פונ איר עקזיסטענצ (1870—1872). אונ ענדערונגענ זיינענ דאָס געווענ אזעלכע, וואָס פארדינענ אָנ שומ סאָפעק אונדזער אופמערקזאמקייט.

אינ יאָר 1871 שרייבט די באנייטע רעדאקציע פונעמ „קאָל מעוואסער" (א. צעדערבוימ איז דעמלט איבערגעפאָרנ קיינ פעטערבורג אונ האָט פאקטיש צו דער צייטונג געהאט גאָר א קליינע שייכעס) אינ א ווענדונג צו אירע קאָרעספּאָנדענטנ (אינ נומ. 37):

„ס'איז שוינ נימעס געוואָרנ וועגנ דעמ צו שרייבנ. גיט בעסער נוצלעכערע שטאָפ. ביכלאל בעטנ מיר די הערנ קאָרעספּאָנדענטנ אָנצווענדנ זייערע טאלאנטנ אונ פעדער צו פרישערע אונ וויכטיקערע ארטיקלענ".

אינ איר פאָדערונג פונ „פרישערע אונ וויכטיקערע ארטיקלענ" האָט די באַנייטע רעדאקציע פונ „קאָל מעוואסער" ארייַנגעלייגט א גאנצ קאָנקרעטנ אינהאלט. זי האָט דערמיט געמיינט אָנצווייזנ אפ דער ניט־אקטועלקייט אונ פאַר־עלטערטקייט פונ א גאנצער ריי פראגנ, וועלכע מע האָט ניט אופגעהערט צו

באהאנדלען אינ „קאָל מעוואסער“. אזוי איז עס געווענ פריִער פאר אלצ מיט דער וווילטעטיקייט־פראגע, וועלכע איז אינ מעשעכ פונ יאָרנ ניט אראָפּגעגאנגענ פונ די שפאלטנ פונ דער דאָזיקער צייטונג, אזוי איז עס געווענ מיט דער דער־ציִונג־פּראָבלעם, וואָס האָט אָפּגענומענ אָנ א שיר פלאצ אינ „קאָל מעוואסער“. די באנייטע רעדאקציע האָט ניט געקאָנט פארזענ אויכ דעם פאקט, אז די אנטי־כסידישע טעמע פארנעמט שוינ צופיל אָרט אפ די שפאלטנ פונ דער צייטונג אונ ווענדט אָפּ די געזעלשאפטלעכע אופמערקזאמקייט פונ אייניקע מער אקטועלע פראגנ. דערפאר לייענענ מיר, ווי די רעדאקציע שרייבט אינ יאָר 1871 (נומ. 22) אינ איר „בריוו־קאסטנ“:

„אייער ליד „גוטע־יִדנ“ א.ז.וו. וועט ניט געדרוקט ווערנ. עס איז שוינ נימעס געוואָרנ צו הערנ פונ די גוטע־יִדנ אונ פונ די פּידיוינעס“.

מיט די דאָזיקע שורעס איז די רעדאקציע געווענ אויסנ צו ענטפערנ ניט בלויז דעם אומבאקאנטנ מעכאבער פונ דער ליד „גוטע־יִדנ“. דאָס איז געווענ אנ אומדירעקטער ענטפער אויכ אפ דער דעמלטיקער טעטיקייט פונ י.־י. לינעצקינ. ווי גרויס ס'איז צו יענער צייט ניט געווענ די פּאָפּוליאריטעט פונ י.־י. לינעצקינ אלס אוטאָר פונ „פּוילישנ יִנגל“, האָט מענ אינ „קאָל מעוואסער“ אינ יאָר 1871 דאָכ געהאלטנ, אז ס'איז צייט, לינעצקי זאָל פארברייטערנ די טעמאטיק פונ זיינע ווערק.

„דאָס „פּוילישע יִנגל“ פונ ה. לינעצקי איז אויסגעצייכנט וויל, — האָט מענ געשריבנ אינ „קאָל מעוואסער“, — די כאראקטערע זיינענ ריכטיק, גענומענ פונ עמעסנ לעבנ“.

אָבער אינ דער זעלבער צייט האָט מענ אָנגעוויזנ:

„דאָס ווערק איז אפילע נאָר איינזייטיק, דה. מיר זעענ דאָרט איינע מענטשנ: אָבער א ווילדער כאָסיד, ווידער א ווילדער כאָסיד, אָנ פארשיידענע כאראקטערע“...

אונ ניט נאָר קעגנ דער באגרענעצטקייט פונ דער אנטיכסידישער טעמאטיק האָט מענ אינ יאָר 1871 געהאלטנ פאר נייטיק ארויסצוטרעטנ אינ „קאָל מעוואסער“. אינ דער קריטיק פונ א.־מ. דיקס ווערק, לעמאָשל, לייענענ מיר:

„הער דיק גיט אונדז נאָר אייניקע סצענענ פונ אייניציקע מענטשנ אונ ווייזט אונדז ניט פארשיידענע כאראקטערע אונ טאטנ אינ איינ פארבינדונג, וויִאזוי איינס ווערט געווירקט פונ דעם אנדערנ“...[1].

ווי מיר זעענ, האָט מענ אינ „קאָל מעוואסער“ אָנגעהויבנ פאָדערנ, ניט בלויז עס זאָל פארברייטערט ווערנ די טעמאטיק פונ די ליטערארישע ווערק, עס זאָלנ ארייַנגעפירט ווערנ „פארשיידענע כאראקטערע אונ טאטנ“, מע האָט דערביי נאָכ געפאָדערט, אז דאָס אלעס זאָל באווייזנ ווערנ „אינ איינ פארבינדונג“, דה. אינ א סיסטעמיש פאראלגעמיינערטער אופאסונג פונ דער ארומיקער ווירקלעכקייט. די דאָזיקע פאָדערונג האָט מענ אינ „קאָל מעוואסער“ אָנגעהויבנ ארויסשטעלנ ניט בלויז בענעגייע דער קינסטלערישער ליטעראטור. אויכ פונ דער פּובליציסטיק האָט

---

1 די שטעלנ וועגנ לינעצקינ אונ דיקנ נעמענ מיר פונ אנ ארטיקל „ביבליִאָגראפישע אָנצייגע“, וואָס איז געווענ געדרוקט אינ „קול מבשר“ פונ 1871, נומ. 20. דער ארטיקל איז אונטערגע־שריבנ M—L.

די באַנײַטע רעדאַקציע פֿונעם „קאָל מעוואַסער" אָנגעהויבן פֿאָדערן, זי זאָל האָבן צו טאָן ניט מיט איזאָלירטע איינצל־דערשײַנונגען, נאָר מיט דעם גאַנצן דורכשניט פֿון ייִדישן לעבן. די רעדאַקציע האָט געפֿאָדערט, אַז די פּובליציסטיק זאָל, ניט פֿאַרלירנדיק פֿון אויג די טאָגטעגלעכע דערשײַנונגען אין דער ייִדישער סוויווע, דאָך שטרעבן צו ברייטערע פֿאַראַלגעמיינערונגען. אַלס מוסטער פֿון אַזאַ אַרט פּובליציסטיק האָט געזאָלט גילטן די גרויסע סעריע אַרטיקלען מיטן נאָמען „ייִדישע לעבנס־פֿראַגן", וואָס האָט זיך געדרוקט אין „קאָל מעוואַסער" אין יאָר 1871. די דאָזיקע סעריע אַרטיקלען האָט אַן אינטערעס ניט בלויז צוליב דער כאַראַקטעריסטיק פֿון דעם „קאָל מעוואַסער". מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ דאָקומענט, וואָס וואַרפֿט אַ שײַן אויך אויף אַ גאַנצער רײַ דערשײַנונגען אין דער ליטעראַטור פֿון די 70־ער יאָרן, באַזונדערס אויף מענדעלעס עוואָלוציע אין דעם פּעריאָד אַרום דער „קליאַטשע". מיר האַלטן דעריבער, אַז די סעריע „ייִדישע לעבנס־פֿראַגן" דאַרף באַקאַנט ווערן אַ ברייטערן קרײַז לייענער, פֿאַר וועלכע מיר וועלן דאָ ברענגען אייניקע גרעסערע אויסצוגן.

## 2

ווער עס איז געווען דער אויטאָר פֿון דער סעריע „ייִדישע לעבנס־פֿראַגן", איז אונדז ניט באַוווּסט. איר אויטאָר האָט זיך באַהאַלטן אונטער דער אונטערשריפֿט: L—M.

ס'איז אָבער קלאָר, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ געניטן פּובליציסט[1], וואָס איז גוט באַקאַנט מיטן לעבן פֿון די ברייטע ייִדישע מאַסן און האָט זײַן אייגענע מיינונג וועגן יעדער דערשײַנונג. פֿאַרמעסטן פֿאַרמעסט זיך L—M זייער ברייט — ער האָט בעדייע אַרומצונעמען אַלע „ייִדישע לעבנס־פֿראַגן"[2]. דערבײַ באַמיט ער זיך צו באַלויכטן זיי מיט דער שײַן פֿון איין אידיי, און פֿאָרמולירן אָט־אָ די אידיי קאָן מען, אייגנטלעך, מיט איין קורצן זאַץ: די וועגן, מיט וועלכע ס'איז געגאַנגען ביז אַהער די האַסקאָלע, האָבן צו גאָרנישט ניט געבראַכט — מע דאַרף זוכן נײַע וועגן.

„איבער דעם ייִדישן צושטאַנד — שרײַבט L—M — איז שוין זייער פֿיל געשריבן געוואָרן. ניט איין מאָל האָט מען דעם שלאָפֿעדיקן ייִדן דערמאָנט, אַז די איצטיקע צײַט איז אַנדערש פֿון דער פֿריִערדיקער, און ניט איין מאָל האָבן מיר געלייענט אין צײַטונגען און אין ספֿאָרים די פּלאַנען, וואָס פֿאַרשיידענע שרײַבער האָבן פֿאָרגעלייגט פֿאַר דעם פּובליקום (די לעזער אים אַלגעמיין), ווי מע זאָל פֿאַרבעסערן די טרויעריקע לאַגע פֿון אונדזערע ברידער. דעם נוצן, וואָס דאָס

---

1 זאָל עס ניט באַטײַטן: ליליענבלום? ווי באַוווּסט, האָט ליליענבלום אין יאָר 1871 געהאַט צו דער רעדאַקציע „קאָל מעוואַסער" גאָר אַ נאָענטע שײַכעס.

2 די „ייִדישע לעבנס־פֿראַגן" האָבן זיך געדרוקט אין די נומערן 10, 11, 12, 15, 16, 17, 21, 22, 25, 28. די אַלגעמיינע גרייס פֿון דער סעריע איז בא 5—6 דרוק־בויגן. אויסגערעכנט איז זי, ווײַזט אויס, געווען נאָך אויף אַ גרעסערן פֿאַרנעם, וואָרעם, ווי עס לאָזט זיך זען פֿונעם לעצטן אַרטיקל, האָט דער אויטאָר נאָך ניט געהאַלטן זײַן טעמע פֿאַר אויסגעשעפּט און האָט זיך געקליבן שרײַבן ווײַטער.

שרײַבן האָט געבראַכט, ווייסט יעדער, וואָס איז באַקאַנט אינעם ייִדישן לעבן, אין דעם אָרעמקייט און אין דעם אומוויסנהייט פונעם ייִדישן פאָלק"...

פאַר L—M איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס פאַרצייכענענדיק אַ געוויסע נעגאַטיווע דערשײַנונג, פּרוּווט ער אַלעמאָל שטעלן די פראַגע: ווער איז שולדיק דערין? אַזוי טוט ער אויך דאָס מאָל. נאָך דעם, ווי ער פאַרצייכנט די „אָרעמקייט" און „אומוויסנהייט", שרײַבט ער ווײַטער:

„מע קאָן ניט שולדיק מאַכן אינדרינען דעם האַמוין אַליין, ווּאָרעם אַ סאַך שרײַבער זײַנען אויך ניט יוצא געווען פון זייער זײַט, ווי עס געהערט צו זײַן... זיי האָבן געשריבן אָן אַן עק: „בילדונג", „ליכטיקייט", „ציוויליזאַציע", „עמאַנסיפּאַציע", „הײַנטיקע צײַטן" און נאָך אַזעלכע ווערטער, וואָס זײַנען אַרײַן אין דער מאָדע, און גאָר ניט באַמערקט, אַז דער פּאָשעטער ייִד קוקט זיי אָן ווי מעשוגאָים, ער פאַרשטייט גאָר ניט, צו וואָס מע דאַרף עס"...

די באַשולדיקונג, אַז די שרײַבער קאָנען ניט געפינען דעם ריכטיקן וועג צו דעם „האַמוין" — דאָס איז די האַרבסטע באַשולדיקונג, וואָס דער אַווטאָר רוקט אַרויס קעגן דער מאַסקילישער ליטעראַטור.

„די, וואָס קענען דאָס ייִדישע לעבן, ווייסן, אַז דער הויפּט-כילעק פון אַ ייִדן ביז אַנדערע מענטשן איז דער, אַז אַלע מענטשן לעבן אַף דער ערד און ייִדן לעבן אַפן הימל[1]. אַפילו די נײַע ייִדישע ליטעראַטור האָט נאָך אויך ניט זויכע געווען אַראָפּצוציִיִן אַף דער ערד, און מייסטנס פליט זי נאָך אַלץ אין דער לופט: אָבער אַ הויכע אידיי, ווידער אַן אידיי, דאָ אַ פּשעטל און דאָ אַ כקירעלע און דערגלײַכן, וואָס קער זיך גאָר ניט אָן מיט דער וועלט און מיט דעם לעבן".

דעם דאָזיקן געדאַנקענגאַנג אַנטוויקלט דער אַווטאָר גאַנצ סיסטעמאַטיש און אויסגעהאַלטן. די ייִדישע ליטעראַטור לעבט „אַפן הימל", די שרײַבער, וואָס „מאַכן פאַרשיידענע פּלאַנען", זײַנען אָפּגעריסן פונעם פאָלקס-לעבן. זיי זעען ניט די שווערע לאַגע, אין וועלכער דאָס פאָלק געפינט זיך. מיט גרויס פאַרביטערונג שרײַבט ער וועגן „איינעם פון אונדזערע גרויסע באַרימטע, אַ וויכטיקער גאָען און אַ גרויסער געבילדעטער מאַן", וואָס האָט אַף די שפּאַלטן פון „המגיד" זיך אונטערגענומען צו דערווײַזן, אַז:

„הײַנטיקע געבילדעטע מיט זייער קריטיק אַף דעם ייִדנטום האָבן אַ פּאָנעם ווי עטלעכע, וואָס טשעפּן זיך אָן אָן אַ געזונטן מענטשן און וואַרפן אים אַרײַן אין אַ בעט און זאָגן אים: — דו מוזט דאָ ליגן, ווּאָרעם דו ביסט געפערלעך קראַנק. — לאָזט מיך גיין, וווּהין איך דאַרף, — זאָגט דער געזונטער, — איך בין באָרעכאַשעם געזונט אַף אַלע איִוורים און פיל קיין ווייטעק. — ניין, — ענטפערן זיי אים, — דו ביסט זייער קראַנק, גאָר מעסוקנדיק..."

וועגן אַזאַ אַרט שרײַבן האָט דער אַווטאָר די ערגסטע מיינונג, ער האַלט, אַז דעם אַרטיקל אין „המגיד" האָט געשריבן אַ מאַסקיל, „וואָס האָט זיך אַף זײַן עלטער צוריקגעצויגן", און מיט אַזעלכע איז אַפילו איבעריק אַרײַנצוטרעטן אין אַ דיסקוסיע. דער אַווטאָר האָט אָבער גאָר ווייניק עמונע אויך אין די מאַסקילים, וואָס האָבן זיך ניט „צוריקגעצויגן". מיט אַ מערקווירדיקער אקשאָנעס קומט ער

[1] אונטערגעשטראָכן פון L—M.

ווידער און ווידער צו דערמאָנען, אַז די מאַסקילים, די „געבילדעטע", ווי ער באַצייכנט זיי, „זיי קאָנען דאָך אָבער ניט מער העלפן ווי מיט אַן אייצע — און דאָס זשאַלעוועו זיי טאַקע ניט. — אָבער וואָס טויג די אייצע, אַז קיינער הערט זי ניט..."

דער אוטאָר זעט ניט אין די „געבילדעטע" קיין מאַמאָשעסדיקע געזעל-שאַפטלעכע קראַפט, וואָס זאָל קאָנען אַקטיוו זיך אַרײַנמישן אינעם לעבן. און גראָד אַזאַ אַקטיווע געזעלשאַפטלעכע קראַפט, האַלט אונדזער אוטאָר, איז איצט אַמייסטן נייטיק.

„דערוויַיל איז דער קורבן זייער גרויס, — שרײַבט ער, — עס איז ניטאָ, ווער עס זאָל זיך נעמען טעטיק צו פאַריכטן כאָטש עפּעס. די ערלעכע טויגעניכצן גייען אויס פאַר הונגער, די מאָשעניקעס ראַבעווען, די יונגע קינדער ווערן פאַר-לאָזט און דאָס אָרעמקייט און דאָס אומגליק פון טויזנטער פאַמיליען ווערן גרע-סער פון טאָג צו טאָג"...

באַנאַנד מיט דעם אומגלויבן אין די „געבילדעטע" גייט באַם אוטאָר אויך דער אומגלויבן אין די „רײַכע". וועגן דער באַציִונג פון די „רײַכע" צו די באַ-דערפענישן פונעם פאָלק רעדט דער אוטאָר שוין גאָר אין אַ שאַרפן טאָן.

„דאָס ראָוו רײַכע אַרט גאָרנישט. זיי זײַנען שוין באָרעכאַשעם רײַך, זייערע געשעפטן גייען גוט, זיי האָבן פאַרגעניגן פון זייער לעבן, און וואָס דאַרפן זיי מער? כוץ דעם האָבן זיי גאָר קיין צײַט ניט צו וויסן, וואָס זייערע ברידער דאַרפן און וואָס עס פעלט זיי. זיי ווילן זיך גאָר ניט נעמען קיין צײַט דערצו, וואָרעם דער כעזשבן איז דאָך פּאָשעט: קיין פאַרדינסט וועט דאָך דערפון אַפילע אַ קאָפּעקע ניט זײַן, און, פאַרקערט, עס קאָן נאָך עפּעס קאָסטן כאָלילע אַ קערבל. נו, צו וואָס טויג זשע עס גאָר?"...

פונקט אַזוי שאַרף רעדט דער אוטאָר אויך וועגן דער באַציִונג צו די ייִדי-שע לעבנס-פראַגן בא די פאָרשטייער פון דער קלייקוידעש-סוויווע. ער שרײַבט:

„די ראַבאָנים, לאָמדים א.א.וו. זאָגן, אַז ייִדן זײַנען קראַנק אַף דער נעשאָמע, דה. זיי זײַנען ניט יויצע פאַר גאָט, זיי היטן ניט אָפּ ריכטיק די מיצוועס פון דער טוירע"...

די דאָזיקע באַהויפּטונג האַלט אונדזער אוטאָר פאַר באַזונדערס שעדלעך, און ער טרעט אַרויס קעגן איר אַפן סאַמע שאַרפן אויפן.

„ייִדן זײַנען קראַנק אַף דעם גוף, — שרײַבט ער, — און זייערע שלעכטע דאָקטוירים, וואָס פאַרשטייען ניט זייער קראַנקײַט, האָבן זי אָנגעגעומען פאַר אַ נעשאָמע-קראַנקײַט".

די פאָלגן פון אַזאַ ניט-פאַרשטיין די קראַנקײַט זײַנען זייער און זייער שלעכטע:

„ערשטנס, באַמיט זיך ניט דער ייִד צו היילן זײַן גוף, און אַז ער זעט פאַר זײַנע אויגן אַ סאַך מענטשן, וואָס האָבן קיין שטיקל ברויט און לײַדן הונ-גער מיט דעם ווײַב און די קינדער, פאַרשטייט ער ניט די עמעסע סיבע דער-פון, אַז דאָס איז, ווײַל די מענטשן האָט מען ניט פאַרזאָרגט קליינערהייט, זיי זאָלן קאָנען פאַרדינען זייערע לעבנסמיטל. ער נעמט עס גאָר אָן פאַר אַן אָפּ-קומעניש פאַר זײַנע זינד און באַרעכנט זיך גאָר ניט, אַז דער, וואָס טויג ניט

צו דער וועלט און קאָן ניט פארדינען, — מוז ליַידן הונגער[1]... צווייטנס, מאכט מען מיט דעם טאָעס נאָך גרעסער די קראנקייַט, וואָרעם בעשאס דער גוף איז קראנק און מע דארף אים[1] שטארקן, שטארקט מען גאָר די נעשאָמע און מע פארשוואכט נאָך מער דעם גוף. אָדער מיט אנדערע ווערטער: בעשאס מע דארף פארבעסערן דעם מאטעריעלן שטאנד, אז מע זאָל טויגן צו דער וועלט און א ביסל פארגעסן אָן כאלוימעס, נעמט מען זיך נאָך מער צו די כאלוימעס, אז מע זאָל נאָך מער טויגן אפ קאפּאָרעס!"

צי קאָן מען זאָגן, אז די דאָזיקע שורעס זייַנען געווענדעט אויסשליסלעך קעגן די „ראבאָנים און לאָמדימ" — די פּאָרשטייער פון דער פאנאטיקער-סוויווע? פארשטייט זיך, אז ניין, וואָרעם מיט דעם זעלבן וועג — בלויז אין אן אנדער ריכטונג — זייַנען דאָך די „געבילדעטע", אייגנטלעך, אויך געגאנגען. דאָ, אין דעם לאגער פון די מאסקילימ, איז געווען ניט ווייניק אזעלכע, וואָס זייַנען אויך גענייגט געווען צו גלייבן, אז ייִדן זייַנען „קראנק אפ דער נעשאָמע". מע האָט געהאלטן, אז די הויפּט-פּראָבלעם אין דעם לעבן פון די ברייטע מאסן — איז די בילדונג-פּראָבלעם, און אז דאָס „פארבעסערן דעם מאטעריעלן שטאנד" וועט קומען פון זיך אליין, ווי נאָר מע וועט „אויסהיילן די נעשאָמע", דה., ווי נאָר מע וועט באהערשן די בילדונג.

דער אווטאָר פון די „ייִדישע לעבנס-פראגן" נעמט זיך אונטער צו דערווייַזן, אז דאָ האנדלט זיך וועגן א „קראנקייַט פון דעם גוף", דה. וועגן דער אומנאָרמאלקייַט פון די עקאָנאָמישע פארהעלטענישן. ער שטרייַכט אונטער, אז די „אָרעמקייַט און אומוויסנקייַט פון ייִדישן פאָלק" גייען שטענדיק באנאנד. און דעם דאָזיקן געדאנק נעמט ער אלס אויסגאנגס-פּונקט בא דער רעוויזיע פון די מאסקילישע אָנשויונגען.

דער אווטאָר פון די „ייִדישע לעבנס-פראגן" האלט ניט, אז זייַן געדאנקענגאנג איז דורכויס נייַ. פארקערט, ער זעט פאָרויס, אז פאר אייניקע לעזער וועלן געוויסע שטעלן פון זייַן אָפּהאנדלונג פאָרקומען ווי גוט באקאנט.

„מיר מוזן פאָרויס זאָגן, — שרייַבט ער, — אז אין אונדזערע רייד איבער דעם ייִדישן לעבן וועלן געוויס פאָרקומען אזעלכע זאכן, וואָס זייַנען שוין עפּשער אמאָל געשריבן געוואָרן, נאָר דאָס איז נאָך ניט אזא גרויסער פעלער"...

דער אווטאָר פון די „ייִדישע לעבנס-פראגן" האָט געוויס געהאט א גרונט אזוי צו שרייַבן. זייַן קריטיק פון דער האסקאָלע האָט באם לעזער פון יענער צייַט ארויסגערופן גאנץ באשטימטע אסאָציִאציעס: זי האָט דערמאָנט אָן אווראָמאורי קאָוונערן, וואָס האָט נאָך אין די 60-ער יאָרן אָנגעהויבן דורכצופירן די רעוויזיע פון דער האסקאָלע-פּראָגראם באם שייַן פון די נייַע „ניהיליסטישע" אידייען. אין דער אָפּהאנדלונג „ייִדישע לעבנס-פראגן" הערט זיך גאנץ אָפט א דירעקטער אָפּקלאנג פון קאָוונערס האסקאָלע-קריטיק. אָבער דאָ קומט דער אווטאָר פון די „ייִדישע לעבנס-פראגן" אין באריר נאָך מיט א צווייטן שרייַבער, וואָס טרעט דעמלט ארויס מיט אקטיווער קריטיק פון דער האסקאָלע, — מיט מענדעלען. אָט אפ דעם מאָמענט אין די „ייִדישע לעבנס-פראגן" לוינט זיך אָפּשטעלן עטוואָס גענויער.

1 אונטערגעשטראָכן פון M—L.

די סעריע אַרטיקלען „יִדישע לעבנס-פּראַגן" איז געווען פּלאַנירט זייער ברייט, ווי אַן אָפּהאַנדלונג וועגן אַלע וויכטיקערע דערשיינונגען אין דער יִדישער סוויווע. די אָפּהאַנדלונג האָט געזאָלט באַשטיין פון צוויי טיילן: אין ערשטן טייל האָט דער אוטאָר געזאָלט געבן די נעגאַטיווע אָפּשאַצונג פון די פאַרקריפּלטע עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן אין דער יִדישער סוויווע, און אין צווייטן האָט ער געזאָלט אָנווייזן די קאָנקרעטע מאָסמיטלען ווי צו ענדערן די דאָזיקע פאַרהעלטענישן.

דעם אוטאָרס פּלאַן איז אָבער ניט פאַרווירקלעכט געוואָרן, די אָפּהאַנדלונג האָט זיך אופגעהערט דרוקן גאָר אומגעריכט, איידער דער אוטאָר האָט אָנגעהויבן „פאָרלייגן די מיטל, וואָס קאָנען פאַרבעסערן דאָס יִדישע לעבן". אָבער אפילע ניט פאַרענדיקטערהייט שטעלט פאָר די סעריע „יִדישע לעבנס־פּראַגן" אַ נייע און אַ באַדייטנדיקע דערשיינונג אין דער יִדישער פּובליציסטיק פון יענער צייט.

מיט דעם „מאַטעריעלן שטאַנד" פון דער יִדישער באַפעלקערונג האָט זיך צו יענער צייט באַשעפטיקט אַ גאַנצע ריי פּובליציסטן און עקאָנאָמיסטן אין דער יִדישער בירגערלעכער פּרעסע אויף פאַרשיידענע שפּראַכן. אין איינציקע פאַלן (לע־מאָשל, בא אָרשאַנסקין) האָט די דאָזיקע באַהאַנדלונג געגעבן אפילע גאַנץ מאַמאָ־שעסדיקע רעזולטאַטן. אָבער מערסטנטייל איז דאָ פאַרטושירט געוואָרן דער סאָ־ציאַלער אַספּעקט פון די באַשריבענע דערשיינונגען. די „יִדישע פּאַרנאָסעס" זיי־נען אַרויסגעריסן געוואָרן פון דעם סאָציאַלן ווידעראַנאַנד אין דער יִדישער סווי־ווע, און עס איז איגנאָרירט געוואָרן דער גאַנצער געפלעכט פון סאָציאַלע פאַר־העלטענישן, וואָס האָבן זיך אָנגעקניפּט אָן די „יִדישע פּאַרנאָסעס".

מענדעלעס קינסטלערישע ווערק האָבן אין דער הינזיכט אַ שטויס געטאָן די יִדישע פּובליציסטיק פון יענער צייט אויף אַן אַנדער וועג. נאָך מענדעלעס „טאַקסע" איז שוין געוואָרן גאַנץ שווער אָפּצורייסן די טאַקסע־פּראָבלעם פון דער פּראָבלעם „באַלעטויוועס", וועלכע מענדעלע האָט אַרויסגערוקט. דאָס זעלבע איז פאָרגעקומען אין דער יִדישער ליטעראַטור אויך מיט דער באַהאַנדלונג פון איינציקע אַנדערע געזעלשאַפטלעכע פּראַגן, ווו מע האָט זיך גענומען לערנען בא מענדעלען צו פאַרבינדן דעם עקאָנאָמישן מאָמענט מיט דעם סאָציאַלן. דעם אוטאָר פון די „יִדישע לעבנס־פּראַגן" געהערט דער פאַרדינסט, וואָס ער האָט גענומען אַריבער־צוטראָגן אָט-אָ דעם וויכטיקסטן פּרינציפּ פון מענדעלעס קינסטלעריש שאַפן אין דער יִדישער פּובליציסטיק.

אָט ווי ער שילדערט, לעמאָשל, די פּאַרנאָסע פון אַ שויכעט:

„אַ שויכעט צו זיין איז ניט שלעכט, אויב מע האָט נאָר אַ טאַלאַנט צו כאַנ־פענען דעם ראָוו מיט די גרעסטע באַלעבאַטים פון דער שטאָט... אַזאַ שויכעט גייט זייער גוט, ער ווינט שיין, ער לעבט גאַנץ ברייט, דעם בעסטן כיילעק פליישׂ נעמט ער צו פאַר זיך און פאַר זיינע קינדער. עס הענגען בא אים גע־קוילעטע ציקעלעך פון פרי אויף מיטיק און פון מיטיק אויף וועטשערע, דאָס פלעשל מאַשקע גייט פון זיין שטוב ניט אַרויס, ער איז קאָל-וואָלאָך אין שטאָט. ער איז כאָשעווו באַם ראָוו און בא אַלע נעגידים. ער איז דער גרויסער דאַרשן, וואָס זאָגט אַלשיך און „מסילת ישרים" פאַר זיינע קאַצאָווים, ער איז דער גרויסער

שאדכן, ער איז דער פּראָצענטניק, ער איז דער פּאָרעץ פון די קאַצאָווים. ער פּאַרט ארום אפ די יִשוווים (דערפער) אלס שטאָט־שויכעט, ער גיט פּעטש אנ אָרעמענ שויכעטל דערפאר, וואָס ער האָט געקוילעט א בעהיימע אינ א דאָרפ אָנ זײַנ יעדיִע, ער טוט גרויסע שידוכים מיט זײַנע קינדער אונ ער גיט אייצעס וועגנ די אפּיקאָרסים, ווִיאַזוי מע זאָל זיי אָנלערנענ"...

די פּאמפלעטישע פארשפּיצטקײַט, וואָס לאָזט זיכ הערנ אינ די דאָזיקע שורעס, איז בא דעמ אווטאָר פונ די „יידישע לעבנס־פראגנ" ניט קיינ זעלטנהײַט. דאָס זעלבע הערנ מיר אינ אלע פאלנ, ווענ דער אווטאָר נעמט באשרײַבנ די וויל־האָבנדיקע פּאראזיטיש־קלייקוידעשדיקע עלעמענטנ. דער אווטאָר זעט אינ זיי די זײַלנ פונ יענער „אָרעמקײַט אונ אומוויסנהײַט", וואָס הערשנ אינ דער יִדישער סוויווע, אונ קארגט ניט קיינ שארפקײַט אינ דער אָפּשאצונג פונ די דאָזיקע פּאר־שוינענ. קעגנ אָט־אָ די זײַלנ פונ „אָרעמקײַט אונ אומוויסנהײַט" שטעלט דער אוו־טאָר ארויס א גאנצע ריי געשטאלטנ פונ די, ווּעמענ ער באטראכט ווי די קאָר־באָנעס פונ דער „אָרעמקײַט אונ אומוויסנקײַט".

דאָס מאָל איז דעמ אווטאָרס טאָנ שוינ עטוואָס מילדער. ער שרײַבט:

„די מענטשנ זײַנענ העכסט אומגליקלעכ. זיי לעבנ טאָמיד אינ צאָרעס, ביז זיי שטארבנ פונ הונגער".

אָט דאָס באשטימט זײַנ גאנצנ צוגאנג צו זיי. באציִענדיק זיכ דורכויס נעגאַ־טיוו צו די קאָלערליי קלויזניקעס, מעלאמדימ אאוו., פרווווט ער אָבער ווענדנ די אופמערקזאמקײַט אפ דעמ עקאָנאָמישנ באָדנ, פונוואנענ אזעלכע נעגאטיווע געשטאלטנ זײַנענ אופגעקומענ אונ מוזנ אומפארמײַדלעכ אומקומענ.

אָט פונ דעמ שטאנדפונקט גייט דער אווטאָר ארויס אינ זײַנע פּאראלגעמיי־נערטע כאראקטעריסטיקעס פונ דער גאנצער יִדישער סוויווע. ער שרײַבט:

„בא אונדז, יִדנ, פּעלט א סאכ פּארנאָסעס פונ די, וועלכע מיר האָבנ דער־מאָנט... דערפאר אָבער זײַנענ דאָ בא אונדז אנדערע פּארנאָסעס, וואָס מיט זיי דערנערט זיכ א גרויסער טייל פונ אונדזערע יִדנ. אשטייגער: מאגידעס, דאיאָ־נעס, מעלאמדעס, כאזאָנעס, שאדכאָנעס, זײַנ א מעכאבער, א מעקאבל, א קליי־קוידעש, א טילימ־זאָגער, א קאדיש נאָכ בעזדיעטניקעס, אנ אָרעמבאָכער, א פּאָ־רעש, קעסט־עסנ, פּראָצענט נעמענ, האָבנ קרעדיט איבער דער יִראס־שאָמאַיִמ, לעבנ פונ שווינדל אונ פונ קרוטשקעס, זײַנ א סבאָרשטשיק, א קאָהאָלס־מאנ, א פּארנעסכוידעש אונ דאָסגלײַכנ... אונ אז עס ליגנ אזויפיל דארמאָיעדעס אפ דעמ האלדז פונ אזא אָרעמ פּאָלק, ווי יִדנ זײַנענ, ברענגענ זיי אימ טאקע צו א גוטנ טאכלעס"...

אָדער אינ א צווייט אָרט:

„אז מיר זאָלנווארפנ א בליק אפ דעמ איצטיקנ יידישנ צושטאנד אינ פיל שטעט, וואָלטנ מיר געזענ א גאנצנ כורבנ: קצינימ, וואָס לעבנ פונ לופט אונ פונ שווינדל, געפאלענע באלעבאטימ, באלמעלאָכעס פארטאטשעס (פוצערס), מע־לאמדימ, וואָס זײַנענ דאָ מער ווי טאלמידימ אונ ניט איינער א רעכטער, מע־קאבלימ אָנ א שיר, יונגעלײַט, וואָס האָבנ סמיכעס (א דיפלאָמ) אפ ראבאָנעס, פּאָרושימ, אָרעמבאָכערימ, באטלאָנימ, באלעטפילעס אונ שאָכטימ, כאזאָנימ, דאיאָ־נימ א סאכ מער ווי מע דארפ האָבנ, יִנגלעכ, וואָס טויגנ אפ קאפּאָרעס, מייד־לעכ, וואָס זײַנענ כיטרע אונ האָבנ דאָכ קיינ סייכל, פאנאטישע ראבאָנימ אָנ

פארשטאנד און אַן עפּעס אנטוויקלונג, קאָהאָלס־לײַט בלוטצאפּערס, אָרעמקײַט איבעראַל, א לויפּעניש פון יונגעלײַט, דער—אין אַן אנדער גובערניע, דער אין אַן אנדער מעדינע און דער גאָר קיין אמעריקע — אגונעס אָן א צאָל, פּאָסלע גוטע־ייִדן, מיט גאבאָיִם מאָשעניקעס און נאָך אזעלכע ייִדישע טאכשיטים אָן א צאָל! אָט דאָס איז דער ייִדישער צושטאנד!..״

עס איז אוממעגלעך צו לייענען אזעלכע שטעלן און ניט דערמאָנען זיך אָן מענדעלען. דאָ דערמאָנט אָן מענדעלען אלץ: אי דער שארף־קריטישער טאָן, אי דער ברייטער פארנעם פון דער איבערזיכט און דעריקער דער באזונדערער אָפּקלײַב פון די דערשײַנונגען, וואָס גייען אריין אין דער איבערזיכט. „אָרעמקײַט איבעראַל!״ — אָט דאָס איז דער וויכטיקסטער אויספיר, צו וועלכן דער אווטאָר קומט.

עס קאָן קיין שום סאָפעק ניט זײַן, אז געקומען צו דעם אויספיר איז דער אווטאָר ניט אָן דער ווירקונג פון מענדעלעס ערשטע ווערק. שוין גאָר די ערשטע ווערק מענדעלעס, וואָס האָבן געבראכט אין דער ייִדישער ליטעראטור דעם סימבאָל פון דער אָרעמקײַט — די שטאָט קאפּצאנסק, האָבן געבראכט די קאטעגאָרישע פאָדערונג, אז באם באהאנדלען די פארהעלטענישן אין דער ייִדישער סוויווע זאָל מען פריִער פאר אלץ ווענדן די אויפמערקזאמקײַט אפ דער עקאָנאָמישער רויִנירונג פון די ברייטע מאסן. פונדאנען, פון מענדעלעס ערשטע ווערק, האָט L—M געשעפּט א גרויסן טייל פון זײַנע ארגומענטן, אָבער אין די „ייִדישע לעבנס־פראגן״ געפינען מיר נאָך עפּעס אזוינס, וואָס האָט אין מענדעלעס ערשטע ווערק נאָך ניט געהאט דורכגעקלונגען — דאָס איז די סאכאקלען פון די ענדערונגען אינעם רוסלענדישן לעבן אין די 60־ער יאָרן אין צוזאמענהאנג מיט דער פויערים־רעפאָרם און דער ווײַטערדיקער אנטוויקלונג פונעם קאפּיטאליזם אין רוסלאנד. צו די דאָזיקע סאכאקלען האָט מענדעלע אָנגעהויבן זיך דערנעענטערן ערשט אין דער „קליאטשע״, וואָס איז דערשינען אין יאָר 1873. אין די „ייִדישע לעבנס־פראגן״ פון דעם אומבאקאנטן אווטאָר L—M פארנעמען אָט־אָ די סאכאקלען א גאָר אָנגעזעענעם אָרט.

„די איצטיקע צײַט איז אנדערש פון דער פריִערדיקער״ — הערט דער אווטאָר ניט אוף צו דערמאָנען דעם לעזער. ער בלײַבט אָבער ניט בא דער דאָזיקער אלגעמיינער קאָנסטאטירונג, ער פּרוווט קאָנקרעט באווײַזן די ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער ייִדישער סוויווע.

„אמאָל, — שרײַבט ער, —מיט א יאָרהונדערט צוריק איז געווען אַן אנדער וועלט: דער ייִד האָט געוווינט אונטער א פּאָריץ (ווי ייִדן האָבן אָנגערופן א פּוילישן פּאן), און פון אים האָט ער געהאט זײַן גאנצע פּארנאָסע. דער אנדערער האָט געלעבט פון די בויערן גאנץ רויִק. דער דריטער האָט געהאלטן א קלייטל און פארדינט צען גילדן א וואָך, און עס איז נאָך איבערגעבליבן געלט פון זײַנע הויצאָעס. דער פערטער איז געווען קלאָמפּערשט א באלמעלאָכע, די גאנצע וואָך האָט ער זיך באגניגט מיט ברויט און מיט גרויפּן און האָט זיך געפרייט, אז ער האָט געקאָנט קויפן א שטיקל פלייש לעקאָוועד שאבעס. אפ זייערע כעזשבנס האָבן געלעבט א סאך פּאָרושים, אָרעמבאָכערים, קלייקוידעש, מעקאבלים, באטלאָנים, קראנקע יעסוימעס און דעסגלײַכן...

איצט איז אַן אנדער וועלט: פּריצים לײַדיקגייערס, וואָס ברענגען אויס געלט

אָנ א כעזשבנ, זײַנעג הײַנט ניטאָ[1]. די פאַרייניקונג, וואָס איז געוואָרנ דורכ דער אײַזנבאַנ צווישנ פאַרשיידענע מעדינעס, האָט געמאַכט אַנ איבערקערעניש אינ דער קאָמערציע. די מאָדע אונ די מאַשינעס האָבנ געגעבנ דעמ ראָוו מעלאָכעס א נײַ פּאָנעם. דעמלטיקע פאַרנאָסעס מיט דעמלטיקע אַרטנ מעלאָכעס זײַנעג גאָרנישט ווערט. וואָס מע קאָנ שוינ פאַרדינענ פונ אַזעלכע קוועלנ, איז פּאָשעט אַפּ וואַסער ניט גענוג״[2].

דער אווטאָר פונ די „ייִדישע לעבנס־פּראַגנ״ בלײַבט אויכ דאָס מאָל זיכ געטרײַ. באַשרײַבנדיק די „ענדערונג״, ווענדעט ער זײַנ אויפמערקזאַמקײַט פריִער פאַר אַלצ אַפּ די עקאָנאָמישע פּראָצעסנ. דערבײַ אינטערעסירט אימ ווייניק־וואָס די גינסטיקע סיטואַציע, וואָס האָט דעמלט זיכ געשאַפנ פאַר באַשטימטע קרײַזנ פונ דער ייִדישער בורזשואַזיע, — זײַנ אויפמערקזאַמקײַט איז געווענדעט אויסשליסלעכ אַפּ דער עקאָנאָמישער לאַגע פונ די ברייטע מאַסנ. ווייניק־ווער פונ די ייִדישע שרײַבער אינ אָנהייב 70־ער יאָרנ האָט געהאַט אַזאַ שאַרפּ אויג אַפּ צו באַמערקנ די רויִנירונג־פּראָצעסנ, וועלכע די אימפּעטפולע אַנטוויקלונג פונעמ קאַפּיטאַליזמ האָט אַרויסגערופנ אינ דער ייִדישער קליינבירגערלעכער מאַסע.

„אָט דאָס איז טאַקע דער גאַנצער כיסאָרנ בא אונדזערע ייִדנ, — שרײַבט L—M —, אַז זיי פאַרשטייענ גאָר ניט, אַז זיי זײַנעג אינ אַזאַ געפערלעכנ שטאַנד!״...

פאַר די ייִדישע ברייטע מאַסנ קאָנעג די „ענדערונגענ״, לויט דער מיינונג פונ L—M, קריגנ א באַזונדער פאַטאַלנ כאַראַקטער. ער שרײַבט:

„דער שוואַכער, וואָס האָט קיינ ערד, קיינ זיכער געשעפט, קיינ באַשטענדיקע שטעלע, ווי דאָס ראָוו פונ אונדזערע ייִדנ, וואָס לעבנ נאָר פונ דעמ ווינט אונ דער לופט, אָט דער גייט צו גרונט פונ דער קלענסטער ענדערונג, וואָס גייט פאָר אינ דער וועלט. איינ ליניע פונ א נײַער אײַזנבאַנ, איינ קליינער אָבאָראָט (געמיינט: קריזיס. נ. א.) אינ דער קאָמערציע, איינ קליינע נײַע אײַנפירונג אינ א מעדינע קאָנ מאַכנ אינ דער גיכ א טעל פונ א סאַכ פאַמיליענ, וואָס לעבנ פונ דער לופט״.

מע האָט געדאַרפט האָבנ א סאַכ מוט, קעדיי צו וואַגנ אינ יאָר 1871, ווענ אינ דער ייִדישער פּרעסע האָט מענ „געשריגנ אָנ אַנ עק: בילדונג, ליכטיקײַט, ציוויליזאַציע, עמאַנסיפּאַציע, הײַנטיקע צײַט אונ נאָכ אַזעלכע ווערטער, וועלכע זײַנעג אַרײַנ אינ דער מאָדע״, קומענ מיט אַזאַ ניכטערנ קוק אַפּ דער אַרומיקערווירקלעכקײַט. מע האָט געדאַרפט פאַרמאָגנ א סאַכ ניכטערקײַט, קעדיי צו זענ, אַז די „ענדערונג״, וועלכע עס האָט געבראַכט די אימפּעטפולע אַנטוויקלונג פונעמ

---

1 ווי עס איז צו זענ פונ דעמ פריִערדיקנ טעקסט, מיינט דער אווטאָר די פּריצימ, וואָס האָבנ זיכ געהאַלטנ אַפּנ לײַבייגנטומ. ער שרײַבט וועגנ אַמאָליקע צײַטנ: „פאַרדינענ באַמ פּאָרעצ, וואָס טויזנט מענטשנ האָבנ פאַר אימ געהאָרעוועט אונ געלט איז בא אימ העפקער, זײַנעג עפּעס ניט קיינ גרויסע קונצנ״. מיט דער אָפּשאַפונג פונ לײַבייגנטומ, מיינט דער אווטאָר, איז פאַרדינענ באַמ פּאָרעצ געוואָרנ שווער.

2 ס׳איז קעדיי דאָ צו דערמאָנענ, וויִאַזוי מענדעלע שרײַבט אינ יאָר 1877 אינ זײַנ ווענדונג צו די לעזער פונ דער צײַטונג „קול לעמ״:

„יענע אַלטע צײַט, ווענ מענטשנ האָבנ זיכ געלעבט עפּעס גלאַט אַזוי ניט קיינ זאַכ צו טראַכטנ, איז שוינ פאַרבײַ. אינ דער וועלט געשעט זייער פיל פאַרענדערונגענ, א סאַכ זאַכנ זײַנעג איבערגעמאַכט, וואָס א טאָג ווערט נוילעד כאַדאָשעס, וואָס באַרירנ אי דעמ נעפעש, אי די פּאַרנאָסע, אי דעמ מיסכער״...

קאפּיטאליזם, קאָן ברענגען צו אַן ענדגילטיקער עקאָנאָמישער דעגראַדאַציע די ייִדישע פֿאָלקסמאַסן.

וועלכע זשע אויספירן האָט L—M געהאַט בעדייע צו מאַכן דערפֿון? וועלכע פּאָזיטיווע פּראָגראַם האָט ער געוואָלט ארויסשטעלן אין דער צווייטער העלפט פֿון דער סעריע „ייִדישע לעבנס־פּראַגן״? קיין דירעקטן ענטפֿער אַף דער פראַגע האָבן מיר ניט. אַ געוויסע אָנדײַטונג אַף דעם כאַראַקטער פֿון דער פּאָזיטיווער פּראָגראַם, וואָס ער האָט געוואָלט ארויסשטעלן, קאָן מען אָבער קריגן אין אַן אַנ־דער ארטיקל, וועלכן דער זעלבער אווטאָר האָט אין יאָר 1871 אָפּגעדרוקט אין „קאָל מוואַסער״ — דאָס איז „ביבליאָגראַפישע אָנצײַגע״, וואָס מיר האָבן שוין איינ־מאָל ציטירט. מיר ווייסן שוין, אַז אין דעם דאָזיקן ארטיקל ווײַזט L—M אָן אַף אַ רײַ כעסרוינעס בײַ איינצלנע ייִדישע שרײַבער, ווי לינעצקי, דיק. ער פאַר־צייכנט דערבײַ אויך איינעם אַן אַלגעמיינעם כיסאָרן, וועלכן עס האָט, לויט זײַן מיינונג, די גאַנצע ייִדישע ליטעראַטור.

„שילדערונגען פֿון געראָיען זײַנען אין דער ייִדישער שפּראַכע גאָר ניט פאַר־האַנדן״ — קאָנסטאַטירט L—M.

ווי זײַן געוווינהײַט איז, שטעלט ער באַלד די פֿראַגע: וועך איז שולדיק דערין?

די שולד ליגט, לויט דעם אווטאָרס מיינונג, ניט אַף דער ליטעראַטור אַליין, זי ליגט אַ סאַך טיפֿער.

„די סיבע דערפֿון איז פּאָשעט, — שרײַבט ער, — וואָרעם בײַ אונדזערע ייִדן זײַנען קיין געראָיען נישטאָ. ייִדישע גוווּרע באַשטייט אָדער אין דער קאָמערציע אָדער אין קענען לײַדן אַ סאַך אומגליקן און צאָרעס (ווי אַנדערע רעכענען עס פֿאַר אַ גוווּרע)״.

L—M האַלט, אַז אָט־אָ די ביידע פּאָרשטעלונגען וועגן „ייִדישער גוווּרע״ זײַ־נען דורכויס פֿאַלש. אָפּגערעדט שוין פֿון דעם, וואָס ער לאַכט זיך אויס פֿון דעם ערשטן מין „גוווּרע״, וועלכע שטעקט קלוימערשט אין דער „קאָמערציע״, טרעט ער דערבײַ ארויס גאָר שאַרף קעגן דעם צווייטן מין.

„אין צווייטן פֿאַל קאָן מען זי גאָר ניט אָנרופֿן מיטן נאָמען גוווּרע. דער, וואָס קאָן אַ סאַך לײַדן און איבערטראָגן, איז ניט קיין געראָי (העלד), פֿאַרקערט ער איז אַן עמעסער שוואַכער מענטש. וואָרעם דער, וואָס איז בע־עמעס אַ געראָי, קאָן ניט זײַן אונטערוואָרפֿן אונטער צאָרעס, ניין, ער באַפֿרײַט זיך פֿון זיי מיט אַלע קויכעס, און טאַקע דערמיט איז ער אַ געראָי. קורץ, בײַ אונדזערע ייִדן זײַנען קיין געראָיען נישטאָ. מיר זאָגן „בײַ אונדזערע״, וואָרעם מע קאָן ניט אָפּלייקענען, אַז איינעם נײַעם דאָר פֿון ייִדן זײַנען פֿאַרהאַנדן העלדן, נאָר זיי קערן זיך שוין צו אייראָפּייער...״

ווען מע זעצט איבער די דאָזיקע שורעס פֿון יענער עזאָפּישער שפּראַך, מיט וועלכער מ׳איז געווען געצוווּנגען זיך צו באַנוצן אין דער פּרעסע פֿון די 70־ער יאָרן, ווערט קלאָר, אַז אין גרונט פֿון זײַנע פֿאָדערונגען צו דער ייִדישער לי־טעראַטור האָט L—M געלייגט דעם רוף צו אַקטיוון געזעלשאַפטלעכן קאַמף אין נאָמען פֿון די אידייען, וואָס זײַנען דעמאָלט פּראָקלאַמירט געוואָרן אין די מער ראַדיקאַלע קרײַזן פֿון דער דעמאָקראַטישער אינטעליגענץ. אין גײַסט פֿון די זעלבע אידייען האָט, ווײַזט אויס, געזאָלט אויפֿגעבויט ווערן די פּאָזיטיווע פּראָ־

גראַם, וועלכע L—M האָט געוואָלט אַרויסשטעלן אין דעם צווייטן טייל פון די „יידישע לעבנס־פּראָגן". אָבער דאָ האָט מען זיך שוין ניט געקאָנט איינהאַלטן אין די ראַמען פון דער עזאָפּישער שפּראַך. דאָ האָט מען שוין געמוזט ריידן מער אָפן און קלאָר. מעגלעך, אַז דאָס איז טאַקע געווען די סיבע, פאַרוואָס דער צווייטער טייל „יידישע לעבנס־פּראָגן" האָט בײַ די דעמאָלטיקע צענזור־באַדינגונגען ניט גע־קאָנט דערשײַנען אין דער עפנטלעכקייט.

---

בײַלאַגע

# די שילדערונג פון דער יידישער אָרעמשאַפט־סוויווע אין דער אַנאָנימער בעלעטריסטיק פון די 60־ער — 70־ער יאָרן

אין „קאָל מוואַסער" פון דער צווייטער העלפט 60־ער יאָרן טרעפן מיר אַ גאַנצע ריי אַנאָנימע בעלעטריסטישע און האַלב־בעלעטריסטישע זאַכן, וואָס שיל־דערן די יידישע אָרעמשאַפט־סוויווע. כאַראַקטעריסטיש איז אין דער הינזיכט דער מאָנאָלאָג „דער אומגליקלעכער באַלעגאָלע", וואָס האָט זיך געדרוקט אין „קאָל מוואַסער" אין יאָר 1867 (נומ. 47).

דער באַלעגאָלע דערציילט וועגן זיך:

„איך האָב געהאַט אַ קאַרע פערד. עס איז אַרויסגעקומען פון אַ ראָוו, וואָס איז היינט אין ערעצ־יישׂראָעל. אַ קאַרע מיט אַן אָפּגעשווירענער גריווע ווי אַ סטריהון, כאָטש ער איז שוין געווען געשעדיקט אין די יאָרן.

אַז ער פלעגט אָפּט ווערן אַ שייגעץ, פלעג איך אים רופן דעם ראָווס שייגעצל.

דאָס אַנדערע פערד איז געווען אַ קאַשטאַן, אַ געזונטער מיט אַ פּיקוק, פלעגט עסן מיט רוכעס — ער איז אַרויסגעקומען פון אַ אָביעזשטשיק.

מיט די צוויי פערד פלעג איך מיר פאַרדינען מײַן שטיקל ברויט מיטן פולן מויל.

אַ ווײַב האָב איך געהאַט, שיין ווי די זון אום טאַמעז. זי איז געווען אַן אַם בײַ אַ נאָגיד. מע האָט זי שטאַרק ליב געהאַט, געוויינלעך צוליב דעם קינד. נאָר גוט איז איר געווען. זי איז אויך מיר געווען אַ פּאַמאָשטש אַף דעם דראָנזשיק.

עס איז מיר געגאַנגען ווי געשמירט.

נאָר אין מײַן גליקס־וואָגן איז פּלוצלינג צעבראָכן געוואָרן אַ ראָד. ער גייט שווער, עס סקריפּעט.

די פערד ווערן מאָגער, זיי לאָזן אַראָפּ די אויערן. שלעכט. מײַנע פערד הייבן זיך אָן אָפּפּאָרן. קורץ — עס לייגט זיך אַנידער מײַן אַלטער שוואַרצער סטריהון און טוט אויס די קאַפּאָטע; דערנאָך מײַן ריזשע זאָגט אָפּ די עטלעכע גילדן — איך בלײַב נאָר איבער בײַ מײַן ווײַב.

נאָר אפּאָנעם, זי האָט אויך איבערגעקויעכט געטאָן אין דער פרעמד בא יענעם, דערביי איז זי געוואָרן זייער עסעדיק. זי — מײַן שײַנענדיקע זון איז אים האלבן טאָג אויך פארגאנגען. זי איז געשטאָרבן. ווי זאָגט מען, פריִער איז געווען אן אָם, איצט — ני מניע, ני וואם.

וואָס ווערט א באלעגאָלע אָן פערד, אָן א ווײַב? קינדערלעך, פּראווּדע, ניט צו פארזינדיקן. איך האָב ניט באדארפט אָנקומען צו קיין גוטן-ייִדן. שלעכט!".

דער מאָנאָלאָג האָט צו טאָן ניט בלויז מיט די דאָזיקע עפּיזאָדן פון דעם באלעגאָלעס שטוביקן לעבן. לויט דער קאוואָנע פון דעם אנאָנימען אווטאָר האָבן אפן ערשטן אָרט אינעם מאָנאָלאָג געזאָלט שטיין גראָד די עפּיזאָדן, וואָס האָבן א ברייטערן געזעלשאפטלעכן כאראקטער. דער באלעגאָלע קומט דערציילן וועגן דער טעטיקייט פון די רײַכע ייִדן, וואָס האלטן די בראנפן־ארענדע. ער דערציילט וועגן אומרעכט, וואָס זיי זײַנען קעגן אים באגאנגען, און פארלאנגט פון עם רע־דאקטאָר פון „קאָל מעוואסער", ער זאָל עס „באשרײַבן" אין זײַן צײַטונג. אָבער דער העלד פון עם מאָנאָלאָג איז ניט מער ווי א באלעגאָלע, און וואָס פאר א צײַ־טונג וועט זיך עס אינטערעסירן דערמיט, וואָס עס טראכט א באלעגאָלע? הערן מיר דעריבער, ווי דער באלעגאָלע ווענדעט זיך צום רעדאקטאָר:

„... האָב איך מיך מעיאשעווע געווען: לאָמיך אינדערעמעסן אָנשרײַבן. איר מוזט וויסן, אז איך האָב פארגעסן שרײַבן. די בײַטש האָט מיר געמאכט שווער די האנט, אז איך קען די פּען ניט האלטן. בין איך געגאנגען צו מײַן ווײַבס א ברודערל, א יונגערמאן, וואָס לערנט שרײַבן אין דער גרויסער שטאָט און קען גאנץ גוט. איך האָב אים דערציילט און טאקע געזאָגט וואָרט בא וואָרט וואָס צו שרײַבן. פארשטיין פארשטייט איר מיך מיט גאָטס הילף. הײַנט, ליבער רעדאקטאָר, איך וויים שוין, ווי מע רופט אײַך — בידא נאוטשיט, אז גאָט האָט אײַך געהאָלפן, איר זאָלט מעגן דרוקן גאזעטן, טאָ בעט איך אײַך, דרוקט מײַן מײַסע אויך, שעמט אײַך ניט מיט מיר, וואָס איך בין א באלעגאָלע. א ייִד בין איך, א נע־שאָמע האָב איך. א באלעגאָלע קומט דען ניט צונוץ?"...

פּונקט ווי דער גאנצער מאָנאָלאָג איז אויך די דאָזיקע שלוס־רעפּליקע גאנץ קונציק סטיליזירט. עס איז אָבער קלאָר, אז אין דעם זאַץ „שעמט אײַך ניט מיט מיר, וואָס איך בין א באלעגאָלע" ליגט, לויט דער קאוואָנע פון עם אווטאָר, דער שווערפּונקט פון דער גאנצער געשיכטע, וואָס איז דאָ דערציילט געוואָרן. דער אנאָנימער אווטאָר פון די 60־ער יאָרן פארטיידיקט די רעכט פון זײַן העלד, ער פאָדערט אופמערקזאמקייט צו דעם „אומגליקלעכן באלעגאָלע".

ענלעכע מאָטיוון טרעפן מיר אויך אין א צווייטן מאָנאָלאָג, וואָס איז גע־דרוקט אין „קאָל מעוואסער" אין יאָר 1869 (נומ. 42) מיטן נאָמען „א קליינע בריוועלע פון ענעם". דאָס מאָל פירט דער אנאָנימער אווטאָר זײַן מאָנאָלאָג אינעם נאָמען פון אן אָרעמען דינסטמיידל.

„מיינט ניט, ליבער הער רעדאקטאָר, אז צו אײַך שרײַבט עפּעס א יאבעד־ניק, וואָס וויל נאָך דעם טויט אויך ניט אײַנרוען. ניין! איך בין דאפקע א פּראָסט ייִדיש דינסטמיידל געווען און האָב קיינמאָל קיין פליג אפ דער וואנט ניט געטשעפּעט, כאָטש זיי פלעגן מיר אין קיך גרויסע צאָרעס אָנטאָן. איך האָב פון מײַנע בא־לעבאָסטעס זידלערײַ און אמאָל קלעפּ צוגענומען און קיינמאָל זיי קיין סינע ניט

נאָכגעטראָגנ. דער אָרעמאנ מוז זיכ פונ קינדווייַז אופ צו אלעמענ געוווינענ. פאר מייַנ אבידע האָב איכ זיכ קיינמאָל ניט אָנגענומענ, נאָר אזויווי איכ ווייס, אז דער „קאָל מעוואסער" בעסערט אמאָל אויס שלעכטע פּאריאדקעס, האָב איכ זיכ מעיאשעוו געווענ דאָס בריוועלע אייַכ צו שיקנ..."

אויכ דאָס מאָל, פּונקט ווי אינ דעמ מאָנאָלאָג פונעמ באלעגאָלע, האָבנ מיר פאר זיכ א סטיליזאציע, וואָס איז געמאכט געוואָרנ מיט דער האנט פונ א געניטנ שרייַבער. אויכ דאָס מאָל ווערנ פארטיידיקט די רעכט פונ דער „דריטער קלאסע".

דאָס דינסטמיידל שרייַבט אינ איר בריוועלע:

„אונדזערע יידנ, ווי איר ווייסט, זייַנענ ראכמאָנים בניי ראכמאָנים. פונ די רייַכע האָט מענ גאָרניט וואָס צו שמועסנ. דעריבער איז בא אונדז דאָ א ווערטל: „בינד מיר די הענט אונ די פיס אונ ווארפ מיכ צווישנ די מייַניקע", דאָס הייסט, ווענ עס איז מיר באשערט צו זייַנ אנ אָרעמאנ אונ ניט האָבנ מיט וואָס א טאָג איבערצוקומענ, זאָל איכ כאָטש צווישנ יידנ לעבנ, וועלנ זיי מיכ געוויס פארזאָרגנ. צי דאָס ווערטל איז עמעס צי ניינ — וועט איר שוינ ווייַטער זענ".

דער אווטאָר איז טיפ איבערצייַגט, אז דאָס ווערטל איז ווייַט פונ עמעס, אונ קעדיי צו דערווייַזנ עס, נעמט ער זיכ שילדערנ די ליידנ פונעמ אָרעמענ דינסטמיידל.

„אז איכ האָב נאָכ געלעבט אפ דער פאלשער, פארוואלגערטער וועלט, האָט מיכ דאָס שלימאזל קיינ ז... פאר א דינסטמיידל פארוואָרפנ. פארשטייט זיכ, אז איכ בינ געווענ געזונט אונ האָב געהאָרעוועט ווי אנ אייזל, האָט מענ מיכ געהאלטנ אונ מיר עסנ געגעבנ. נאָר פונ א פּאָר וואָכנ בינ איכ, צומ אומגליק, קראנק געוואָרנ"...

דער ווייַטערדיקער טייל פונעמ מאָנאָלאָג גיט א גענויע שילדערונג פונ די ליידנ, וואָס דאָס אָרעמע דינסטמיידל איז אויסגעשטאנענ אינ די צוויי וואָכנ פונ איר קראנק זייַנ. פּונקט ווי אינ דעמ מאָנאָלאָג פונעמ באלעגאָלע ווערנ אויכ דאָ די גאנצע צייַט אריינגעצויגנ געוויסע פּראָטימ פונ געזעלשאפטלעכנ לעבנ. עס ווערנ אָנגעגריפנ די שטאָט־באלעטויוועס, דער שטאָטישער שפּיטאָל, ווּוהינ קיינ אָרעמער מענטש קאָנ קיינ צוטריט ניט האָבנ. צומ סאָפ מאָנאָלאָג דערוויסנ מיר זיכ, אז דאָס אָרעמע דינסטמיידל האָט ניט געקאָנט אויסהאלטנ די אלע ליידנ, זי איז געשטאָרבנ.

„ווי איר זעט, — שרייַבט דאָס מיידל, — בינ איכ איצט אינ גענעמ, אונ דאָרט איז שטארק ניט גוט. נאָר, כ'לעבנ, פיל בעסער ווי אָרעמערהייט אינ ז... קראנק צו ווערנ. איינ מייַלע איז פאר דעמ אָרעמאנ אינ ז... מע פארעכנט דאָ דאָס אָפּקומענ דאָרט אפ דער וועלט מער ווי צוויי דריטל..."

דאָס „בריוועלע פונעמ גענעמ" איז, ווי מיר זעענ, בארופנ ניט בלויז צו אטאקירנ די שטאָט־באלעטויוועס, דער שווערפּונקט פונעמ מאָנאָלאָג ליגט אינ דעמ, וואָס די דאָזיקע אטאקע קומט פונ אזא אומגעריכטער זייַט, פונ אזא דערשלאָגענער באשעפעניש ווי דאָס אָרעמע דינסטמיידל. דער אומבאקאנטער אווטאָר פונעמ מאָנאָלאָג וויל טאקע אומבאדינגט באשטיינ דערופ, אז אפילע אזא אָרעמ דינסטמיידל איז אימשטאנד צו אורטיילנ — אונ שארפ אורטיילנ — וועגנ געזעלשאפטלעכע איניאָנימ.

נאָכ שארפער איז די אָרעמשאפט־שילדערונג אינ דער אנאָנימער בעלעטריס־

טיק אין די 70־ער יאָרן. דאָ קאָן מען שוין פאַרנעמען אַ גאַנץ אויסגעשפּראָכע־נעם טאָן פון סאָציאַלן פּראָטעסט. אין זשורנאַל „יִסראַליק", וועלכן ס'האָבן אין יאָר 1875 אַרויסגעגעבן י.־י. לינעצקי און אַ. גאָלדפאַדען, טרעפן מיר, לעמאָשל, „אַ בריוועלע פון יענער וועלט", וואָס איז געשריבן אינעם נאָמען פון אַן אָרעמען פּריקאַשטשיק, וועלכער האָט צוואַנציק יאָר אָפּגעדינט בא אַן אָדעסער גוויר און שרייַבט אים איצט אַ בריוו פון „יענער וועלט". אָט זייַנען אייניקע שטעלן פון דעם דאָזיקן כאַראַקטעריסטישן בריוול.

„ערשטנס, מעלדע איך אייַך, אַז איך בין באָרעכאַשעם אַלדינג מייַנס איבער־געקומען און בין איצט אָפּן אוילעם־האָעמעס. גיב גאָט דאָס נעמלעכע פון אייַך אינגיכן צו הערן, אָמיין סעלאָ! —

שיינים, באָסי לעהוידיִע, אַז אַזוי ווי איך האָב בא אייַך געדינט קאַרגע 20 יאָר פאַר אַ פּריקאַשטשיק בא אייַערע טוווּעס; די רעגנס האָבן מיך שטענדיק גע־וואַשן אומבעראַכמאָנעס, די היצן האָבן מיך טאָמיד געברענט און די פרעסט האָבן מיך דורך און דורך געגומען, — די פיס זענען מיר פאַרטערפּנעט געוואָרן שטייענ־דיק גאַנצע מעסלעס באַם אָנגרוזען און אויסגרוזען אייַערע ווייצן און איך האָב דאָס גאָר ניט געפונען פאַר שווער, וואָרעם וואָס טוט דען ניט אַ מענטש פאַר 30 קערבלעך זשאַלעוואַניע אַ כוידעש? ביפראַט, אַז ער איז נאָך אַ וויסטער מע־טופל מיט אַ ווייַב און מיט אַ האַלב טוץ קליינע קינדערלעך! — איך האָב אַפילע עטלעכע מאָל די האָזע געהאַט אָנצומידן אייַער רייַכקייַט איר זאָלט מיר פאַר־גרעסערן אַ ביסל מייַן זשאַלעוואַניע, נאָר דאָס שטילשווייַגעניש פון אייַער רייַכ־קייַט האָט יאַקבי געהייסן, אַז איך, קאַפּצן, מוז מיך באַגניגן מיט דעם און אַז אייַער רייַכקייַט טראָגט ניט מיר מוסעף צו זייַן עטלעכע קערבלעך אַ כוידעש!..

די 3 וואָכן, וואָס איך בין געלעגן אין בעט, איז אייַער רייַכקייַט, פּראַוודע, איין מאָל געקומען צו מיר געוואָר ווערן, און אַזיוווי דער ראַכמאָנעס האָט אַ ביסל צערודערט אייַער רייַך הארץ, האָט איר באַלד געשיקט אַ מענטשן צו מיר, ער זאָל לעמאַנאַשעם גיך אָפּנעמען בא מיר דאָס ביכל, אין וועלכן עס פלעגט פאַרשריבן ווערן דער מיספּער פון די געגרוזעטע טשעטווערטן (4 צענטנער).

איך האָב אַפילע האָזע געהאַט, טאַקע דורך דעם מענטשן, אייַך לאָזן צו בעטן, איר זאָלט מיר שיקן עטלעכע קערבלעך אָפּ קורירן זיך, אַז אַ דאָקטאָר און אַפּטייק — האָט אייַער רייַכקייַט געהאַט דאָס גוטסקייַט צו שווייַגן! נישט מער גאָט באָרוך־הו האָט מיך אויסגעפירט אָן אייַער לאַסקע, און דייַקע אָן דאָקטוי־רים און אָן אַפּטייקן בין איך באָרעכאַשעם אַכט דריטן טאָג — געשטאָרבן. —

אַ האַלבע שאָ פאַר מייַן פּטירע — עס הייסט, וואָס איך בין פּאָטער געוואָרן פון אייַך און פון אייַער זשאַלעוואַניע, — האָב איך נאָך געשיקט בעטן, אַז אייַער רייַכער זיקאָרן זאָל טראָגן אַמאָל אָפּ דער רייַכער מאַכשאָווע כאָטש מייַנע אומ־גליקלעכע קליינע קינדערלעך, וואָס דורך אייַער רייַכער לאַסקע האָבן זיי פאַר דער צייַט באַקומען דעם טיטל „יעסוימים". נאָר קעפּי איך האָב שוין דאָ געהערט, האָט אייַך טאַקע בעעמעס שטאַרק באַנק געטאָן, וואָס איר האָט אַזאַ געטרייַען דינער באַם לעבן ניט געקענט באַווייַזן די טויווע, און איר האָט אָפּ זיך גענומען מיר נאָכן טויט אָפּגעבן דעם כעסעד־שעל־עמעס דערמיט, וואָס איר האָט טאַקע באַלד געהייסן מייַן וויסטע אַלמאָנע אָוועקטרייַבן פון אייַערע רייַכע

טרעפּ, און אײַער רײַכקײַט אַלײנ האָט מיט אײַער מויל איר געגעבנ אַנ אָנווײַזונג צו מיר!

א מיצווע אפּ איר! סע קומט איר אַזוי! ווײַל זי איז א ייִדענע און האָט ניט פאַרשטאַנענ, אַז זי דאַרפּ ניט דאָקוטשענ כאָלילע אײַערע רײַכע דעליקאַטנע אויערנ מיט װײנענ און קלאָגנ! און מיט אירע צעריסענע שקראַבעס האָט זי אַוודע ניט געטאָרט צו טרעטנ אַפּ אײַערע גלאַנצנדיקע טרעפּ, וואָס זײַנענ געוועקסט געוואָרנ מיט דעם מאַרכ פונ אַלע אײַערע דינערס בײגער!...״

(„ישראליק״, 1875, נומ. 11)

דאָס „בריוועלע״ איז געכאַסמעט: אגף. ס׳קאָנ זײַנ, אַז דאָס האָט געשריבנ לינעצקיס מיטרעדאַקטאָר — א. גאָלדפאַדענ.

ש. באָראָוואָי

# ייִסראָעל אקסענפעלד

(ביִאָגראפישער עטיוד)

וועגן ייִסראָעל אקסענפעלדס לעבן ווייסן מיר ניט קיין סאך מער ווי וועגן זײַן שאפן.

פאר זײַן געשיכטע פון זײַן לאנגן און שעפערישן לעבן פארמאָגן מיר גאָר א קנאפע צאָל פאקטן און מאטעריאלן. וועגן גאנצע יאָרצענדליקן פון זײַן לעבן — די וויכטיקסטע פאר זײַן שעפערישער ביִאָגראפיע — ווייסן מיר אזוי גוט ווי גאָרנישט. מיר האָבן אפילע ניט זײַן פּאָרטרעט... אקסענפעלד איז פאר אונדז געבליבן אפ שטענדיק „דער גרויסער אומבאקאנטער" פון דער ייִדישער ליטעראטור.

און ס'איז גאָר קיין צופאל ניט, וואָס די ביִאָגראפיע פונעם גרעסטן ייִדישן שרײַבער פון דער ערשטער העלפט פון פאָריקן יאָרהונדערט קאָן ניט דערציילט ווערן אפילע מיט א מינימאלסטן צוזאמענהאנג און גענויקײַט. די אייגנארטיקײַט פון זײַן געזעלשאפטלעכער פּאָזיציע בא דער אויסערגעוויינלעך-קאָמפּליצירטער און ניט-גינסטיקער אויסערלעכער סיטואציע האָט פאָרבאדינגט און פאָרבאשטימט זײַן ליטעראַרישן גורל.

1

וועגן די ערשטע יאָרצענדליקן פון אקסענפעלדס לעבן קאָן מען דערציילן נאָר גאָר קורץ, נאָר סכעמאטיש.

דער איינציקער מאָקער פאר דער כאראקטעריסטיק פון דעם דאָזיקן פעריִאָד אין אקסענפעלדס לעבן איז דער נעקראָלאָג [1], וואָס א. צעדערבוים האָט אָנגעשריבן באלד נאָך אקסענפעלדס טויט, און עטלעכע שורעס אין א. גאָטלאָבערס זיכרוינעס [2].

ייִסראָעל אקסענפעלד איז געבאָרן געוואָרן אין אוקראַיִנע, אין נעמיראָוו,

1 „קול מבשר", 1866, נומ. 26; זע אויך „קול מבשר", 1869, נומ. 26.

2 א. ב. גאָטלאָבער, זיכרוינעס איבער זשארגאָנישע שרײַבער, „יוד. פאָלקס-ביבליִאָטעק", ב. I, (קיִעוו, 1888), ז. 257—258.

אינ יאָר 1787 [1]. געשטאמט האָט ער פונ א פאמיליע, וואָס האָט שטאָלצירט מיט איר „ייִכעס”. ער האָט באקומענ א ייִדישע רעליגיעזע דערציִונג, ווי געווייִנלעכ אינ יענער צײַט, האָט זייער גוט געלערנט געמאָרע מיט פּאָסקים.

כאסענע געמאכט האָט מענ אים גאָר פרי.

זײַנ יוגנט האָט ער פארבראכט אינ איינעמ פונ די גרעסטע כסידישע „הויפנ”. ער איז געווענ פונ די בראצלאווער כסידימ. ווי גאָטלאָבער גיט איבער, איז אקסענפעלד געשטאנענ נאָענט צו נאכמענ בראצלאווער (1770—1811), דעמ אורטאָר פונ די באוווּסטע „מײַסעס”. אקסענפעלד איז געווענ אינ איינ עלטער אונ כאווער פונ נאָסאָנענ, דעמ, וואָס איז שפּעטער געוואָרנ א צאדיק אונ וואָס האָט שפּעטער פארשריבנ אונ פארעפנטלעכט נאכמענ בראצלאווערס „מײַסעס”.

אקסענפעלד איז געווענ אכט יאָר אלט, ווענ פּוילנ איז צעטיילט געוואָרנ צומ דריטנ מאָל (1795) אונ די רעכטברעגיקע אוקראִינע איז אײַנגעשלאָסנ געוואָרנ אינ דער רוסישער אימפּעריע. אָבער אינעמ אויסערלעכנ שטייגער פונ דעמ ייִדישנ שטעטל פונ רעכטנ ברעג דניעפּער האָט זיכ נאָכ א לאנגע צײַט נאָכ דעמ קימאט גאָרנישט ניט געענדערט. דער פארגליווערטער לעבנשטייגער האָט געשײַנט צו זײַנ פארשטיינערט אינ זײַנע אויסערלעכע פאָרמענ, אונ די דיספּאָזיציע פונ די וויכטיקסטע סאָציִאלע פיגורנ איז דאָ געבליבנ די זעלבע ווי פריִער. דער פּוילישער פּאָרעצ, דער „סאר” („שר”), דער פעאָדאל מיט צאָלרײַכע פּריווילעגיעס, דער אייגנטימער פונ דער ערד אונ פונ דעמ באָדנ, אפ וועלכנ עס שטייענ די שטיבלעכ פונ שטעטל, — ער איז דער צענטער פונ ווירטשאפטלעכנ אונ סאָציִאלנ לעבנ, פונ אימ שטאמט אלדאָסגוטס, אלצ לעבט פונ זײַנ גנאָד. ווי פריִער, בלײַבנ זײַנע שוטפימ אינ דער פעאָדאל-לײַבייגנטימערישער עקספּלואטאציע פונעמ פויערטומ די פּניי פונ דער דעמלטיקער ייִדישער געזעלשאפט — די ארענדאטאָרנ, די פאכטערס אונ די ווּכערער. די ייִדישע סאָכרימ, די מיטעלע, די קליינע אונ די גאָר קליינע, אונ די פארשיידנארטיקע האנדל- אונ פארמיטלערײַ־עלעמענטנ — זײַנענ צו גרויס אינ צאָל פאר דעמ אָרעמענ פארשקלאפטנ אגראר-לאנד, אונ די פארביטערטע קאָנקורענצ זעצט אראָפ דעמ אזוי אויכ נעבעכדיקנ ניוואָ פונ דער „פּארנאָסע”. דער דאָרפישער שענק בלײַבט ווי פריִער דער סאמע פארשפּרייטער געביט פארנ אָנווענדנ די ייִדישע „איניציִאטיוו”. דורכ קליינלעכער רעגלאמענטאציע פּרווונ די צעכ־סטאטוטנ רעגולירנ די ביז גאָר קארגע מעגלעכקײַטנ פונ ארבעט אינ דער ייִדישער סוויווע. ווי פריִער איז אומפּראָפּאָרציִאָנעל גרויס דער שיכט פונ די ניט־פּראָדוקטיווע פּאראזיטירנדיקע עלעמענטנ, וואָס לייגנ זיכ ווי א שווערע לאסט אפ די אונטערשטע שיכטנ פונ דער ייִדישער באפעלקערונג.

יאָ, אויסערלעכ האָט אלצ געשײַנט צו זײַנ ווי פריִער. אָבער בא א מער אופמערקזאמענ באטראכטנ זעט מענ דאָ באמ ראנד פונעמ נײַעמ יאָרהונדערט — גאָר וויכטיקע ענדערונגענ. אפ די וועגנ צו „ראציִאָנאליזירנ” זײַנ ווירטשאפט פּרווּוט זיכ דער אדל אלצ אָפטער אונ אָפטער זיכ צו באגיינ אָנ דער ייִדישער פארמיטלערײַ, אָנ דעמ ייִדישנ ארענדאטאָר אונ אָנ דעמ ייִדישנ

---

1 אקסענפעלדס געבורט־יאָר קאָנ מענ פעסטשטעלנ נאָר בעערעכ. אינ צעדערבוימס שוינ דערמאָנטנ נעקראָלאָג שטייט געשריבנ, אז אקסענפעלד איז געשטאָרבנ צו 79 יאָר. קיינ שומ דאָקומענטנ, וואָס זאָלנ מער פּינקטלעכ פיקסירנ זײַנ געבורט־יאָר, פארמאָגנ מיר ניט.

שענקער. דער געזעצגעבערישער קאמף קעגן דער דאָרפישער ייִדישער באפעל־קערונג טרײַבט נאָך צו דעם דאַזיקן פּראָצעס. די ברייטסטע שיכטן פון דער ייִדישער באפעלקערונג ווערן געשטעלט אין געפאר צו פארלירן די טראדיציאָ־נעלסטע ייִדישע פּארנאָסע. אָבער אין דער זעלבער צײַט עפענען זיך פארן ייִדישן סוחר נײַע און ברייטע פּערספּעקטיוון. דער ייִדישער האנדל איז ביז דעמלט געווען פארקלעמט אין די שמאָלע ראמען פונעם פּוילישן מארק. און איצט האָט זיך פאר אים געעפנט א נײַ רײַך לאנד — די לינקברעגיקע אוקראַינע און דער אוקראַינישער סטעפּ, דאָס אזויגערופענע נײַרוסלאנד. אָקאָרשט פאריייניקט צו רוס־לאנד, וואקסט די דאָזיקע געגנט לעגענדאריש גיך און ווערט מיט שנעלסטע טעמפּן באזעצט. פאר דעם ייִדישן סאָכרישן שטאנד עפענען זיך געוויסע שטעג־לעך צו די ברייטע מערק פון דער אימפּעריע; עמעס, די ייִדן-פּײַנטלעכע גע־זעצגעבונג פארשטעלט זיי די דאָזיקע שטעגלעך, אָבער מע קאָן דאָך געפינען אן אייצע און אויסמײַדן דעם געזעץ. און אפ די אלטע ערטער איז אויך געוואָרן לעבעדיקער. דער אָנשלוס צו רוסלאנד האָט אופגעלעבט דאָס לאנד. די מילכאָ־מעס, וואָס האָבן זיך פארצויגן אפ גאנצע יאָרצענדליקער, האָבן געעפנט ברייטע מעגלעכקײַטן פון ליפערונגען, פּאָדריאדן און פארשיידענערליי ספּעקוליאציעס. די סאָציאַלע צעשיכטונג אין דער ייִדישער סוויווע, וואָס האָט זיך שוין פריִער גע־לאָזט מערקן גאנץ קלאָר, ווערט איצט א סאך בוילעטער. גרויסע פארמעגן גייען אוף אפ די הייווג פון די לײַכטע פארדינסטן ארום דער אינטענדאטור.

באגלײַך דערמיט הייבן אָן ביסלעכווײַז אריינצודרינגען אויך נײַע ווינטן אין דעם פארשטיינערטן לעבנשטייגער און אין דער פארגליווערטער קולטור-וועלט. די נײַע האנדל-פארבינדונגען און די אויסברייטערונג פונעם מארק פאָדערן פון די ייִדישע סאָכרים א געוויסע „אייראָפּייִזירונג". מע קאָן ניט שליסן קיין אָפּ־מאך מיט דער נאטשאלסטווע וועגן ליפערן פּראָוויאנט, וועגן א פּאָדריאד, אויב מע קאָן ריידן נאָר ייִדיש. עמעס, דעמלט טרעפט מען נאָך זעלטן צווישן דער ייִדישער באפעלקערונג א מענטשן, וואָס זאָל טאקע גוט קענען „מאָסקעוויטעריש", פּויליש אָדער אן אנדער שפּראך, אָבער מע באנעמט שוין גוט, אז אזוינע קענט־שאפטן זײַנען נייטיק און נוצלעך. די לעבהאפטע האנדל-פארבינדונגען, דער גע־זעלשאפטלעכער קאָנטאקט מיט די „אומעס-האָוילעם" רײַסט ארויס איינצלנע פּאָר־שטייער פון דעם ייִדישן בירגערטום פונעם ענגן קרײַז פון די טראדיציאָנעלע פאָרשטעלונגען און גרייט צו א באָדן פארן אופנעמען די אידייען פון דער „האסקאָלע".

אָט דאָס איז, גאָר סכעמאטיש געשילדערט, די סאָציאַלע און קולטורעלע אטמאָספער פונעם אוקראַינישן ייִדישן שטעטל אין די יאָרן פון אקסענפעלדס יוגנט. אקסענפעלד האָט אפ שטענדיק פארגעדענקט אָט-אָ די צײַט, ווען עס האָבן זיך שוין אָנגעהויבן צו באווײַזן די ערשטע סימאָנים פון די פאָרשטייענדיקע ענדערונגען. זײַן שאפונג, ווי די פאָרשער האָבן דאָס שוין קאָנסטאטירט, איז געבליבן אפ שטענדיק צוגשמידט כראָנאָלאָגיש צו די דאָזיקע יוגנט-יאָרן זײַנע און לאָקאל פארבונדן מיט די ערטער, וווּ ער האָט פארבראכט די ערשטע יאָר־צענדליקן פון זײַן לעבן. און א סאך שפּעטער, ווײַטענדיק אין גאָר אן אנדער סוויווע, דורכפירנדיק טעגדענצן, וואָס זײַנען אופגעקומען אפ גאָר אן אנדערן סאָציאַלן און שטייגערישן באָדן, קערט ער זיך שטענדיק אום אין זײַן שאפונג

צו דער שטייגערישער אטמאָספער און צום סאָציאַלן אנטוראזש פון זיין יוגנט. זיינע ווערק, באזונדערס אזא ווערק, צום ביישפּיל, ווי „דאָס שטערנטיכל", איז דער בעסטער סאָציאַלער פּאָן פאר דעם דאָזיקן — ערשטן — קאפּיטל פון זיין ביאָגראפיע.

אין זיין ווייטערדיקער אנטוויקלונג איז אקסענפעלד אריינגעצויגן געוואָרן אין די נייע דערשיינונגען אינעם יידישן סאָציאַל־עקאָנאָמישן לעבן, וועגן וועלכע מיר האָבן פריער גערעדט.

אין דעם שוין פריער דערמאָנטן נעקראָלאָג האָט צעדערבוים געשריבן:

„אלס יונגערמאַן איז ער (אקסענפעלד) געוואָרן א געשעפטס-מענטש, דורך זיין פארשטאַנד, זיין פלייסיקייט און ערלעכקייט האָט מען אים גרויס צוטרויען געשענקט ער האָט שוין צו יענער צייט פארשטאַנען רוסיש, פויליש און דייטש אזויפיל, וויפל עס איז נייטיק געוועזן צום געשעפט. און אזויווי דעמלט זיינען געוועזן גרויסע מילכאָמעס, האָט ער זיך צוגעשלאָגן צו פּאָדריאַדן, איז געוואָרן א כאָשעוו בא די קאָמאַנדירעס און איז מיט דער ארמיי געגאַנגען קיין פּוילן און קיין דייטשלאַנד".

אָט דער קערפּונקט אין אקסענפעלדס לעבן, וואָס האָט אים ארויסגעריסן פון דער פאַרגליווע טער אטמאָספער פונעם אוקראַיִנישן יידישן שטעטל, האָט אים צונויפגעפירט מיט אנדערע מענטשן, מיט איניאָנים פון אַן אנדער פארנעם און פון א גרעסערן מאסשטאַב, האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט צו זיין אין אויס-לאַנד, — אָט דער קערפּונקט האָט פּאָרויסבאַשטימט אקסענפעלדס אידעאָלאָגישע עוואָליוציע. אקסענפעלד ווערט דער פּראָפּאַגאַנדיסט פון דער אייראָפּייִזירונג פון יידישן לעבן. זיינע אויסלענדישע איינדרוקן זיינען געוואָרן אַפ זיין גאַנץ לעבן דער גרונט-קוואל פאר זיין געזעלשאַפטלעכער קאָנצעפּציע.

א באזונדערע ווירקונג אַפ דער פאָרמירונג פון אקסענפעלדס אָנשויונגען האָט, אפּאָנעם, געהאַט זיין פארברענגען אין ברעסלאַו. די יידישע באַפעלקערונג פון ברעסלאַו, דעם עקאָנאָמישן צענטער פון שלעזיע, איז געווען ענג פארבונדן מיט די יי. יש"ע סאָכרים פון פּוילן און רוסלאַנד. די אידייען פון דער מענדעל־סאָנישער „אויפקלערונג" האָבן דאָ געפונען צאָלרייכע אָנהענגער, און דער לעבנ-שטייגער פון די יידישע סאָכרים פון דער שטאָט איז שוין געווען קימאַט אינ־גאַנצן „אייראָפּייִזירט". אָבער די רעליגיעזע יעסוידעס פונעם יידישן לעבן זיינען אין דער דאָזיקער שטאָט נאָך געווען גענוג פעסט, און די דאָזיקע באהעפטונג פונעם שטייגנדיקן ווילשטאַנד און אויסערלעכער „אייראָפּייִזירונג" מיט א גאָר מעסיקן רעליגיעזן ליבעראַליזם האָט פאר אקסענפעלדן געמאַכט די יידישע גע-מיינדע פון ברעסלאַו פאר א באזונדערס אינטערעסאַנטן מוסטער. ס'איז אויסער סאָפעק, אז דאָ האָט אקסענפעלד געטראָפן א ריי מענטשן, וואָס זיינען שפּעטער געוואָרן די פּראָטאָטיפּן פון די פּאָזיטיווע פארשוינען פון זיינע ווערק.

דער אמאָליקער כאָסיד ווערט א פארברענטער קעמפער קעגן דעם „פאַנאַ־טיזם". כסידעס באַטראַכט אקסענפעלד אלס די וויכטיקסטע מעניעה פאר דער „אויפ-קלערונג". די דעמאַסקירונג פון כסידעס ווערט די דאָמינירנדיקע געזעלשאַפטלעכע טענדענץ פון אקסענפעלדס גאַנצן שאַפן. קאָנסעקווענט אין זיין קאַמף קעגן די „פאַנאַטיקער", געפינט ער ניט פאר זיינע קעגנער קיין שום פארענטפערונגען, קיין איינע מילדערנדיקן שטריך.

די ענדערונג אין דער וועלט־אָנשויונג, די פולקומע סאָציִאַל־אידעאָלאָגישע איבעראָריִענטירונג איז געווען אויך די סיבה פונעם קריזיס אין אקסענפעלדס פּערזענלעכן לעבן. בײַגעקומענע פאַרשיידענע שוועריקײַטן, האָט ער זיך געגעט מיט זײַן ערשטער פרוי[1], מיט וועלכער מע האָט אים כאַסענע געמאַכט, לויט דער דעמלטיקער טראַדיציע, נאָך גאָר א יונגן, — דעמלט, ווען ער האָט נאָך גע־שטעקט „אין דער פינצטערקײַט פונעם פאַנאַטיזם". און אפילו אין דעם דאָזיקן געטן זיך, — אין אזא ריין אינדיווידועלן אַקט, — איז אקסענפעלד געווען א טיפּי־שער מענטש פון זײַן סאָציִאַל־אידעאָלאָגישן שיכט. די מאַסקילים פון זײַן עפּאָכע, וואָס מוזן בײַקומען אַפ זייער וועג צו דער „האַסקאָלע" די באַריערן פונעם פאַרגליווערטן לעבנשטייגער, הייבן קימאַט אַלע אָן זייער וועג פון א „קליינער רעוואָליוציע" אין זייער אייגענעם שטייגער — פון שיידן זיך מיט דער ערשטער פרוי.

די ערשטע בעסטע ביִאָגראַפיע פון א טוער פון דער פריִיִקער סטאַדיע פון דער ייִדישער „אויפקלערונג" איבערצײַגט אונדז אין דעם, אַז דער דאָזיקער עטאַפּ איז קימאַט געווען ווי א מוז. די מײַסע מיט דעם „רײַכן ענגלענדער" (פון אקסענפעלדס „מאַן און ווײַב"), וואָס טאַדלט זײַן פרוי און דערקלערט די סיבעס, וועלכע האָבן אים געטריבן צו שיידן זיך מיט איר, קלינגט פאַר אונדז העכסט אווטאָביִאָגראַפיש.

ווען איז אקסענפעלד געקומען צוריק פון אויסלאַנד, ווייסן מיר ניט. מיר ווייסן אויך ניט, וואָס ער האָט געטאָן, ווו ער האָט געוווינט, מיט וואָס ער האָט זיך באַשעפטיקט נאָך זײַן קומען פון אויסלאַנד. אַפ א גאַנצן יאָרצענדליק פאַר־שווינדט אקסענפעלד פאַר אונדז, און ערשט אינמיטן די צוואַנציקער יאָרן באַווײַזט ער זיך אין אָדעס.

איינע א דעטאַל דערלויבט אונדז אויסצובויען א זייער וואַרשײַנלעכע היפּאָ־טעזע, וואָס וואַרפט א ליכטיק שײַן אַפ אקסענפעלדס אַנטוויקלונגס־יאָרן. אין דעם צווייטן באַנד בלאַכס „שבילי עולם" איז פאַרעפנטלעכט א רייסטער פון פּרענומעראַנטן, וואָס האָבן זיך מיסכײַעװ געווען צו קויפן דעם ערשטן באַנד פון דעם ווערק (דערשינענע אין 1821). אין אָט דעם רייסטער איז פאַרצייכנט אויך ייִסראָעל אקסענפעלד, וועלכער איז אָנגעוויזן צווישן די אײַנוווינער פון בראָד. דאָס באַטײַט, אַז אין די יאָרן 1820—1821 האָט אקסענפעלד געלעבט אין בראָד. עפּשער האָט ער דאָרט געלעבט א לענגערע צײַט. עס בעט זיך אַזויאַרום דער אויספיר וועגן דעם, אַז אקסענפעלד איז געקומען אין א באַרירונג מיט די פאָרשטייער פון דער גאַליציאַנער האַסקאָלע און, קאָן זײַן, געווען אונטער זייער ווירקונג. ס'קאָן אויך זײַן, אַז אין בראָד האָט זיך אקסענפעלד באַקענט מיט ייִצכאָק־בער לעווינזאָנען, צו וועלכן ער האָט זיך באַצויגן ווי א טאַלמיד צו אַן אָנערקענטן אווטאָריטעט.

אקסענפעלדס גאַנץ ווײַטערדיק לעבן און זײַן שרײַבערישע טעטיקײַט איז פאַרבונדן מיט אָדעס.

געגרינדעט אין די סאַמע לעצטע יאָרן פונעם XVIII יאָרהונדערט, איז אָדעס

1 „ער האָט זיך זייער געפּלאָגט, איידער ער איז לויז געוואָרן פון איר". — שרײַבט צעדער־בוים.

פונ אקסענפעלדס צײַט געווענ אנ אוניקאלע דערשײַנונג אינעם דעמלטיקנ רוס־לאנד.

„קיינע פונ די רוסישע שטעט האָט ניט געהאט אזא שנעלע אינדוסטריִעלע און געזעלשאפטלעכע אנטוויקלונג ווי אָדעס", — האָט ריכטיק באמערקט אינ יענע יאָרנ דער ערשטער היסטאָריקער פונ אָדעס סקאלקאָווסקי[1]. און ווירקלעכ, אָדעס איז געוואקסנ מיט גאָר אמעריקאנישע טעמפּנ. אינ יאָר 1827 איז אינ אָדעס געווענ ניט מער ווי 32 טויזנט אײַנוווינער[2], און אינ 10 יאָר ארומ (1837) איז די באפעלקערונג פונ שטאָט פארגרעסערט געוואָרנ אפ 60 פּראָצענט (53.800 מאנ)[3], און אינ נאָכ 20 יאָר ארומ (אינ יאָר 1858) איז די באפעלקערונג פונ דער שטאָט דערגאנגענ ביז 104 טויזנט[4].

באזונדערס שטורמיש וואקסט די ייִדישע באפעלקערונג פונ אָדעס. פעסט־שטעלנ גענוי די צאָל פונ דער ייִדישער באפעלקערונג פונ אָדעס אינ יענער צײַט קאָנ מענ ניט איבער די גוט־באוווסטע באזונדערהײַטנ פונ דער דעמלטיקער ייִדישער „סטאטיסטיק" אינ צוזאמענהאנג מיט קאָפּשטײַער, רעקרוטשינע אאוו. אי. פינקעל האָט געהאלטנ אינ יאָר 1843, אז אינ אָדעס ווױנענ 12 טויזנט ייִדנ[5], און אינ 12 יאָר ארומ (אינ 1855) האָט י. טארנאָפּאָל געהאלטנ, אז אינ אָדעס ווױנענ בא 17 טויזנט ייִדנ[6]. אָבער דאָס זײַנענ אָנ סאָפעק פארקלענערטע ציפערנ. גערעכנט האָט מענ קימאט נאָר די „ייִדנ, וואָס זײַנענ צוגעשריבנ צו אָדעס" (אזוינע זײַנענ אינ 1853 געווענ 14 טויזנט)[7], און מע האָט קימאט גאָר ניט גענומענ אינ אכט די „ייִדנ פונ די מײַרעוו־גובערניעס, וואָס האָבנ זיכ די לעצטע צײַט א לאָז געטאָנ טויזנטערווײַז קיינ אָדעס"[8].

אזא אומגעוויינלעכער וווּקס פונ דער אָדעסער באפעלקערונג, באזונדערס פונ דער ייִדישער, לאָזט זיכ דערקלערנ מיט דער אלצ שטײַגנדיקער האנדלס־באדײַטונג פונ דער שטאָט, וועלכע האָט קאָנצענטרירט קימאט דעם גאנצנ אויסערלעכנ האנדל (דעריקער דעם טוווע־עקספּאָרט) פונ דאָרעם־מײַרעוו פונ דער גרויסער אימפּעריע. אָדעס איז געווענ דער גרעסטער עקאָנאָמישער צענטער פונ „טכום". אינ 1827 י. האָט דער אומזאצ פונעמ אויסערלעכנ האנדל פונ אָדעס באטראָפנ אכט מיליאָנ רובל, און אינ 1847 — שוינ גאנצע 34 מיליאָנ[9]. ניט קיינ סאכ קלענער איז געווענ די באדײַטונג פונ אָדעס אלס א צענטער פונעמ אינערלעכנ האנדל.

די וויכטיקסטע סאָציִאלע פּראָצעסנ, וואָס זײַנענ אָנגעגאנגענ יענע יאָרצענדליקנ צווישנ דער ייִדישער באפעלקערונג פונ רוסלאנד, האָבנ זיכ געלאָזט מערקנ

---

1 А. Скальковский. Записки о торговых и промышленных силах Одессы, Спб, 1858, стр. 1.

2 Одесса 1794—1894, Одесса, 1895, стр. 56.

3 А. Скальковский. Первое тридцатилетие истории города Одессы, Одесса, 1837, стр. 206.

4 А. Скальковский, „Записки", стр. 11.

5 И. Финкель. О торговле, промышленности, просвещении и образовании одесских евреев, Одесса, 1843, стр, 5.

6 Tarnopol J. Notices historiques et caracteristiques sur les israélites d'Odessa, 1855, p.182.

7 А. Скальковский. „Записки", стр. 12.

8 iв., стр. 11.

9 Одесса 1794—1894, стр. 190.

באזונדערס באשײַמפערלעכ אינ אָדעס, אָבער דאָ זײַנענ זיי אויכ דורכגעגאנגענ אינ א געוויסער מאָס אייגנזײַטיק. די פּאופּעריזירונג פונ די ייִדישע קליינבירגערלעכע מאסנ האָט זיכ דאָ א סאכ ווייניקער געוואָרפנ אינ די אויגנ איידער אינ דער ליטע אונ אפילע אינ דער מער גליקלעכער וואָלינ. אָבער דאָ אינ אָדעס איז אויסערגעוויינלעכ אינטענסיוו אונ שארפ דורכגעגאנגענ דער פּראָצעס פונ דער אויסבילדונג פונעם מיטל-בירגערטומ אונ פונ דער גרויס-בורזשואזיע. די ייִדישע האנדלס־בורזשואזיע פונ אָדעס געפינט זיכ יענע יאָרנ די גאנצע צײַט אינ א צושטאנד פונ אופשטײַג. אינ 1837 יאָר איז אינ אָדעס געווענ ייִדנ סאָכרים, מיטגלידער פונ דער גילדיע, ניט מער ווי 186; אינ 20 יאָר ארום, אינ 1856—שוינ 390[1], שוינ ניט ריידנדיק וועגנ א קאָלאָסאלער צאָל „מעשטשאנעס״, וואָס פארנעמענ זיכ מיט האנדל אונ פארמיטלערײַ. אינ ערגעצ אינ דער אימפּעריע איז דער פּראָצענט סאָכרים צווישנ דער ייִדישער באפעלקערונג ניט געווענ אזוי גרויס ווי אינ אָדעס[2].

די ייִדישע באפעלקערונג טיילט אויכ אויס א באדײַטנדיקע גרופּע קאָמערציעלע אריסטאָקראטיע — די קויפלײַט פונ די ערשטע צוויי גילדיעס. דער ייִדישער באנקיר ראפּאלאָוויטש האלט אינ זײַנ האנט אלע מינצ־מערק פונ טראנסקאווקאז, אונ זײַנ יערלעכער אומזאצ דערגייט ביז 15 מיליאָנ[3], אונ אזא ראפּאלאָוויטש איז קלאל ניט געווענ דער איינציקער. אינ די אנאלנ פונ דער בורזשואזער אָדעס געפינענ מיר אָנגאבנ וועגנ א גאנצער ריי ייִדנ פונ יענער צײַט — גאָר גרויסע גווירים אונ געשעפטלײַט. עמעס, די ערשטע ערטער אינ דער אָדעסער האנדל־וועלט האָבנ נאָכ א לאנגע צײַט — ביזנ מיטנ יאָרהונדערט — פארנומענ מערסטנטיילס אויסלענדישע קאָמערסאנטנ (גריכנ, איטאליענער אאוו.), אָבער די ייִדישע קויפמאנשאפט קעמפט אויס שטופנווײַז, טריט נאָכ טריט, די ערשטע פּאָזיציעס, אונ סאָפקאָלסאָפ ווערט זי דער העגעמאָנ אינ דעמ האנדלס־לעבנ פונ שטאָט. נעכטיקע קאפּצאָנים, אָנגעקומענע פונ גאליציע, פונ די אָרעמע ליטווישע שטעטלעכ, פונ די פארלעגענע שטעטלעכ פונ אוקראַינע, ארבעטנ זיכ מעשונעדיק גיכ ארופ אפ גווירים, וואָס פארמאָגנ הונדערטער טויזנטער, ווערנ לעגענדארישע אונ אמאָל אפילע ניט קיינ לעגענדארישע מיליאָנערנ. זיי ווערנ העלדנ פונ זייער קלאס. וועגנ אייניקע קאריערעס דערציילט מענ זיכ אָנ מײַסעס. דאָ, אינ אָדעס, ניט ערגעצ אינ דער ווײַטער לעגענדארישער אינדיע, פלעגנ די „אָרעמע וועלוולס״ ווערנ „רײַכע ענגלענדער״ („מאנ אונ ווײַב״) אונ פלעגנ זיכ בויענ אפּארטאמענטנ „מיט א סאכ, א סאכ פּאָקאָיעס״. דאָ האָט אויסגעלעבט זײַנע יאָרנ דער אוואנטיוריסט, דער געוועזענער מאכמעדאנער אונ קריסט אונ נאָכדעמ ווידער א פרומער ייִד מיכל דער אויזערקעס — דער ברודער פונ דער מאזלדיקער אוואנטיוריסטקע, דעמ אדמיראל גריינס ווײַב[4].

אָט דאָס גאנצע בינטל אופגעקומענע גווירים, זיגער אינעמ געראנגל פאר רײַכטומ, האָט ארויסגעשפּארט אפּנ פּאָדערגרונט אונ האָט פארשטעלט די, נא־

---

1 А. Скальковский. „Записки“, стр. 108.

2 אָ. מארגוליס. געשיכטע פונ ייִדנ אינ רוסלאנד, מאָסקווע, 1930, ז. 287.

3. „Промышленный Листок“, 1858, № 38.

4 ווי גאָטלאָבער דערציילט, האָט אקסענפעלד אויסגענוצט דאָס לעבנ פונ דעמ דאָזיקנ אוואנטיוריסט אלס סוזשעט פאר איינער פונ זײַנע ניט־געדרוקטע דערציילונגענ.

טירלעכ, אָנ אַנ ערעכ גרעסערע מאסנ, וואָס האָבנ געליטנ אַנ אוואריע אפנ שווערנ וועג צום רײַכטום — די אָרעמע פאקטוירים, קליינע הענדלער, די צאָל־רײַכע „לופט־מענטשנ אונ דעמ גאנצנ — דעמלט אינ אָדעס גאָר גרויסנ — ייִדישנ האָרעפּאשנעמ אוילעמ (האנטווערקער, טאָגארבעטער, פורמאנעס אאוו).

אקסענפעלד האָט פארבראכט אינ אָדעס דעמ גרעסטנ טייל פונ זײַנ לעבנ. ווי עס ווײַזט אויס, האָט ער אינ אָדעס טאקע אָנגעשריבנ אלע זײַנע ווערק. מיט אָדעס איז ער געווענ פארבונדנ מיט צאָלרײַכע סאָציִאַלע אונ קולטורעלע פעדעמ.

פעסטשטעלנ, ווענ אקסענפעלד איז געקומענ קיינ אָדעס, קאָנענ מיר נאָר בערערכ. דאָס האָט געמוזט זײַנ אינ אָנהייב פונ די 20־ער יאָרנ (יעדנפאלס ניט שפּעטער פארנ יאָר 1824)[1]. וואָס ער האָט געטאָנ אינ אָדעס, מיט וואָס ער האָט זיכ פארנומענ אינ די ערשטע יאָרנ פונ זײַנ פארברענגענ אינ אָדעס, — אפ דער דאָזיקער פראגע קאָנענ מיר אויכ ניט געבנ קיינ גענויעמ ענטפער אפנ סמאכ פונ דעמ ביִאָגראפישנ מאטעריִאַל, וואָס מיר פארמאָגנ. יעדנפאלס האָט דאָס געמוזט זײַנ קאָמערציעלע טעטיקײַט. גיכער פאר אלצ האָט ער זיכ פארנומענ מיט אויסערלעכנ האנדל, ווי קימאט אלע גליק־זוכער אינ אָדעס. א געוויסע קענטעניש פונ פרעמדע שפראכנ אונ די דערפארונג פונ זײַנע אויסלענדישע וואנדערונגענ איז אימ דאָ צונוצ געקומענ, אָבער קיינ צו גרויסנ דערפאָלג האָט ער אפ דעמ געביט ניט געהאט, אונ אזא ווי ארנ קלוגער („דער ערשטער ייִדישער רעקרוט”) אָדער ווי אנ אנדערער פונ די באליבטע העלדנ פונ זײַנע ווערק איז ער ניט געוואָרנ. ער איז געווענ ניט מער ווי אנ אָדעסער „סויכער פונ דער דריטער גילדיע”. אָבער, אפּאָנעמ, אפילע אינ יענע יאָרנ איז ער געווענ פארהעלטניסמעסיק א פארמעגלעכער מענטש. נאָענט אופגעטראָגנ מיט די פּניי פונ דער אָדעסער ייִדישער געזעלשאפט, איז ער דאָ געוואָרנ א גאנצ „בעקאָוועדיקער” מענטש. צומ בײַשפּיל, שוינ אינ יאָר 1826 געפינענ מיר זײַנ אונטערשריפט צווישנ די אונטערשריפטנ פונ די 66 סאמע „בעקאָוועדיקע אונ אופגעקלערטע פאָרשטייער פונ דער אָדעסער ייִדישער קויפמאנשאפט אונטער דער באקאָשע וועגנ עפענענ אינ אָדעס א ייִדישע שול לויט א רעפאָרמירטער פראָגראמ[2] (ווי ס'איז באוווסט, איז די אָדעסער ייִדישע שול, וואָס איז געעפנט געוואָרנ אינ 1826 יאָר געווענ דער צווייטער ייִדישער לערנ־אנשטאלט פונ אַנ „אייראָפּייִשנ” שניט אינ רוסלאנד, די אומאניער שול האָט עקזיסטירט גאָר א קורצע צײַט).

אומגעפער אינ 1835 יאָר וואַרפט אקסענפעלד אוועק די האנדלס־טעטיקײַט אונ ווערט אנ „עפנטלעכער נאָטאריִוס”, אינ א יאָר ארומ ווערט ער אויכ א „געשוואָרענער סטראפּטשע” באמ אָדעסער האנדלס־געריכט[3], בלײַבנדיק בא זײַנ טיטל „אָדעסער סויכער פונ דריטער גילדיע”. אָט די באשעפטיקונג האָט אימ גע־

---

1 אינ 1825 י. איז בא אימ אינ אָדעס געבוירנ געוואָרנ זײַנ עלטערער זונ (זע אווגוסט אקסענפעלדס נעקראָלאָג אינ Progrés medicale, 1876, ז. 657) פונ דער צווייטער פרוי, מיט וועלכער ער האָט כאסענע געהאט אינ אָדעס.

2 י. רימיניק. א קאפּיטל אקסענפעלדס ביִאָגראפיע, „צײַטשריפט” V, מינסק, 1931.

3 די דאָזיקע דאַטנ זײַנענ פעסטגעשטעלט געוואָרנ לויטנ אָפיציִעלנ „Новороссийский Календарь”, וווּ אקסענפעלד ווערט דעמלט פארעגיסטרירט צום ערשטנ מאָל מיט די דערמאָנטע טיטלענ זײַנע.

געבנ א גאנצ אָנשטענדיקע האכנאָסע[1] אונ האָט אים געשאפנ א גאנצ אָנגעזעענע געזעלשאפטלעכע לאגע. זי פארבינדט אים פּראָפעסיאָנעל מיט די פּניי פונ דער שטאָט, מאכט אים פאר א דירעקטנ צוזעער פונעם לעבנ פונ די פארשיידנארטיקע אָדעסער קאָמערסאנטנ אונ גרויסע געשעפטלײַט. אזיווי צווישנ די נאָטאריוסנ אונ געשוואָרענע סטראפּטשעס פונ אָדעסער האנדלס-געריכט זײַנענ געווענ אי גריכנ, אי איטאליענער, אי דײַטשנ, האָט אקסענפעלד, אפּאָנעם, געהאט דורכויס א ייִדישע קליִענטור.

אָט די דירעקטע סאָציִאלע סוויווע — די אייבערשטע שיכטנ פונ דער אָדעסער ייִדישער קויפמאנשאפט — האָט פאָרגעשטעלט מיט זיכ, פונ שטאנדפונקט פונ קולטור אונ לעבנשטייגער, א גאָר אינטערעסאנט בילד. צונויפגעקומענ זיכ קיינ אָדעס פונ די פארשיידענע עקנ פונ גאליציע אונ פונ „טכום", פלעגנ די מענטשנ פונ אָט דער סוויווע גיכ אָנווערנ זייער אלטפרענקיש אויסזענ, פלעגנ אָפּשערנ די בערד, אָנטאָנ קורצע רעק אונ אָנהייבנ ריידנ „דײַטשמעריש". באגלײַכ מיט דער אויסערלעכער „אייראָפּייִזירונג" פלעגנ זיי ווערנ אלצ גרעסערע אונ גרעסערע „אפּיקאָרסים". „הונדערט מײַל ארומ אָדעס ברענט דער גענעמ", — אזא ווערטל איז דעמלט אויפגעקומענ צווישנ דער ייִדישער אָרטאָדאָקסיע. אונ ווי ער וואָלט וועלנ איבערפראזירנ אפ זײַנ שטייגער דאָס זעלבע ווערטל, האָט דער ראדיקאלער מאסקל איליש אויסגעשריִענ: „לעבנ זאָל אָדעס, אָט די קאָלאָניע, וואָס קלערט אופ אלצ מיטאנאנדער ארומ זיכ אפ דער עקסטער גרענעצ פונ רוסלאנד, וואָס פארשפרייט ארומ זיכ איר געבענטשטע ווירקונג[2]. אָט דעמ „אופגעקלערטנ" כאראקטער פונ דער אָדעסער ייִדישער באפעלקערונג האָבנ אויכ באטאָנט אלע אנדערע כראָניסטנ פונ דעמ אָדעסער ייִדנטומ (פינקעל, טארנאָפּאָל אונ אנדערע). זיי האָבנ גאנצ קלאָר געשפּירט אויכ די סאָציִאלע סיבעס פונ דער דאָזיקער „אופקלערונג". דער נאָרוואָס ציטירטער איליש האָט געשריבנ: „אינ זייערע הענט (אינ די הענט פונ די אָדעסער ייִדנ. ש. ב.) ליגט דער גרעסטער טייל פונ דעמ טוווע־האנדל אונ דעמ געלט־האנדל, אונ רײַכקײַט ברענגט געוויינלעכ מיט אופקלערונג, מילדערונג פונ די זיטנ, די שטרעבונג צו העכערס, בעסערס, צו גײַסטיקס"[3]. אלע צוזעער פונעם אָדעסער ייִדישנ לעבנ האָבנ באזונדערס קאָנסטאטירט, אז די כסידישע צאדיקימ אונ „גוטע־ייִדנ" האָבנ גאנצע צענדליקער יאָרנ ניט געהאט קיינ צוטריט צו אָדעס — אינ דעמ דאָזיקנ גרעסטנ ייִדישנ צענטער, וואָס איז געלעגנ הארט בא די כסידישע ראיאָנענ — ווײַל די אָדעסער ייִדנ זײַנענ געווענ „אופגעקלערט", אָבער דעריקער ווײַל די פּניי פונ דער אָדעסער ייִדישער בורזשואזער אינטעליגענצ האָבנ אינ דעמ פראט געהאט די אקטיווע שטיצע פונעמ אדמיניסטראטיוו-פּאָליציייִשנ אפּאראט[4].

---

1 א. צעדערבוימ, וואָס האָט גוט געקענט אקסענפעלדנ אינ די לעצטע יאָרצענדליקנ פונ זײַנ לעבנ, קאָנסטאטירט, אז פונ זײַנ ארבעט האָט ער „זיכ אינ ערנ ערנערט", אָבער ער פאָרמולירט פּאָרזיכטיק, אז אקסענפעלד איז ביכלאל געווענ „ניט זייער באמיטלט" („קול מבשר", 1866, נומער 26) אונ האָט ניט געהאט קיינ „עושר רב" („קול מבשר", 1866, נומער 40).

2 Роберт Ильиш. Еврейские мелодии, Спб., 1864, стр. 70.

3 דאָרטנ ז. 72.

4 פינקעל אינ זײַנ אָנגעוויזענעמ ווערק, ז. 20; אָ. ראבינאָוויטש אינ „Рассвет" 1860, נומ. 22 אונ אינ זײַנע: сочинения, т. III, Одесса, 1888, ז. 207—211.

די מאדרייגע פון דער אויסערלעכער „אייראָפּייִזירונג פון דער אָדעסער ייִדישער באַפעלקערונג פון אָקסענפעלדס צײַט קאָן מען זען, צום בײַשפּיל, פון אזא אינטערעסאנטן פּראַט: אפילע די סאמע דעמאָקראַטישע שיכטן פון די אָדעסער ייִדן באזוכן דעמלט גערן און אָפט די אָדעסער טעאַטערן. איינער פון די רײַזנדער, וואָס האָבן באזוכט אָדעס אין די 30-ער יאָרן, האָט פאַרצייכנט בא זיך: „באזוכנדיק פיל מאָל דעם איטאַליענישן טעאַטער אין אָדעס, האָב איך גע-האַט א געלעגנהײַט צו באמערקן, אז דער גרעסטער טייל פון די צושויער זײַנען זשידעס... מיט וואָס פאַר א היץ זיי פילן דאָס מיט דעם אָדער יענעם אַקטיאָר"[1]. און די אַקטריסע שובערט, וואָס האָט געשפּילט אַף דער אָדעסער סצענע אין דער רוסישער דראַמע אין די יאָרן 1847—1854, האָט געשריבן אין אירע דערינערונגען: „דאָס פּובליקום איז געווען גאַנץ ציוויליזירט. דער פּלעבס איז באשטאַנען פון ייִדן, וואָס האָבן זייער ליב טעאַטראַלישע פאַרשטעלונגען"[2].

אָדעס פון יענער צײַט האָט גאָר ניט געהאַט דעם אָנבליק פון א רוסישער שטאָט. רוסיש האָט מען געהערט נאָר אין די קאַזיאָנע קאַנצעליאַריעס און אין ענגע קרײַזן פון רוסישע באַאַמטע און אָפיצערן. אין די פאָרשטעט און אין די סלאָבאָדקעס האָט מען גערעדט אוקראַיִניש, און אין פּאָרט, אַף דער בירזשע, אין די סאָכרישע קאַפעען און אומעטום, ווו עס האָט פּולסירט דאָס לעבן פון דער דאָזיקער פרײַער האַנדלס-שטאָט, האָט מען גערעדט איטאַליעניש, פראַנצויזיש, גריכיש, דײַטש און ייִדיש. די ערשטע אָדעסער צײַטונג איז אַרויסגעגאַנגען אַף פראַנצויזיש, אין דער אָדעסער אָפּערע האָבן געזונגען איטאַליענער, אין דראַ-מאַטישן טעאַטער זײַנען אויפגעטראָטן באַגלײַך מיט רוסישע טרופּעס דײַטשן, פּאָ-ליאַקן אאַוו. אין אזא פאַרשיידנשטאַמיקער און פילשפּראַכיקער סוויווע אָריענטירט זיך די אָדעסער ייִדישע בורזשואַזיע אין איר גיכן אַסימילירן זיך — ווייניקער פאַר אַלץ אַף דער רוסישער קולטור. די אָריענטאַציע אַף דער אויסלענדישער קולטור דערגייט אזוי ווײַט, אז די „אויפגעקלערטע" אָדעסער ייִדישע בורזשואַזיע רוקט אפילע אַרויס שרײַבער אַף פראַנצויזיש און איטאַליעניש. צום בײַשפּיל, דער באַוווסטער אָד'עסער געזעלשאַפטלעכער טוער פון יענער צײַט יאָאַכים טאַרנאָפּאָל, דער קאָמענדיקער מיטרעדאַקטאָר פונעם ערשטן רוסיש-ייִדישן אָרגאַן „Рассвет", דרוקט א ריי פּובליציסטישע און בעלעטריסטישע ביכער אַף פראַנצויזיש, אַף פראַנצויזיש דרוקט זיך אויך א געוויסער י. לעווענסאָן; דער אָדעסער אײַנוווינער מאַרקאָ וואַלטוכ האָט ווער ווייסט פאַרוואָס געשריבן זײַנע דראַמאַטורגישע „ווערק" אַף איטאַליעניש. אַף איטאַליעניש שרײַבט אויך איינער א דערבליכ.

אָבער די וויכטיקסטע קולטור-שפּראַך פון די פּניי פון דער אָדעסער ייִדישער באַפעלקערונג איז געווען דײַטש. פיל מיטגעווירקט דערצו האָט דער פאַקט, אז צווישן דער אָדעסער ייִדישער בורזשואַזיע האָבן דעמלט געשפּילט אַן אָנפירנדיקע ראָליע די אָנגעקומענע פון דער געמאַניזירטער גאַליציע. די גאַנצע ערשטע העלפט פון פאָריקן יאָרהונדערט האַלטן אין איין אָנקומען קיין אָדעס ייִדן פון גאַליציע און בוקאָווינע. א באַזונדערס גרויסע קאָלאָניע בילדעט זיך אין אָדעס פון די בראָדער ייִדן (דעריבער האָט מען אין אָדעס אָנגעהויבן רופן אַלע אָנ-

[1] Всеволожский И. Путешествие через Южную Россию, Крым и Одессу, т. I Москва, 1839, стр. 100.

[2] Шуберт. Моя жизнь. Ленинград, 1929, стр. 226.

געקומענע פונ גאליציע אונ בוקאָווינע „בראָדער ייִדנ“). בראָד איז געווענ דער גרעסטער צענטער פונעם האנדל צווישנ עסטרײַכ אונ רוסלאנד אונ דער טראנזיט-פונקט פארנ האנדל צווישנ עסטרײַכ אונ דעם מיזרעכ. אינ דעם האנדל-אומזאצ פונ אָדעס פארנעמט דער האנדל מיט בראָד א גאָר גרויס אָרט (אינ 1830 י. איז פונ בראָד אימפּאָרטירט געוואָרנ סכוירע קימאט אפ 2 מיליאָנ רובל, באַ אנ אלגעמיינעמ אימפּאָרט פונ 15 מיליאָנ[1]). די דאָזיקע עקאָנאָמיש אונ סאָציאַל גאנצ באַדײַטנדיקע „בראָדער“ קאָלאָניע איז עס געווענ דער הויפּט-טרעגער אונ פארשפּרייטער פונעם „אייראָפּייִזמ“ צווישנ דער ייִדישער באפעלקערונג. דאָס האָבנ זיי דאָ געגרינדעט די אזויגערופענע „בראָדער“ כאָר־שול. דאָס איז נאָכ ניט געווענ קיינ „טעמפּל“, אָבער זי האָט שוינ געהאלטנ באַ די אייראָפּייִשע ליבעראַלע מוסטערנ. זיי האָבנ אויסגעשריבנ פונ דײַטשלאנד א שטאָט-ראבינער אונ א פריידיקער ד"ר שוואבאכער, וואָס פלעגט האלטנ זײַנע דראָשעס אפ א מעליצעדיקנ דײַטש. פונ זייער סוויווע איז דאָס ארויסגעקומענ גוראָוויטש, דער „געלערנטער ייִד“ באַמ אָדעסער גענעראל-גובערנאטאָר, דער באוווּסטער סוינע פונ ייִדיש; נאָענט צו זיי איז אויכ געשטאנענ באזיליוס שטערנ, דער פארוואלטער פונ דער אָדעסער ייִדישער שול (אויכ א „דײַטש“, נאָר פונ קורלאנד) אונ אלע איבעריקע „טוער“ פונ די אָדעסער ייִדנ. זיי זײַנענ אויכ אינ זייער לעבנשטייגער געווענ אינ א היפּשער מאָס „אייראָפּייער“, האָבנ זיכ געקליידט „דײַטש“ אונ האָבנ גערעדט צווישנ זיכ, אינ דער היימ אונ אפנ גאס, אויב ניט ריינ דײַטש, איז יעדנפאלס א שטארק גערמאניזירטנ ייִדיש, וואָס זיי אליינ האָבנ געהאלטנ פאר דײַטש.

מיט דער דאָזיקער סוויווע פונ די „בראָדער“ ייִדנ איז אקסענפעלד געווענ גאָר שטארק אופגעטראָגנ. ווי מיר ווייסנ, האָט ער כאסענע געהאט מיט דער טאָכטער פונ א בראָדער („רעב אבעלע הורוויצ אויס בראָדי“)[2]. ער ווערט אויכ א מיספּאלעל אינ דער דערמאָנטער „בראָדער“ כאָר־שול, אונ אויב מע קאָנ אורטיילנ לויט דער גרייס פונ זײַנ יערלעכנ אָפּצאָל[3] פארנעמט ער דאָרטנ א גאנצ בעקאָוועדיקע לאגע. זײַנ קענענ דײַטש, א געוויסע קענטעניש אונ ליבע צומ מײַרעוו־אייראָפּייִשנ לעבנשטייגער, וואָס ער האָט ארויסגעפירט פונ זײַנ ווײַלנ אינ אויסלאנד, האָט אימ געמוזט נאָכ ענגער פארבינדנ מיט די אָדעסער „ייִדישע דײַטשנ“.

אקסענפעלד האָט געשטאמט פונ די אָרעמע שיכטנ פונ אנ אוקראַיִניש שטעטל. ער האָט אפ זײַנ גאנצ לעבנ פארגעדענקט דעמ געדיכטנ אײַנגעפונדעוועטנ לעבנשטייגער פונ דעמ כסידישנ שטעטל אונ די גרונט־פארשוינענ פונ שטעטל אינ זייער גאנצער סאָציאַלער היסטאָרישער קאָנקרעטקייט. ווי מיר האָבנ שוינ אויבנ אָנגעוויזנ, איז די טעמאטיק פונ זײַנ שאפונג (אויסער דער דערציילונג „За двумя зайцами“, וואָס איז צו אונדז דערגאנגענ אינ א רוסישער איבערזעצונג) געבליבנ פארבונדנ מיט די ערטער, וואָס ליגנ הארט באַם ראיאָנ, פונוואַנענ ער שטאמט,

1 Baguer J Ribus. Memoria sobre el commercio de los puertos del Mar Negro, Madrid, 1832 p. 34.

2 „קול מבשר“, 1866, נומ. 26.

3 Rechenschaft-Bericht der Synagoge der Brodyer Gemeinde in Odessa über die letzten 4 Jahre 1854—1858. Odessa. 1858. זײַנ יערלעכער בײַטראָג איז געווענ 20 רובל.

און מיט די יאָרנ, ווענ ער איז נאָכ דאָרטנ געווענ. אונ שאפנדיק זײַנע ווערק אינ גאָר אנדערע באדינגונגענ, באגײַסטערט פונ די לאָזונגענ, וועלכע ער האָט באקומענ אינ גאָר אנ אנדער סאָציאַלער סוויווע, פירט ער נאָכ אלצ ארויס מענטשנ פונ דעמ זעלבנ אוקראַיִנישנ כסידישנ שטעטל. לאנג אוועקגעגאנגענ פונ זיי אינ דער „גרויסער וועלט“ ארײַנ, קערט ער זיכ אומ צו זיי מיט מוסער אונ געזעלשאפטלעכער פריידיקונג.

אָט די דײַטלעכע סאָציאַלע געווענדטקײַט פונ זײַנ שאפונג האָט אויכ פאָרויסבאשטימט די שפראכ, אפ וועלכער ער האָט געשריבנ. טעאָרעטיש האָט זיכ אקסענפעלד מיסטאמע אינגאנצנ סאָלידאריזירט מיט דער אידעאָלאָגיע אונ די פאָרורטיילנ פונ די מענטשנ פונ זײַנ קלאס, ער האָט געהאלטנ יידיש נאָר פאר א מעניִע אפנ וועג צו „אייראָפּייִזירנ“ די יידנ, פאר א ווילדנ העברעייִש־דײַטש־פּוילישנ זשארגאָנ[1]. ער וואָלט אוואדע געוואָלט, אז די יידנ זאָלנ ריידנ אויב ניט אפ דער שפראכ פונ שילער אונ פונ דעמ אָדעסער ראבינער ד״ר שוואבאכער, איז ווייניקסטנס אפ דער „לאנדעס שפראכע“ — אפ רוסיש. פאר דער שפראכ פונ דער יידישער „גײַסטיקער“ קולטור האָט ער, נאטירלעכ, געהאלטנ העברעייִש. באקומענ א יידישע טראדיציִאָנעלע דערציִונג, האָט ער גוט געקענט העברעייִש (דאָס קאָנ מענ זענ אפילע פונ זײַנע העברעייִשע בריוו, וועלכע ער האָט אדרעסירט צו די מאס־קילימ פונ זײַנ צײַט)[2]. אָבער דער לעבעדיקער געפיל פונ א לייענער, וואָס האָט קיינמאָל ניט פארלאָזנ אקסענפעלדנ דעמ שרײַבער, וועלכנ עס איז ניט באשערט געווענ דורכצורײַסנ זיכ צומ לייענער, — האָט בא אימ ניט געקאָנט ארויסרופנ קיינ סאָפעק וועגנ דעמ, אפ וועלכער שפראכ ער דארפ שרײַבנ. ער האָט פארשטאנענ, אז ווענ ער זאָל שרײַבנ אפ העברעייִש, אפ דײַטש צי אפ רוסיש, וואָלטנ זײַנע ווערק קימאט אינגאנצנ אָנגעוואָרנ זייער סאָציאַלע באדײַטונג; אז ווענ זײַנע ווערק זאָלנ זײַנ אָנגעשריבנ ניט אפ א שפראכ, וואָס איז צוגענגלעכ פאר די ברייטסטע מאסנ, וואָלטנ זײַנע ווערק געוואָרנ א פוסטער שאָס.

אינ איינער פונ זײַנע ביטשריפטנ, וואָס ער האָט אדרעסירט אינ 1849 צומ מיניסטער פונ פאָלקס-בילדונג, האָט אקסענפעלד פאָרמולירט גאָר גענוי אונ אופריכטיק זײַנ שטאנדפונקט. ער האָט געשריבנ: א סאכ יידישע אווטאָרנ האָבנ זיכ געמיט ארויסצופירנ זייערע גלויבונגס־ברידער פונ טאָעס, ווײַזנ זיי די אומגעלומפערטקײַט פונ זייערע פאָרורטיילנ... פונ די מיטלענ, וועלכע זיי האָבנ געברויכט, האָט מענ ניט געקאָנט ווארטנ, אז עס זאָל אויסגעוואָרצלט ווערנ דאָס בייז, וואָס האָט זיכ אזוי טיפ אײַנגעוואָרצלט: זיי האָבנ געשריבנ זייערע ווערק אפ העברעייִש אָדער אפ דײַטש. אונ ווירקלעכ, האָבנ דענ די דאָזיקע ווערק געקאָנט האָבנ וואָסער-ניט-איז ווירקונג, ווענ די פּראָסטע מענטשנ, פאר וועלכע זיי זײַנענ באשטימט

1 דער „דײַטש“ שיינפעלד אינ „מאנ אונ ווײַב“ דריקט, אפאָנעמ, אויס אקסענפעלדס שטאנדפונקט, ווענ ער זאָגט: איר ווייסט ניכט, אמאָל דאָס יידיש הייסט לאָשנקוידעש, וואָס איר דאָ שמועסט, איסט פארמישט דײַטש, לאָשנקוידעש אונ פּאָלניש“.

2 ווי ווײַט מיר ווייסנ, האָט ער מיט די העברעייִשע שרײַבער פונ זײַנ צײַט אופגעהאלטנ אויכ פערזענלעכע באציִונגענ (דירעקט אונ דורכ קאָרעספּאָנדענצ). זע זײַנע בריוו צו לעווינזאָנענ, גאָטלאָבערנ, צו טעוויִע פעדער, וואָס זײַנענ פארעפנטלעכט אינ ערשטנ באנד פונ זײַנע ווערק, אונטער דער רעדאקציע פונ מ. ווינער. קיִעוו, 1931, ז. 345 — 356.

געוועג, האָבנ ניט פארשטאנענ קײנ אײנע פונ די דאָזיקע שפראכנ?"[1]. אונ אינ א צווייטער ביטשריפט זײַנער, וואָס ער האָט אָנגעשריבנ אינ 20 יאָר ארום, האָט אקסענפעלד געזאָגט, אז די דאָזיקע „פראָסטע מענטשנ" באטרעפנ 90 פראָצענט פונ דער גאנצער יִדישער באפעלקערונג פונ רוסלאנד[2]. פאר זיי האָט מענ געקאָנט אונ באדארפט שרײַבנ נאָר „אפ דער פּאָשעטער שפראכ, וואָס ווערט באנוצט צווישנ די יִדנ", דה. אפ יִדיש.

3

מע קאָנ אָנעמענ אלס א האשאָרע, אז נאָכ אינ דעם פאר-אָדעסער פּעריאָד פונ זײַנ לעבנ האָט אקסענפעלד (ווי דער העלד פונ זײַנ „קאפצנ-אוישער-שפּיל" ארנ באלמאכשאָוועס, אינ וועלכנ עס איז אָנ א סאָפעק פאראנ א סאכ אווטאָביאָ-גראפישע שטריכנ) געשריבנ פּובליציסטיש-דידאקטישע „געלעגנהײַט-געדיכטנ". אָבער זײַנ ערנסטע ליטעראַרישע טעטיקײַט הייבט זיכ אָנ אינ אָדעס, אומגעפער אינ סאמע אָנהייב פונ די דרײַסיקער יאָרנ. אינעמ „רייסטער" פונ זײַנע ווערק, וואָס ער האָט געמאכט אינ 1862, זאָגט אקסענפעלד, אז ער שרײַבט „פונ פאר דרײַסיק יאָר אָנ"[3], אונ ער האָט געשריבנ ביז די סאמע לעצטע יאָרנ פונ זײַנ לעבנ.

אקסענפעלד איז געווענ אויסערגעוויינלעכ פּראָדוקטיוו, אונ דאָס איז מאמעש א ווונדער, ווענ מע נעמט אינ אכט, אז ער איז ניט געווענ קיינ שרײַבער פּראָ-פעסיאָנאל. אינעמ נאָרוואָס דערמאָנטנ „רייסטער" רעדט זיכ וועגנ 26 ווערק, צוגעגרייטע צומ דרוק. צווישנ זיי זײַנענ פאראנ עטלעכע גאָר גרויסע, אינ א סאכ טיילנ[4]. אָבער דער דאָזיקער „רייסטער" נעמט געוויס ניט ארומ אקסענפעלדס גאנצע, ליטעראַרישע פּראָדוקציע[5]. ער האָט אָנגעשריבנ עטלעכע הונדערט דרוק-בויגנס, צענדליקער בענדער. ער איז געווענ גאָר פארשיידנארטיק אינ זײַנ שרײַבערישער מאניר. ער האָט געשריבנ, ווי ער אליינ זאָגט, „דראמענ אונ קאָמעדיעס, דער-ציילונגענ אונ ראָמאנענ"[6]. ס'איז אינטערעסאנט צו פארצייכענענ, אז אקסענפעלד זאָגט גאָרנישט וועגנ זײַנע ניט-פּראָזאִישע פּרוווּנ. עס זעט אויס, ווי ער וואָלט גאָר ניט געווענ טעטיק אינעמ פּערזנ-זשאנר, וואָס איז דעמלט געווענ שטארק פארשפּרייט אינ דער ליטעראַטור אפ יִדיש. דאָס איז קוימ מעגלעכ. ער האָט אָנ סאָפעק געהאט א נייגונג אונ ליבע צו ווערסיפיקאציע אונ פלעגט ארײַנשטעלנ לידער אפילע אינ זײַנע דראמעס (באזונדערס, צב., אינ „קאפצנ-אוישער-שפּיל").

אקסענפעלד איז געווענ זייער פּאָפּולער אינ דער יִדישער אָדעס. ווי צעדער-בוימ דערציילט, איז אקסענפעלדס הויז געווענ „א פארזאמלונגס-אָרט פאר אלע קלאסנ לײַטישע מענטשנ. לאָמדימ, פרומע, געלערנטע, געבילדעטע, רײַכ אונ אָרעמ — אלע האָט מענ דאָרט זייער פרײַנטלעכ אופגענומענ... מיט איינ וואָרט, עס איז געווענ איינס פונ די שענסטע הײַזער אינ שטאָט"[7].

---

1 „צײַטשריפט" V, ז. 179.

2 פארעפנטלעכט אינ מײַנ ארטיקל „אקסענפעלדס פּרווו צו גרינדנ א דרוקערײַ אינ אָדעס" „ביבליאָלאָגישער זאמלבוכ" I, קיעוו, 1931, ז. 101.

3 „Пережитое", т. V, СПБ., 1913, стр. 328.

4 דאָרטנ, ז. 329.

5 זע י. רימיניקס ציטירטנ ארטיקל, ז. 175

6 זע מײַנ דערמאָנטנ ארטיקל, ז. 100.

7 „קול מבשר", 1866, נומ. 26.

נאַטירלעך, די ברייטע קרײַזן פֿון דער אָדעסער „אויפֿגעקלערטער" ייִדישער
באַפֿעלקערונג האָבן געוווּסט וועגן אַקסענפֿעלדס שרײַבן. ער האָט אָן ספֿק בא-
קאַנט געמאַכט דירעקט זײַנע פֿרײַנט און באַזוכער מיט די רעזולטאַטן פֿון זײַן
שעפֿערישער אַרבעט, האָט זיי געלייענט פֿראַגמענטן פֿון זײַנע ווערק[1]. אָבער
ווי ברייט זײַנע ווערק האָבן געקאָנט זײַן באַוווּסט אין דעם גרויסן קרײַז פֿון
זײַנע פֿרײַנט, האָט דאָס דאָך גאָר ווייניק צופֿרידנגעשטעלט אַקסענפֿעלדן. זײַנע ווערק
זײַנען געווען גאָר דײַטלעך סאָציאַל געווענדעט און, נאַטירלעך, ווייניקער פֿאַר
אַלץ — צו זײַן אָדעסער „געבילדעטער" אַרומרינגלונג. זײַנע ווערק האָבן אויך ניט
געקאָנט באַקומען אַ מער ווייניקער ברייטע פֿאַרשפּרייטונג אין האַנטשריפֿטלעכע
קאָפּיעס, ווי דאָס איז דעמלט געווען דער פֿאַל מיט אַ סאַך ווערק אויף ייִדיש,
דעריקער מיט לידער. זיי זײַנען געווען צו גרויס און ניט פּאַסיק דערצו לויט
זייער ליטעראַרישער פֿאָרם. די סאָציאַלע געווענדטקײַט, וואָס האָט דורכגעדרונגען
אַקסענפֿעלדס גאַנצע שאַפֿונג, האָט פֿאַר אים געשטעלט פֿון סאַמע אָנהייב אָן
גאַנץ שאַרף די אויפֿגאַבע צו מאַכן זײַנע ווערק צוגענגלעך פֿאַר ברייטע
קרײַזן לייענער, דה. פֿריִער פֿאַר אַלץ אָפּדרוקן זיי. אָבער דאָ זײַנען פֿאַר אַקסענ-
פֿעלדן אויפֿגעקומען שוועריקײַטן קימאַט ניט בײַצוקומען: די „דרוק-מאָנאָפּאָל"
האָט אָוועקגעשטעלט דאָס ייִדישע דרוק-וועזן אין גאָר באַזונדערע, אויסערגעוויינ-
לעכע באַדינגונגען.

די רעגירונג פֿון ניקאָלײַ דעם ערשטנס צײַט האָט זיך געווענדעט צו דער
ייִדישער באַפֿעלקערונג מיט צוויי געשטאַלטן. דאָס לאַנד איז געגאַנגען זיכער,
כאָטש לאַנגזאַם, אָפּן וועג פֿון לויזבינדן די קאַפּיטאַליסטישע פֿאַרהעלטענישן, און
פֿונדאַנען קומט די שטרעבונג, וואָס גייט דורך ווי אַ רויטער פֿאָדעם דורך דער
גאַנצער ייִדנפֿײַנטלעכער געזעצגעבונג, צו סטימולירן דעם פּראָצעס פֿון אויסטיילן
די סאָציאַלע פּניי פֿון דער ייִדישער געזעלשאַפֿט, די ליקווידאַציע פֿונעם „קאָהאָל"
און די גאַנצע אינטערעסאַנטע געשיכטע פֿון דער קאַזיאָנער „ייִדישער בילדונג"
אַאוו. אויף די דאָזיקע וועגן איז צו שטאַנדגעקומען אַ „בונד" צווישן די מאַסקילים
פֿון ערשטן דאָר מיט די „אויפֿגעקלערטע" פּאָליציאַנטן און זשאַנדאַרמישע קולטור-
טרעגער. מיט זיי האָבן אויך געפֿירט אַ מער ערנסטן „ראָמאַן" די ווײַט מער
רעאַליסטישע פֿאָרשטייער פֿון דער ייִדישער גרויס-בורזשואַזיע; זיי האָבן גוט דיס-
קאָנטירט און אויסגעצייכנט אויסגענוצט פֿאַר זייערע אינטערעסן די בוילעטע טענ-
דענצן פֿון דער רעגירונג אָפּצוטיילן צווישן דער ייִדישער מאַסע די „אויסדער-
וויילטע" (דה. די רײַכע) פֿון דער „מעקענע". אָבער אין רוסלאַנד פֿון יענער
צײַט דערגייט ביז צו זײַן אָפּאָגיי און דער העכסטער פֿאַרענדיקטקײַט דער פֿעאָדאַל-
לײַבייגנטימערישער רעזשים. ער געפֿינט זײַן בוילעטסטן אויסדרוק אין דער נאַ-
ציאָנאַלער פּאָליטיק פֿונעם צאַריזם, און צווישן דעם באַזונדער אין דער ייִדנ-
פֿראַגע. פֿונדאַנען קומט די ווילדסטע ייִדנפֿײַנטלעכע געזעצגעבונג, וואָס ווערט
דורכגעפֿירט פֿעלדפֿעבעליש גראָדליניק, — די אַלע „ראַזבאָרן", די רעקרוטשינע
אַאוו. האַמעוועדיק מיט אַלע אויפֿאַנים דעם איבערגאַנג פֿון לאַנד אויף קאַפּיטאַ-

1 דער אַלטער אָדעסער טוישעוו, דער אַדוואָקאַט מ. צווילינג, וואָס איז געשטאָרבן מיט עטלעכע
יאָר צוריק, האָט מיר דערציילט, אַז אַקסענפֿעלד פֿלעגט אַזוי גערן לייענען זײַנע פֿרײַנט און באַ-
זוכער פֿראַגמענטן פֿון זײַנע ווערק, אַז אין אייניקע קרײַזן האָט מען אים שיר ניט געהאַלטן פֿאַר
אַ גראַפֿאָמאַן.

ליסטישע רעלסן, איז די רעגירונג גאַנץ אײַנגעהאַלטן אין איר — דאָך גאַנץ דײַט־
לעכער — אָריִענטאַציע אַף די גרויס־בורזשואַזע שיכטן פונעם ייִדנטום, און זי שענקט
זיי איר „כעסעד” גאַנץ קאַרג. טרויעריק אינגאַנצן דער לאָיאַלקײַט פון אירע פאַר־
בינדעטע — די „אופגעקלערטע” פנייי פון דער ייִדישער באַפעלקערונג, שאַצט אָבער
ניקאָלײַ דעם ערשטנס רעגירונג צו הויך דעם ייִדישן „פאַנאַטיזם” אַלס אַ מיטל
צו האַלטן אין געהאָרכזאַמקײַט — סאָציִאַל און פּאָליטיש — די גרונט־מאַסן פון אירע
ייִדישע אונטערטאַנער. פונדאַנען שטאַמט די גאַנצע ניט־גענוגנדיקײַט און ניט־
קאָנסעקווענטקײַט אינעם קאַמף קעגן דעם „פאַנאַטיזם” (און קעגן זײַן וויכטיקס־
טער מאָדיפיקאַציע — קעגן כסידעס), די ניט גענוגע דײַטלעכקײַט און קאַטעגאָריש־
קײַט אין דער גאַנצער סיסטעם פון דורכפירן די ייִדישע „בילדונג”.

אָט די גרונט־ליניעס, וואָס האָבן באַשטימט דעם אייגנאַרטיקן געמעל פון
דער ייִדן־פּאָליטיק און ייִדן־געזעצגעבונג פון יענער צײַט, לאָזן זיך זייער דײַט־
לעך מערקן אין אַזאַ פאַל ווי די „דרוק־מאָנאָפּאָל”.

ניקאָלײַ דעם ערשטנס צײַט איז געווען די צײַט פון „ענדגילטיקע” מאָסמיטלען
אין דער ייִדישער געזעצגעבונג, און צווישן די מיטלען פון קאַמף קעגן דעם
פאַנאַטיזם איז סאָף יאָר 1836 פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַן אוקאַז, וואָס האָט
באַשטימט „צוליבן פאַרגרינגערן די אויפזיכט איבער די ייִדישע דרוקערײַען” פאַר־
מאַכן אַלע ייִדישע דרוקערײַען אין דער אימפּעריע און דערלויבן דרוקן ייִדישע
ביכער נאָר צוויי מאָנאָפּאָלע דרוקערײַען: אין ווילנע און אין זשיטאָמיר (צווערשט
האָט מען געפּלאַנט אין קיִעוו). ווי באַוווּסט, האָבן זיך די באַדײַטנדיקסטע פאָר־
שטייער פון דער דעמאָלטיקער „האַסקאָלע” לעווינזאָן און טוגענדהאָלד טעטיק באַ־
טייליקט אין צוגרייטן די דאָזיקע „רעפאָרם”.

אָבער גאָר אינגיכן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די „דרוק־מאָנאָפּאָל” איז גע־
וואָרן דער גרעסטער שטער פאַר דער האַסקאָלע. די אייגנטימער פון די צוויי
מאָנאָפּאָלע דרוקערײַען האָבן ניט באַטראַכט זייערע דרוקערײַען בלויז אַלס האַנדלס־
אונטערנעמונגען. זיי האָבן אויסגעצייכנט געגומען אין אַכט די באַדײַטונג פון
אַ דרוקערײַ אַלס אַ מיטל אינעם אידעאָלאָגישן קאַמף און האָבן געדרוקט נאָר
ביכער, וואָס זײַנען געווען „נוצלעך” פון זייער שטאַנדפּונקט. דער „פרומער” אייגנ־
טימער פון דער דרוקערײַ אין זשיטאָמיר האָט געדרוקט נאָר ביכער, וואָס מע
דאַרף האָבן און מע קאָן צולאָזן אין דער כסידישער סוויווע. די דרוקערײַ אין
ווילנע איז, פאַרקערט, געווען אַ „מיסנאַגדישע”; זי האָט זיך ספּעציִאַליזירט אַף
געמאָרעס און ראַבאָנישע ספאָרים און פלעגט נאָר זעלטן ווען דרוקן די ווערק
פון מאַסקילים, און דאָס אויך מיט אַ שטרענגן אויסוואַל. אין רעזולטאַט
פון דער „רעפאָרם”, וואָס די מאַסקילים האָבן אַזוי גערימט, איז די האַסקאָלע,
אייגנטלעך גערעדט, געבליבן אָן אַן אייגענעם דרוק־פּרעס.

די מאַסקילישע ליטעראַטור פון יענער צײַט האַלט זיך אין איין קלאָגן אַף
די שווערע באַדינגונגען, אין וועלכע די דרוק־מאָנאָפּאָל האָט אַוועקגעשטעלט די
„געבילדעטע” שרײַבער, און מיר ווייסן, אַז דאָס איז געווען די סיבע, איבער
וועלכער עס זײַנען געבליבן ניט רעאַליזירט אַ סאַך פאַרלעגערישע פּלענער פון
די מאַסקילים פון יענע יאָרצענדליקן. אין אַ באַזונדערס קאָמפּליצירטער לאַגע
זײַנען געווען די ייִדישע ליטעראַטן פון אָדעס און ביכלאַל פון דאָרעם־אוקראַיִנע;
די אַלגעמיינע שווערִיקײַטן זײַנען פאַר זיי געווען נאָך גרעסער מאַכמעס דעם,

וואָס די נאָענטסטע יידישע דרוקערײַ איז געלעגן צו ווײַט פון זיי. אָפט פלעגן די מאַסקילישע שרײַבער מוזן אָנקומען צו די אויסלענדישע דרוקערײַען. אָבער דאָס איז, נאַטירלעך, ניט געווען אַזוי פּאָשעט — דאָס האָט טײַער געמאַכט די קאָסטן פון די אויסגאַבעס און פלעגט שאַפן נײַע צענזור־שוועריקייטן[1].

אַזאַ איז געווען די סיטואַציע אַפן „פּאַרלאַגס־פראָנט" אין יענע יאָרן, ווען אַקסענפעלד האָט געשריבן זײַנע צאָלרײַכע ווערק.

ווי ווײַט מיר ווייסן, האָט אַקסענפעלד געמאַכט דעם ערשטן פּרוּוו צו פאַר־עפנטלעכן זײַנע ווערק אין 1840 יאָר. אין זשיטאָמיר איז נאָך דעמלט ניט געווען קיין דרוקערײַ, און איבעריקנס וואָלט אַקסענפעלד סײַווי ניט געקאָנט אויסנוצן די דאָזיקע כסידישע „דרוקערײַ". ס'איז געווען גאַנץ נאַטירלעך, אַז אַקסענפעלד האָט זיך געווענדעט קיין ווילנע אין ראָמס דרוקערײַ. דאָס ערשטע ווערק, וואָס ער האָט באַשלאָסן אָפּדרוקן, איז געווען אַ שאַרפער אַנטיכסידישער פּאַמפלעט „ספר החסידים" (וואָס איז צו אונדז ניט דערגאַנגען). דער דאָזיקער אויסוואַל איז ניט געווען צופעליק. ער האָט אַנטשפּראָכן דער וויכטיקסטער סאָציִאַלער טענ־דענץ פון אַקסענפעלדס גאַנצער שאַפונג — דעם ליטעראַרישן קאַמף קעגן כסי־דעס. אויסער דעם האָט די רעגירונג גראָד אין יענע יאָרן דורכגעפירט אַ ריי מאָסמיטלען צום קאַמף קעגן כסידעס. און אַקסענפעלדן האָט זיך אויסגע־דוכט, אַז די דאָזיקע אָן סאָפעק „נוצלעכע" (פונעם שטאַנדפּונקט פון דער אָפיציעלער יידישער „בילדונג") טענדענץ וועט העלפן דעם בוך דורכגיין דורך אַלע שוועריקייטן — סײַ מיצאַד דער צענזור סײַ מיצאַד דער דרוקערײַ.

אַ דערלויבעניש פון דער צענזור האָט אַקסענפעלד באַקומען גרינג. אין ווילנע איז דעמלט געווען צענזאָר דער שוין דערמאָנטער וו. טוגענדהאָלד, איינער פון די סאַמע ראַדיקאַלע מאַסקילים. ער האָט אַפילע צוגעגעבן צום בוך אַ ספּעציעלע רעקאָמענדאַציע, אָבער דער ווילנער דרוקער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו דרוקן דעם בוך. די אייגנטימער פון דער דרוקערײַ האָבן ניט געוואָלט דרוקן דעם בוך, זיי האָבן אָנגעוויזן, אַז „דאָס ווערק איז פאַרפאַסט ניט אַף וואָסער־ס'איז ריינעם לאָשן, נאָר אַף דער שפּראַך, וואָס ווערט געברויכט צווישן דעם יידישן פּאָשעטן אוילעם". אָבער די גרונט־טײַנע פון די ווילנער דרוקער איז געווען געווענדעט ניט קעגן דעם לאָשן פונעם בוך, נאָר קעגן זײַן אינהאַלט. די אָנפאַלן אַף די כסידים האָבן זיי באַטראַכט אַלס צו שאַרפע, וואָס קאָנען אַריבערשטײַגן אין אַפּיקאָרסעס ביכלאַל. אַקסענפעלד האָט זיך געווענדעט דירעקט מיט אַ ביטשריפט צום בילדונגס־מיניסטער אוּוואַראָוו, דעם באַרימטן שעפער פון דער גאַנצער סיסטעם פון דער יידישער קאַזיאָנער „בילדונג", אָבער אַקסענפעלד האָט קיין דערפאָלג ניט געהאַט. אוּוואַראָוו האָט ניט אײַנגעפונען פאַר מעגלעך צו באַפעלן די ווילנער דרוקער אָפּצודרוקן דעם בוך. נאָך אַ לאַנגער קאָרעספּאָנדענץ האָט ער נאָר דער־לויבט אַקסענפעלדן אַרויסצוגעבן זײַנע ווערק ליטאָגראַפיש אין אָדעס. ס'איז ניט קלאָר פאַרוואָס, אָבער אַקסענפעלד האָט דאָס דאָזיקע רעכט ניט אויסגענוצט[2].

---

1 אויספירלעכער וועגן דעם זע אין מײַן עטיוד „אַקסענפעלדס פּרוּוו צו עפענען אַ דרוקערײַ", ז. 93—94.

2 דעם אָריגינאַל פון אַקסענפעלדס ביטשריפטן האָט פאַרעפנטלעכט או. פינקעל אין „צײַטשריפט" V ז. 176—180.

עס גייט אריבער א ריי יאָרן. אקסענפעלד בארויקט זיך ניט און נעמט אונ־טער נאָך ווייטערע טריט צו פארעפנטלעכן זיינע ווערק. צווישן די יאָרן 1849 און 1852 פירט ער וועגן דעם א קאָרעספאָנדענץ מיט דער העכערער מאכט פון אָדעס — מיטן גענעראל־גובערנאטאָר און מיטן גראדאָנאטשאלניק. ער פרווט זיי איבערצייגנ אין דער העכסטער „נוצלעכקייט" פון זיינע ליטעראַרישער טעטיקייט. זיינע הישטא־דלעס ווערט באגעגנט גאנץ סימפאטיש, אָבער אלע באמיִונגען ווערן צו נישט איבער די פעלדזן־פעסטע „אלערהעכסט־באשטעטיקטע קלאָלים וועגן די יידישע דרוקערייען". דעמלט אנטשליסט זיך אקסענפעלד אפן לעצטן מיטל. ער ווענדעט זיך מיט א הישטאדלעס צום קייסער אליין. א טיפ לאָיאלער אונטערטאן ווי אלע מאסקילים פון זיין דאָר, האָט ער געגלייבט, אז דער קייסער איז דער העכסטער באַ־שיצער פון דער יידישער בילדונג. זיין הישטאדלעס האָט געהאט גאָר א קלאָג־לעכן רעזולטאט. שטרענג, אין טאָן פון א פאָרווורף האָט מען אים געמאָלדן—און ער האָט זיך געמוזט אונטערשרייבן, אז מע האָט אים געמאָלדן,—אז „אויסנאמען פון די איינגעשטעלטע קלאָלים קאָנען ניט דערלאָזט ווערן און וועגן אזוינע ביטעס איז פארבאָטן אָנצוגעבן א הישטאדלעס". אזא ענטפער אפ א ביטשריפט האָט, נאטירלעך, אפ לאנג פארמאכט פאר אקסענפעלדן אלע וויַיטערדיקע וועגן פון „שטא־דלאָנעס" און ביטשריפטן.

עס גייט ווידער דורך א ריי יאָרן. די פעק האנטשריפטן בא אקסענפעלדן האַלטן אין וואקסן, אָבער, אפאָנעם, שוין ניט אזוי אינטענסיוו. אין די דאָזיקע יאָרן ענדערט זיך א סאך ארום אקסענפעלדן, און זיין גזעלשאפטלעכע פאָזיציע באקומט עטוואָס אן אנדער אויסזען. די מאסקילישע באוועגונג, וואָס איז אמאָל געווען סאָציאַל קימאט איינשטאָפיק, הייבט זיך אָן דיפערענצירן אין צוזאמענהאנג מיטן אלגעמיינעם פראָצעס פון דער אינטענסיווער סאָציאַלער דיפערענציאציע פון דער יידישער מאסע. אין דער דאָזיקער באוועגונג הייבט אָן פארנעמען אלץ מער און מער קענטיק אָרט דער קלייגבירגערלעך־דעמאָקראטישער שטראָם, און אין דעם דאָזיקן שטראָם קאָן מען אויך אונטערשיידן עטלעכע ניואנסן. באגלייך מיט די ראדי־קאלן פון פיסאריעווס שניט, וואָס אָריענטירן זיך דעריקער אפ דער שטודירנדיקער יוגנט, אפ די עקסטערנעס, געוועזענע יעשיווע־באָכערים אאוו., און שרייבן אין איינקלאנג מיט זייער אאודיטאָריע אפ העברייִיש, לאָזט זיך שוין אין דעם פעריאָד גאנץ דייט־לעך מערקן אן אנדער שטרעמונג. די יידישע מאסן טיילן זיך אויס אלץ מער און מער קענטיק, זיי ווערן וועלטלעך און הייבן אָן ארויסרוקן זייערע אייגענע קולטורעלע פאָדערונגען. די קליינע גרופעס דעמאָקראטישע אינטעליגענץ, וואָס טיילן זיך דעמלט אויס, זיינען א סאך נעענטער צו דער געדיכטער פאָלקסמאסע איידער די מאסקילים פון די ערשטע דורעס. עס קומען אוף די ערשטע שפראָ־צונגען פון א דעמאָקראטישער ריכטונג אין דער יידישער ליטעראטור.

סאָפ 50־ער יאָרן שרייבט יאָאכים טארנאָפאָל: „אין א סאך שטעט פון אונ־דזער פאָטערלאנד, ווי צב. ווארשע, ווילנע, אָדעס, מאָליעוו, בערדיטשעוו אאוו., ווו עס איז פאראן א סאך אופגעקלערטע און פייִקע יידן, איז אין זייערע קרייזלעך פאראן א באזונדערער צייט־פארטרייב, וואָס באשטייט אין לייענען ווערק אפן פויליש־יידישן זשארגאָן ווי, אשטייגער, דערציילונגען, דראמא־טישע עפיזאָדן, בראָשורן אין פערזן און אין פראָזע. אין זיי ווערן באשריבן פארנ נייגעריקן און נאָענט־פארינטערעסירטן אוילעם א סאך קאָמישע מינהאָגים,

אײַנגעוואָרצלטע פאָרורטײלנ אונ פאלשע אָנשויונגענ פונ כסידעס״...[1]. אָבער אינ די ספּעציפישע באַדינגונגענ פונ זײַנ דירעקטער אָדעסער סוויווע האָט די שרײַבערישע ארבעט אפ יידיש געשטעלט אקסענפעלדנ אינ א באַזונדערער לאַגע. אינ דער אָפּשאַצונג פונ דעמ גרעסטנ טייל פונ זײַנע פרײַנט אונ צײַט־כאַווײרימ האָט אימ די שפּראַכ פונ זײַנע ווערק געשטעלט עפּעס קעמוי ווי אויסער דער ליטעראטור. וועגנ זײַנ שאַפונג האָט מענ געקאָנט ריידנ נאָר ווי וועגנ עפּעס א פּראַקטיש־נוצלעכער ארבעט, וועלכע פּילט אויס עפּעס א בײַטיקע פונקציע, אָבער ניט ווי וועגנ עפּעס אזוינס, וואָס האָט א ווערט פונ שטאנדפונקט פונ „רײנער קונסט״ אונ „הויכער ליטעראטור״. איז דעריבער קײנ ווונדער ניט, אז דער נאָרוואָס ציטירטער טארנאָפּאָל, וואָס האָט אָנ סאָפעק גוט געקענט אקסענפעלדנ פערזענלעכ, דערמאָנט אימ ניט אינ זײַנ צעטל פונ די יידנ שרײַבער, וואָס ווינענ אינ אָדעס, כאָטש ער דערמאָנט דאָרטנ אווטאָרנ פונ גאָר נישטיקע ארטיקלענ אינ דער רוסישער פּרעסע, אווטאָרנ פונ דײַטשישע בראָשורנ אונ פראנצויזישע לידער[2]. מער ווונדערלעכ קאָנ זיכ אויסדוכטנ, וואָס אפילע צעדערבוימ, דער קומענדיקער רעדאקטאָר פונ „קול מבשר״ אונ „המליץ״, אקסענפעלדס נאָענטער פרײַנט, וואָס האָט נאָכדעמ מער ווי ווער־עס־איז אנ אנדערער אופגעטאָנ צו פּאָפּוליאריזירנ אימ אלס שרײַבער, רימט אימ נאָכ אינ 1861 יאָר אינ א ספּעציעלנ ארטיקל אלס... א מוסטערהאפטנ דערציער פונ זײַנע קינדער, וואָס איז ווערט, אז קאָל־ייסראָעל זאָלנ זיכ בא אימ לערנענ (צעדערבוימ האָט געכאפּט היספּײַלעס דערפונ, וואָס אקסענפעלדס אלע דרײַ זינ האָבנ באַקומענ אינ אויסלאנד הויכע בילדונג), אָבער ער זאָגט דאָנ קײנ וואָרט ניט וועגנ אקסענפעלדס שרײַבערישער טעטיקײַט. ער רעדט וועגנ אימ ביכלאל ווי וועגנ אָנ „איש חכם ומשכיל ורב תושיה״[3].

צום ערשטנ מאָל האָבנ זיכ ברײטערע קרײַזנ מאסקילימ געקאָנט דערוויסנ וועגנ אקסענפעלדס שרײַבערישער טעטיקײַט אינ יאָר 1859 פונ גאָטלאָבערנ. גאָטלאָבער איז געווענ אינ אָדעס אונ האָט זיכ נאָענט באקאנט מיט אקסענפעלדנ. אינ זײַנ קאָרעספּאָנדענצ, וואָס ער האָט דעמלט אָפּגעדרוקט אינ דער העברייִשער צײַטונג „המגיד״, וואָס איז איבער די דרוק־ אונ צענזור־באַדינגונגענ ארויסגעגאנגענ אינ אויסלאנד (אינעמ פּרײַסישנ גרענעצ־שטעטל ליק), האָט גאָטלאָבער געשריבנ וועגנ דעמ „באַרימטנ זאָקנ״ אקסענפעלד, וועלכער שרײַבט אפ יידיש־דײַטש ביכער... אמאָל אינ דער פאָרמ פונ ראָמאנענ, אמאָל אינ דער פאָרמ פונ דראמאטישע ווערק[4]. די דאָזיקע באַגעגעניש אונ די ערשטע נאָטיצ אינ דער פּרעסע וועגנ זײַנ שאַפונג האָט פאר אקסענפעלדנ געהאט א באַזונדערע באַדײַטונג (דער „המגיד״ איז דעמלט געווענ די אײנציקע צײַטונג, וואָס די רוסלענדישע מאסקילימ האָבנ געלײענט, אונ גאָטלאָבערס עטלעכע שורעס האָבנ באלד געשאַפנ אקסענפעלדנ א געוויסע פּאָפּוליאריטעט). אָבער עס זײַנענ געווענ נאָכ אנדערע מאָמענטנ, וואָס האָבנ באַדאַרפט סטימולירנ אקסענפעלדנ צו אנטשײדענע שריט.

עס זײַנענ געקומענ די יאָרנ פונ די אזויגערופענע „גרויסע רעפאָרמעס״.

---

[1] И. Тарнополь. Опыт современной и осмотрительной реформы в области юдаизма, Одесса, 1868 стр., 86—87 ס׳איז געשריבנ אינ 1858 יאָר.

[2] Tarnopol. Notices, p, 183.

3 „המליץ״, 1861, נומ. 40.

4 „המגיד״, 1859, נומ. 33.

די אלגעמיינע פּאָליטישע אונ געזעלשאפטלעכע אופלעבונג, דאָס שוואכע ליבעראַ-
לע ווינטל, וואָס האָט א וויי געטאָנ פונ די פעטערבורגער קאנצעליאריעס, האָט
ארויסגערופנ געוויסע דערוואַרטונגענ צווישנ די ברייטע קרייזנ מאסקילים.
א היפּשע אופלעבונג קומט אויכ אָנ אפנ „פארלאג-פראָנט“. איצט ווערט אונ-
טערגענומענ א ריי פרוּוונ צו שאפנ ייִדישע פרעסע-אָרגאנענ. דער גרעסטער
טייל פונ די דאָזיקע פרוּוונ איז פארבונדנ מיט אָדעס. נאָכ אינ 1850 דערוועקט
איינער א „סויכערס א זונ“ ווארשאווסקי א הישטאדלעס וועגנ דערלויבנ ארויס-
געבנ אינ אָדעס אפ „זשארגאָנ“ „בלעטלעכ, אשטייגער, ווי א צייטונג“ [1].
אינ עטלעכע יאָר ארום טרעט ארויס מיט א פּראָיעקט וועגנ ארויסגעבנ א צײַ-
טונג דער אָדעסער מאסקל, דער דרוקער מ. ביילענסאָנ [2]. נאָכדעם פירנ וועגנ
דעם א לאנגע קאָרעספּאָנדענצ מיט דער נאטשאלסטווע י. טארנאָפּאָל אונ אָ. ראבינאָ-
וויטש, אונ צום סאָפ 1860 יאָר גיט זיכ זיי איינ צו גרינדנ אינ אָדעס דעמ ערשטנ ייִדישנ
אָרגאנ אפ דער „לאנדעס שפּראכע“ — „Рассвет“. אָבער נאָכ אינ 1859 יאָר
האָט אלעקסאנדער צעדערבוימענ אָפּגעגאָלטנ, אונ אינ רעזולטאט פונ אָנ א שיר הישטאד-
לעסנ אונ „ביטשריפטנ“ האָט ער באקומענ אנ „אלערהעכסטע דערלויבעניש אפ
ארויסגעבנ די העברייִשע צייטונג „המליץ“ (אלס ביילאגע צו דער דאָזיקער צײַ-
טונג האָט נאָכדעם אָנגעהויבנ ארויסגייִנ דער „קול מבשר“, די — אינ טאָכ גע-
רעדט — ערשטע ייִדישע צייטונג אינ רוסלאנד). אָבער ווענ ער האָט באקומענ
א דערלויבעניש אפ ארויסגעבנ א צייטונג אינ אָדעס, האָט זיכ צעדערבוים אָפּ-
געשטעלט פאר א מעניע, וועלכע האָט געשיינט צו זײַנ ניט צו ביקומענ: אינ
אָדעס איז ניט געווענ קיינ ייִדישע דרוקעריי, אונ לויט דעמ געזעצ וועגנ דער
ייִדישער דרוק-מאָנאָפּאָל האָט אויכ קיינ ייִדישע דרוקעריי דאָרט ניט געקאָנט זײַנ.
אָבער אזויווי אפ ארויסגעבנ דעמ „המליץ“ איז באקומענ געוואָרנ אנ „אלער-
העכסטע“ דערלויבעניש, איז געווענ קלאָר, אז צו רעאליזירנ זי וועט געמאכט ווערנ
עפּעס אנ אויסנאמ פונעמ געזעצ. אפּאָנעמ, אז אקסענפעלד האָט אויכ באשלאָסנ
צו באנוצנ זיכ דערמיט. ער האָט אינ יענע יאָרנ אופגעהאלטנ פרייַנטלעכע בא-
ציִונגענ מיט צעדערבוימענ [3]. איצט גיט ער אָנ דער נאטשאלסטווע א נײַע היש-
טאדלעס: דאָס מאָל בעט ער ניט צווינגענ די מאָנאָפּאָליסטנ — די אייגנטימער
פונ די דרוקערייענ צו דרוקנ זײַנע ווערק, נאָר מע זאָל אימ אליינ דערלויבנ
גרינדנ א דרוקעריי, דעריקער צו דרוקנ זײַנע אייגענע ביכער, אָבער אויכ צו-
ליב „אנדערע נוצלעכע ווערק“. זײַנ הישטאדלעס (אינ אווגוסט 1860) האָט קיינ
רעזולטאט ניט געגעבנ. מע האָט אימ געזאָגט, אז דאָס וואָלט געהייסנ ברעכנ
די שלימאזלדיקע מאָנאָפּאָל. אינ די פאָלגנדיקע ביטשריפטנ זײַנע זאָגט
ער זיכ שוינ אָפּ פייערלעכ צו דרוקנ אינ דער דרוקעריי וואָס-עס-איז אויסער
זײַנע ווערק אונ דערווייזט אפ אלע אויפאנימ, אז די ווערק זײַנע זײַנענ נוצלעכ
„פאר 90 פּראָצענט ייִדנ, וואָס וווינענ אינ רוסלאנד“. אָבער אלצ איז אומזיסט.
מע גיט אימ צו וויסנ, אז ביזנ יאָר 1862, ווענ עס גייט אויס דער טערמינ פונ דער

---

[1] Казенные еврейские училища т. I, Петроград, 1920, стр, 362

2 זע „עלי הדס“, אָדעס, 1865.

3 וועגנ דער פרײַנטשאפט צווישנ אקסענפעלדנ אונ צעדערבוימענ אינ די יאָרנ, ווענ צעדערבוים האָט זיכ מישטאדל געווענ וועגנ דערלויבנ אימ ארויסגעבנ דעמ „המליץ“, רעדט ד״ר בערנשטיינ. זע „הז״ס ואר״ז“ אינ „ספר היובל של „הצפירה“ ורשה, 1912, ז, 79.

דרוק-מאָנאָפּאָל, קאָן מען דאָס ניט דערלויבן. מעגלעך, אַז צו אַזאַ טרויעריקן סאָף פון אַקסענפעלדס הישטאַדלעס האָט אויך בייגעהאָלפן די אַריינמישונג פונעם „גע-לערנטן ייִדן" באַם גענעראַל-גובערנאַטאָר, מאַרקוס גוראָוויטש. גראָד איצט (אין 1862) האָט גוראָוויטש — שוין ניט דאָס ערשטע מאָל — אָנגעגעבן זיין דירעקטן נאַטשאַלניק, דעם גענעראַל-גובערנאַטאָר, אַ מעמאָראַנדום („Записка"), ווו ער דערוויזט, אַז קעדיי איינצופלאַנצן „בילדונג" צווישן ייִדן, דאַרף מען פאַרבאָטן אַרויסצוגעבן ביכער אויף ייִדיש...

דעם 13 יאַנואַר 1862 האָט מען אַקסענפעלדן ענדגילטיק געמאָלדן, אַז זיין הישטאַדלעס ווערט אָפּגעוואָרפן[1]. אָבער אין דעם זעלבן יאָר 1862 (דעם 1 יול) האָט זיך געענדיקט די דרוק-מאָנאָפּאָל.

מיר ווייסן ניט פאַרוואָס, אָבער אַקסענפעלד האָט ניט אויסגענוצט די מעג-לעכקייט צו עפענען אַ דרוקעריי. אַפּאָנעם, אַז אים האָבן אָפּגעשטעלט מאַטעריעלע שוועריקייטן, און עפּשער האָט ער ניט געהאַלטן פאַר מעגלעך צוצוטרעטן צו אַזאַ גרויסער אונטערנעמונג, ווייל ער האָט זיך געגרייט אָפּצופאָרן קיין אויס-לאַנד צו זיינע קינדער. אָבער איצט נעמט ער אונטער אַ ריי אַנטשיידענע שריט „דורכצורייסן זיך" ענדלעך צו זיינע לייענער. אַ מאָדנע זאַך: גראָד איצט, ווען עס האָט זיך געשאַפן אַ רעאַלע מעגלעכקייט צו דרוקן זיך אין רוסלאַנד, דרוקט ער אויף אין אויסלאַנד (אין לייפּציג) זיינע צוויי ווערק: „דאָס שטערנטיכל" און „דער ערשטער ייִדישער רעקרוט". ער איז שוין דעמלט אַלט געווען 75 יאָר, און דאָס זיינען געווען די ערשטע און די איינציקע ווערק זיינע, וואָס זיינען אַרויס בײַ זיין לעבן. אַפּאָנעם, באַם אַריינפירן די דאָזיקע ביכלעך קיין רוסלאַנד זיינען אויפגעקומען עפּעס שוועריקייטן, — מ׳סטאַמע מיצאַד דער צענזור, — און באַזייטיקן די דאָזיקע שוועריקייטן האָט זיך איינגעגעבן ערשט אין עטלעכע יאָר אַרום[2]. אָבער דעמלט הייבט אַקסענפעלד אָן ענערגיש צו זוכן אַ פאַרלעגער פאַר זיינע ווערק. ער האָט אין דעם פּראַט געהאָפט אויף גאָטלאָבערס מיטהילף. ער שיקט איבער גאָטלאָבערן אַ פולקומען רייסטער פון זיינע מאַנוסקריפּטן[3], ער בעט אים אַ פולמאַכט אויפצוזוכן אַ „בעל-יכולת", וואָס זאָל „איינשטימען צו גלייבן זיינע (גאָטלאָבערס. ש. ב.) פאַרזיכערונגען, אַז אים וואַרט אַ גרויסער דערפאָלג, אויב ער וועט אָפּקויפן בײַ מיר אַלע מיינע ווערק (אומבאַדינגט אַלע אינאיינעם) צו אָפּדרוקן זיי".

ווי מע האָט זיך געקאָנט ריכטן, איז פון דעם דאָזיקן פּלאַן גאָרניט אַרויס-געקומען. אַן אונטערנעמער האָט מען דעמלט קוים געקאָנט צוציִען מיט דעם גאַנצן פּראָבלעמאַטישן פּראָפיט, וואָס ער וואָלט געקאָנט באַקומען אַלס אַקסענפעלדס פאַר-לעגער, אָבער אויסער דעם איז גאָטלאָבער געווען גאָר אַ ווייניק פּאַסיקע פיגור אַלס אַ פאַרמיטלער אין דעם איניען. „אַ באַטלען צווישן מאַסקילים און אַ מאַסקל צווישן באַטלאָנים", לויטן געלונגענעם אויסדרוק פון איינעם אַ קריטיקער, פלעגט ער אַליין קוים איינאָרדענען זיינע ווערק און האָט זיין גאַנצן לעבן געזוכט „פּרענו-מעראַנטן".

1 גענויער וועגן דעם אין מיין פריִער דערמאָנטן אַרטיקל, ז. 96—103.

2 צעדערבוים אין זיין שוין ציטירטן בעקראָלאָג (1866) זאָגט, אַז די דאָזיקע ביכלעך זיינען „דורך געוויסע אומשטענדע ביז איצט ניט אַרויסגעקומען צו פאַרקויפן".

3 פאַרעפנטלעכט אינעם זאַמלבוך „Пережитое" ч. IV, ז. 329.

ווענ פאר אקסענפעלדנ איז קלאָר געוואָרנ, אז זײַנ אָריִענטאציִע אפ דער פריוואטער איניציִאטיוו גיט קיינ רעזולטאט ניט, פרוווט ער פארינטערעסירנ מיט זײַנע ווערק א געזעלשאפטלעכע אָרגאניזאציִע. אינ פעווראל 1864 יאָר ווענדעט ער זיכ אינ דער נאָרוואָס געגרינדעטער „געזעלשאפט צו פארשפרייטנ בילדונג צווישנ די יִידנ" מיט א פאָרשלאָג צו פארקויפנ זיי פאר 400 רובל דאָס רעכט אפ ארויסגעבנ אלע זײַנע ווערק. אָבער די געזעלשאפט האָט געהאלטנ פעסט א קורס אפ רוסיפיקאציִע; זי פלעגט אמאָל שטיצנ די אווטאָרנ פונ ביכער אפ העברעייִש, וואָס האָבנ געזאָלט דינענ אלס א „בריק" צו דער עמעסער „אייראָפּעייִשער בילדונג," אָבער זי איז קלאל ניט געווענ געניגט צו נעמענ זיכ ארויסצוגעבנ אקסענפעלדנ. כאָטש אקסענפעלדס הישטאדלעס האָבנ געשטיצט די אָנגעזעענסטע פאָרשטייער פונ דער בורזשואזער אָדעסער יִדישער געזעלשאפטלעכקײַט — ד"ר שוואבאכער, ד"ר פינסקער, אָ. ראבינאָוויטש אא., האָט די געזעלשאפט אָפגעזאָגט (אפרעל 1864)[1]. דער פאָרמעלער טערעצ איז געווענ, אז לויטנ סטאטוט קאָנ די געזעלשאפט ארויסגעבנ סובסידיעס אפ ווערק נאָר אפ רוסיש אָדער אפ העברעייִש.

קימאט אינ איינ צײַט מיט דעמ דאָזיקנ פרווו איבערצוגעבנ דאָס ארויסגעבנ זײַנע ווערק א יִדישער געזעלשאפטלעכער אָרגאניזאציִע נעמט אקסענפעלד אונטער אייניקע שריט צו באקומענ א מעלוכישע סובסידיע אפ דרוקנ זיי. ער ווענדעט זיכ מיט א הישטאדלעס צומ קוראטאָר פונעמ אָדעסער לערנ-קרײַז, דעמ בארימטנ כירורג פיראָגאָוו (11 אָקטיאבער 1863). פיראָגאָוו איז געווענ איינער פונ די סאמע אָנגעזעענע ליבעראלע טוער פונ דער עפּאָכע פונ די „גרויסע רעפאָרמענ", אונ אלס אנ אָנהענגער פונ דער יִדישער „בילדונג" איז ער געווענ באזונדערס פאָפולער צווישנ דער מאסקילישער אינטעליגענצ. ווענדנדיק זיכ נאָכ דער הילפ פונ א הויכנ באאמטנ צומ ארויסגעבנ זײַנע ווערק („נוצלעכע" לויט דער קאזיאָנער אופאסונג פונ דער יִדישער בילדונג), האָט זיכ אקסענפעלד געהאלטנ בא דער אלטער מאסקילישער טראדיציִע (אזוי האָבנ צב. געטאָנ אונ האָבנ געהאט דערפאָלג י.-ב. לעווינזאָנ, מאנדלשטאמ אאוו.). פיראָגאָוו האָט געהאָלפנ צעדערבוימענ בײַקומענ אלע מעניִעס צומ ארויסגעבנ דעמ „המליץ" אונ האָט אויכ מיטגעהאָלפנ דער דערשײַנונג פונעמ "Рассвет". ער האָט זיכ אויכ באצויגנ צו אקסענפעלדס הישטאדלעס מיט גרויס מיטגעפיל. ער האָט אָנגעשריבנ א ספּעציִעלנ בריוו צומ אָדעסער גענעראל-גובערנאטאָר אונ האָט אימ געבעטנ אויסטיילנ אפ ארויסגעבנ אקסענפעלדס ווערק די נייטיקע מיטלענ פונ די אָדעסער „יִדישע סומענ" (דה. פונ דער בארימטער „קאָראָבקע"). קאָצעבו (דער גענעראל-גובערנאטאָר) האָט זיכ פונ זײַנ זײַט אויכ גאנצ פאָזיטיוו באצויגנ צו פיראָגאָווס באקאָשע. ער האָט ארויסגערופנ צו זיכ אקסענפעלדנ (אינ מײַ 1864), אונ, ווי ער האָט מיטגעטיילט אינ זײַנ בריוו צו פיראָגאָוונ, האָט יענער (דה. אקסענפעלד) „אינ א פערזענלעכנ שמועס געזאָגט, אז ער איז קראנק אונ פאָרט אוועק אפ די בעדער אונ צו דרוקנ זײַנע ווערק וועט ער צוטרעטנ אינ הארבסט". אינ הארבסט,

1 אויספירלעכער זע: רוזנטל, „תולדות חברת מרבי השכלה" סט. פעטערבורג, 1885—1890, ז.21. אויכ: И. Чериковер, История О-ва распространения просвещения между евреями в России, Спб. 1913, стр. 120.

האָט קאָצעבו פאַרזיכערט, וועלן אונטערגענומענע ווערן אַלע שריט צו מעגלעך מאַכן די פאַרווירקלעכונג פון דער אויסגאַבע[1].

איבער סיבעס, וואָס זײַנען פאַר אונדז ניט גענוג קלאָר, האָט אַקסענפעלד ניט אויסגענוצט די דאָזיקע, דאַכט זיך, שוין גאָר רעאַלע מעגלעכקײַט צו באַקומען אַ מעלוכישע סובסידיע אויף דרוקן זײַנע מאַנוסקריפּטן.

אין אַ וואָכן צוויי אַרום, נאָך דעם, ווי ער האָט באַקומען אַן אָפּזאָג פון דער געזעלשאַפט „מעפיצע־האַסקאָלע", און אין עטלעכע טעג אַרום נאָך אַזאַ דערמוטיקנדיקן שמועס מיט קאָצעבו פאַרלאָזט אַקסענפעלד, דערמלט אַ זאָקן פון 77 יאָר, אָדעס (18 מײַ 1864), די שטאָט, ווו עס איז דורכגעגאַנגען אַ היפּשער טייל פון זײַן לעבן, און קערט זיך איינן שוין מער אַהין ניט אום. ער פאָרט אַריבער קיין פּאַריז, ווו זײַן זון אַוווגוסט איז געווען פּראָפעסאָר פון מעדיצין. דעם איינעם פון אַרויסגעבן זײַנע ווערק גיט ער איבער אַ גרופּע פון זײַנע אָדעסער פרײַנט.

אַקסענפעלדס ווערק האָבן בעעמעס קיין „מאַזל" ניט געהאַט. אין דער צײַט, ווען אויף זײַן וועג זײַנען געווען מעניעס ניט צו בײַקומען זיי, קעמפט ער מיט זעלטענער ענערגיע פאַרן רעכט צו ווערן דער פאַרלעגער פון זײַנע ווערק און שטעלט זיך אַפילו ניט אָפּ פאַרן פּראָיעקט צו גרינדן צוליב דעם אויף זײַן אייגענעם כעזשבן אַ ספּעציעלע דרוקערײַ. איצט, ווען ס'איז אָפּגעשאַפט געוואָרן די דרוק-מאָנאָפּאָל, ווען עס עפענען זיך איינע נאָך דער אַנדערער ייִדישע דרוקערײַען (אין 1864 יאָר האָבן גאַנץ ענערגיש געאַרבעט אין אָדעס צוויי ייִדישע דרוקערײַען: איינע האָט געהאַלטן אַ דײַטש ניטשע, דאָרטן האָבן זיך געדרוקט דער „קול מבשר", „המליץ" און איינצלנע ביכלעך, — די צווייטע דרוקערײַ האָט געהאַלטן דער אויבן דערמאָנטער ביילענסאָן, אַקסענפעלדס אַ פרײַנט), זאָגט זיך אַקסענפעלד פּלוצלינג אָפּ פון די פּלענער צו ווערן אַ פאַרלעגער פון זײַנע ווערק. איצט זוכט ער פאַרלעגער, פּרוּווט זיך פאַרקויפן זײַנע מאַנוסקריפּטן... ס'איז שווער צו זאָגן, פאַרוואָס דאָס איז אַזוי פּלוצלינג געשען.

אַקסענפעלד האָט ניט לאַנג געלעבט אין פּאַריז. זומער 1866 יאָר איז אין אָדעס אָנגעקומען די ידיעה וועגן זײַן טויט. צעדערבוים האָט אָפּגעדרוקט אויף די שפּאַלטן פון „קול מבשר" אַ גאַנצן ברייטן נעקראָלאָג וועגן אים, וואָס איז ביז הײַנטיקן טאָג דער הויפּט-קוואַל פאַר אַקסענפעלדס ביאָגראַפיע.

אָבער דערמיט ענדיקט זיך ניט אַקסענפעלדס ליטעראַרישע ביאָגראַפיע.

4

ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, זײַנען אַקסענפעלדס מאַנוסקריפּטן געבליבן אין אָדעס בײַ אַ גרופּע פון זײַנע פרײַנט. אין דער שפּיץ פון די דאָזיקע פרײַנט זײַנע איז געשטאַנען איינער אַ געוויסער מאָריניס. מיר ווייסן גאָר ווינציק-וואָס וועגן דעם באַשטאַנד פון דער דאָזיקער גרופּע. אַ ריי נעמען, וואָס איז צו אונדז דערגאַנגען, זאָגט אונדז גאָרנישט ניט, אָבער דאָס סאָציאַל-אידעאָלאָגישע פּאָנעם פון דער גרופּע איז אונדז מער-ווייניקער קלאָר. דאָס זײַנען געווען קליינבירגערלעכע

1 י. רימיניק, דער ציטירטער אַרטיקל, ז. 174—176.

דעמאָקראטן אינטעליגענטן. זיי זײַנען געווען ניט קיין דיפּלאָמירטע, האָבן ניט באקומען קיין פּארענדיקטע בילדונג, האָבן זיך דערשלאָגן צו „בילדונג" פון דער געדיכטער פאָלקסמאסע, האָבן ניט פארלאָרן די סאָציאַלע און אידעאָלאָגישע פארבינדונגען מיט דער יידישער מאסע. זיי האָבן געשעצט די דעמאָקראטישע פאָרם פון אקסענפעלדס ווערק, זייער זאפטיקן פאָלקלאָר. ס'איז איבעריק צו זאָגן, אז זיי האָבן זיך איינגאנצן סאָלידאריזירט מיט אקסענפעלדס גרונט-טענדענץ — דעם קאמף קעגן פאנאטיזם. אקסענפעלדס טויט האָט, אפּאָנעם, עטוואָס אונטערגעטריבן די טעטיקייט פון דער דאָזיקער גרופּע, און שוין אין 1867 האָט זיך איר איינגעגעבן צו פארווירקלעכן די אויסגאבע פון אקסענפעלדס א קליינער פּיעסע „מאַן און ווײַב".

די דערשײַנונג פון אקסענפעלדס ביכלעך איז דורכגעגאנגען קוים באמערקט. נאָר אפן „לינקן" פלאנג פון דער דעמלטיקער יידישער געזעלשאפטלעכקייט האָט מען זיי באטראכט אלס א געשעעניש, אלס א סימפּטאָם פונעם „גייסט פון XIX יאָרהונדערט". יויסעף יעהודע לערנער, דעמלט א „ניהיליסט", אן אָנהענגער פונעם „יידישן פּיסאריעוו" — קאָוונער, האָט ארויסגעגעבן א ספּעציעלע בראָשור מיט א „קריטישן אנאליז פון אקסענפעלדס ווערק, וואָס זײַנען דערשינען אפן יידיש-דײַטשישן זשארגאָן, און פון זייער ריכטונג ביכלאל". שעצנדיק הויך אקסענפעלדס ווערק אויך „אין פראט פון קונסט" (לערנער האָט געוווסט אויך אקסענפעלדס ווערק, וואָס זײַנען געבליבן אין מאנוסקריפּט; צום באדויערן, זאָגט ער וועגן זיי גאָרנישט אין זײַן בראָשור), שטעלט זיך לערנער באזונדערס אָפּ אפ דער געזעלשאפטלעכער באדײַטונג פון אקסענפעלדס ליטערארישער ארבעט. לערנערס מיינונג שפּיגלט אָפּ אזוי פולקום און ברייט די באציִונג צו אקסענפעלדן מיצאד זײַנע נײַע פרײַנט, אז עס לוינט צו ברענגען ברייטערע ציטאטעס פון זײַן בראָשור.

„דער נײַנצנטער יאָרהונדערט צייכנט זיך אויס באזונדערס דערמיט, וואָס ווי ער איז אָנגעקומען, איז געמאכט געוואָרן אן אָנהייב צו פּאָפּוליאריזירן די וויסנשאפטן, אזוי אז די בילדונג האָט באקומען א מער אלגעמיינעם כאראקטער. ס'איז שוין אריבער יענע צײַט, ווען דאָס לעבן און די קונסטן זײַנען ניט ארויסגעגאנגען פון די ראמען פון די אוניווערסיטעטן און די אנדערע לערן-אנשטאלטן און זײַנען געווען צוגענגלעך נאָר פאר א סאמע נישטיקן טייל מענטשן, אין דער צײַט, ווען די צאָלרײַכע אָרעמע מאסע איז געבליבן פרעמד דער נייטיקער בילדונג און איז געווען פארגליווערט אין שרעקלעכן אומוויסן... מיט א באזונדערער אכטונג דארפן מיר זיך באציִען, לויט אונדזער מיינונג, צו די ווירדיקע פארדינסטן פון יענע שרײַבער, וואָס שרײַבן זייערע נוצלעכע ווערק אפ די פארשיידנסטע דיאַלעקטן, וועלכע זײַנען פאראן בא יעדן פאָלק, ווי צום בײַשפּיל, אין דײַטשלאנד און אין פראנקרײַך... קיינער פון די יידישע געלערנטע האָט זיך ניט אנטשלאָסן ביז איצט צו שרײַבן אפ זשארגאָן עפּעס נוצלעכס און זאכלעכס. צי די דאָזיקע איגנאָרירונג מיצאד די יידישע געלערנטע איז געקומען פונעם ליטערארישן אריסטאָקראטיזם בענעגייע דעם פאָלק צי פון די פאָרורטיילן קעגן דעם זשארגאָן גופע, — דאָס קאָנען מיר ניט וויסן... ה' אקסענפעלד איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט זיך געפונען א וועג צום הארץ פון פאָלק און האָט אָפּגעגעבן זײַן גאנצע צײַט און מי דעם מוירעדיקן קאמף קעגן פאנאטיזם, צום אויסוואָרצלען אלע פארדאָרבענע אידייען פון דער מאסע און אופדעקן די מיסברויכן

פונ די צוויאקעס — די „צאדיקימ". אָבער ער האָט פארשטאנענ, אז קעדיי צו ווירקנ בעעמעס אפ די ייִדנ, דארפ מענ רײדנ מיט זיי מיט פּאָשעטע, פאר זיי פארשטענדלעכע ווערטער, אונ דעריבער האָט ער ניט נאָכגעטאָנ דעמ בײַשפּיל פונ אנדערע שרײַבער אונ האָט זיכ געשטעלט פאר אנ אופגאבע צו ארבעטנ אומדערמידלעכ אפנ פּאָשעטנ זשארגאָנ"[1].

פאר לערנערנ האָט די דערשײַנונג פונ אקסענפעלדס ביכלעכ געהאט דעמלט אזא גרויסע פּרינציפּיעלע באַדײַטונג, אז ער האָט זי געהאלטנ פאר א געשעעניש אינעמ לעבנ פונ גאנצ „יונג רוסלאנד". ער האָט געשריבנ ווײַטער: „מיר מיינענ, אז אונדזערע רוסישע ברידער, מאכמעס דער אײַנגעבאָרענער מענטשנ-ליבע זײערער, וועלנ מיט פארגעניגנ איבערלייענענ אונדזער ארטיקל, וואָס קאָנ זיי דינענ פאר א באַווײַז, אז די ייִדנ שטייענ אויכ ניט אָפּ פונ גאנג פונעמ פּראָגרעס אונ נעמענ אָנ אלע מיטלענ צו בילדנ די מאסע, זיי סטארענ זיכ צו ווערנ נוצלעכע מיטגלידער פונ דער מענטשלעכער געזעלשאפט"[2].

אקסענפעלדס ווערק האָבנ געהאט גאָר א שוואכנ מאטעריעלנ דערפאָלג. מאָרײניס אונ דער דרוקער ביילענסאָנ, וואָס האָט, אפּאָנעמ, מעגלעכ געמאכט די פארווירקלעכונג פונ דער אויסגאבע פונ „מאנ אונ ווײַב", זאָגנ זיכ אָפּ צו דרוקנ ווײַטער אקסענפעלדס מאנוסקריפּטנ.

עס גייענ דורכ קימאט צוויי יאָר, אונ אינ דעמ ארויסגעבנ אקסענפעלדס ווערק קומענ קיינ ענדערונגענ ניט פאָר. אינ 1869 יאָר קלאָגט זיכ מעלאנכאָליש דער אוטאָר פונ אנ אנאָנימער איבערזיכט פונ דער ייִדישער ליטעראטור: „עס וואָלט א יוישער געווענ, די מאנוסקריפּטע (אקסענפעלדס. ש. ב.) זאָלנ געדרוקט ווערנ, ווייניקסטנס דערווײַל די בעסערע"[3]. אונ דעמלט דרוקט צעדערבוימ אפ די שפּאלטנ פונ זײַנ „קול מבשר" אנ ארטיקל וועגנ אקסענפעלדנ[4].

אינ דער שפּיצ פונ אקסענפעלדס אידייִש-ליטערארישע יאָרשימ שטעלט זיכ דער איניציאטיוורײַכער ענטוזיאסט פונ דער ייִדישער פאָלקס-בילדונג, דער ייִדישער „פאָלקיסט" מ. זשוויוו[5]. מאָרייניס גיט אימ איבער זײַנע פארלעגערישע רעכט. מיט דער מיטהילפ פונ עטלעכע אידייענ-כאווײרימ (א. פעלדמאנ, ג. איינימער אא.) נעמט זיכ זשוויוו ענערגיש צו דער ארבעט. זיי שאפנ א קליינעמ פאָנד צומ ארויסגעבנ אקסענפעלדס ווערק[6]. קעדיי צוצוציִענ צומ פארשטאָרבענעמ שרײַבער די געזעלשאפטלעכע אופמערקזאמקײַט, דרוקנ זיי וועגנ אימ נאָטיצנ אינ דער ייִדישער פּרעסע[7] אאוו. די טעטיקײַט פונ דער דאָזיקער גרופּע האָט געהאט א געוויסנ דערפאָלג. אינ 1870 י. דערשײַנענ צוויי פּיעסנ אקסענפעלדס: „די געגנארטע וועלט" אונ „קאפּצנ-אוישער-שפּיל".

1 О. Лернер. Критический разбор появившихся недавно на еврейско-немецком жаргоне сочинений И. Аксенфельда и направления их вообще, Одесса, 1868, стр. IV—VIII.

2 דאָרטנ, ז. VIII.

3 „קול מבשר", 1869, נומ. 25.

4 „קול מבשר", 1869, נומ. 26.

5 אייניקע איינצלהײַטנ וועגנ אימ זע: Кауфман. За много лет, „Еврейская Старина“, 1913, стр. 208—209.

6 „קול מבשר", 1869, נומ. 36.

7 „קול מבשר", 1870, נומ. 2; „המגיד", 1870, נומ. 8.

אלס א פאָרוואָרט צו דער „גענארטער וועלט“ איז אָפּגעדרוקט געוואָרן א ווענדונג: „ווערטער צו די לעזער“, ווו עס איז ווידער באטאָנט געוואָרן די גע-זעלשאפטלעכע באדײַטונג פון אקסענפעלדס שאפונג.

זשוויוו און זײַנע פרײַנט זײַנען צוגעטראָטן צו דרוקן אויך אנדערע צוויי ווערק אקסענפעלדס: „מאצעס באקן“ און „בערדיטשעווער יאריד“. אָבער די דאָ-זיקע ווערק זײַנען ניט דערשינען. ערעוו פאסכע פון 1871 יאָר איז אין אָדעס אויס-געבראָכן א פאָגראָם. מע דארף מיינען, אז די מאטעריעלע און דעריקער די פסיכאָלאָגישע רעזולטאטן פונעם פאָגראָם זײַנען געווען די סיבע, איבער וואָס עס איז אָפּגעשטעלט געוואָרן די ארבעט פון אקסענפעלדס פארלעגער.

דער גורל פון אלע איבעריקע ווערק אקסענפעלדס (ד.ה. פון זייער גרעסטן טייל) איז אונדז אומבאוווּסט. ווי עס ווײַזט אויס, זײַנען אקסענפעלדס מאנוסקריפטן פארלאָרן געגאנגען און זײַנען אפ אייביק אומגעקומען פאר דער געשיכטע פון דער ייִדישער ליטעראטור.

* * *

די ייִדישיסטישע ליטעראטור-פאָרשונג האָט קימאט גאָרנישט ניט געטאָן צו דערוועקן דעם אינטערעס צום סאמע באדײַטנדיקן ייִדישן שרײַבער פון דער ערשטער העלפט פון פאָריקן יאָרהונדערט.

דער קאָוועד פון דער עמעסער אנטדעקונג פון אקסענפעלדן געהערט דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראטור-וויסנשאפט. פארענטפערנדיק די פראָבלעם פון קולטור-ירושע אפ א נײַעם שטייגער, מארקסיסטיש-לענינסטיש, בויענדיק די עכט-וויסנשאפטלעכע געשיכטע פון דער ייִדישער ליטעראטור, איז די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראטור-וויסנשאפט הארט צוגעקומען צום שטודירן אקסענפעלדן און גיט אָפּ צום ערשטן מאָל דעם גרעסטן ייִדישן פּראָזע-שרײַבער פון דער ערשטער העלפט פונעם XIX יאָרהונדערט דאָס אָרט, וואָס ער האָט פארדינט.

---

א. גורשטיינ

# דער ייִדישער טעאטער אינ די 60־ער יאָרנ פונעמ XIX יאָרהונדערט

דער אָנהייב פונעמ ייִדישנ פּראָפעסיאָנעלנ טעאטער איז פארבונדנ מיט אוודאָהאָמ גאָלדפאדענס נאָמענ. דער ייִדישער פּראָפעסיאָנעלער טעאטער הייבט אָנ זײַנ געשיכטע פונ דער ערשטער גאָלדפאדענישער פאָרשטעלונג אינ דער רומענישער שטאָט יאס אינ יאָר 1876. אָבער נאָכ פאר גאָלדפאדענענ ווייסנ מיר א גאנצע ריי אקשאָנעסדיקע פּרוּווּנ צו באשאפנ א ייִדישנ טעאטער. די דאָזיקע פּרוּווּנ האָבנ ניט געהאט קיינ לאנגע יאָר אונ זיי האָבנ ניט געבראכט צו דער אויסבילדונג פונ א דויערנדיקער טראדיציע. זיי זײַנענ דעריבער פארגעסנ געוואָרנ, אונ עס קומט איצט אויס אופצושטעלנ זייער געשיכטע אפנ גרונט בלויז פונ איינצלנע אָפּגעריסענע ידיעס, וואָס זײַנענ פארהיט געוואָרנ פונ דער פארגעסנהײַט.

אינעמ „פאר-גאָלדפאדענישנ" פעריאָד פונעמ ייִדישנ טעאטער טיילט זיכ אויס אנ עפּיזאָד, אָדער ריכטיקער — גאנצע צוויי עפּיזאָדנ, וואָס גייענ איינער נאָכנ צווייטנ אונ געהערנ צו די 60-ער יאָרנ פונעמ פאָריקנ יאָרהונדערט. מיר האָבנ אינ זינענ צוויי קימאט נאָכאנאנדיקע פּרוּווּנ צו באשאפנ א ייִדישנ טעאטער אינ ווארשע אינ די יאָרנ 1866—1870.

אינ ווארשע איז, אפּאָנעמ, צו יענער צײַט געווענ א גינסטיקע אטמאָספער פאר א ייִדישנ טעאטער. דאָרטנ האָט זיכ אויסגעבילדעט א צענטער מיט א גרויסער ייִדישער באפעלקערונג, וואָס זי האָט געהאלטנ אינ איינ וואקסנ [1], אונ אדאנק דער קאפּיטאליסטישער אנטוויקלונג פריִער ווי אינ אנדערע ערטער האָט זי אָנגעהויבנ אריבערצוגייִנ צו שטאָטישע געוווינהײַטנ. די ארומיקע טעאטראלע קולטור האָט דאָ אויכ געהאט וואָס צו זאָגנ.

פונ פּאָליציייִשע אונ קאָהאָלשע דאָקומענטנ שטויסנ מיר זיכ אָנ, אז אינ די 30-ער יאָרנ פונעמ XIX יאָרהונדערט זײַנענ די עפנטלעכע פּורימ-פאָרשטעלונגענ

---

1 לויט דער ציילונג פונ יאָר 1869 איז אינ ווארשע געווענ 68 טויזנט ייִדנ, מער ווי א דריטל פונ דער גאנצער באשטענדיקער באפעלקערונג פונ דער שטאָט. דערבײַ איז די צאָל ווארשעווער ייִדנ פאר צענ יאָר אויסגעוואקסנ אפ 60 פּראָצענט. זע די נאָטיצ „ייִדנ אינ ווארשע" אינעמ זשורנאל „Всемирный Путешественник" 1871, אָקטיאבער.

געוואָרנ אינ ווארשע א געוויינלעכע דערשיינונג[1]. עס האָט זיכ אפילע פארהיט א גראוויור פונ יאָר 1840, וואָס שילדערט אזא פאָרשטעלונג. די קעהילע איז געווענ זייער אומצופרידנ מיט אָט די פורים-ספעקטאקלענ, אונ אירע פאָרשטייער האָבנ אויסגענוצט אינ קאמפ קעגנ זיי דאָס טראדיציאָנעלע מיטל — געשריבנ מע-סירעס צו דער צארישער מאכט. אינ 1840 ווענדעט זיכ איינער דאָוויד העלינ מיט א ביטע, מע זאָל אימ דערלויבנ שוינ גאנצע פופצנ דראמאטישע פאָרשטעלונגענ אינ יידיש. פונ דער ביטע איז גאָרנישט גיט ארויסגעקומענ, ווייל די קעהילע האָט זיכ אקעגנגעשטעלט אונ די מאכט האָט איר געדנ צו ליב געטאָנ. אָבער דער פאקט אליינ פונ אזא ווענדונג זאָגט איידעס אפ דעמ, אז דער באַדנ פאר א יידישנ טעאטער איז שוינ דאָ רײַפ געוואָרנ.

אינ די 60-ער יאָרנ איז דער יידישער טעאטער אינ ווארשע געוואָרנ א רע-אלער פאקט. וועגנ דעמ האָט געשריבנ די דעמלטיקע פרעסע אינ פארשיידענע שפראכנ. פארבײַגייענדיק האָט וועגנ דעמ ווארשעווער יידישנ טעאטער פונ די 60-ער יאָרנ געשריבנ דער רוסישער ליטעראטור- אונ טעאטער-היסטאָריקער אלעק-סיי וועסעלאָווסקי. די עקזיסטענצ פונ א יידישנ טעאטער אינ ווארשע אינ יע-נער צײַט ווערט אויכ פארצייכנט אינ פארשיידענע ענציקלאָפּעדיעס. אזוי, לייע-נענ מיר אינ בערעזינס „רוסישנ ענציקלאָפּעדישנ לעקסיקאָנ” (1874), אינ דער באשרײַבונג פונ דער שטאָט ווארשע, דאָרטנ, ווו עס ווערנ איבערגערעכנט די פארשיידענע ווארשעווער טעאטערנ: „אפילע (? — א. ג.) פאר יידנ איז געווענ א נאציאָנאלער טעאטער, וואָס איז געווענ אויסגעבויט אינ יאָר 1866, אָבער ער האָט עקזיסטירט נאָר צוויי יאָר”[2]. אנ ענלעכע יעדיע געפינענ מיר אויכ אינ דער בראָקהאוז-עפראָנ-ענציקלאָפּעדיע, אינ דער באשרײַבונג פונ ווארשע: „דער יידי-שער (זשארגאָנישער) טעאטער, וואָס איז געווענ אויסגעבויט אינ יאָר 1866, האָט עקזיסטירט נאָר 2 יאָר”[3].

אָבער די שפורנ פונעמ ווארשעווער יידישנ טעאטער פונ די 60-ער יאָרנ זײַנענ קימאט ווי פארלאָרנ געגאנגענ, אונ ערשט אינ מעשעכ פונ די לעצטע 15—12 יאָר האָט אונדזער טעאטער-פאָרשונג גענומענ אופשטעלנ דאָס בילד פונ אָט דעמ טעאטער. אינ אָט דער ארבעט סומירנ מיר די מאטעריאלנ, וואָס זײַנענ פארעפנטלעכט געוואָרנ פאר דער לעצטער צײַט, אונ גיבנ צו א גאנצע ריי פאקטנ, וואָס זײַנענ ביז איצט נישט באקאנט געווענ אונדזערע פאָרשער.

---

1 זייער אנ אינטערעסאנט בילד פונעמ „פארצײַטישנ פורימ” אינ ווארשע (אינ די צוואנציקער יאָרנ פונעמ XIX יאָרהונדערט) גיט גוסטאוו מאקמאנ אינ זײַנ פאָעמע „די געהיימניסע פונ יענער וועלט, אָדער דער טקיעס-קאפ”, ווארשע, 1865. דאָ שילדערט ער אויכ פורימ-שפילער, אָבער גע-ווינלעכע, וואָס גייענ „אינ שטובנ”. מיר ריידנ אינ אונדזער ארטיקל וועגנ עפנטלעכע פורימ-פאָר-שטעלונגענ, וואָס ווערנ געגעבנ אינ א באשטימטנ לאָקאל פאר א גרויסנ פובליקומ.

2 Русский Энциклопедический Словарь, издаваемый... И.Н. Березиным, том IV, СПБ, 1874.

זע דאָס וואָרט „ווארשע”, זײַט 636. די דאטע 1866 איז דאָ, אפאָנעמ, אָנגעוויזנ אלפּי טאָעס. מיר ווייסנ, אז א ספעציעלע געבײַדע פארנ יידישנ טעאטער אינ ווארשע איז געווענ אויסגעבויט אפנ מוראנאָווער פלאצ ערשט אינ יאָר 1868. וועגנ דעמ — ווײַטער.

3 Энциклопедический Словарь [Брокгауз-Ефрон], том V-А (10-й полутом), СПБ. 1892,

זע דאָס וואָרט „ווארשע”, זײַט 556.

דער ערשטער עפּיזאָד, וועגן וועלכן מיר ווילן דאָ דערציילן, איז פארבונדן מיט עפּעס א גרופּע, וואָס האָט זיך אָפּגעטיילט פון די באַרימטע „בראָדער זינגער״. אַן אָנצוהערעניש אַף דעם געפינען מיר אין א. גאָלדפאַדענס אויטאָביאָגראַפיע. גאָלדפאַדען דערציילט אָט וואָס:

„וועגן שפּעטער, איבער דער גרויסער קאָנקורענץ, איז בראָדי געפאַלן, האָבן די זינגערס געמוזט איבערטראָגן זייער געשעפט נאָך רוסלאַנד, און (ווי איינער פון די „בראָדער״ האָט מיר דערציילט) זײַנען זיי געקומען נאָך וואַרשע מיט דער האָפענונג אין דער ייִדן-בעפעלקערטער פּוילישער הויפּטשטאָט פאַרצווזעצן זייער געשעפט. זיי האָבן אָבער דאָס ערשטע מאָל געליטן א גרויסע נידערלאַגע, ווײַל מען האָט דעמלט נאָך ניט פאַרשטאַנען, אַז מען זינגט א ייִדיש לידל, דאַרף מען צאָלן געלט. מיט שווערער נויט האָבן זיי זיך צוריקגעשלעפּט אהיים. ערשט שפּעטער מיט א יאָר האָט א וואַרשעווער רעסטאָראַטאָר געהאַט א גרויסן לאָקאַל און האָט, פאר פּראָבע, באַצויגן די „בראָדער״, און אַז דאָס געשעפט האָט אָנגעהויבן גוט צו גיין, האָבן זיך די זינגערס אָנגעהויבן צו פּרוכפּערן און מערן און [זײַנען] אַרומגעפאָרן אין אַלע קליינע ייִדישע שטעטלעך אין רוסלאַנד, גאַליציע און רומעניע״ [1].

גאָלדפאַדען רופט ניט אָן קיין דאַטעס און דערציילט דאָס אַלץ לויטן זיקאָרן. איינע א רוסישע צײַטונג פון יענער צײַט האָט אָבער אָפּגעדרוקט אַף איִרע שפּאַלטן א קאָרעספּאָנדענץ וועגן אָט דער וואַרשעווער טעאַטראַלער אונטערנעמונג, און דאָס גיט אונדז די מעגלעכקייט אויפצושטעלן א גאַנצע ריי ביז גאָר ציקאַווע און וויכטיקע פּראָטים. די דאָזיקע קאָרעספּאָנדענץ איז געווען אָפּגעדרוקט אין „ווילענסקי וועסטניק״ אין יאָר 1867. דער אויטאָר אירער האָט זיך געכאַסמעט בלויז מיט איניציאַלן: ב.ל. די קאָרעספּאָנדענץ איז פאַר אונדז זייער וויכטיק און אינטערעסאַנט, ווײַל זי גיט א גאַנץ קלאָר בילד פונעם דעמלטיקן ייִדישן טעאַטער, און אַזוי ווי זי איז ביז איצט געווען די פאָרשער אומבאַקאַנט, ברענגען מיר זי in extenso, גאַנצערהייט:

„וואַרשע, דעם 18-טן יולי [1867].

וויפל מאָל האָט מען שוין גערעדט און געשריבן וועגן די כסידים און וועגן דער שעדלעכער ווירקונג פון זייערע צאַדיקים; אָבער אָט די אַלע שטראָף-רייד האָבן לאַכלוטן צו גאָרניִשט ניט געפירט. עס גייט זיי אַפילע ניט אָן, וואָס שמועסט מען דאָרטן וועגן עפּעס אַן עמאַנציפּאַציע, ציוויליזאַציע, וועגן עפּעס א נויטווענדיקײַט צו געבן די קינדער א מער הײַנטצײַטיקע און ניט קיין מיטלאַלטערלעכע דערציִונג, וועגן דער שעדלעכער ווירקונג פון די מעלאַמדים, וואָס גיסן מיט א ברייטן שטראָם די גיפט פון אָבערגלויבן אין די יונגע הערצער פון זייערע וויכאָוואַנקעס און אַז. וו. „איר שמועסט אײַך, טראַכטן זיי, און שרײַבט געזונטערהייט וועגן וואָס עס גליסט זיך אײַך, און מיר׳ וועלן פונדעסטוועגן טאָן אַזוי, ווי עס האָבן געטאָן אונדזערע זיידעס און עלטערזיידעס, און מיר וועלן שוין אין קיין פאַל ניט צעשיידן זיך מיט אונדזערע לאַנגע פייעס און מיט די יאַרמלקעס״. וויסנדיק דאָס זייער גוט, קלײַבן מיר זיך לאַכלוטן נישט אָוועקצו-

1 ציטירט לויט ז. זילבערצווייגס „לעקסיקאָן פון ייִדישן טעאַטער״, ב. I, ניו-יאָרק, 1931, שפּאַלט 219.

לייגן א לעסטערנדיקע האנט אפ אָט די נייטיקע אייגנטימלעכקייטן פון די כסי-
דים, און מיר ווילן נאָר מיטיילן די לעזער פון „ווילענסקי וועסטניק” וועגן א
קליינינטשקן אומשטאנד, וואָס האָט ארויסגערופן מיצאד די היגע כסידים, ניט גע-
קוקט אפ זייער זאָרגלאָזיקייט, געוויסע זאָרגן.

אין פאָריקן יאָר [1866] איז אין װארשע געקומען צו פאָרן א קאָמפּאַניע
יידישע זינגער, וואָס האָט זיך צוזאמענגעשטעלט פון די אזויגערופענע מארשע-
ליקעס, וועלכע שפּילן געוויינלעך די ראָל פון שפּאס-טרייבער און אימפּראָווי-
זאטאָרס אפ יידישע כאסענעס. די דאָזיקע טרופּע האָט זיך באזעצט אין סאמע
צענטער פון די כסידים, אפ גרזשיבאָוו, און זי האָט אָנגעהויבן צו געבן סצע-
נישע פאָרשטעלונגען, וואָס זייער אינהאלט איז מערסטנטייל גענומען פונעם לעבנ-
שטייגער פון די יידן, און באזונדערס פון די כסידים. אָבער דאָ זיינען די לעצ-
טע זייער אופגערודערט געוואָרן און האָבן אָנגעהויבן צו שרייען: ארויסטרייבן
אָט די מאיאסעניקעס, ארויסטרייבן אָט די רעשאָיִים פון דער שטאָט! און עס
האָט זיך אָנגעהויבן א קאמף, בייס וועלכן די זינגערס האָבן געליטן פארשיידענע
אומאנגענעמלעכקייטן און רעדיפעס. דער דאָזיקער קאמף האָט זיך אָבער גענ-
דיקט דערמיט, אז די ארטיסטן האָבן געמוזט אריבערטראָגן זייער טעאטער אפ די
נאלעווקעס, איינע פון די גרויסע גאסן אין װארשע, ווו עס לעבט שוין גאָר
אן אנדערער קלאס יידן און מערסטנטייל אן אוילעם אן אָנגעפּאָרענער. בא היינ-
טיקן טאָג איז פון דער פריערדיקער טרופּע געבליבן נאָר צוויי, וואָס פארשטייען
זייער זאך. די איבעריקע זיבן אָדער אכט מענטשן, וואָס באטייליקן זיך אין די
פאָרשטעלונגען ערשט א קורצע צייט, דינען נאָר ווי באהעלפערס אָדער כאָריסטן
באם געזאנג.

דער באלאגאן, אין וועלכן עס ווערן געגעבן די דאָזיקע פאָרשטעלונגען,
קאָן ארייננעמען ביז דריי הונדערט מאן. פארן ארייננגאנג צאָלט מען 15 און 10
קאָפּ. אין די אנטראקטן שפּילט מיליטער-מוזיק.

קימאט אלע פאָרשטעלונגען, וועלכע ווערן געגעבן אין אָט דעם טעאטער,
האָבן א סאטירישן כאראקטער. עס ווערן אין זיי אָפּגעלאכט כעסרוינעס, וואָס
זיינען אזוי אייגנטימלעך דעם נידעריקערן און מיטעלן קלאס יידן, ווי צום ביי-
שפּיל, די שטרעבונג צו לעבן און צו פירן זיך ניט לויט די מיטלען, באנקראָ-
טערייַ, אָבערגלויבן און פאָרורטיילן, שוואכקייטן אלגעמיין-יידישע און באזונדערס
פון כסידים. מיט געוויסנהאפטיקייט און ציכטיקייט אין אויספילן זיינע ראָלן
צייכנט זיך אויס אלייך דער אנטערפרעניאָר מוישע וויינטרויב: אזא איז די מיי-
נונג פון אלע באזוכער פון אָט דעם יידישן טעאטער. ה' ווייַנטרויב באמיט זיך
צו טאָן אלץ, וואָס ער קאָן נאָר, אפ צו פארוויילן זיין אוילעם, פאר וואָס ער
געניסט דעם אוילעמס פולע דאנקבארקייט. מיר האָבן געהאט די מעגלעכקייט צו
בייַזיין אפ צוויי פאָרשטעלונגען און יעדעס מאָל האָבן מיר באמערקט צווישן
דעם אוילעם אפילע מענטשן געבילדעטע, וואָס זיינען אהער געקומען, פארשטייט
זיך, ניט צוליב פארוויילונג, נאָר אויס נייגיר. עס בלייבט אונדז צו ווינטשן דעם
הער ווייַנטרויב דערפאָלג און אייצען אים זיך צוצוקלייבן מער געניטע כאווירים
און באהעלפערס. וואָס איז שייעך צו די װארשעווער כסידים, איז ניט זייענדיק
אימשטאנד ארויסצוטרייבן אָט די כילעל-האשעמניקעס פון דער שטאָט, שטראָפן
די כסידים זיי דערמיט, וואָס זיי באזוכן נישט דעם טעאטער; אָבער די ווירקונג

פונ אָט די זינגער אונ אַקטיאָרנ וועט זיכ פונדעסטוועגנ פילנ אויכ אינ דער סוויווע פונ די פאַנאַטיקער"[1].

די דאָזיקע קאָרעספּאָנדענצ פונ „ווילענסקי וועסטניק" גיט אונדז א גאַנצ בוילעט בילד פונ דעמ וואַרשעווער טעאַטער, וואָס האָט זיכ אויסגעבילדעט אינ יאָר 1866. ווער איז געווענ מוישע וויינטרויב, דער אַנטרעפּרעניאָר, וויסנ מיר ניש, מיר האָבנ אינ ערגעצ ניט געטראָפנ זיינ נאָמענ. די כאַראַקטעריסטיק פונ דער טרופּע אונ פונעמ רעפּערטואַר שטימט מיט די פאָרשטעלונגענ, וועלכע מיר האָבנ וועגנ די „בראָדער זינגער". געשטעלט האָט מענ מיסטאָמע קורצע סצענעס אונ דיאַלאָגנ. דאָס, וואָס די וואַרשעווער טרופּע האָט זיכ לעכאַטכילע באַזעצט מיט איר „אַנטיכסידישנ" טעאַטער אַפ גרזשיבאָוו, אינעמ סאַמע האַרצ, אַזוי צו זאָגנ, פונ דער וואַרשעווער כסידישער באַפעלקערונג, גיט צו איר אופּטו דעמ כאַראַקטער פונ א דרייסטער אונ מוטיקער געזעלשאַפטלעכער אַקציע. די אַקטיאָרנ זיינענ צוגעקומענ האַרט צו דער סאַמע פעסטונג פונ דעמ סוינע! אונ כאָטש זיי האָבנ געמוזט אָפּטרעטנ אינ אָט דעמ ניט-גלייכנ קאַמפּ, איז קלאָר פונדעסטוועגנ, אַז דער „זיג" האָט טייער געקאָסט דער כסידישער קנופּיע.

די אויסערלעכע אויסשטאַטונג פונעמ טעאַטער איז געווענ אינ גייסט פונ די פּילצאָליקע פאַרוויילונג-פּלעצער, מיט וועלכע עס איז דעמלט רייכ געווענ וואַרשע. באַזונדערס זיינענ געווענ פּאָפּולער די אַזויגערופענע „אָגרודקעס" (קליינע סעדלעכ) מיט די סאַמע פאַרשיידענע פאַרוויילונגענ. דער אַריינגאַנג האָט געקאָסט דאָרט ניט טייערער פונ 20 קאָפּעקעס זילבער. אינ די „אָגרודקעס" פלעגנ אַרויסטרעטנ פראַנצויזישע אונ דייטשישע זינגער, עס פלעגט שפּילנ מוזיק. אוילעמ איז געווענ אומעטום א סאַכ, דאָס איז געווענ א באַליבטע פאָרמ פונ פאַרוויילונג אינ וואַרשע. „אינ דער שפּיצ פונ אַלע „אָגרודקעס" — שרייבט אַנ אַווטאָר פונ יענער צייט — שטייט „עלדאָראַדאָ" מיט פראַנצויזישע קאָמיקער; דאָ צאָלט מענ פאַרנ אַריינגאַנג א פּערציקער אונ מע האָט האַנאָע פונעמ אומדערטרעגלעכ-אומפאַרשעמטנ קאַנקאַנ פונ דער באַרימטער מאַדעמואַזעל גאָש אָדער פונ די וווּלגאַרע קופּלעטנ פונ די איבעריקע פּערסאָנאַזשנ פונ דער טרופּע. אינ די אַנדערע אָגרודקעס איז קימאַט דאָס זעלבע, מיט דעמ אונטערשייד, אַז אינ „עלדאָראַדאָ" קוקט דאָס פּובליקומ אַפ א פראַנצויזישער טאַלאַנטלאָזיקייט, אונ דאָרטנ — אַפ א דייטשישער אָדער אַפ א היימישער"[2]. מיר דאַרפנ אָבער זאָגנ, אַז מוישע וויינטרויבס „אַנטיכסידישער" טעאַטער איז ענלעכ געווענ צו די פּילצאָליקע וואַרשעווער פאַרוויילונג-טעאַטערנ בלויז לויט דער אויסערלעכער אויסשטאַטונג: דער כאַראַקטער זיינער איז אינ טאָכ געווענ אַנ אַנדערער, וויל א בוילעט אויסגע-

[1] די דאָזיקע קאָרעספּאָנדענצ איז אָפּגעדרוקט אינ „ווילענסקי וועסטניק", 1867, נומ. 88. אַנ אויסצוג פונ אָט דער קאָרעספּאָנדענצ איז געווענ אָפּגעדרוקט אינעמ מאָסקווער טעאַטראַלנ זשורנאַל „אַנטראַקט", 1867, נומ. 31. די קאָרעספּאָנדענצ (אָנ אַנ אָנווייזונג אַפנ מאָקער) איז אויכ געווענ ציטירט אינ „המליץ", 1867, נומ 39, אינ אַרטיקל פונ וואַלי"ני „במת שחוק לעברים בוואַרשוי". פונ די נייסטע פאָרשער האָט י. שאַצקי זיכ באַנוצט מיט אָט דעמ אַרטיקל פונ „המליץ" אינ זיינ אַרבעט „צושטייער צו דער געשיכטע פונ דעמ פאַר־גאָלדפאַדענישנ טעאַטער", געדרוקט אינעמ זשורנאַל „יידיש טעאַטער", וואַרשע, 1927, בוכ 3 — 4. די דאָזיקע אַרבעט אַנטהאַלט פיל אינטערעסאַנטע פּראָטימ וועגנ דעמ יידישנ טעאַטער אינ וואַרשע אינ די 60־ער יאָרנ.

[2] В. Сафонов, Летние удовольствия в Варшаве, „Антракт", 1867, №36. זע אויכ די קאָרעספּאָנדענצ פונ וואַרשע אינ „С-Петербургские Ведомости", 1867, נומ. 239.

שפּראַכנע געזעלשאַפטלעכע טענדענצ, די טענדענצ פונ אויפקלערונג, האָט געלעבט אינ אימ אונ זי האָט עס אימ באוויזנ אינ זײַנ טעטיקײַט.

די קאָרעספּאָנדענצ פונ „ווילענסקי וועסטניק" איז פאַקטיש דער אײנציקער דאָקומענט, וואָס גיט אונדז א גענויערע באַשרײַבונג פונעמ ווארשעווער „אַנטי־כסידישנ" טעאַטער פונ די 60־ער יאָרנ. פונ דער צײַט, ווענ דער טעאַטער איז אריבער אפ די נאַלעווקעס, האָבנ זיכ נאָכ פאַרהיט א פּאָר אנאָנסנ אינ דער „וואַרשויער יודישער צײַטונג" פאַרנ יאָר 1867.

אינ די נומערנ 23, 24 אונ 25 פאַר אָט דעמ יאָר לײענענ מיר פאָלגנדיקנ אנאָנס:

„אינ מײַנער באַוואַריע מיט אײנעמ גאָרטנ אויפ דער נאַלעווקעס אינ הויזנ דער הערנ נאטאנזאָנ №2244a איזט אײַנגעריכטעט וואָרדנ אײַנ זאָמער־טעאַטער מיט אַלע באַקוועמלעכקײַטנ אינ גאָרטנ וואו די בערימטע בראָדער זינגער טעגליכ אבענדס 8½ אור פאָרשטעלונגנ געבנ (אויכ שאַבאָסעס צו נאַכט). אינ דער באַוואַריע איזט צו בעקאָמענ גוטעס בײַרישעס ביר אויכ אַנדערע געטרענקע אונ פאַרשידענעמ עסנווערק, מאָרדכע רײנער".

מיט עטלעכע כאָדאָשימ שפּעטער, אינ נאָיאַבער 1867, באַווײַזט זיכ ווידער אינ דער צײַטונג אנ ענלעכער אנאָנס מיט אזא צוגאָב:

„צו דיזער געזעלשאַפט (דה. צו די בראָדער זינגער. א. ג.) געהערט אויכ דער ערשטער ווינער קאָמיקער, קאַפּקע דוביענסקי, אונ דער זעלטענער הומאָ־ריסטיק ביניאָמינ דענציס, אויס זיטאָמיר[1], וועלכע זײער אויסגעצײכנטע זאַכנ פאָרשטעלנ"[2].

די דאָזיקע אנאָנסנ באַקענענ אונדז, אויסער מוישע ווײַנטרויבנ, וועמעס נאָ־מענ מיר ווײסנ שוינ, נאָכ מיט צוויי אַקטיאָרנ פונעמ ווארשעווער „אַנטיכסידישנ" טעאַטער, וואָס האָבנ פאַרנומענ דאָרט מיסטאַמע דעמ אויבנאָנ: קאַפּקע דוביִנסקי אונ ביניאָמינ דענציס. קאַפּקע דוביִנסקי, „דער ערשטער ווינער קאָמיקער", ווי ער ווערט אַטעסטירט אינ די אנאָנסנ, איז ביז גאָר א קאָלאָריטע פיגור. ער איז, אזוי צו זאָגנ, דער פּאַטריִארכ פונ די „בראָדער זינגער". דאָס מײנט אימ ב. גאָ־רינ, ווענ ער דערציילט אינ זײַנ טעאַטער־געשיכטע: „דער ערשטער פונ די „בראָדער זינגער" איז געווענ יאַקאָווקע מיט א קאָמפּאַניע פונ דרײַ אָדער פיר פּערזאָנ"[3]. יאַקאָווקע, אָדער קאָווקע, דוביִנסקי האָט געשטאַמט פונ גאַליציע (לויט אײניקע יעדיִעס פונ בראָדי, לויט אַנדערע — פונ סטאַניסלאַוו). אינ דער יוגנט איז ער געווענ א בעקער־יונג. אז מע האָט אימ אָפּגעגעבנ פאַר א סאָלדאַט, האָט ער געדינט אינ ווינ. אינ פּאָלק איז ער געוואָרנ א באַראַבאַנשטשיק, דערצו האָט ער געהאַט א שײנע שטימ. אינ ווינ האָט ער זיכ באַקאַנט מיט די דײַטשע קאַפּעשאַנטאַנענ, אונ דאָ איז אימ געקומענ דער געדאַנק אָנצוהײבנ אַרויסטרעטנ מיט געזאַנג צווישנ ייִדנ. אז ער האָט זיכ באַפרײַט פונ דינסט, האָט ער צוזאַ־

1 פּויילישער נאָמענ פונ זשיטאָמיר.

2 דער לעצטער אנאָנס איז געדרוקט אינ נומער 43 פאַרנ 23־טנ נאָוועמבער אונ אינ נומער 44 פאַרנ 30־טנ נאָוועמבער 1867. די אָרטאָגראַפיע פונ די בײדע אנאָנסנ איז בא אונדז עטוואָס מאָדערניזירט. מיר ציטירנ זײ לויט נ. אויסלענדערס אַרטיקל „וואַרשעווער מעכאַברימ אינ די 50־ער — 60־ער יאָרנ" אינ „ביבליִאָלאָגישנ זאַמלבוכ", באַנד I, 1930.

3 ב. גאָרינ. די געשיכטע פונ ייִדישנ טעאַטער, 2־טע אויפלאַגע, ניו־יאָרק, 1923, ז. 144.

מענגעשטעלט א קליינע קאָמפאניע אונ האָט געזונגענ מיט איר אינ לאָקאלנ. ער האָט געזונגענ בערל בראָדערס לידער, געקאָנט אויכ אליינ פארפאסנ א ליד. אווראָהאָמ פישזאָנ דערציילט, אז ער האָט געטראָפנ יאקאָווקענ זינגענ אינ אָדעס אינ א ווײַנ-קעלער, ווו ער האָט געשפילט א בלינדנ אלטנ. אנ אנדערער אקטיאָר דערמאָנט זיכ, אז יאקאָווקע פלעגט בייס זײַנע ארויסטריטנ זיכ פארשמירנ מיט סאזשע אונ אָנטאָנ א פעל פונ א ציג, אינ וועלכער עס זײַנענ געווענ אויסגעשניטנ לעכער פארנ מויל אונ פאר די אויגנ. ער פלעגט זיכ אויכ פארשטעלנ פאר א בעקער אָדער פאר א שוסטער.

אָנהייב 80-ער יאָרנ איז יאקאָווקע דובינסקי ווידער געווענ אינ ווארשע. דאָסמאָל איז ער ארויסגעטראָטנ אפנ הויפ פונ וואָלפ ליטוואקס גאָרטנ. ער איז שוינ דאנ געווענ א ייִד פונ א יאָר 75, א זאָקנ מיט א גרויענ קאָפ. דערבײַ האָט ער ליב געהאט צו שפילנ בלויז יונגע ראָלנ. ווי עס דערציילט איינער אנ אקטיאָר, איז זײַנ בעסטע ראָל געווענ א כיידער-ייִנגל, וואָס פלעגט שטיינ פארנ רעבנ אינ איינ ציטערנ אונ פלעגט זיכ פארהיקנ בא יעדנ וואָרט, בעשאס ער האָט זיכ פארענטפערט פארנ רעבנ, פארוואָס ער איז ניט געווענ אינ כיידער.

טאקע אָנהייב 80-ער יאָרנ איז יאקאָווקע דובינסקי געשטאָרבנ. געשטאָרבנ איז ער אינ בראָדי אינ עלנט. מע דערציילט, אז זײַנע לעצטע ווערטער זײַנענ געווענ: „דער מאלעכאמאָוועס איז דאָ, קוש מיכ אינ ט....” — זיכ אויסגעדרייט אונ געשטאָרבנ. מע האָט אימ מעקאבער געווענ הינטערנ פלויט [1].

ווי סימבאָליש איז אָט די ביִאָגראפיע פונ איינעמ פונ די פיִאָנערנ אפ דער ייִדישער בינע! דער אקטיאָר האָט געטראָגנ פרייד אינ די פאָלקסמאסנ, די אוראלטע אונ אייביקע טעאטראלע פרייד פונ „זיכ פארשטעלנ”, פונ געזאנג אונ מוזיק. ער האָט געהאט מוט ארויסצוטרעטנ קעגנ אלטווארג, קעגנ פינצטערניש, קעגנ פאָרורטיילנ פונ דער „געזעלשאפט”. אינ זײַנע לעצטע ווערטער קלינגט א אינסטינקטיוו-אטעיִסטישער ארויסרופ צו „יענער וועלט”, א ביטל צומ רעליגיִעזנ אָבערגלויבנ אונ ווידעראמאָל א גרענעצלאָזע אָפטימיסטישע לעבנס-פרייד. אונ די באלעבאטישע „געזעלשאפט” האָט זיכ פאכדאָניש נויקעמ געווענ אינעמ אקטיאָר נאָכ זײַנ טויט, זי האָט אימ באצאָלט פאר זײַנ מוטיקנ שפּאָט איבער איר אָפגעשטאנענקייט אונ באגרענעצטקייט. זי האָט מעקאבער געווענ דעמ אקטיאָר הינטערנ פלויט, דאָרט, ווו עס האָבנ געפונענ זייער רו א סאכ ווידערשפעניקע, פראָטעסטאנטנ קעגנ דער געזעלשאפטלעכער אומאָרדענונג, מארטירער פונ געדאנק.

---

דער צווייטער פרווו צו באשאפנ אינ ווארשע א ייִדישנ פראָפעסיִאָנעלנ טעאטער גייט קימאט גלײַכ נאָכנ אָקאָרשט באשריבענעמ. אָבער דאָ טרעפנ מיר גאָר אנ אנדערע אטמאָספער, דער צווייטער עפיזאָד טראָגט גאָר אנ אנדער כאראקטער.

פאָרגעקומענ איז עס אינ יאָר 1868. דער רוסישער טעאטער-היסטאָריקער אלעקסיי

1 אויסער געדרוקטע דערינערונגענ האָט ז. זילבערצווייג צוזאמענגעקליבנ וועגנ יאקאָווקע דובינסקינ א ריי מינדלעכע מיטיילונגענ אונ פארעפנטלעכט זיי אינ זײַנ „לעקסיקאָנ פונ ייִדישנ טעאטער”, ב. I, שפאלטנ 228 — 229 (אונטערנ נאָמענ: דובינסקי).

װעסעלאָװסקי האָט געהאט אינ זײַנ רעשוס א רוסישע אפישע פונ אָט דעמ טעא-טער, װעגנ װעלכנ מיר גײענ איצט דערצײלנ.

Во вторник 15 октября [1868] на Мурановской площади в нарочно для сего устроенном здании, которое весьма удобно и будет освещаемо бриллиантовым огнем, дан будет лучшими артистами Моисеева исповедания на немецком языке во второй раз Библейный Драмат, в 4 действиях, из истории Иосифа, стихами и пением, соч. г. Г. Беляу и т. д. [1].

ג. בעלאו איז אויכ געװענ דער דירעקטאָר פונ אָט דער טרופּע. בעלאוס טעאטער האָט עקזיסטירט אינ מעשעכ פונ איבער צװײ יאָר. פונעמ רעפּערטואר קאָנענ מיר אָנרופנ עטלעכע זאכנ. אלס ערשטע פאָרשטעלונג איז געגאנגענ „יאנ-קעװ אונ זײַנע זינ", א ביבלישע דראמע. זי איז געװענ אײַנגעטײלט אינ צװײ טײלנ, אונ געשפּילט האָט מענ זי צװײ אָװנטנ: אײנ אָװנט האָט מענ געשפּילט „יאנקעװ אונ זײַנע זינ" אונ א צװײטנ אָװנט — „יױסעפ אינ מיצראַימ". מיר װײסנ נאָכ דרײַ פּיעסנ פונ בעלאוס רעפּערטואר: „יעציאַס מיצראַימ", „די ײדנ אינ מיד-בער" אונ „יעהודיס". װער איז געװענ דער אװטאָר פונ די פּיעסנ „יעציאַס מיצ-ראַימ" אונ „די ײדנ אינ מידבער", װײסנ מיר ניט; די איבעריקע פּיעסנ, װאָס מיר האָבנ אָנגערופנ, האָט פארפאסט בעלאו. די דראמע װעגנ יױסעפנ איז געװענ א געגראמטע מיט אײַנגעפּאסטע איר לידער צומ זינגענ אונ זי איז בא-שטאנענ פונ 4 אקטנ מיט א היפּשער צאָל פּערזאָנענ; די האנדלונג פונ יעדנ אקט איז פאָרגעקומענ אפ א נײַעמ אָרט. „יעהודיס" איז אויכ באשטאנענ פונ 4 אקטנ. די פּיעסנ זײַנענ געװענ מיט געזאנג אונ מוזיק.

װי ס'איז צו זענ פונעמ רעפּערטואר, האָט זיכ בעלאוס טעאטער אונטער-שײדט פונעמ פריערדיקנ װארשעװער טעאטער, װעלכנ מיר האָבנ אויבנ באשריבנ. יענצ איז געװענ אנ „אנטיכסידישער", א סאטירישער טעאטער; דאָס איז געװענ, אזוי צו זאָגנ, א „נאציאָנאל-היסטאָרישער", זײַנע פּיעסנ זײַנענ געװענ געבױט אפ ביבלישע סוזשעטנ. א רײ קאָרעספּאָנדענצנ אינ פארשײדענע פּעריאָדישע אויס-גאבעס גיט אונדז א גאנצ קלאָרע פאָרשטעלונג װעגנ בעלאוס טעאטער. באזונ-דערס אינטערעסאנט איז אינ דעמ פראט די קאָרעספּאָנדענצ פונ װארשע, װאָס איז געװענ געדרוקט אינ דער אָדעסער רוסיש-ײדישער אויסגאבע „דיענ" אינ יאָר 1870 [2]. מיר ברענגענ דאָ פונ איר גרעסערע אויסצוגנ.

דער קאָרעספּאָנדענט דערצײלט, אז מיט עטלעכע טעג צוריק האָט די װאר-שעװער רוסישע צײַטונג „װארשאװסקי דנעװניק" געמאָלדנ, אז אינגיכנ װעלנ זיכ אָנהײבנ די פאָרשטעלונגענ אינעמ „איזראַילישנ" טעאטער אינ אלקאזאר [3]. „די פאָ-

1 „דינסטיק דעמ 15־טנ אָקטיאבער [1868] װעט אפ מוראנאָװער פלאצ אינ א ספּעציעל דערצו אויסגעבויטער געבײַדע, װאָס איז זײער באקװעמ אונ װאָס װעט באלויכטנ װערנ מיט ברילױאנטענעמ פײַער, געגעבנ װערנ פונ די בעסטע ארטיסטנ פונ מױשעס גלױבנ אינ דער דײַטשער שפּראכ דאָס צװײטע מאָל א ביבלישע דראמע, אינ 4 אקטנ, פונ יױסעפס געשיכטע, אינ פּערזנ אונ מיט געזאנג, פארפאסט פונ הער ג. בעלאו אאװ." זע:

Алексей Веселовский. Старинный театр в Европе, М., 1870, стр. 387—388.

2 „День", Одесса 1870, № 47, стр 766—768 מיט א יאָר פופצנ צוריק האָב איכ רעפערירט די דאָזיקע קאָרעספּאָנדענצ אינ מײַנעמ אנ ארטיקל אינ „עמעס" („פונ דער פאָרגעשיכטע פונ ײדישנ טעאטער", „דער עמעס", 1925, נומ. 145).

3 די נאָטיצ װעגנ די פאָרשטײענדיקע ספּעקטאקלענ פונעמ ײדישנ טעאטער איז געדרוקט אינ „װארשאװסקי דנעװניק" פארנ 14 (26) אָקטיאבער 1870, נומ. 219.

רויסזאָגונג פונעם בלעטל — דערציילט וויַיטער דער אווטאָר פונ דער קאָרעספּאָנדענצ — איז מעקויעמ געוואָרנ אפילע שנעלער, איידער מע האָט געקאָנט רעכענענ". גייענדיק אינ גאס, האָט דער אווטאָר דערזענ צוגעקלאפּט צו א ווינקלהויז אנ אפישע:

Израильский театр

די אפישע האָט געגעבנ צו וויסנ, אז דעמ 24 אָקטיאבער (5 נאָיאבער) 1870 יאָר וועט דאָס ערשטע מאָל פאָרגעשטעלט ווערנ אינ דער דייַטשער שפּראַכ א דראמע אינ 4 אקטנ מיט געזאנג — „יעהודיס", פארפאסט פונ הער בעלאו.

דער קאָרעספּאָנדענט האָט באשלאָסנ צו באזוכנ די ציקאווע פאָרשטעלונג. „דער טעאטער איז געווענ געפּאקט", קאָנסטאטירט ער. דער פאָרהאנג האָט זיכ אופגעהויבנ, עס האָט זיכ אָנגעהויבנ די האנדלונג. אונ דאָ גיט דער קאָרעספּאָנדענט גענוי איבער דעמ אינהאלט פונ דער דראמע. דאָס זעט בא אימ אויס אזוי:

„... האָלאָפערנעס, דער הויפּט-קאָמאנדיר פונעמ מיליטער פונ אשור, וועלכער איז געווענ געשיקט פונ נעווּכאדנעצאר, ווי עס שטייט טאקע אינעמ בוכ יעהודיס, מיט אנ אָפּגעקליבענעמ כאַיל... אפּ צו באשטראָפנ די פעלקער, וואָס האָבנ ניט געוואָלט אָנערקענענ זייַנ מאכט, איז געזעסנ אינ א פּאָטעל, אונ ארומ אימ זייַנענ געשטאנענ די קאָמאנדירנ פונעמ כאַיל פונ אמוינ, פונ מויאָוו אא. די האנדלונג קומט פאָר אינעמ טאָל יִזרעעל, ווו האָלאָפערנעס האָט מיטנ פּילצאָליקנ כאַיל אייַנגעאָרדנט זייַנ לאגער נאָכ די זיגנ, וואָס ער האָט אָפּגעהאלטנ איבער די פעלקער, קעגנ וועלכע עס האָט אימ געשיקט נעווּכאדנעצאר... האָלאָפערנעס פרעגט בא די קאָמאנדירנ, וועלכע רינגלענ אימ ארומ, וואָס איז דאָס אזוינס פאר א פאָלק די יידנ? אכיאָר, דער קאָמאנדיר פונ אמוינ, דערציילט אינקורצנ, ווי גאָט האָט ארויסגעפירט די יידנ פונ מיצראימ, ווי ער האָט צוליב זיי אומגעבראכט די עגיפּטענער, וועלכע האָבנ זיי פארפאָלגט, ווי ער האָט פערציק יאָר געפירט די יידנ אינ דעמ אראבישנ מידבער, ווי די יידנ האָבנ באזיגט דאָס לאנד קנאאנ אאוו. דערבייַ האָט אכיאָר זיכ באמיט צו דערווייַזנ, אז ווי לאנג די יידנ זייַנענ געבליבנ טריַי צו זייער גאָט, זייַנענ זיי געווענ אומבאזיגבאר, אונ נאָר ווענ זיי פלעגנ זיכ אָפּווענדנ פונ זייַנע וועגנ, פלעגנ זיי אונטערגעוואָרפנ ווערנ צו אנדערע פעלקער. מאכמעס זייער יערידע, האָט פאָרגעזעצט וויַיטער אכיאָר, זייַנענ זיי געווענ אָפּגעפירט אינ געפאנגענשאפט אונ זייער טעמפּל איז פארברענט געוואָרנ. אז זיי האָבנ אָבער איניגיכנ נאָכ אָט דעמ אומגליק זיכ געווענדעט צו גאָט מיט וויַיגעשרייענ פונ טשוווע, האָט ער זיי דערהערט אונ אומגעקערט זיי אינ זייער לאנד. די יידנ האָבנ ווידער אופגעשטעלט יערושאָלאימ אונ אויסגעבויט דאָרט א נייַעמ טעמפּל. דער דערציילער האָט פארענדיקט זייַנ דערציילנ דערמיט, אז, לויט זייַנ מיינונג נאָכ, איז אויב די יידנ האָבנ ניט געזינדיקט אקעגנ זייער גאָט, דארפ מענ ניט דאנ אָנהייבנ מיט זיי א מילכאָמע. אלע קאָמאנדירנ זייַנענ געוואָרנ גוואלדיק אופגעבראכט פונ אזא אייצע אונ האָבנ געפאָדערט אכיאָרס טויט. עס האָט זיכ אָנגעצונדנ אויכ האָלאָפערנעסעס צאָרנ, אונ ער הייסט אימ איבערגעבנ די אייַנוווינער פונ יערושאָלאימ, עס זאָל אימ טרעפנ דער זעלבער אומגליק, וואָס וועט טרעפנ אלע אייַנוווינער פונ דער דאָזיקער שטאָט, אז זי וועט אייַנגענומענ ווערנ... צוויי קריגער מיט האלעבארדנ פירנ אוועק אכיאָרנ — דערמיט ענדיקט זיכ דער ערשטער אקט".

דאָ איז פאָרגעקומען א טעכנישע שטערונג באַם אראָפּלאָזן דעם פאָרהאַנג, און דער „אופגעקלערטער" קאָרעספּאָנדענט קאָן זיך נישט אָפּזאָגן באַ דער געלעגנהייט פון אַן איראָנישן פּאַסאַזש (די מערהײַט יעדיעס וועגן דעם עלטערן יידישן טעאַטער שטאַמט דאָך פון „אופגעקלערטע" צושויער, וועלכע האָבן געקוקט אפן „זשאַרגאָנישן" טעאַטער פון אויבן אראָפּ):

„דער פאָרהאַנג האָט זיך אָנגעהויבן אראָפּצולאָזן, אָבער פּלוצים, איבערטראַכטנדיק, שטעלט ער זיך אָפּ און נישט פון אָרט, און ניט געקוקט אפּ אַלע ציעַנישן, האָט ער ניט געוואָלט אויסבאַהאַלטן זײַנע אַקטיאָרן, וועלכע האָבן געהאַלטן אין איין שאָקלען מיט די קעפּ און הייבן די הענט. איינער פון די אַקטיאָרן איז סאָפּקאָלסאָפּ געפאַלן אפן סייכל, אַז מע דאַרף אָנווענדן קראַפט און אראָפּשלעפּן דעם פאָרהאַנג".

ווײַטער האָט זיך אָנגעהויבן דער צווייטער אַקט. אָט ווי עס באַשרײַבט אים דער אַוטאָר פון דער קאָרעספּאָנדענץ:

„...וואַלד. אַכיאָר שטייט א צוגעבונדענער צו א בוים און ער קלאָגט זיך אפּ זײַן גורל. אים צו הילף קומען — מע ווייסט נישט פונוואַנען — צוויי פרויען: איינע פון זיי איז די אַלמאָנע יעהודיס, די אַנדערע — א מיידל, כאַנע, די טאָכטער פון אוזיאָ, אַן עלטסטער באַ די יידן. זיי הייבן מיט אים אָן א געשפּרעך און, באַמערקנדיק, אַז די הענט און די פיס זײַנען באַ אים צוגעבונדן צום בוים, גייען זיי אוועק. אַכיאָר ווידער באַווײַזט אין מעשעך פון אָט דעם מינוטן־געשפּרעך זיך אײַנליבן אינעם מיידל ביז איבערן קאָפּ. אינגיכן איז געקומען אוזיאָ דער עלטסטער אין דער באַגלייטונג פון אַנדערע פּערזאָנען. דערזעענדיק א צוגעבונדענעם פרעמדן, הייסט אוזיאָ מע זאָל אים אָפּבינדן. אַכיאָר דערציילט אים, ווי קומט ער אַהער, און דאָ אפן אָרט דערקלערט ער, אַז ער האָט זיך שוין אײַנגעליבט אין איינער פון די טעכטער פון יישראָעל. דערנאָך קלײַבן זיך צונויף א סאַך יידן אפּ דער בינע, און איינער פון זיי דערקלערט, אַז דער הונגער און דער דאָרשט האָבן דערגרייכט אין דער שטאָט ביז צו דער לעצטער מאַדרייגע, און עס איז נישטאָ קיין מעגלעכקײַט זיך צו האַלטן ווײַטער אקעגן דעם פײַנט, וועלכער האָט באַלאַגערט די שטאָט. ער אייצעט דעריבער זיך אונטערצוגעבן. יעהודיס, וואָס איז געווען דערבײַ, וואַרפט אַלעמען פאָר זייער פּאַכדאָנעס און נעמט אפּ זיך צו ראַטעווען די שטאָט. אַלע בענטשן זי. דער פאָרהאַנג לאָזט זיך אראָפּ".

עס הייבט זיך אָן דער דריטער אַקט.

„...יעהודיס, אָנגעטאָן אין א פּראַכטפולן קלייד, קומט אין דעם סוינעס מאַכנע, שטעלט זיך פאָר פאַר אַזא, וואָס איז איבערגעלאָפן, און קומענדיק צו האָלאָפערנעסן, נעמט זיך פירן אים צו דער שטאָט, קעדיי צו פאַרשנעלערן די באַלאַגערונג. האָלאָפערנעס דאַנקט זי, און, פאַרבלענדעט פון איר שיינקײַט, בעט ער זי צו זיך אין צימער עסן און טרינקען.ביידע גייען זיי אוועק, באַגלייט מיט א שטאַרקן געלעכטער פונעם פּובליקום. דער קריגער, וואָס איז געשטאַנען אפּ דער וואַך, האָט צווישן דעם אַרויסגעשלעפּט פון אונטער דעם בוזעם א פלעשל און געכאַפּט א טרונק נאָך א טרונק. געוואָרן שיקער, האָט ער אָנגעהויבן פּראַווען זייער קאָמישע שטיק, און לעסאָף איז ער אײַנגעשלאָפן. פּלוצים באַווײַזט זיך אפּ דער בינע יעהודיס מיט א שווערד אין האַנט און מיט אַזא געשריי, וואָס

האָלאָפערנעס וואָלט זיך געוויס געדאַרפט אופּכאַפּן, ווען ער וואָלט זיך געפונען אַפילו פאַר אַ האַלב ווערסט. זי פאַלט אַפ די קני, טוט בעטן בא גאָט, ער זאָל איר העלפן אין איר אונטערנעמונג; דערנאָך פאַרשווינדט זי און איבער עטלעכע מינוט לויפט זי דורך איבער דער בינע, האַלטנדיק אין דער האַנט האָלאָפערנע-סעס קאָפּ".

און דאָ גייט דער פערטער, דער לעצטער אַקט:

„... אַפ דער בינע שטייט אוזיאָ, זיין טאָכטער כאַנע, אַכיאָר, וועלכער האָט זיך שוין מעגאָער געוועזן, און אַ סאַך יידן. אַכיאָר בעט בא אוזיאָן כאַנעס האַנט, כאַנע האָט אים אַזוי באַצויבערט. אוזיאָ זאָגט אים צו זיין טאָכטער, ווען דער אייבערשטער וועט זיי ראַטעווען פון דעם סוינעס האַנט. דאָ קומט יעהודיס מיט האָלאָפערנעסעס קאָפּ. אַכיאָר דערקענט דעם קאָפּ. אין דער זעלבער ציַיט דערלאַנגט מען אוזיאָן אַ בריוו פונעם קויהען יעהאָיאָקים פון ירושאָלאַים, אין וועלכן סע ווערט מיטגעטיילט, אַז די איינוווינער פון ירושאָלאַים זייַנען אַרויס פון דער שטאָט און אָנגעפאַלן אַפן סוינע, וועלכער, זעענדיק, אַז זיין הויפּט-קאָמאַנדיר איז אַ געקעפּטער, האָט זיך געלאָזט לויפן. אַלע בענטשן גאָט און יעהודיס. אוזיאָ בענטשט אויך אַכיאָרן מיט זיין טאָכטער אַלס כאַסן-קאַלע".

אַזוי ענדיקט זיך די שפּיל. „דער פאַרהאַנג לאָזט זיך אַראָפּ דאָס לעצטע מאָל, און דאַנקען גאָט", — גיט צו אונדזער קאָרעספּאָנדענט דער „איירע-אָפּייער". ווי מיר זעען, איז די גרונט-האַנדלונג פון דער דראַמע געבויט אַפ די געשעע-נישן, וועגן וועלכע עס דערציילט דאָס נאָך-ביבלישע אַפּאָקריפישע בוך „יעהודיס". אַלע פערסאָנאַזשן, וואָס ווערן דאָ דערמאָנט, אויסער כאַנען, זייַנען טאַקע גע-נומען פון דאָרטן. כאַנען האָט אַרייַנגעבראַכט דער אוטאָר פון דער דראַמע בע-לאַו, ער האָט אַרייַנגעבראַכט כאַנען, ווי אויך, פאַרשטייט זיך, די ליבע-ליניע צווישן איר און אַכיאָרן. דער אווטאָר האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז אָן אַ ליבע איז די דראַמע קיין דראַמע נישט.

דער אווטאָר האָט געביטן דאָס אָרט פון דער האַנדלונג. איבער דעם האָט אויך איראָ-ביזירט דער קאָרעספּאָנדענט: „איך הייב ניט אָן צו פאַרשטיין,—האָט ער געשריבן, — אַפ וואָס האָט דער אווטאָר פון דער דראַמע באַדאַרפט פאַרבייַטן די שטאָט בעטול אַפ ירושאָלאַים און אַריבערטראָגן אַזויאַרום האָלאָפערנעסעס מאַכנע פונעם טאָל יזרעעל אין דער אומגעבונג פון ירושאָלאַים, ווי עס שטייט טאַקע אין דער אַפּישע". דער קאָרעספּאָנדענט וויל ביכלאַל אַרויסווייַזן זיין געבילדעטקייַט. ער ווייַזט אָן אַפ אַ ריי געשיכטלעכע און געאָגראַפישע ווידערשפּרוכן אינעם טעקסט פונעם יעהודיס-בוך און זאָגט, אַז „צו אָט די אַלע ניט-לאָגישקייַטן, וואָס זייַנען דאָ אינעם בוך יעהודיס, האָט דער העָר בעלאַו... צוגעגעבן נאָך אַ סאַך אַנדערע".

די אַפּאָקריפישע געשיכטע וועגן יעהודיס און האָלאָפערנעס האָט געגעבן שטאָף אָן אַ שיר קינסטלער, וואָס האָבן געשאַפן אין פאַרשיידענע געביטן פון קונסט. דאָס יעהודיס-געשטאַלט האָבן ניט איין מאָל געשילדערט מאָלערס, און צווישן זיי אַזעלכע, ווי לוקאַס קראַנאַך, דזשאָרדזשאָנע און ראַפאַעלס טאַלמיד — דזשוליאָ ראָמאַנאָ. צו דער יעהודיס-טעמע האָבן זיך געווענדעט די דיכטער. אין רוסלאַנד האָבן זיך צו אָט דער טעמע געווענדעט פּושקין, מיי, מייַקאָוו. נאָך באַ-זונדערס איז פאַרשפּרייט דער יעהודיס-מאָטיוו אין דער דראַמאַטישער ליטעראַטור: די געשיכטע וועגן דעם, ווי יעהודיס האָט געהאַרגעט דעם מעכטיקן סוינע האָ-

לאָפערנעסנ, קעדיי צו ראטעווענ איר פאָלק, האָט געגעבנ שטאָפ פאר אנ אָנגעשטרענגטער דראמאטישער האנדלונג. דער דאָזיקער סוזשעט האָט זיך אָפט באגעגנט אינ די אלטע דראמאטישע מיסטעריעס [1], צו אימ האָבנ זיך אויך אָפט געווענדעט די נייע דראמאטישע שרייבער.

דער העברייִשער דראמאטורג פונעמ XVIII יאָרהונדערט דאָוויד פראנקאָ-מענדעס, איינער פונ די מיטארבעטער פונעמ בארימטנ האסקאָלע-זשורנאל „האמעאסעף”, האָט פארפאסט א דראמע אפ דער יעהודיס-טעמע אונטערנ נאָמענ „תשועת ישראל בידי יהודית” (די דראמע איז דערשינענ נאָכ דעמ אווטאָרס טויט אינ יאָר 1804). אלס מוסטער האָט פאר פראנקאָ-מענדעסנ געדינט דאָס ווערק פונעמ באוווּסטנ איטאליענישנ ליברעטאָ-פארפאסער פונעמ XVIII יאָרהונדערט מעטאסטאסיאָ „La Betulia liberata“. אינעמ XIX יאָרהונדערט, אינ יאָר 1841, האָט אָנגעשריבנ א טראגעדיע „יעהודיס” דער דייטשער דראמאטיקער פרידריכ העבעל [2]. די דאָזיקע טראגעדיע איז געווענ אופגעפירט אפ דער בינע אינ פעטערבורג. אָנהייב 60-ער יאָרנ האָט מענ אויכ אופגעפירט אפ דער בינע אינ פעטערבורג די איטאליענישע דראמע אפ דער זעלבער טעמע פונ דזשאקאָמעטי; די הויפט-ראָליע האָט געשפילט די בארימטע טראגישע אקטריסע, די איטאליענערנ ריסטאָרי (די פיעסע איז אָנגעשריבנ אינ 1858 יאָר, ריסטאָרי האָט גאסטראָלירט אינ פעטערבורג אינ די יאָרנ 1860—1861). דירעקט אונטער דער ווירקונג פונ ריסטאָריס שפילנ האָט זיך גענומענ פאר זײַנ אָפערע „יעהודיס” דער באוווּסטער רוסישער קאָמפאָזיטאָר אלעקסאנדער סעראָוו, וועלכער האָט געהאלטנ, אז אָט דער סוזשעט איז מער צוגעפאסט פאר א מוזיקאלישנ ווערק איידער פאר א דראמאטיש וואָרט-ווערק. די אָפערע איז צומ ערשטנ מאָל געווענ געשטעלט אינ פעטערבורג אינ יאָר 1863, אונ זי האָט געהאט א גרויסנ דערפאָלג. איכ וויל אונטערשטרייכנ, אז אינ די 60-ער יאָרנ איז די יעהודיס-טעמע געווענ אזויארומ גאנצ פאָפולער אינ רוסלאנד. אונ עפשער איז דאָס אויכ געווענ א שטויס דערצו, אז בעלאוס טעאטער זאָל זיכ נעמענ פאר אָט דער טעמע.

די ביבלישע סוזשעטיק, וואָס האָט געגעבנ שטאָפ פאר א סאכ „דערהויבענע” ווערק אינ דער אייראָפּייִשער ליטעראטור, האָט באדארפט שאפנ דעמ נאציאָנאלנ קאָלאָריט אינעמ ווארשעווער יִדישנ טעאטער אונ צוגעבנ אימ א „הויכנ” גאנג; פונ דער צווייטער זײַט אָבער איז עס געווענ א נאטירלעכער בריק צומ טראדיציאָנעלנ פורימ-שפיל, צו דער היימישער טעאטראלער טראדיציע, וואָס האָט זיכ

---

1 ס'איז ציקאווע צו פארצייכענענ, אז איינע פונ די ערשטע פאָרשטעלונגענ, וואָס עס האָט געגעבנ אינ רוסלאנד די ערשטע טרופע (זי איז באשטאנענ פונ דייטשנ) אינ די צײַטנ פונ אלעקסיי מיכײַלאָוויטש (1672), איז געווענ די שפיל וועגנ יעהודיס אונ האָלאָפערנעס. אויכ דעמ באוווּסטנ רוסישנ שרײַבער פונעמ XVII יאָרהונדערט סימעאָנ פאָלאָצקי ווערט צוגעשריבנ א דראמאטישע מיסטעריע אפ דער טעמע וועגנ יעהודיס אונ האָלאָפערנעס.

2 אינ יאָר 1883 האָט י. לערנער פארעפנטלעכט אפ יִדיש א היסטאָרישע דראמע „יעהודיס” (ווארשע, 1888). נישט אָנעמענדיק העבעלס קאָנצעפציע, אינ וועלכער עס שפילט א גרויסע ראָליע דער עראָטישער מאָמענט, האָט לערנער פונדעסטוועגנ זייער גענאשט בא העבעלנ. בא אימ האָט ער געליִענ דעמ ליבע-מאָטיוו צווישנ עפראיִמענ אונ יעהודיס, גענומענ באזונדערע רעפליקעס אונ צומאָל גאנצע שטיקער. י. לערנער, וועלכער האָט מיט עטלעכע יאָר פאר דעמ געשטעלט בא זיכ אינ טעאטער אקסענפעלדס „די גענארטע וועלט” אונטער זײַנ, לערנערס, נאָמענ, האָט אפאָנעמ געהאלטנ, אז אינ דראמאטורגיע קאָנ מענ פראנק אונ פריי ארויסגעבנ פרעמדס פאר אייגנס.

אײַנגעהיט אינעם אײַנגעפונדעוועטן טעאַטראַלן פֿאָלקלאָר. דער ביבלישער סוזשעט ליגט דאָך, ווי באַוווּסט, אין גרונט פֿונעם פּורים-שפּיל: סײַ אין זײַן קאָמישער און סײַ אין זײַן פּאַטעטישער וואַריאַציע. אויך אויף בעלאַוס בינע האָט זיך דאָס פּאַטעטישע איבערגעפֿלאָכטן מיטן קאָמישן. דער טעאַטער האָט אַפֿאָנעם געשטרעבט צו „אייראָפּייִזירן" דעם טראַדיציאָנעלן פּורים-שפּיל, מאַכן אים „צו לײַטן גלײַך". ניט אומזיסט יעדנפֿאַלס האָט זיך בעלאַוס טעאַטער בײַ זײַנע ערשטע טריט געווענדעט צום מאָטיוו פֿון „מעכיראַס-יויסעף", וואָס איז טאַקע געווען פֿאַרשפּרייט אין דער וועלט-ליטעראַטור, אָבער אינעם רעפּערטואַר פֿונעם פּורים-שפּיל איז ער אײנער פֿון די גרונטיקע מאָטיוון. בעלאַוס טעאַטער האָט אויף זײַנע ברעטער געגעבן אַ געמיש פֿונעם קלוימערשט „אייראָפּייִשן" און ייִדישלעך-היימישן.

לאָמיר זיך דערמאָנען, ווי דער וואַרשעווער קאָרעספּאָנדענט פֿון „דיען" האָט באַשריבן די טעאַטראַלע האַנדלונג אין בעלאַוס „יעהודיס": „3-טער אַקט. יעהודיס, אָנגעטאָן אין אַ פּראַכטפֿולן קלייד, קומט אין דעם סוינעס מאַכנע... האָלאָפֿערנעס דאַנקט זי, און, פֿאַרבלענדעט פֿון איר שיינקײַט, בעט ער זי צו זיך אין צימער עסן און טרינקען. ביידע גייען זיי אַוועק, באַגלייט מיט אַ שטאַרקן געלעכטער פֿונעם פּובליקום. דער קריגער, וואָס איז געשטאַנען אויף דער וואַך, האָט צווישן דעם אַרויסגעשלעפּט פֿון אונטער דעם בוזעם אַ פֿלעשל און געכאַפּט אַ טרונק נאָך אַ טרונק. געוואָרן שיקער, האָט ער אָנגעהויבן פּראַווען זייער קאָמישע שטיק, און לעסאָף איז ער אײַנגעשלאָפֿן"...

עס איז גאָר ניט שווער צו דערקענען אין אָט דער האַנדלונג די שטריכן פֿון אַ פּורים-שפּיל. עס איז צו זען, אַז די וואַרשעווער ייִדישע אַקטיאָרן האָבן גאָר ניט לאַנג זיך אָפּגעריסן פֿונעם נאָפּל פֿונעם טראַדיציאָנעלן ייִדישן פֿאָלק-שפּיל, וואָס האָט גענערט זייער קונסט. דער דאָזיקער אײַנדרוק אונדזערער ווערט נאָך דײַטלעכער, ווען מיר לייענען די כאַראַקטעריסטיק פֿון אײנער אַ פֿאָרשטעלונג אין בעלאַוס טעאַטער, וואָס עס גיט דער וואַרשעווער קאָרעספּאָנדענט פֿון דער ענגלישער צײַטונג „Pall Mall Gazette".

פֿאַרצייכענענדיק, אַז די וואַרשעווער ייִדישע טרופּע האָט ניט פֿאַרמאָגט קיין פּרויען אין איר באַשטאַנד און אַז דער „לײַדנשאַפֿטלעכער דועט" צווישן יויסעפֿן און פּויטיפֿאַרס פֿרוי איז געווען „אָנפֿאַרטרויט צוויי יונגע ייִדן", שרײַבט ווײַטער דער ענגלישער קאָרעספּאָנדענט:

„דאָס קען עפּשער אין עמעצנס אויגן פֿאַרקלענערן די ריכטיקײַט פֿון דער דאָזיקער סצענע, אָבער אינדערעמעסן פֿאַרמאָגט די דאָזיקע סצענע אַ מערקווירדיקן גראָטעסק-גײַסט, און פֿאַר אַ מײַרעוו-אייראָפּייִשן קריסט, וואָס באַזוכט דעם דאָזיקן טעאַטער, וועט די גאַנצע מײַסע אויסקומען גאָר אויסטערליש, אַ בורלעסק"[1].

אָט דאָס גראָטעסקישע האָט, אָן קיין צווייפֿל, געשטאַמט פֿונעם פּורים-שפּיל[2]. ס'איז איבעריק צו ריידן וועגן דעם, אַז כאָטש אין די אָנהייבן איז

1 דעם זעלבן אײַנדרוק פֿון גראָטעסק האָט אויך געמאַכט דאָס צונויפֿמישן די ביבלישע עפּיזאָדן מיט מאָדערנע אָפּערן-אַריִעס.

2 אייניקע צײַט-כאַווײרים האָבן טאַקע באַטראַכט די ספּעקטאַקלען פֿון בעלאַוס וואַרשעווער טעאַטער אַלס פּורים-שפּילן. זע: Izraelita, 1875, № 24 די באַמערקונג פֿון דער רעדאַקציע צו לעווס אַרטיקל וועגן טעאַטער און מוזיק בײַ ייִדן.

געשטאנען, אז די טרופע שפּילט דײַטש[1], איז דאָס אינדערעמעסן געווען א יידישער טעאטער. אינעם „דײַטש" האָט דאָ אָדער געשטעקט א מאסקילישע קאוואָנע, אָדער דאָס איז געווען א שילד איבער צענזור-פאָדערונגען. די צושויער האָבן אופגענומען די שפּראך אלס יידיש. ניט אומזיסט האָט דער ענגלישער קאָ-רעספּאָנדענט געשריבן, אז די דײַטשע אויסשפּראך פון די אקטיאָרן איז געווען ניט קיין ריכטיקע און אז אָט די אויסשפּראך איז כאראקטעריסטיש פאר יידן און נישט פאר דײַטשן. אויך דער קאָרעספּאָנדענט פון אָדעסער „דיען" האָט איראָניזירט איבער דעם, וואָס „אין דער אויסשפּראך פון די אקטיאָרן האָט מען געהערט טאקע גאָר פײַן דעם זשארגאָן". ס'איז קיין צווייפל ניט, אז אינעם ווארשעווער טעאטראלן פּרווו פון בעלאָו האָבן מיר צו טאָן מיט א פּרווו אפן געביט פון יידישן טעאטער.

וועגן דעם באשטאנד פון בעלאָוס ווארשעווער טרופע האָבן מיר ביז גאָר קנאפּע ידיעות. דער בורזשואזער פּויליש-יידישער זשורנאל „איזראעליטא" האָט מיט עטלעכע יאָר שפּעטער נאָך דעם, ווי בעלאָוס טעאטער האָט שוין אופגע-הערט צו עקזיסטירן, געשריבן, אז דאָס איז געווען א דילעטאנטישע טרופע[2].
אויסער ג. בעלאָו, דעם דירעקטאָר און דראמאטורג פונעם טעאטער, קאָנען מיר אָנרופן נאָך עטלעכע נעמען פון זײַנע מיטארבעטער. דער „קאָמפּאָזיטאָר" איז געווען א דײַטשער קלעזמער, איינער א שולצע, וואָס האָט אינסטרומענטירט מע-לאָדיעס פאר די לידער אין די פּיעסעס. די מעלאָדיעס גופא האָט מען גענומען בא פארשיידענע קאָמפּאָזיטאָרן: מייערבער, מאָצארט און אנדערע. פון די אקטיאָרן ווייסן מיר נאָר צוויי נעמען: ד. שווארצבארט[3] און ווארמאנן.

ווארמאנן — שרײַבט מיט רעכט י. שאצקי — „איז געווען מיסטאמע דער הויפּט-שפּילער". דער רעצענזענט פון „איזראעליטא", וואָס האָט געשריבן וועגן דער ערשטער פאָרשטעלונג פונעם טעאטער, האָט פונעם גאנצן אנסאמבל אויסגעטיילט דעם איינציקן ווארמאנען. ווארמאנן האָט געזונגען די ראָל פון יאנקעוו אין דער פּיעסע „יאנקעוו און זײַנע זין".

מיר ווייסן נאָך, אז ווארמאנן האָט געשפּילט „די ערשטע ראָל" אין א פאָר-שטעלונג, וואָס איז געגעבן געוואָרן לעטוויעס דער „אָכראָנע" פאר די „איזראע-ליטישע" יינגלעך אין ווארשע. אין אן אנאָנס איז ווארמאנן זייער געלויבט געוואָרן פאר זײַן שפּילן אין אָט דער פאָרשטעלונג. סײַ פאר ווארמאנען און סײַ פאר שווארצבארטן זײַנען געגעבן געוואָרן „בענעפיסן".

פון דער צאָל פּערזאָנען אין די געשפּילטע פּיעסן קאָנען מיר דרינגען, אז דער פּערסאָנאל פון דער טרופע איז געווען א גרויסער. דער „קול מבשר" גיט איבער, אז די טרופע איז באשטאנען פון 30 שוישפּילער, לויטער יידן; דער אָרקעסטער — פון 20 מענטשן. קיין פרויען — ווי מיר ווייסן שוין — איז אין דער

1 דער קאָרעספּאָנדענט פון „המגיד" יעהושוע לעווינזאָן (זע „המגיד", 1869, נומ. 5) האָט אפילע פארזיכערט, אז דאָס איז געווען א „ריינער און קלאָרער דײַטש". א קאָרעספּאָנדענץ אין „קול מבשר" (1869, נומער פונעם 28־טן יאנוואר) דערציילט, אז די אופגעפירטע שטיק זײַנען דאָ געווען „גרעסטנטיילס אין דײַטשער שפּראכע".

2 Izraelita, 1875, № 24.

3 ווי עס פארצייכנט ז. זילבערצווייג אין זײַן טעאטער-לעקסיקאָן, איז ד. שווארצבארט דער פאָטער פונעם אקטיאָר גוסטאוו שווארצבארד.

טרופּע ניט געווען; די פרויען-ראָלן האָבן געשפּילט מענער. דער „המגיד" דער-קלערט עס דערמיט, מע זאָל זיך דערוויַיטערן פון אויסגעלאסנקייַט.

די עטלעכע רעצענזיעס, וואָס מיר פאַרמאָגן, גיבן אין אַלגעמיין ניט קיין הויכע אָפּשאַצונג דעם שפּילן און דעם זינגען פון די אַקטיאָרן.

געפינענדיק, אַז בעלאו האָט אינעם אויסוואַל פון די סצענעס און אין זייער צוזאַמענשטעל אַרויסגעוויזן אַ „געוויסע פּאַס-קענטעניש און אַפילו נישט ווינציק דראַמאַטיש געפיל", האַלט דער רעצענזענט פון „איזראעליטאַ", אַז די אָפּשאַצונג פונעם שפּילן פון די אַקטיאָרן, אויב מע זאָל צוגיין פון אַ „קונסט-שטאַנדפּונקט", דאַרף זיַין ניט קיין גינסטיקע. אָבער אַזוי ווי די אַקטיאָרן גופא פּרעטענדירן נישט אַף קיין קונסט און אַזוי ווי די פאָרשטעלונגען זיַינען באַשטימט „פאַר געוויסע שיכטן פון דעם יידישן פאָלק", דאַרף מען אָנערקענען, אַז „דאָס שפּילן און דאָס זינגען פון די אַקטיאָרן, ווי אויך דער גאַנצער אַנסאַמבל" שטייַגט איבער אַלץ, וואָס מע וואָלט ביכלאַל געקאָנט דערוואַרטן פון מענטשן, „וואָס האָבן זיך קיינמאָל נישט געבילדעט אין קונסט און וועמענס פוס האָט קיינמאָל נישט באַ-טראָטן די בינע-ברעטער". ניט צופרידן איז דער רעצענזענט געבליבן מיט די נישט-פּאַסיקע קאָסטיומען און דעקאָראַציעס.

די לעצטע שורע אין דער רעצענזיע פון „איזראעליטאַ" איז אַזאַ:

„אין אַלגעמיין — כאָטש מע זעט נישט קיין אומיטלבאַרן נוצן פון די דאָזיקע פאָרשטעלונגען פאַרן פאָלק — דאַרף מען דאָך צוגעבן, אַז דאָס איז דער ערשטער סימען פון אַן עסטעטישער באַדערפעניש, וואָס וועקט זיך אין די נידעריקע קלאַסן זיַינע, און אַז די פאָרשטעלונגען קענען אין אַ גרויסער מאָס מיטהעלפן אין דעם דערהייבן און אַנטוויקלען דאָס דאָזיקע געפיל".

דער רעצענזענט פון „דיען" האָט וועגן דעם שפּילן פון די אַקטיאָרן גע-שריבן אַזוי:

„וואָס איז שייַך ווידער צו דער אויספילונג פון די ראָלן, זיַינען זיי אַלע, באַ זייער ווייניקע אויסנאַמען, געווען אויסערסט שלעכט... אייניקע אַקטיאָרן האָבן מיט זייער קרימען זיך און מיט זייערע האַוויַיעס דערמאָנט מיר דעם הער וויינבערג[1], וועלכער האָט מיט עטלעכע כאַדאָשים צוריק פאַרגעלייענט אינעם רוסישן קלוב סצענעס פונעם יידישן לעבנשטייגער... אַ שאָד, וואָס ער איז אַצינד נישטאָ, אַניט וואָלט ער עפּשער אַריַין אין דער טרופּע פונעם איזראַיִלישן טעאַ-טער. פאַר אָט דער טרופּע וואָלט ער געווען אַן אָנגעמאָסטענע מעציִע".

דער קאָרעספּאָנדענט פון „דיען" דערציילט אונדז אויך וועגן דעם באַשטאַנד פונעם פּובליקום. מיט אַ גרויסער פאַרוואונדערונג דערציילט ער, אַז „דער טעאַטער איז געווען פול געפּאַקט נישט נאָר מיט יידן פון די העכערע קלאַסן פון דער געזעלשאַפט, נאָר עס זיַינען דאָרט בייַגעווען פיל קריסטן, וואָס געהערן אויך צו דער העכערער געזעלשאַפט — דעהייַנו: מיליטערישע און ציווילע באַאַמטע".

„אַ געשעעניש, וואָס איז וויניקסטנס אַ קוריאָז"...—פאַרענדיקט מעלאַנכאָליש זייַן בריוו דער קאָרעספּאָנדענט פון „דיען".

ס'איז קלאָר, אַז ער האָט איבערגעטריבן די צאָל פון די צושויער, וואָס האָבן אָנגעהערט צו דער „העכערער געזעלשאַפט". דער גרונט-באַשטאַנד פונעם

---

1 אַ פּראָפעסיאָנעלער דערציילער פון מיִעסע אַנטיסעמיטישע גאַסן-אַנעקדאָטן. — אַ. ג.

אוילעם דאָס זײַנען געווען — ריידנדיק מיט דער טערמינאָלאָגיע פונעם בורזשואזן „איזראעליטא״ — די „געוויסע שיכטן פון דעם ייִדישן פאָלק״, דאָס הייסט פריִער פאַר אַלץ אַמכאָ.

דער קאָרעספּאָנדענט פון דער ענגלישער „Pall Mall Gazette“ האָט געשריבן וועגן דעם פובליקום פון בעלאוס טעאַטער: „די וואַרשעווער ייִדן הערן זיך צו צו דער פאָרשטעלונג רויִק און מיט דערכערעצ און ווײַזן אויס צו זײַן גערירט אַזוי ווי מיר, קריסטן, זײַנען געווען גערירט אין מיטלאַלטער, בײַ מע האָט אופגעפירט די מיסטעריעס און די מיראַקל-שפּילן״.

מיר האָבן אָבער פריִער געזען (אין דער קאָרעספּאָנדענץ פון „דיען״), אַז בעלאוס אוילעם האָט געקאָנט אויך אומיטלבאַר און אין דער הייך לאַכן, ווען ער האָט דערקאָנט אַף דער בינע די לוסטיקע שטריכן פונעם היימישן פּורים-שפּיל.

מיר האָבן שוין געשריבן פריִער, אַז בעלאוס וואַרשעווער טעאַטער האָט עקזיסטירט אין משך פון איבער צוויי יאָר (מיט איבעררײַסן). זײַן ערשטער ספּעקטאַקל איז פאָרגעקומען, ווי עס לאָזט זיך פעסטשטעלן פון די געבליבענע ידיעות, דעם 24-טן אָקטיאַבער 1868[1]. אײַנגאַנצן האָבן מיר דאָקומענטירטע ידיעות וועגן זיבן פאָרשטעלונגען[2]:

1) די אָקאָרשט דערמאָנטע ערשטע פאָרשטעלונג — דעם 24 אָקטיאַבער 1868. געשטעלט האָט מען „יאַנקעוו און זײַנע זין״.

2) דעם 27 אָקטיאַבער (15 לויטן אַלטן סטיל) 1868 — געשטעלט האָט מען „יוסעף אין מיצראַיִם״, אַ פאַרזעצונג פונעם פריִערדיקן ספּעקטאַקל. וועגן אָט דער פאָרשטעלונג גייט עס די רייד אין אַלעקסיי וועסעלאָווסקיס אַפּישע.

3) דעם 12 נאָיאַבער 1868 — דאָס זעלבע, וואָס אונטערן נומער 1.

4) דעם 15 מאַרט 1870 — געשטעלט „די ייִדן אין מידבער״. ס׳איז געווען דער בענעפיס פונעם אַקטיאָר ד. שוואַרצבאַרט. דער בענעפיציאַנט האָט מיט אַ ספּעציִעלן אַנאָנס אײַנגעלאַדן דאָס „איזראעליטישע פובליקום״[3].

5) דעם 22 מאַרט 1870 — אַ ספּעקטאַקל לטובֿת דער „אָכראָנע״ פאַר די „איזראעליטישע״ ייִנגלעך אין וואַרשע. אַף דער פאָרשטעלונג זײַנען בײַגעווען 240 מענטשן, די ריינע האַכנאָסע האָט באַטראָפן 150 רובל[4].

6) דעם 17 אַפּרעל 1870 — אַ ספּעקטאַקל לטובֿת דעם אַקטיאָר וואַרמאַן[5].

7) דעם 5 נאָיאַבער (24 אָקטיאַבער לויטן אַלטן סטיל) 1870. געשפּילט האָט מען „יעהודיס״. די אָפּשאַצונג פון אָט דער פאָרשטעלונג האָט געגעבן דער קאָרעספּאָנדענט פון „דיען״.

---

1 № 43, 1868, Izraelita

2 באַם צונויפשטעלן אָט דאָס צעטל פון בעלאוס ספּעקטאַקלען האָבן מיר גענומען אַ סאַך ידיעות פון י. שאַצקיס ציטירטן אַרטיקל פונעם זשורנאַל „ייִדיש טעאַטער״. אין אַלע אונדזערע פאָרופונגען אַף „איזראעליטא״ זײַנען מיר זיך סומעך אַף אָט דעם אַרטיקל. י. שאַצקי איז ניט גערעכט, מיינענדיק, אַז בעלאוס טרופּע האָט געשפּילט נאָר אום שאַבעס. זי האָט געשפּילט אויך אין די אַנדערע טעג פון דער וואָך.

3 № 11, 1870, Izraelita

4 № 13, 1870, Izraelita.

5 № 17 1870, Izraelita

בעלאוס טעאטער האָט לעכאטכילע געשפּילט אין א ספּעציעל אויסגעבויטער געביידע אפן מוראנאָווער פּלאַץ. דער ספּעקטאקל, וואָס איז בא אונדז פאַרצייכנט אונטערן נומער 4, איז געשטעלט געוואָרן אין צירק ראפּפּאָ[1]. די איבעריקע דריי ספּעקטאקלען, וואָס זיינען אונדז באקאנט, זיינען אלע געגאנגען אין „אלקאזאר". אזוי האָט געהייסן א זומער-טעאטער, וווּ געוויינלעך האָט מען געגעבן פאָרשטע-לונגען אף דייטש.

וועגן דער אייגענער געביידע פונעם טעאטער ווערט דערציילט אין דער קאָרעספּאָנדענץ פון „קול מבשר" (1869, נומער פונעם 28 יאנוואר), אונטער דער רובריק „יידישע נייעקייטן":

„אין ווארשע איז ערשט ניט לאנג דאָס נייע יידישע טעאטער פארטיק גע-וואָרן. דאָס פריערע געביידע איז שוין געווען צו אלט און שוואך און האָט גע-מוזט צענומען ווערן אף באפעל פון דער רעגירונג, קעדיי עס זאָל קיין אומגליק ניט געשען. מען זאָגט, אז דאָס טעאטער איז זייער באקוועם און שיין איינ-געריכטעט, פון אינעווייניק פראכטפול אויסגעשמוקט און אנטהאלט אין זיך פּלאַץ פאר 800 פערזאָנען"...

א ספּעציעל אויסגעבויטע געביידע פאר א יידישן טעאטער — דאָס איז, פאר-שטייט זיך, פאר יענער צייט געווען אן איבעראשנדיקע נייס. אויסער „קול מבשר", געפינען מיר וועגן דעם צוויי נאָטיצן אין „המגיד" („הוספה להמגיד", 1869, נום. 4 ; „המגיד", 1869, נום. 5). דער „המגיד" האָט פארצייכנט די דערשיינונג פון אָט דעם טעאטער ווי אזא, וואָס איז אן איינציקע בא אונדז אין לאנד און עפשער אויך אין דער גאנצער וועלט. מיר דערוויסן זיך פונעם „המגיד", אז די נייע געביידע איז געווען א הילצערנע, זי איז געווען „גרויס און אויסגעשטאט מיט אלעם נייטיקן פאר א טעאטער". די צאָל ערטער איז, לויט „המגיד", גע-ווען 600.

י. שאצקי איז ניט גערעכט, אז ער זאָגט, אז בעלאוס טעאטער האָט אין ערגעץ ניט געדרוקט קיין אנאָנסן. סיי פון א. וועסעלאָווסקיס מיטיילונג און סיי פון דער קאָרעספּאָנדענץ פון „דיען" זעען מיר, אז דער טעאטער פלעגט ארויסלאָזן ספּעציעלע אפישן, וואָס מע האָט זיי געקלעפּט אין די גאסן. ווי עס דערציילט דער קאָרעספּאָנדענט פון דער ענגלישער צייטונג „Pall Mall Gazette", האָט דער טעאטער אויך געהאט פּראָגראמען, וואָס זיינען געדרוקט געווען אף דייטש, רוסיש און פּויליש. אין דער פּראָגראם, וואָס דער קאָרעספּאָנדענט ציטירט, ווערט וועגן די אקטיאָרן גערעדט ווי וועגן „טאלאנטירטע שפּילער פון מוישע ראבייינוס גלויבן". וועגן די פּרייזן פון די בילעטן דערציילט דער זעלבער ענג-לישער קאָרעספּאָנדענט, אז אף יעדן בילעט, וואָס קאָסט א האלבן רובל, א רובל און העכער ווערט צוגערעכנט פינף פּראָצענט פאר אָרעמעלייט. די ווארשע-ווער קאפּצאָנים איז דאָס דאָזיקע געלט געוויס צוניץ געקומען, ווייל ווי עס שרייבט דער קאָרעספּאָנדענט פון דער ענגלישער צייטונג, זיינען „די יידישע אָרעמעלייט אין ווארשע בעעמעס זייער אָרעם".

פארגלייכנדיק די פּרייזן אף בילעטן אין בעלאוס טעאטער מיט די פּרייזן

---

[1] ראפּפּאָ איז געווען א באוווסטער אנטערפּרעניאָר פון צירקן. אין יאָר 1868 האָט ער גע-האלטן צוויי באלאגאנען אין מאָסקווע.

אינ אַנדערע טעאַטערנ [1], זעענ מיר, אַז די פּרײַזנ זײַנענ געווענ אומגעפּער די־זעלבע. אינ דעמ וואַרשעווער קלײנעמ טעאַטער (אַ טעאַטער פֿאַר דראַמע) האָט דער טײַערסטער בילעט אינ די ערשטע דרײַ רײענ געקאָסט 1 רובל מיט 20 קאָפּעקעס. אַ בילעט אַפֿ גאַלעריי האָט געקאָסט 15 קאָפּ. דערבײַ איז דאָרטנ אויכ געווענ אַ געוויסע „באַשטײַערונג” — לעטויוועס דעמ שפּיטאָל. דער, וואָס האָט גענומענ אַ בילעט אינ לאָזשע, פֿלעגט צוצאָלנ, אויסער דעמ, וואָס עס קאָסט דער בילעט, צו צענ קאָפּעקעס זילבער; דער, וואָס איז געגאַנגענ אינ די רײענ פֿונ פּאַרטער אָדער אַמפּיטעאַטער, פֿלעגט צוצאָלנ צוויי מיט אַ האַלבער קאָפּעקע.

מיר זעענ אַזויאַרומ, אַז בעלאָוס טעאַטער איז געווענ „צו לײַטנ גלײַכ”: ער האָט געהאַט אַנ אײגענע געבײַדע, געהאַט אַפֿישנ אונ פּראָגראַמעס, ער האָט אײַנגעאָרדנט בענעפֿיסנ אאַוו. — מיט אײנ וואָרט, דאָס איז געווענ אַ טעאַטער „מיט אַלע פּישטשעווקעס”. לויט זײַנ מעהוס איז דאָס געווענ אַנ אײגנאַרטיקע אַמאַל־גאַמע פֿונ די שטריכנ פֿונ אַ ייִדישנ פֿאָלקס־טעאַטער מיט מאַסקיליש־באַלעבאַטישע קאַוואָנעס. אָט די קאַוואָנעס זעענ מיר אינ דער קלוימערשטער „דײַטשער שפּראַכ” פֿונ די פֿאָרשטעלונגענ, אינ דער טערמינאָלאָגיע („איזראַעליסקי טעאַטר”, אַרטיסטנ „פֿונ מוישע ראַבײנוס גלויבנ”). ניט אומזיסט אַפֿאָנעמ איז דאָ בײַגעווענ צווישנ דעמ אוילעמ דער ייִדישער „באָ מאָנד”. אָבער אינ דער זעלבער צײַט זעענ מיר, ווי עס שפּרײַזט איבער דער בינע פֿונעמ וואַרשעווער טעאַטער דער טראַדיציאָנעלער אַמכאָדיקער פּורימ־שפּילער, וואָס שטרײַכט אונטער די קאָמישע מאָמענטנ פֿונ דער „גרויסאַרטיקער” סיטואַציע, אונ פֿונ דער זײַט בינע שפּראָצט אויכ, ניט געקוקט אַפֿ דער גאַנצער קוואַזי־בורזשואַזער אָרנאַמענטיק, דער אַמכאָדיקער שטײגער.

* * *

ווער איז געווענ דער דירעקטאָר אונ דער דראַמאַטורג פֿונ וואַרשעווער טעאַטער ג. בעלאָו? מיר דוכט, אַז מיר האָבנ דאָס רעכט אימ צו אידענטיפֿיצירנ מיטנ שרײַבער געדאַליע בעלאָו (ער אַלײנ האָט געשריבנ זײַנ נאָמענ: בעללאַה), אַ גאַנצ ציקאַווע פֿיגור, ווערליק זי שטעלט זיכ אונדז פֿאָר פֿונ זײַנע ווערק, וואָס זײַנענ צו אונדז דערגאַנגענ [2].

בעלאָו איז אונדז באַקאַנט אַלס אַווטאָר (אָדער איבערזעצער אונ קאָמפּיליאַטאָר) פֿונ דרײַ ביכלעכ: אַ) „פֿינ שטערנ אָדער קאָמעט” (וואַרשע, 1857), איבערגעזעצט פֿונ פּויליש, ב) „דאָס שרעקליכע פֿײַער אינ זאַקראַטשימ” (וואַרשע, 1858), אָריגינעל געשריבנ פֿונ בעלאָו, אונ ג) „בעשרײַבונג פֿונ מיסס יוליי פּאַסטראַני פֿונ דער מעקסיקאַנישע וויסטע” (וואַרשע, 1859), אַ קאָמפּיליאַציע לויט פּוילישע צײַטונגענ.

מיר באַמערקנ בײַ ג. בעלאָו געוויסע אויפֿקלער־טענדענצנ, אונ אָט די טענדענצנ האָבנ אַפֿאָנעמ אויכ געטריבנ דעמ אַווטאָר צו דער ייִדישער שפּראַכ, אַלס אַ מיטל צו קאָנענ קומענ צו די ברײטערע שיכטנ. די אָריגינעלע דערציילונג

---

1 זע: В. Сафонов. Варшавский театр, „Антракт“, 1867 №11,

2 אַ כאַראַקטעריסטיק פֿונ געדאַליע בעלאָוס ליטעראַרישער טעטיקײַט האָט געגעבנ ב. אויסלענדער אינ זײַנ אַרבעט „וואַרשעווער מעכאַברימ אינ די 50־ער—60־ער יאָרנ”, וואָס מיר האָבנ אויבנ ציטירט.

בעלאוס איז סענטימענטאל-ראָמאַנטיש; די האַנדלונג פונ דער דערציילונג איז פאַר־בונדנ מיט דער ווארשעווער געגידישער סוויווע, וועלכע ווערט געשילדערט פונעם אווטאָר אינ אידעאַליזירטע פאַרבנ.

צום טעאַטער האָבנ בעלאוס אָנגערופענע זאכנ קיינ שייכעס נישט, אויב ניט רעכענענ וואָס די מיס יוליא פאַסטראַני, וועגנ וועלכער בעלאו האָט פאַרפאַסט א גאַנצ ביכל, איז ארויסגעטראָטנ אינ ווארשעווער צירק פונ שלעזאַקנ. אינ אָט דער דעטאַל זעענ מיר דעם אווטאָרס אינטערעס פאַר א טעפעקטאַקל. דאָס איז אלצ, וואָס מיר וויסנ וועגנ געדאַליע בעלאו אלס שרייבער. דערצו קומט אָבער צו אנ אינטערעסאַנט געפינס פונ ז. זילבערצווייגנ.

דער זאמלער פונ מאַטעריאַלנ צו דער געשיכטע פונ יידישנ טעאַטער זילבער־צווייג האָט באַשריבנ זייער א ציקאַווע אויסגאַבע פונ א יידישער דראַמאַטישער פיעסע [1]. די פיעסע האָט פאַרפאַסט א געוויסער שלוימע באַדכנ. זי הייסט „מאָזעס, אָדער דאָס באַפרייאונג דער איזראַעליטנ אויס עגיפּטענ". זי איז דערשינענ 1867 [2], פונעם טיטלבלאַט דערוויסנ מיר זיכ, אז צום דרוק האָט זי געבראַכט דעם פאַר־שטאָרבענעם אווטאָרס ברודער — הירש געדאַליע בעלאו, וועלכער האָט אַריינגעטראָגנ אינ דער פיעסע „נייע צוגאָבנ". ז. זילבערצווייגס געפינס ווארפט א ליכטיק שייַנ אַפ דעם געשטאַלט פונעם דירעקטאָר פונ דעם ווארשעווער יידישנ טעאַטער סאָפ 60-ער יאָרנ. מיר קאָנענ, פאַרשטייט זיכ, ניט זאָגנ מיט פולער זיכערקייט, אז הירש געדאַליע בעלאו, דער ארויסגעבער פונ שלוימע באַדכנס פיעסע, איז אידענטיש מיט אָט דעם געדאַליע בעלאו, וועגנ וועלכנ מיר האָבנ גערעדט ביז איצט. אָבער דאָס לאָזט זיכ לייכט צו גלייבנ. אויב דאָס איז אפילע נישט אזוי, איז איינס אומבאַשטרייטבאַר: הירש געדאַליע בעלאו, שלוימע באַדכנס ברודער, איז טאַקע דער, וואָס איז אינ יאָר 1868 (דאָס הייסט, מיט א יאָר שפּע־טער ווי ער האָט ארויסגעגעבנ דעם ברודערס פיעסע מיט אייגענע „נייע צוגאָבנ") געוואָרנ דירעקטאָר אונ דראַמאַטורג פונ ווארשעווער יידישנ טעאַטער. אינ דעם איבערצייגט אונדז דער פאַרגלייכ פונ דער פיעסע „מאָזעס" מיטנ רעפּערטואַר פונ אָט דעם טעאַטער.

מיר ברענגענ דאָ דאָס צעטל פערזאָנענ פונ דער דאָזיקער פיעסע, ווי דאָס איז פאַרצייכנט אינעם טעקסט פונ דער געדרוקטער אויסגאַבע:

1 פאַרע, קעניג פאָנ עגיפּטענ-לאַנד
2 עליז, זיינ ערשטגעבוירענער זאָנ
3 יאַמברוס, איינ אנפערטרויעטער דעם קעניגס
4 יאַנוס, בעדינטער פאָנ קעניג
5 דיאַגוס, צווייטער בעדינטער
6 שויטער, אָדער איינ שטאַט-דינער
7 מוישע, דער קנעכט גאָטס
8 ציפּוירע, זיינע פרוי

1 זאַלמענ זילבערצווייג, וועגנ די אומבאַקאַנטע יידישע דראַמאַטורגנ (אינ ניו-יאָרקער „פּינ־קעס", באַנד II, 1929).

2 די דאָזיקע פיעסע ווערט דערמאָנט בא שמואל מייזעלסנ אינ זיינ ארטיקל „יידישע טעאַטער־געשיכטע" אינ „Ost und West" (אינ א יידישער איבערזעצונג אָפּגעדרוקט אינ „טעאַטער-וועלט", ווארשע, 1908, זע נומ. 6, ז. 6).

9 גערשאָם, זײַן זאָן, פֿאָן ציפֿוירע
10 ארנ, זײַן ברודער
11 יִסרע, זײַן שוויגער-פֿאָטער, ציפֿוירע איר פֿאָטער
12 3 זקיינים פֿאָן יִדישע ארבעטסלײַטע אינ עגיפּטענ
13 4 צויבערער פֿאָן עגיפּטענ-לאנד
זאָלדאטנ, מאנסלײַטע, פּרויענצימער, איינ ענגל.

דאָס אָרט פֿונ דער האנדלונג ווערט באצייכנט אינעם ביכל אזוי: „די זאכ פּאסירט זיכ אינ מידיאָנ אינ עגיפּטענ ארויסגענומענ פֿאָנ דער הייליקער שריפֿט (אָדער פֿאָנ די פֿינפֿ ביכער מאָזעס)”. די פּיעסע האָט 7 אקטנ (ביזנ זיבעטנ אקט שרײַבט דער מעכאבער „אקטנ”, צולעצט שרײַבט ער „זיבעטע פֿאָרשטעלונג”).

ס'איז קלאָר, אז די דאָזיקע פּיעסע איז אינ דעמ זעלבנ נוסעכ, ווי יענע פּיעסנ פֿונ בעלאוס טעאטער, וועגנ וועלכע מיר האָבנ גערעדט פֿריִער. אונ ס'קאָנ אפֿילע זײַנ, אז מע האָט זי געשפּילט אינ בעלאוס טעאטער (ארויס פֿונ דרוק איז זי מיט א יאָר פֿאר דעמ אָנהייב פֿונ אָט דער טעאטראלער אונטערנעמונג) [1].

קאָנענ מיר האלטנ פֿאר פֿעסטגעשטעלט: דער דירעקטאָר אונ דראמאטורג פֿונ ווארשעווער טעאטער גדאליע בעלאו האָט געשטאמט פֿונ א פֿאמיליע מיט געוויסע ארטיסטישע טראדיציעס. זײַנ ברודער איז געווענ שלוימע באדכנ, וועלכער האָט פֿארפֿאסט א דראמאטישע פּיעסע. גדאליע בעלאו האָט ארײַנגעטראָגנ אינ אָט דער פּיעסע אייגענע „נײַע צוגאָבנ”. אונ דאָס, קאָנ זײַנ, איז טאקע געווענ זײַנ באשיידענער ערשטער פּרוּוו אפֿנ דראמאטורגישנ פֿעלד, איידער ער אליינ האָט אָנגעהויבנ זעלבשטענדיק צו פֿארפֿאסנ דראמאטישע ווערק. דאָס אלצ קאָנ מענ האלטנ פֿאר פֿעסטגעשטעלט, אונ דערצו איז נאָכ צו גלייבנ, אז אונדזער גדאליע בעלאו, דער דירעקטאָר אונ דראמאטורג פֿונ ווארשעווער טעאטער, איז אידענטיש צומ שרײַבער גדאליע בעלאו, דעמ אווטאָר פֿונ עטלעכע באקאנטע אונדז בעלעטריסטישע ווערק. אויב אָט די האשאָרע איז ריכטיק, וועט עס באטײַטנ, אז אונדזער גדאליע בעלאו, דער דירעקטאָר אונ דראמאטורג פֿונ ווארשעווער טעאטער האָט, איידער ער איז געוואָרנ דראמאטורג, גפּרווט זײַנע קויכעס אפֿנ געביט פֿונ אנדערע ליטעראריש זשאנרענ. דאָס וועט אויכ באטײַטנ, אז ער איז געווענ טעטיק אינ ליטעראטור נאָכ פֿונ די 50-ער יאָרנ.

* * *

אינ צוזאמענהאנג מיט די צוויי באשריבענע בא אונדז פּרוּוונ צו באשאפֿנ אינ ווארשע א יִדישנ טעאטער אינ די 60-ער יאָרנ האָבנ זיכ באוויזנ אינ דער העמלטיקער פּרעסע ארטיקלענ, וואָס האָבנ פּראָפּאגאנדירט די נייטיקײַט אונ נוצלעכקײַט פֿונ א טעאטער בא יִדנ. מיר האָבנ שוינ פֿארבײַגייענדיק דערמאָנט, אז דער „המליץ” האָט אָפּגעדרוקט אינ יאָר 1867 אנ ארטיקל פֿונ איינעמ וואַ-לי״ני, וואָס האָט דערציילט וועגנ דעמ ווארשעווער „אנטיכסידישנ” טעאטער אפֿ

1 מיר ווייסנ, אז אינ רעפּערטואר פֿונ בעלאוס טעאטער איז געווענ „יעציִאס מיצראיִמ” (זע „הוספה להמגיד”, 1869, נומ. 4, זײַט 14). ס'קאָנ זײַנ, אז „יעציִאס מיצראיִמ” איז טאקע אידענטיש מיט דער פּיעסע פֿונ שלוימע באדכנ „מאָזעס, אָדער דאָס באפֿרײַונג דער איזראעליטנ אויס עגיפּטענ”.

גזשיבאָוו[1]. איידער דער אוטאָר גייט צו דערציילן דעם פאַקט גופא, גיט ער א קליינע פאָרוואָרט וועגן דעם גרויסן נוץ פונעם טעאַטער ביכלל אלס א טריבונע אַפּ צו פאַריכטן די מענטשלעכע זיטן. ער רעדט דעריקער וועגן די סאַטירישע מיטלען פונעם טעאַטער. און דאָ הערן מיר אַן אָפּהילך פון די אויפקלערערישע אידייען וועגן קונסט ביכלל און ספּעציעל וועגן טעאַטער, וואָס האָט, ווי באַוווּסט, פאַרנומען א גרויס אָרט אין דער אויפקלערונג-עסטעטיק, ווי אויך אין דער קינסטלערישער פּראַקטיק פון די שרייַבער אויפקלערער. מענדל לעפין איז אָפּאָנעם געווען דער ערשטער צווישן די מאַסקילים, וואָס האָט קלאָר פאָרמולירט דעם לאָזונג פון א סאַטירישער האַסקאָלע-ליטעראַטור. אין העסקעם מיט דער אַלגעמיינער אויפקלערונג-עסטעטיק האָבן די מאַסקילישע שרייַבער זיך אָפּט געווענדעט גראָד צו דער דראַמאַטישער פאָרם, קעדיי צו פאַרקערפּערן זייערע סאַטירישע טענדענצן. איך פאַרשפּאָר דאָ אָנרופן די באַקאַנטע נעמען פון די מאַסקילישע דראַמאַטיקער. אין די 60-ער יאָרן איז דער פּאָפּולערסטער נאָמען צווישן זיי געווען דער נאָמען פון יִסראָעל אַקסענפעלדן. דערבייַ ווייסן מיר, וואָס פאַר א גרויס אָרט עס האָט באַ די יִדישע שרייַבער אויפקלערער פאַרנומען גראָד די אַנטיכסידישע טעמע.

דער אוטאָר פונעם „המליץ”-אַרטיקל זאָגט, אַז באַ אַלע פעלקער ווערט דער טעאַטער זייער געאַכט און מע האַלט אים פאַר א געזעלשאַפטלעך-נוצלעכער אינסטיטוציע. באַ יִדן אָבער גילט נאָך דער אַלטער טאַלמודישער פאַרבאָט אָפּן טעאַטער, און דעריבער גייט פאַרלאָרן א וויכטיקע מעגלעכקייַט צו פאַרבעסערן די פאָלקס-זיטן מיט דער הילף פון סאַטירע, וואָס איר ווירקונג איז זייער גרויס. דער אוטאָר רעדט וועגן „דער גאָלדענענער קייט, וואָס פאַרייניקט די הערצער פון די צושויער” אין זייער ווידערשטאַנד צו אַלע פעלערן און שלעכטע מידעס, צו פאָרורטיילן און אָבערגלויבענישן. ער באַדויערט זייער, וואָס „דער פּראָסטער גאָטספּאָרכטיקער יִד נעמט ניט אין אַכט די ענדערונגען פון צייַט און אָרט און נעמט זיך אַרויס פונעם קלאַל און דערווייַטערט זיך פון דער דאָזיקער אַכדעספרייד”. די אָרגאַניזירונג פון א יִדישן טעאַטער אין וואַרשע האָט דעריבער אַזוי דערפרייט דעם אוטאָר פונעם אַרטיקל. „דאָס איז א נייַער אופטו באַ יִדן, — זאָגט ער, — און מע דאַרף אים שטיצן מיט דער פולער קראַפט און באַשיצן אים פון יעטווידער שטערונג”. נאָך דעם, ווי דער אוטאָר האָט דערציילט, וואָס ער האָט געוווּסט וועגן דעם וואַרשעווער טעאַטער, ענדיקט ער זייַן אַרטיקל אַזוי: „זאָל גאָט דערמוטיקן די אייַנאָרדנער פון די פאָרשטעלונגען, זיי זאָלן האָבן קויעך און זאָלן ווייַטער גיין אין זייערע וועגן פון שאַפן געניוס און נוץ, און זייערע טווּנגען זאָלן צופרידנשטעלן אַלע שיכטן פון אונדזער פאָלק און זייַן א בענטשונג פאַרן לאַנד”.

מיט א דרייַ יאָר שפּעטער, ווען אין וואַרשע האָט שוין געשפּילט בעלאַוס טעאַטער, איז אין „המליץ” אַרויסגעטראָטן מיט דער פּראָפּאַגאַנדע פון א יִדישן טעאַטער ב. נאַטאַנזאָן, וואָס איז שפּעטער באַוווּסט געוואָרן אַלס אַרויסגעבער פון יִצכאָק-בער לעווינזאָנס ווערק און זייַן ביִאָגראַפיע. ב. נאַטאַנזאָן האָט

1 דער אַרטיקל האָט געהייסן „במת שחוק לעברים בווארשוי” (א יִדישער טעאַטער אין וואַרשע). געדרוקט איז ער אין נומער 39 פאַרן יאָר 1867.

אין יאָר 1870 אָפּגעדרוקט אין „המליץ“ א גרעסערן ארטיקל וועגן דער שטאָט אָדעס — אונטערן נאָמען „זכרונות (לקורות העיר אדעסא)“[1]. רײדנדיק דאָ וועגן די נײטיקע מאָסמיטלען פאר דער אופקלערונג פון די פאָלקסמאסן, שרײַבט דער אווטאָר[2]: „ס'איז נײטיק צו גרינדן ביבליאָטעקן פארן פראָסטן פאָלק, אז יעדער זאָל קאָנען לײענען אָן געצאָלט א באלערנדיק ביכל און געשיכטלעכע ווערק, געשריבן אין א לײַכטן סטיל. ס'איז אויך נויטווענדיק צו אָרגאניזירן א פאָלקס-טעאטער (народный театр) אפּ צו געבן דאָרט פאָרשטעלונגען אין א יאָמטעוו. און אָנשטאָט דעם, וואָס זײ גײען אצינד אין א יאָמטעוו אין שענק, זאָלן זײ גײן אין טעאטער. די באלערנדיקע פאָרשטעלונגען וועלן שטארק ווירקן אפּ די פאָלקס-מענטשן. אין אזא פאָלקס-טעאטער דארפּ אויך זײַן אומבאדינגט א געוויסע צאָל יידישע ספּעקטאקלען, אפּ צו באווײַזן אונדז פּיעסן פון יידישן לעבן, וועגן די אָפּגעלעבטע מינהאָגים, — זאָלן זײ זען די פעלערן, וואָס אנטפּלעקן זיך אין דער יידישער סוויווע, בא די כסידים און זײערע צאדיקים און גאבאָים און די אלערלײ צוויאקעס, וועלכע עס שוויבלען און גריבלען אין אונדזער פאָלק. און נאָר דורך אזעלכע פּיעסן, וואָס זײַנען געשריבן אין יידיש (זשארגאָן), ווי אשטײגער די פּיעסן פון דעם וווּנדערלעכן פאָלקס-שרײַבער הער ייסראָעל אקסענפעלד, נאָר אזעלכע ביכער ווי די זײַנען די ווירקלעכע מיטלען אפּ אויסצוואָרצלען יעדעס אומקרויט פונעם יידישן ווײַנגאָרטן. ווער פון אונדז, וואָס איז נאָר ניט בלינד, זעט ניט דעם גרויסן נוצן פון אזעלכע ביכער ווי „דאָס שטערנטיכל“, „ערשטער יידישער רעקרוט“, „גענארטע וועלט“, „מאן און ווײַב, שוועסטער און ברודער“ און אנדערע אזעלכע טעאטער-שטיק, וואָס זײַנען ארויס פון דער פּען פון אָט דעם אויסגעצײכנטן שרײַבער און וואָס האָבן געמאכט און מאכן אויך איצט דעם שטארקסטן רוישעם אפּן מאסן-לײענער, אָבער דער דאָזיקער נוצן איז נאָך נישטיק אין פארגלײַך מיט יענעם גרויסן נוצן, וואָס די דאָזיקע טעאטער-שטיק וועלן ברענגען, אז זײ וועלן עפנטלעך אופגעפירט ווערן פאר די יידן אינעם פאָלקס-טעאטער. ווער קען זיך גאָר מעשאער זײַן דעם גרויסן רוישעם, וואָס וועלן מאכן די דאָזיקע ווערק, בײס זײ וועלן פאָרגעשטעלט ווערן אפּ דער טעאטער-בינע? לויט אונדזער מײנונג נאָך, איז עס אײנע פון די נויטווענדיקסטע זאכן פאר דער בילדונג פון די יידן אין דער הײַנטיקער צײַט“.

און דאָ דערצײלט ב. נאטאנזאָן, אז אין ווארשע זײַנען פאראן יידישע אקטיאָרן, וואָס פירן אופּ פאָרשטעלונגען פונעם יידישן לעבן. „פארוואָס זשע, — פרעגט נאטאנזאָן, — זאָלן מיר אין דער גרויסער שטאָט אָדעס אויך ניט האָבן אזא גײַסטיקן פארגעניגן? די געשיכטע פון אלע פעלקער ווײַזט אונדז, אז דער טעאטער איז געווען פארעכנט צווישן די וויכטיקסטע באוועגערס, וואָס האָבן געבראכט דאָס פאָלק צו בילדונג“... און נאטאנזאָן שטרײַכט ווידער אונטער די דערציִונגס-קראפט פונעם טעאטער אלס אן אנשטאלט, וואָס העלפט צו פארבעסערן די מענטשלעכע זיטן און צו באזיגן די פינצטערע פאָרורטײלן און אָבערגלויבענישן[3].

---

1 דערינערונגען (צו דער געשיכטע פון דער שטאָט אָדעס).

2 „המליץ“, 1870, נומ. 27, ז. 199.

3 ניט אלע האָבן דעמלט אין דער יידישער סוויווע געהאלטן, אז דער טעאטער האָט רעכט אפּ א זעלבשטענדיקער עקזיסטענץ. דער „המגיד“, צום בײַשפּיל, האָט געשריבן אין צוזאמענהאנג טאקע מיט די פאָרשטעלונגען פונעם ווארשעווער יידישן טעאטער: „מיר וואָלטן וועלן וויסן, צי איז דער

מיט אכט יאָר שפּעטער האָט ב. נאַטאַנזאָן געהאַט די מעגלעכקײַט זיך צו באַקענען מיט גאָלדפאַדענס ייִדישן טעאַטער אין רומעניע. ער האָט פאַר זיך דערזען אין אַ געוויסער מאָס פאַרווירקלעכט זײַנע אַלטע טרוימען וועגן אַ ייִדישן פאָלקס-טעאַטער. בײַ דער דאָזיקער געלעגנהײַט האָט ב. נאַטאַנזאָן ווידער געשטעלט אין דער פּרעסע די פראַגע וועגן די אויפגאַבן און וועגן דעם כאַראַקטער פון אַ פאָלקס-טעאַטער בײַ ייִדן. ער האָט דאָס געטאָן אין „המליץ” אין זײַנער אַ גרעסערער קאָרעספּאָנדענץ פון וואַרשע, ווו ער האָט דערציילט וועגן זײַן רײַזע איבער רומעניע. צום סאָף פון דער קאָרעספּאָנדענץ („המליץ” 1878, נום. 15, ז. 290—291) באַשרײַבט ער גאָלדפאַדענס טעאַטער, רעדט וועגן גאָלדפאַדענס גרויסן דערפאָלג בײַם צושויער און שטעלט אַרויס זײַן אייגענעם פּראָגראַם אויפן טעאַטער-געביט. ער כאַזערט דאָ איבער זײַנע פריִערדיקע גרונט-טעזיס וועגן דער דערציִעריש-מאָראַלישער פונקציע פונעם טעאַטער. דער עולם דאַרף אַראָפּנעמען פון די פאָרשטעלונגען אַ מוסר-השׂכּל פאַר זיך. דער טעאַטער דאַרף ווײַזן דעם צושויער דאָס ייִדישע לעבן מיט אַלע זײַנע פאַרקריפּלטע מינהגים, דאַרף דעמאַסקירן די צוויִאַקעס, אָפּשטעמפּלען יעדן פעלער און כיסרון אין דער ייִדישער סוויווע. אַלס מוסטער רוקט נאַטאַנזאָן ווידער אַרויס אַקסענפעלדס ווערק, דערבײַ דערמאָנט ער אויך די קאָמעדיע פון קאַמראַש „דאָס קאָהאָל-שטיבל”, וואָס האָט אין איר צײַט געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג צווישן די טאַלמידים פון דער זשיטאָמירער ראַבינער-שול. נאַטאַנזאָן שטרײַכט אַזוי אַרום אונטער די מאָראַליש-געזעלשאַפטלעכע טענדענץ, וואָס דאַרף, לויט זײַן מיינונג נאָך, הערשן אינעם פאָלקס-טעאַטער.

דערבײַ שטעלט נאַטאַנזאָן אַרויס נאָך אַ פאָדערונג: דער טעאַטער זאָל שטעלן פּיעסן פון נאַציִאָנאַל-היסטאָרישן כאַראַקטער. אונדז דוכט, אַז אין אָט דער פאָדערונג הערט זיך אַ געוויסע רעמיניסצענץ וועגן בעלאַוס וואַרשעווער טעאַטער מיט זײַן ביבלישער סוזשעטיק. נאַטאַנזאָן האָט דאָך געוווּסט אָט דעם טעאַטער און געשריבן וועגן אים פריִער אין „המליץ”.

ב. נאַטאַנזאָן פאָרמולירט זײַן פאָדערונג אַזוי:

„און נאָך דאַרפן וויסן די הויפּט-מיסאַסקים אינעם טעאַטער, אַז די העכסטע און דערהויבנסטע אויפגאַבע אין אויפירן פּיעסן אין אַזעלכע טעאַטערס איז צו געבן די פאָלקס-מענטשן אַ גענויע פאָרשטעלונג און אַ ריכטיק בילד וועגן דער ווערדע פון אונדזער דערהויבענער אומע און וועגן איר געשיכטע, און דערמיט וועלן זיי דערוועקן אַ גלויבן אין יעטווידער גוטער און נוצלעכער זאַך”.

פאַר אָט די געשיכטלעכע פּיעסן רעקאָמענדירט נאַטאַנזאָן צו נעמען שטאָף אין די העברעיִשע דראַמאַטישע ווערק, וואָס זײַנען געווען צו יענער צײַט גאַנץ פּאָפּולער, אַזעלכע, ווי „מלוכת שאול” (אַווטאָר — יוסף טראָפּלאָוויץ, אין 1801 איז דערשינען אויך אַ ייִדישע איבערזעצונג), „שלום אסתר” (מ. לעטעריסעס איבעראַרבעטונג פון ראַסינס „עסטער”), „גזע ישי” (מ. לעטעריסעס איבעראַרבע-

---

צוועק פון אָט די שוישפּילער בלויז פאַרגעניגן און שפּיל, אָדער עפּעס אַ ווילטאַט?” די צײַטונג האָט געהאַלטן, אַז אין אַזאַ צײַט, ווען צווישן ייִדן זײַנען פאַראַן מאַסן הונגעריקע און נויטבאַדערפטיקע, וואָלט געווען גוט און פײַן, מע זאָל דאָס צונויפגעקליבענע געלט אויסנוצן אויף זיי צו העלפן.

טונג פונ ראסינס „אטאליע״), „גמול עתליה״ (פונ דאָוויד פראנקאָ-מענדעס, אויכ א נאָכמאכונג ראסינענ). מיר זעענ, אז די היסטאָרישקײַט פארשטייט נאטאנזאָנ בלויז ווי ביבלישע סוזשעטיק. ס׳איז קלאָר, אז דאָס איז אינ טאָכ א רעטאָריש-לעגענדארישע היסטאָרישקײַט, אָט יענע „היסטאָרישקײַט״, וואָס איז געווענ כא-ראקטעריסטיש פארנ באדינגלעכנ קלאסיציזמ.

אָבער ווי מיר זאָלנ ניט אָפשאצנ ב. נאטאנזאָנס, אזוי צו זאָגנ, טעאָרעטישע אָנשויונגענ[1], דארפנ מיר פארעכענענ נאטאנזאָנענ צווישנ די ערשטע פראָפאגאנ-דיסטנ פונעמ ייִדישנ טעאטער; ער איז ארויסגעטראָטנ מיט זײַנ פראָפאגאנדע נאָכ באמ ראנד פונ די 60-ער אונ 70-ער יאָרנ אונ האָט אקשאָנעסדיק פארטיידיקט די אידיי פונ א פאָלקס-טעאטער בא ייִדנ. זײַנ מיטיילונג וועגנ גאָלדפאדענס טעאטער האָט נאטאנזאָנ פארענדיקט מיטנ ווונטש, אז אזעלכע טעאטערנ זאָלנ געשאפנ ווערנ אינ רוסלאנד, אינ אלע גרויסע שטעט, ווי ווארשע, ליובלינ, ווילנע, בערדיטשעוו, באלטע אא.

דער דאָזיקער ווונטש איז אינגיכנ מעקויעמ געוואָרנ. סאָפ זיבעציקער יאָרנ קומט גאָלדפאדענס טרופע קיינ רוסלאנד, אונ עס קומט אופ די ערשטע בלי-צײַט פונעמ ייִדישנ טעאטער אינ רוסלאנד. דער דאָזיקער גאנצער פעריאָד פונ ייִדישנ טעאטער אנטוויקלט זיכ דעריקער אונטערנ צייכנ פונ גאָלדפאדענס דרא-מאטורגיע אונ זײַנ טעאטראלער ריכטונג.

---

1 מע דארפ זאָגנ, אז דער פארשטאָרבענער ש. ניעפאָמניאשטשי האָט אינ זײַנ ארטיקל „גאָלד-פאדענ אינ בוקארעסט״ (מינסקער „צײַטשריפט״, באנד II—III, 1928) געגעבנ א לאכלוטנ ניט קיינ ריכטיקע אָפשאצונג פאר ב. נאטאנזאָנס צוגאנג צומ ייִדישנ טעאטער. נאטאנזאָנס כאראקטעריסטיק איז דאָרט געגעבנ אינ געדיכטע שווארצע פארבנ.

י. רימיניק

# מיטיילונגען צו דער געשיכטע פון ייִדישער ליטעראַטור און טעאַטער

1. א דערגאנצונג צום באקאנטן טעקסט פון גאָטלאָבערס „די גרויסע קינצ, אָדער דאָס ביסעלע מינצ". — 2. צו דער געשיכטע פון שאצקעסעס „דער ייִדישער פאר־פּייסעכ". — 3. א סצענע, אופגעפירט אין די אָדעסער ווײַנקעלערס אין אָנהייב פון די 70־ער יאָרן. — 4. אקסענפעלד אפ דער ייִדישער בינע אין אָנהייב פון די אכציקער יאָרן. — 5. וועגן אינהאלט פון לילִיענבלומס פּיעסע „דער מאן פון צוויי ווײַבער".

## 1. א דערגאנצונג צום באקאנטן טעקסט פון גאָטלאָבערס „די גרויסע קינצ, אָדער דאָס ביסעלע מינצ"

אין מינסקער „צײַטשריפט" באנד 5 איז פארעפנטלעכט געוואָרן א טייל פון גאָטלאָבערס ליטעראַרישער יערושע. צווישן אנדערס געפינען מיר דאָרטן די סאַטירע „די גרויסע קינצ, אָדער דאָס ביסעלע מינצ". ס'איז באקאנט, אז א טייל פון דער דאָזיקער סאטירע (17 סטראָפעס) איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אינעם טעקסט פון גאָטלאָבערס דערציילונג „דער גילגל" („קול מבשר", 1871, נומ. 20). ווי גאָטלאָבער האָט שפּעטער פארצייכנט אין זײַנע זיכרוינעס אין שאָלעם-אלייכעמס „ייִדישער פאָלקס-ביבליאָטעק", איז די ליד צווישן אנדערע ארײַנגעגאנגען אין דער זאמלונג „פעלד-בלומען", וואָס איז „פארפאלן געוואָרן דורך א פאָסט-טרע-גער". ס'איז דעריבער פארשטענדלעך, פארוואָס בא גאָטלאָבערן האָבן זיך פארהיט בלויז קאָפּיעס פון אייניקע פון די פארלאָרן-געגאנגענע לידער. די סאַטירע „די גרויסע קינצ, אָדער דאָס ביסעלע מינצ" איז אין „צײַטשריפט" אָפּגעדרוקט גע-וואָרן פון א קאָפּיע, וועלכע ס'האָט אָפּגעשריבן גאָטלאָבערס טאַלמיד שמואל הורוויטש. די סאַטירע איז דאָרט איבערגעריסן אפ דער 49־ער סטראָפע.

מיר האָבן א מעגלעכקייט צו דערגאנצן דעם באקאנטן טעקסט פון גאָטלאָ-בערס סאַטירע, אין מײַן רעשוס איז פאראן א קאָפּיע פון דער דאָזיקער סאַטירע, וואָס ציילט 53 סטראָפעס, דערבײַ פעלן אין מײַן מאנוסקריפּט 9 סטראָפעס (14, 15, 16, 29, 30, 35, 36, 37 און 38), וואָס זײַנען פארעפנטלעכט אין „צײַט-

שריפט״[1] הייסט עס, קומען אונדז צו דרײַצן אומבאַקאַנטע סטראָפעס. מע דאַרף צוגעבן, אַז די דאָזיקע סטראָפעס זײַנען גראָד פון די מער וויכטיקע: זיי אַנט-האַלטן דעם סאָציאַלן אונטערשלאַק, ווײַזן אונדז גאָטלאָבערס סימפּאַטיעס צום האָרעפּאַשנעם אוילעם. אונדזער קאָפּיע גיט אונדז אויסער דעם, ניט געקוקט אַף איינִיקע אָפּווײַכונגען, די מעגלעכקײַט צו קאָנטראָלירן הורוויטשעס קאָפּיע און ערטערווײַז זי אַפילע צו קאָריגירן.

מיר ברענגען דעם טעקסט פון די ניט-פּובליקירטע 13 סטראָפעס:

49

דעם רעבנס באָכער איז בא זיך זייער טײַער,
און די שווארצע מויד מאַכט טאָמיד כיין,[2]
בא אים איז דאָס ווײַב ניט ווערט א דרײַער,
בא איר איז דער מאַן גאָר קליין.
ער טרינקט בראָנפן, דאָס איז זײַן קינץ,
זי גאַנוועט פון דעם שענקל-טישל דאָס ביסל מינץ.

50

בא די וואַרסטאַטן אַרבעטן קינדער,
די קרעטשמע ווערט פון פּופּקעס פול,
דער אַלטער רענדאר גייט אַרום ווי א בלינדער,
דער רענדאַרקע ווערט דער[3] דול,
די אַלטע האָרעווען מיט מי, מיט קינץ,
די יונגע נעמען צו דאָס ביסל מינץ.

51

דער איידעם פאַרקוועטשט די באַנק
און קנייטשט דעם מאַגידס סייפער,
די שנור מאַכט דעם מאַן קראַנק
און וואָס א טאָג ווערט זי טרייפער.
עס פלעקט זיך און קלעקט זיך, דער פאָטער מאַכט קינץ
און נעמט דערפאַר צו דאָס איבעריקע ביסל מינץ.

---

1 די קאָפּיע האָט אָפּגעשריבן ל. מ. וועפּריק פון אָדעס, וואָס איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט א ריי אַנגעזעענע יִידישע שרײַבער. ווי דער כ׳ וועפּריק טיילט אונדז מיט, האָט ער אַליין די דאָזיקע קאָפּיע אָפּגעשריבן אין יאָר 1884 פון עקזעמפּליאַר, וואָס האָט זיך געפונען אין באַלטע באַם דאָרטיקן מאַסקיל הערשל גראַנאָווסקי.

2 מיט דעם ענדיקט זיך דער טעקסט פון דער סאַטירע אין „ציַיטשריפט״, דאָרטן לייענען זיך די צוויי שורעס אַזוי:

„דעם רעבנס באָכער איז בא זיך זייער גרויס,
און די שווארצע מויד מאַכט גרויסן כיין״...

די נומערן פון די סטראָפעס זעצן מיר פאָר לויט דער נומעראַציע פון „צײַטשריפט״.

3 דאָס וואָרט „דער״ איז ניט אַפן אָרט, עפּשער איז דאָ געווען „דערפון״.

52

אנו, רענדארעס, זעט אײַער בראָכע
און עפנט אויף די אויגן,
נעמט אַן אײדעם אַ באַלמעלאָכע
און אַ שנור, זי זאָל צו עפּעס טויגן,
וועט אָנגעלייגט זײַן אײַער מי, אײַער קינצ,
און איר וועט נאכעס האָבן פֿון אײַער ביסל מינצ.

53

אַ באַלמעלאָכע האָט ווײַב און קינדער אין זינען,
ער זאָל זיי פּאַרנאָסע געבן,
ער האָרעוועט און זעט געלט צו פֿאַרדינען,
ער זאָל זיך קענען אָרנטלעך לעבן.
ניט מיט שווינדל, נאָר מיט זײַן קינצ
פֿאַרדינט ער קאָשער זײַן ביסעלע מינצ.

54

דער זייגערמאַכער זיצט פֿון פֿרי ביז אָוונט
באַם ווארסטאַט אָנגעבויגן,
ער קוקט אין זייגערל גאַנץ נאָענט,
ברעכט דעם רוקן; און מיט די אויגן
אַ זייגערל פֿאַרעכטן איז אַ גרויסע קינצ!
שווער פֿאַרדינט ער דאָס ביסל מינצ!

55

באַם בלאָזזאַק שטייט דער קאָוועל, דער שליעסער
און ברענט זיך באַם העלישן פֿײַער,
אַזוי ברענט און בראָט דער...[1] גרעסער,
זײַן לעבן איז באַ אים ניט טײַער.
ווײַב און קינדער ערנערן איז אַ גרויסע קינצ,
ער האָרעוועט ביטער אַף דעם ביסל מינצ.

56

מיט אַ לאַנג רערל שטייט דער גאָלדשמיד פֿונוויַטן
און בלאָזט אַ פֿײַערל איבער אַ שערבל,
דאָרט שמעלצט זיך אַ רענדל נאָר פֿאַר לײַטן,
עס איז גאָר אָבער אַ קערבל.

1 דאָ פֿעלט אַ וואָרט, וואָס לאָזט זיך ניט איבערלייענען.

אפּ א פינגערל וואַרפט ער דאָס מיט קינצ
און באקומט דאָס ביסל מינצ.

57

אינ דרויסנ שטייט א שמוקלער באַם ריידל
אונ אַרבעט מיט די הענט אונ פיס.
ער מאַכט א שנורל, א קוטעס צו א קליידל,
די אַרבעט איז ביטער, דאָס ברויט איז זיס.
אינ דרויסנ צו אַרבעטנ איז א גרויסע קינצ,
נאָר גרינג קומט אימ אָנ דאָס ביסל מינצ.

58

דער שנײַדער הענגט אַרויס א שילד פאַר דער טיר,
אויסגעמאָלט אַנ אײַזנ מיט א שער,
מיט דרײַ לעשוינעס געשריבנ אַפּ איר:
ווער עס דאַרפ, קומט אַהער!
דאָס הייסט אַפּ דײַטש: איכ קענ די קינצ,
ווי צו באַקומענ דאָס ביסל מינצ!

59

ער מאַכט א דײַטש[1] פונ א פאַרכ
אונ שטופּט אימ אַרײַנ אינ געוואַנט,
ער מאַכט א פילאָזאָפּ אָנ געהירנ, אָנ מאַרכ,
פונ א לײַדאַק אַנ עלעגאַנט.
אַזוינע זאַכנ צו מאַכנ איז א גרויסע קינצ,
ער איז, כ׳לעבנ, ווערט דאָס ביסל מינצ.

60

פיל דײַטשנ אינ אונדזער צײַט
האָבנ דעמ שנײַדער צו דאַנקענ:
מיט די קליידער זײַנענ זיי לײַט,
אינ קאָפּ איז נישטאָ קײנ געדאַנקענ.
וויוואַט! עס זאָל לעבנ דער שנײַדער מיט זײַנ קינצ!
א מעלאָכע, א מויעכ[2] א דײַטש, אַבי דאָס ביסל מינצ!

61

דער שנײַדער איז אינ דער וועלט דער איקער:
אָנ אימ וואָלטנ מיר נאַקעטע דײַטשנ געוועזנ.

---

1 א מאַסקיל.

2 די שורע איז פאַרגרײַזט.

וואָלט ער נעבעך ניט געווען קיין שיקער,
וואָלט ער געלט פֿיל געקענט לעזן,
נאָר דער טרינק האַלט זיך בא דער קינצ
און באַם שענקער בלײַבט דאָס ביסל מינצ.

## 2. צו דער געשיכטע פון שאצקעסעס „דער יידישער פאר־פייסעך"

דער „יידישער פאר-פייסעך, אָדער מינהעג ייסראָעל", איז פארעפנטלעכט געוואָרן אין ווארשע אין יאָר 1881 פון איינעם ר"מ ז. אפן שארבלאט שטייט: „ממני המרמ"ז רמזין ומגלה טמירין אזרח ותושב בארץ הנגב". אין רוסישן טעקסט אפן שארבלאט איז אָנגעגעבן מ. זעליקאָוויטש. אייניקע פאָרשער אונדזערע באטראכטן די אונטערשריפט רמ"ז אלס א פסעוודאָנים פון שאצקעסן. פאקטיש אָבער איז זעליקאָוויטש גאָר אן אנדער פערזאָן. ער איז געווען בלויז דער ארויסגעבער פונעם דאָזיקן ווערק. אין צוזאמענהאנג דערמיט, וואָס דער „יידישער פאר-פייסעך" איז געווען דאָס צווייטע ווערק נאָך לינעצקיס „פוילישן ייִנגל", וואָס האָט געשפילט א ראָליע אינעם קאמף קעגן דעם יידישן אָבערגלויבן און אלט-פרענקישקייט, באקומט א געוויסן אינטערעס פאָלגנדיקע מיטיילונג, וועלכע גיט אונדז, אגעוו, א כאראקטעריסטישן שטריך צו דער געשיכטע פון אונדזער אמאָליקן שרײַבערישן שטייגער.

דעם ערשטן גרוס וועגן דעם, אז דער ווירקלעכער אווטאָר פון דעם ווערק איז שאצקעס, באגעגענען מיר בא לינעצקין אין „מײַן סייפער האזיכרוינעס". דערמאָנענדיק דעם „ליטווישן פאר-פייסעך", גיט ער צו אין קלאמערן: „וואָס ה' שאצקעס האָט פארפאסט און אלפי מיקרע לוי טאָהויר[1] הייסט ער גאָר רמ"ז..." דינעזאָן, אין זײַן באקאנטן ארטיקל „די יידישע שפראכע און אירע שרײַבער" („דער הויזפרײַנד", ב. 1, 1888) רופט אויך אָן מוישע-ארן שאצקעסן אלס מעכאַבער פון „יידישן פאר-פייסעך". נאָך דעם, ווי ס'איז דערשינען „דער הויזפרײַנד" האָט פאלטיעל זאמאָשטשין, אין אן ארטיקל „למען כבוד עירי לא אחשה" — „פונעם קאָוועד פון מײַן שטאָט וועגן וועל איך ניט שווײַגן" („הצפירה", 1888, נום 122)—געפרווווט דערווײַזן, אז דער מעכאבער פון „יידישן פאר-פייסעך" איז ניט שאצקעס, נאָר רעב מוישע זעליקאָוויטש — רמ"ז. ער ברענגט אזעלכע באווײַזן:

1) זעליקאָוויטש האָט פאָרגעלייענט דעם מאנוסקריפט פונעם „יידישן פאר-פייסעך" אים און אנדערע נאָך אין 1880 יאָר, איידער דער בוך איז געדרוקט געוואָרן, און האָט זיך ארומגעטראָגן דערמיט פריער און שפעטער ווי מיט אן אייגענער באליבטער זאך („ילד שעשועים");

2) אפ דעם שארבלאט איז אָנגעוויזן ר"מז (רעב מוישע[2] זעליקאָוויטש). ער

1 מיקרע לוי טאָהויר (מקרה לא טהור) — א ניט-עטישע געשעעניש.

2 אגעוו, ניט רעב מוישע זעליקאָוויטש, נאָר רוווּנ-מוישע. איך נעם דאָס פון זעליקאָוויטשעס אן אונטערשריפט אפ א געדרוקטן עקזעמפּליאר פון „יידישן פאר-פייסעך", וועלכן ער האָט אונטערגעטראָגן זײַנעם א באקאנטן.

איז אויך דער מעכאבער פון „ילקוט הראָועים“, אויך דאָרט האָט ער זיך אונ-טערגעשריבן: ר מ ״ ז.

זאמאָשטשין גיט נאָך דערביי צו: „וועד ווייסט, עפשער האָט ער (ווי מיר האָבן געהערט די רעכילעס פון א סאך מענטשן) ניט פארפאסט אליין דאָס דאָ-זיקע ווערק, נאָר אָפּגעקויפט עס באם הער שאצקעס, פונדעסטוועגן מאכט ניט אויס: עלעהיי יאַנקעוו האָט אָפּגעקויפט די בכוירע בא אייסעוון“.

אָט די לעצטע ווערטער וועגן דעם, אז זעליקאָוויטש זאָל האָבן אָפּגעקויפט דאָס ווערק פון שאצקעסן, שיינט צו זיין א ריכטיקע. ווערליך עס גיט איבער ש. ל. ציטראָן, האָט שאצקעס, זיינדיק אין די אכציקער יאָרן אין קיעוו, גע-לעבט אין גרויס דאחקעס. ס'איז דעריבער לייכט זיך פאָרצושטעלן, אז שאצקעס האָט ווירקלעך געקאָנט פארקויפן זיין ווערק מאכמעס דעם, וואָס ער האָט קיין מיטלען ניט געהאט דאָס ארויסצוגעבן. פון דער אנדערער זייט איז צו גלייבן, אז שאצקעס דער טאלמידכאָכעם, וואָס האָט זיך קוינע-שעם געוועזן אין דער הע-ברייִשער ליטעראטור מיט זיין „המפתח“ און אנדערע ווערק, האָט ווייניק וואָס געיאָגט זיך נאָך פּאָפּולערקייט אלס „זשארגאָן“-שרייבער.

שפּעטער, אין סאָף אכציקער יאָרן, האָט ער, אפּאָנעם, שוין אופגעהערט זיך שעמען מיטן „זשארגאָן“ און ער האָט אלס ענטפער אפ דעם דערמאָנטן ארטיקל פון פ. זאמאָשטשין זיך געכאסמעט אונטער די „בילדער פון דער ליטע“ (שאָ-לעם-אלייכעמס יידישע פאָלקס-ביבליאָטעק“, 1 באנד, קיעוו, 1888) „ממני דער עמעסער פארפאסער פון יידישן פאר-פייסעכ“.

קעדיי צו דערגאנצן דעם ביז גאָר כאראקטעריסטישן עפּיזאָד פון אמאָליקן יידישן ליטעראַרישן שטייגער, ווען א ווערק האָט געקאָנט גילטן פאר א סכוירע, וואָס מע האנדלט מיט איר, איז קעדיי זיך אָפּצושטעלן אפ אזא מאָמענט. איך האָב אין מיין רעשוס רמ״זס אן אייגנהענטיקן עקזעמפּליאר פון דער האקדאָמע צום „יידישן פאר-פייסעכ“ מיט אן אינהאלט-פארצייכעניש [1], וואָס איז, קאָנטיק, פארגרייט געוואָרן פון רמ״זן, קעדיי זאמלען פרענומעראנטן. פאר דער האקדאָמע גייט א „שארפע מוידאָע“ (אָן שום סאָפעק געשריבן פון שאצקעסן, אין וועלכער ער וואָרנט, עס זאָל קיינער ניט וואגן אָן זיין רעשוס אָפּדרוקן זיין ווערק. כאָטש עס איז צו גלייבן, אז צווישן שאצקעסן און רמ״זן איז געווען אן „איינפארשטענ-דיקונג“ אפ צו דרוקן דאָס ווערק, דאָך האָט די „שארפע מוידאָע“, קאָנטיק, רמ״זן ניט געפּאסט, און ער האָט זי ארויסגעלאָזט. מיר ברענגען זי דאָ גאנצער-הייט:

## א שארפע מוידאָע!

איך בין מאכריז אומוידיע דער גאנצער וועלט, אז עס געפינט זיך בא מיר פיל האסקאָמעס, וואָס שעלטן מיט טויטע קלאָלעס דעם מענטשן, וואָס וועט וועלן מיך מאסיג גוווול זיין און אויך אָפּדרוקן דיזן סייפער אָן מיין רעשוס. און אזוי ווי איך האָב פיינט צו נעמען האסקאָמעס אבי פון וועמען, אז ניט עפּעס פון א רעכטן, איז מיין טעווע בעסער צו דרוקן גאָר אָן א העסקעם, מאכמעס דעם

[1] אגעוו, אין אינהאלט-פארצייכעניש פעלן די קאפּיטלען 4, 6, 16.

סייפער וועלנ אזעלכע האסקאָמעס גאָר קיינ טויוועס טאָנ. איך האָב שוינ אליינ געזענ ספאָרים מיט האסקאָמעס, וואָס זיי האָבנ זיך אזוי לאנג געוואלגערט בא די מעכאברים, ביז די מײַז האָבנ אופגעגעסנ דעם סייפער מיט די האסקאָמעס אינײַנעם. דער אוילעמ ווייסט שוינ א ביסל די נאטור פונ אזעלכע מאסקימימ, אז בא זיי געפינט זיך שוינ גרייטע האסקאָמעס, מע דארפ נאָר צושרײַבנ דעם נאָמענ פונעמ סייפער אונ פונעמ מעכאבער אונ די דאטע, אקוראט ווי בא די שטארקע לאָווימ ליגנ שטענדיק מוכנ אומעזומענ אָנגעשריבענע וועקסלענ, אונ קוימ עס מאכט זיך נאָר א האלוואָע, צייכנט ער צו די סומע אונ די דאטע אונ כאפט ארײַנ די אפויטיקע. קאָנ מענ עפּעס אפ אזעלכע האסקאָמעס שטעלנ א ביִיענ? אקוראט ווי יענער מאלווע אפ דעם גוטנ וועקסל, וואָס ער האָט מעקאבל געווענ...

אלקיינ בינ איך קיינ באלנ ניט צו נעמענ האסקאָמעס, וואָס ליגנ שוינ לאנג אָנגעשריבנ אונ דער מאסקימ גיט דעם מעכאבער אויסצוקלײַבנ, וואָס פאר א נוסעך ער וויל. זייער שווער בא דער איצטיקער צײַט צו געפינענ א רעכטנ מאסקימ, וואָס זאָל טאקע פריער דאָס סייפער איבערקוקנ אונ זאָגנ א ריכטיקע מיינונג אינ זײַנ האסקאָמע, וועלכע ער וועט זיך טאקע באמיענ אונ אָנשרײַבנ לעכאטכילע נאָר צוליב דעם סייפער. אבל לא כנ עמ הספר הזה, ניט אזוי איז די געשיכטע מיט דעם דאָזיקנ סייפער. דאָ איז מיר פיל גרינגער געווענ צו באקומענ האסקאָמעס, אונ טאקע פונ וויכטיקע מענטשנ, מאכמעס די מאסקימימ זײַנענ ניט פונ מאנספארשוינענ, נאָר פונ נאָשימ צידקאָניעס, וואָס האָבנ טאקע גוט געלעזנ מײַנ סייפער אונ האָבנ שטארק מאסקימ געווענ, אז מײַנ סייפער איז ניט, כאסוועשאָלעמ, דימיוינעס שאָוו, נאָר עס איז געגרינדעט אפ געוויסע פאקטנ. פארקערט, זיי זאָגנ פאקטע, אז איך האָב נאָך די פאקטנ פארקלענערט.

די האסקאָמעס האָב איך ניט גענומענ פונ רעבעצנס, פונ קלייטניצעס, כאלפנטעס, טענדלערקעס, ניינ! אזעלכע האָבנ ניט קיינ יעדיע, ווי מע באדארפ, אינ די אלע האנהאָגעס אונ פאָראדקעס, מײַנע האסקאָמעס זײַנענ נאָר פונ זאָגערנס, טיקערנס, קישעפמאכערנס, שטיפמוטערס אָדער קאלטע מומעס, פונ א שײַרעס, א באָבע, פונ א קאטלאניס, א קנייטל-לייגערנ. דיזע סאָרטנ פרויענ ווייסנ דיזע געשיכטנ טאָטש, פאר זיי קאָנ מענ קיינ פאלשע סצענעס ניט פאָרשטעלנ, מאכמעס יעדערע פונ זיי קאָנ זיך שטארק רימענ אונ זאָגנ „בדידי הוי עובדא”. אָט די דאָזיקע פרומע ווײַבער האָבנ געזענ מײַנ מי אינ דיזנ סייפער, האָבנ זיי טאקע אויסגעשארפט זייערע צונגענ אונ האָבנ טאקע אינ זייערע האסקאָמעס זיך גוט פאנאנדערגעלאָזט מיט קלאָלעס אונ כראָמעס אפ יענעמ, וואָס וועט זיך וועלנ פאָלזיווענ מיט מײַנ ארבעט.

נאָר איך קלער, אז עס איז ניט שטארק נייטיק די האסקאָמעס מעפארסעמ צו מאכנ: ערשטנס, איז איצט, דאכט זיך, ניטאָ אזעלכע שויטימ, וואָס ווילנ מאכנ האסאָגאס-גווול אינ דרוק-זאכנ — א גרויסנ גליק וועלנ זיי כאפנ?! צווייטנס, איז דאָך עפּעס דאָ א מעמשאָלע, הא? די וועלט איז דאָך ניט העפקער. אונ כאָטש איך האָב די האסקאָמעס ניט מעפארסעמ געמאכט, פונדעסטוועגנ מעג מענ מיר גלייבנ, אז די קלאָלעס מיט די כראָמעס געפינענ זיך בא מיר אופגעשריבענע, אונ דאָס קאָנ יענעמ טרעפנ אקוראט ווי א געדרוקטע — א קלאָלע איז א קלאָלע, א געשריבענע אָדער א געדרוקטע האָט בא מיר איינ פאָנעמ, די טויכע-

כע איז דאָכ נאָר א געשריבענע, דאָכ וויל קײנער ניט אוילע לעטוירע זײַנ צו איר.

אונ איכ זאָג אײַכ, אז די גאנצע טויכעכע איז גאָר קײנ אָנהײב ניט אנטקעגנ די קלאָלעס פונ די נאָשימ צידקאָניעס, זײ קאָנענ שעלטנ, טאקע נאָר זײ. אלקײנ היט אײַכ, ברידער, פונ זײערע קלאָלעס אונ טשעפּעט ניט, נעבעכ, דעמ מעכאבער. —

## 3. א סצענע, אופגעפירט אינ די אָדעסער ווײַנקעלערס אינ אָנהײב פונ די 70־ער יאָרנ

ס'איז באקאנט, אז די זינגער פונ די ווײַנקעלערס אונ די מארשעליקעס האָבנ אָפּגעשפּילט א באדײַטנדיקע ראָליע אלס פאָרגײער פונעמ גאָלדפאדענישנ טעאטער. די טעמע „קעלערזינגער” איז אָבער א ניט באארבעט נאָכ פעלד.

לויט די יעדיעס, וואָס עלטערע אָדעסער טוישווימ גיבנ איבער, איז אינ אָדעס אינ די זיבעציקער יאָרנ געווענ א פאָר צענדליק ווײַנקעלערס. יעדער ווײַנקעלער האָט זיכ געהאט זײַנ קרײַז באזוכער, אָפּהענגיק פונעמ סאָציאלנ שטאנד אונ ייכעס. אינ יענע יאָרנ האָט מענ אינ די ווײַנקעלערס געקאָנט טרעפנ אי א האָרעפּאשניק אי א פרומאק. יעדער ווײַנשענק האָט זיכ באמיט צוציענ צו זיכ אזא גרופּע זינגער, וואָס איר רעפּערטואר זאָל זײַנ צוגעפּאסט צו זײַנ קרײַז באזוכער. אזוי, לעמאָשל, ווערט דערצײלט, אז אינ די ווײַנשענקעג, וואָס פלעגנ באזוכט ווערנ פונ פרומאקעס, זײַנענ ווײניקער פונ אלצ געזונגענ געוואָרנ אפּיקאָרסישע סאטירישע לידער. דאָ פלעגט אונטערגעטראָגנ ווערנ א פארעווער רעפּערטואר, אָנ יעטווידער בײַסנדיקער טענדענצ, מערסטנטײל פלעגנ דאָ געזונגענ אונ אופגעפירט ווערנ זאכנ מיט א דראמאטישער האנדלונג. אזוי, לעמאָשל, ווערט דערצײלט, אז דאָ איז געווענ באליבט א ליד וועגנ א טאטנ, וואָס קומט אָפּ אפּ דער עלטער. אינ אנדערע ווײַנקעלערס, מיט א ווײניקער פרומאקישנ אוילעמ, פלעגנ געזונגענ אונ אופגעפירט ווערנ זאכנ, וואָס האָבנ אויסגעלאכט די פאנאטישקײַט אונ אָבערגלויבנ. אינ צענטער פלעגט דאָ שטײנ די טעמע וועגנ כאָסיד אונ דײַטש. די לידער זײַנענ מערסטנטײל גענומענ געוואָרנ פונ די באקאנטע דיכטער — וועלוול זבארזשער, עליאָקומ צונזער, גאָלדפאדענ, לינעצקי[1]. נאָר אויב וועגנ דעמ לידערעפּערטואר אינ די ווײַנקעלערס האָבנ מיר א וועלכנ־ניט־איז באגריפ — שוינ זערפאר, וואָס א היפּשער טײל פונ זײ איז געדרוקט געוואָרנ, — איז וועגנ די וואָ־

---

1 די לידער פונ לינעצקיס „בײזנ מארשעליק” זײַנענ געווענ באזונדערס פּאָפּולער. מיר איז אויסגעקומענ, צומ בײַשפּיל, צו הערנ פונ אלטע אָדעסער טוישווימ אײניקע וואריאנטנ פונ דער ליד „ערעוו יאָמקיפּער”, ווי זי פלעגט געזונגענ ווערנ אינ די ווײַנקעלערס. ס'איז פאראנ א באהויפּטונג, אז לינעצקי אלײנ זאָל האָבנ ארויסגעטראָטנ מיט זײַנע סאטירישע לידער אינ די ווײַנקעלערס. דאָס ווײסט מענ נישט אפּ גענוי, אָבער אז לינעצקינ האָט געצויגנ דאָס „פארשטעלנ זיכ”, קאָנ באווײַזנ פאָלגנדיקער פאקט: די צײכענונג אפּנ שארבלאט פונ „בײזנ מארשעליק”, וועלכע שילדערט דעמ מאָמענט פונ באגעגעניש פונעמ כאָסיד מיטנ דײַטש, איז אנ אָפּבילדונג פונ לינעצקינ מיט לערנערנ, דערבײַ האָט לינעצקי זיכ פארשטעלט פארנ כאָסיד, לערנער — פארנ דײַטש. די יעדיע האָט מיר איבערגעגעבנ לינעצקיס פרײַנט ל. מ. וועפּריק (אָדעס).

דעווילן און קלענערע סצענעס, וואָס פלעגן אופגעפירט ווערן אין די וויַינקעלערס, ווייסן מיר זייער ווינציק. דעריבער באקומט א גרויסן אינטערעס יע־דער מינדסטער שפור, וואָס עס גיט זיך איַין ארויסצוריַיסן פון דער פארגעסנ־הייט.

צוריק מיט א יאָר צוועלף, זאמלענדיק מאטעריאלן צו דער געשיכטע פון יידישן טעאטער, האָב איך געהאט די געלעגנהייט צו פארשריַיבן פון מויל פון איינעם פעלגער, אן אלטן אָדעסער טוישעוו, א מאן פון 75 יאָר, אייניקע סצע־נעס, וואָס פלעגן אופגעפירט ווערן אין די אָדעסער וויַינקעלערס אין אָנהייב זי־בעציקער יאָרן. איך ברענג דאָ א סצענע מיטן נאָמען:

## דער דינטוירע פונעם כאָסיד מיטן באלעגאָלע

א כאָסיד האָט באשטעלט א באלעגאָלע, ער זאָל קומענדיקן זונטיק אים צו־פירן אין א שטעטל, וווהין ער האָט באדארפט האָבן צוליב זיַינע מיסכאָרים. דער באלעגאָלע האָט ניט געהאלטן קיין וואָרט און איז געקומען דעם צווייטן זונטיק. דעם טאָג איז געווען א גרויסע בלאָטע, און דער באלעגאָלע האָט איַינגעשפאנט זיַינע אלע פינף פערד. די בלאָטע איז אָבער געווען א טיפע, די פערד זיַינען געגאנגען שווער, און אָפטמאָל איז דעם כאָסיד אויסגעקומען אראָפקריכן פונעם וואָגן און גייך צופוס. דערצו נאָך האָט אים דער באלעגאָלע ניט געגעבן קיין בעקאָוועדיק אָרט. געקומען פון וועג, רופט דער כאָסיד דעם באלעגאָלע צום רעבן און מאָנט בא אים, ער זאָל אים אויסשטיין דעם העזעק, וואָס ער, דער כאָסיד, האָט דורך אים געליטן. די סצענע קומט פאָר באם רעבן אין שטוב. נאָך דעם, ווי דער כאָסיד לייגט אויס זיַינע טייַנעס, גייט דער אויספרעג פונעם באלעגאָלע.

רעבע צום באלעגאָלע: פארוואָס ביסטו ניט געקומען בעיוים אלעפ שעאָוואר?

באלעגאָלע: וואָס הייסט עס?

גאבע: פארוואָס ביסטו ניט געקומען פאראכטאָגן זונטיק, אווו נעדיליע?

באלעגאָלע: רעבע, ער האָט מיך זהאָדיעט אפ זונטיק, ס'הייסט מאָנטיק אפ דינסטיק, בין איך מיטוואָך ניט געקומען, איז געוואָרן דאָנערשטיק אפ פריַי־טיק, ס'הייסט ערעוו שאבעס אפ שאבעס, בין איך זונטיק געקומען צו פאָרן.

רעבע: פארוואָס האָסטו אים ניט געגעבן קיין מאָקעם טאָוו?

באלעגאָלע: וואָס הייסט עס?

גאבע: ........

באלעגאָלע: מיר זיַינען געווען אכט פארשויך:

צוויי גראָבע מוידן,
איך און ער,
די שוויגער און דער שווער,
לעהאוודל, די שיקסע
און א קאפאָרע דער בעלפער.
נו, אדעראבע, זאָגט שוין איר, רעבע, וואָס האָב איך גע־
קאָנט טאָן?

רעבע: אָבער פּאַרוואָס האָסט אים נאָך געטריבן באַראַגלאַיִם?
באַלעגאָלע: וואָס הייסט עס?
גאַבע: נו, נאָהאַמע, פּישקאָמ.
באַלעגאָלע: א, א, רעבע, רעבע, איך בין גאָר ניט שולדיק. כ׳האָב פינף פערד — אזעלכע פינף יאָר זאָלט איר מיר האָבן! דאָס ערשטע האָט א טײַערע רִיָע: סע דערזעט א בארג פאַר א ווערסט, וויל עס ניט גיין. דאָס צווייטע האָט א טײַערע שמועז: אז מע מאכט ערגעץ פאַר דרײַ מײַל צו א פערד: טפּרו... — בלײַבט עס שוין שטיין. דאָס דריטע איז גלאַט אַן ערלעך פערד: שפּאַנט עס אײַן אין וואָגן מיט דער בעסטער סכוירע, וועט עס ניט אַנטלויפן. דאָס פערטע איז א באַל-דערעכערעץ: סע וועט פון אָרט ניט רירן, ביז סע וועט ניט זען, אז דער באַלעבאָס גייט פון פאָרנט. דאָס פינפטע איז, קיינאָרע, א שווער, אַן אײַזערן פערד: אז סע ווערט פאַרסטראַנעט, וועט איר דאָס מיט קיין צען פאַר אָקסן ניט אַרויסשלעפּן, רעבע.

אויסגעהערט די טײַנעס, בלײַבט דער רעבע זיצן, שאָקלט זיך, גלאַנצט מיט די אויגן און גלעט זיך אויס באָרד און פּייעס. דערנאָך טראָגט ער אַרויס דעם פּסאַק:

— מעשאַלעמ זײַן העזעק כאַמישע־אָסער ראַכ.

באַלעגאָלע: וואָס הייסט עס?
גאַבע: באַצאָלן פופצן קערבלעך.
באַלעגאָלע: וואָס, פּיאַטנאַנציאַט קאַרבאָוואַנציוו? רעבע, רעבע, פופצן בײַטשן קאָן איך אײַך געבן.
רעבע: מוזט דאָך אָבער פּאָלגן, וואָס אין דער הייליקער טוירע שטייט געשריבן.
באַלעגאָלע: ווען האָט גאָט געגעבן די טוירע?
רעבע: אום שוועס.
גאַבע: נו, אום טראָיִצע.
באַלעגאָלע: אום טראָיִצע? א כאָכעם א גאָט. וואָלט ער די טוירע געגעבן אום אָסיען, אין די גרויסע בלאָטעס, וואָלט איר שוין דעם באַלעגאָלע צוגעפּאַסקנט.

## 4. אַקסענפעלד אַפ דער יִדישער בינע אין אָנהייב פון די אַכציקער יאָרן

ס׳איז באַקאַנט, אַז איינע פון די ערשטע דראַמעס, וועלכע י.־י. לערנער האָט אופגעפירט אין אָדעס אין 1880 יאָר, ווען ער האָט צוזאַמענגעשטעלט זײַן טרופּע, איז געווען עטינגערס „סערקעלע“. ס׳איז ניט געווען קיין צופאַל, וואָס דער ערשטער יִדישער ליטעראַרישער טעאַטער האָט אויסגעקליבן פאַר איינער פון זײַנע פאָרשטעלונגען „סערקעלען“ — די בעסטע יִדישע ליטעראַרישע דראַמע פון דער ערשטער העלפט XIX יאָרהונדערט. שטרעבנדיק צו שאַפן א ליטעראַריש-רעאַליסטישן טעאַטער, האָט לערנער זיך געווענדעט פריִער פון אַלץ צום קלאַסישן רעפּערטואַר פון דער יִדישער דראַמע. גלײַך נאָך עטינגערס „סערקעלע“ האָט לערנער זיך גענומען פאַר אַקסענפעלדן.

מיר ווייסנ, אז לערנער האָט שטענדיק ארויסגעוויזנ א גרויסנ אינטערעס פאר אקסענפעלדס שאפנ; נאָכ אינ יאָר 1868 האָט ער ארויסגעלאָזט זײַנ באקאנטע בראָשור: „Критический разбор появившихся недавно на еврейско-немецком жаргоне сочинений И. Аксенфельда и направления их вообще“.

שאפנדיק זײַנ טעאטער, האָט לערנער דערפילט, אז פאר דער בינע וועט זײַנ א ביז גאָר דאנקבארע אופגאבע אופצופירנ אקסענפעלדנ, דעמ געוואגטנ קעמפער קעגנ כאסידיזמ אונ אָבערגלויבנ. צו דעמ האָט לערנער געקאָנט באוויזנ נאָכ א צווייטער אומשטאנד. ערשט נעכטנ איז ער, לערנער, אלײנ געווענ אנ איידעס פונ די גרויסע דערפאָלגנ, וואָס עס האָבנ געהאט אפ דער בינע גאָלדפאדענס אנטיכסידישע פיעסנ. דער גרעסטער דערפאָלג איז אומעטומ אויסגעפאלנ אפ גאָלדפאדענס פיעסע „ני—בע, ני—מע, ני—קוקורעקו, אָדער דער קאמפ פונ ציוויליזאציע קעגנ אָבסקוראנטיזמ“[1]. אינ דער צײַט אָבער, ווענ די מערהײַט צײַטונגענ האָבנ געגעבנ באגײַסטערטע אָפרופנ וועגנ דער דאָזיקער שטעלונג, האָט א טייל צײַטונגענ, באזונדערס פונ יידיש-רוסישער פרעסע, שארפ פארורטיילט אויכ די דאָזיקע פיעסע גאָלדפאדענס מאכמעס דער ניט-רעאליסטישער אופאסונג פונ די געשטאלטנ. פאר אונדזער טעמע באקומט א באזונדערנ אינטערעס דער ארטיקל פונ איינעמ ל. נעז—אָר., וואָס איז פארעפנטלעכט געוואָרנ אינ „אָדעסקי וועסטניק“ א קורצע צײַט פאר דעמ, ווי לערנער האָט איבערגענומענ דעמ מאריִענ-טעאטער. צונישט מאכנדיק דעמ רעפערטואר פונ די פריִערדיקע צוויי יידישע טעאטערנ, וואָס האָבנ געשפילט אינ אָדעס — גאָלדפאדענס אונ מאָגולעסקאָס, ברענגט דער מעכאבער א גענויעמ אנאליז פונ „ני—בע, ני—מע, ני—קוקורעקו“ אונ פארורטיילט אפנ שארפסטנ אויפנ די פיעסע. צומ סאָפ קומט דער מעכאבער צומ אויספיר, אז „אויב די שמאָכטעס פונ די הערנ גאָלדפאדענ אונ מאָגולעסקאָ האָבנ אזא קאָלאָסאלנ דערפאָלג, איז וואָס זשע וואָלט שוינ געווענ, ווענ עס וואָלט אופגעקומענ א ווירקלעכ טאלאנטפולער שרײַבער, וואָס זאָל געבנ די יידנ ריכטיק געשילדערטע שטייגער-טיפנ (אונטערגעשטראָכנ פונ מיר. י. ר.)“. דערבײַ פארגעסט ניט דער אווטאָר פונעמ ארטיקל אָנזאָגנ דעמ לייענער די בסורע, אז אָט קומט אָנ א נײַער דראמאטורג... לערנער...

אינ „אָדעסקי וועסטניק“ פארנ 28 אווגוסט 1880 יאָר געפינענ מיר א ידיִע וועגנ דעמ, אז דעמ 26 אווגוסט (7 סענטיאבער) האָט לערנער אופגעפירט צומ ערשטנ מאָל א פיראקטיקע קאָמעדיע מיטנ נאָמענ „דער אויצער“. אינ דער נאָטיצ ווערט אָנגעוויזנ, אז די קאָמעדיע איז לערנערס. מיר האָבנ אָבער אינ אונדזער רעשוס א קאָפיע פונ דער אפישע פונ דער ערשטער פאָרשטעלונג פונ „אויצער“, וואָס באווײַזט אונדז, אז אינ גרונט פונ אָט דער קאָמעדיע איז אוועקגעלייגט געוואָרנ אקסענפעלדס באקאנטע פיעסע „דער אויצער, אָדער די גענארטע וועלט“. סײַ די קעפלעכ פונ די אקטנ אונ בילדער, סײַ דאָס צעטל אָנטיילנעמענדיקע פערזאָנענ גיבנ אונדז די מעגלעכקײַט פעסטצושטעלנ מיט דער פולער קאטעגאָרישקײַט, אז די דאָזיקע פיעסע ציט איר אָפשטאמונג פונ אקסענפעלדס „גענארטער וועלט“. דער דאָזיקער פאקט, אז אקסענפעלדס א ווערק איז אופגעפירט

1 אזוי האָט לעכאטכילע געהייסנ די דאָזיקע פיעסע. לויטנ צענזור-עקזעמפליאר פונ אָקטיאבער 1881 י., וואָס געפינט זיכ אינ מײַנ רעשוס, האָט זי שוינ געהייסנ בלויז „ני—בע, ני—מע, ני—קוקורעקו“, דערבײַ ווערט זי אָנגערופנ „אָפערעטע“.

געוואָרנ אפ דער ייִדישער בינע אינ די 80-ער יאָרנ, איז ביז איצט ניט פאַר-צייכנט אינ דער טעאטער-ליטעראטור.

לויט דער אפישע האָט די קאָמעדיע אנטהאלטנ פיר אקטנ אונ פינפ בילדער. ערשטער אקט, ערשט בילד — „די פּיַערלעכע באגעגעניש״; צווייטער אקט, צווייט בילד — „די צוזאָגנ פונעמ גוטנ-ייִדנ״; דריטער אקט, דריט בילד — די אנטוי-שונג״; פערטער אקט, פערט בילד — „דאָס דערשרעק״; פינפט בילד — „דער עמע-סער אויצער״.

אינ דער קאָמעדיע נעמענ אָנטייל פאָלגנדיקע פערזאָנענ:

רעב פיניע — א פארמעגלעכער באלעבאָס

גיסי — זײַנ ווײַב, א טויבע

ריווקע — זייער טאָכטער

יעכיליק — איר מאנ

צאלי — פיניעס שוואָגער

פרומע — זײַנ טאָכטער

מוישעלע — זײַנ געשעפטפירער

סימכע פעקלמאכער — א קאָנטראבאנדיסט

נויעכ — א קרעטשמער

שויעל — א הענדלער

רעב בוניע — א ראָוו

רעב לייבצע שפיצעניצער — א גוטער-ייִד

אווראָמצע באלשעמ — א קישעפּמאכער („Колдун“), א געוועזענער באלעגאָלע

אווראָמ-כאיִמ — זײַנ גאבע

א מיידעלע

ס'איז געװנוג אנ אויבנופיקער פארגלײַכ פונ די פערסאָנאזשנ, קעדיי זיכ צו איבערצײַגנ, אז לערנערס „אויצער״ שטאמט פונ אקסענפעלדס „דער אויצער, אָדער די גאנארטע וועלט״. מיר באקומענ דאָ אויכ א געוויסע פאָרשטעלונג וועגנ דער מעטאמאָרפאָזע, וואָס אקסענפעלדס ווערק האָט געליטנ פונ לערנערס פעדער.

בא אקסענפעלדנ איז אונטערנ טיטל אפנ שארבלאט אָנגעגעבנ: „דראמאטישע סצענעס״[1]; לערנער רופט די פיעסע אָנ „קאָמעדיע״. בא אקסענפעלדנ איז די פיעסע אײַנגעטיילט אינ נײַנ סצענעס, אָדער ווי ער, אקסענפעלד, רופט זיי — „כאלאָ-קימ״. בא לערנערנ אנטהאלט די קאָמעדיע, ווי געזאָגט, פיר אקטנ אונ פינפ בילדער. עס פעלט קימאט אינגאנצנ צונויפ די צאָל פערסאָנאזשנ.

בא לערנערנ פעלנ צוויי פערסאָנאזשנ: רעב נויעכ דער רענדאר (אקסענ-פעלדס רעמארקע: „א פראָסטער רענדאר, וואָס האלט מילנ ארומ שפיצעניצ״) אונ טרײַנע — דעמ קרעטשמערס ווײַב. א היפשע צאָל פערסאָנאזשנ זײַנענ איבער-געוואנדלט: ייִסראָעל שטשופאק (אקסענפעלדס רעמארקע: „א יונגער יונג פונ

1 עס בעט זיכ דאָ א האשאָרע, אז דאָס אונטערקעפּל „דראמאטישע סצענעס״ זאָל גיכער שטא-מענ פונ די ארויסגעבער. אקסענפעלדס ערשטע דראמע, וואָס איז געדרוקט געוואָרנ, ווי באקאנט, נאָכ פאר זײַנ לעבנ (לײַפּציג, 1861), טראָגט דעמ טיטל „דער ערשטער יודישער רעקרוט אינ רוס-לאנד, אָדער א מײַסע פונ קלאָמערשט כאָסנ-קאלע״. אויכ צומ שלוס פונ דער דראמע נוצט אקסענ-פעלד דעמ טערמינ „מײַסע״: „דערמיט עקט זיכ די גאנצע מײַסע״.

צוואנציק יאָר, א שטשאָגיל אונ קאָנ זייער וויל שרייַבנ מאָסקוויטעריש. א דורכגעטריבענער קלוגער יונג. ער איז דאָ א שאפער אפ דער סטאנציע") איז אידענטיש מיט לערנערס מוישעלע, פיניעס געשעפטפירער; אגאפאָנ אגאפאָנאָוויטש וואָדקינ (אקסענפעלדס רעמארקע: „א געוועזענער אָפיצער, אצינדערט זייער אלט אונ אָרעמ, אונ א גרויסער שיקער. ער איז דאָ א שרייַבער בא מאני דעמ רייַכנ אפ דער פאָטשטאָווער סטאנציע"), וואָס שפילט בא אקסענפעלדנ א ראָליע פונ א זנאכער, איז בא לערנערנ פארייִדישט געוואָרנ: ער הייסט „אווראָמצע באלשעמ" (רעמארקע: א „קישעפמאכער, א געוועזענער באלעגאָלע"). פאָמא, וואָדקינס פלימעניק, איז, אפ אזא אויפנ, מיט רעכט אויכ פארייִדישט געוואָרנ אונ איז איבערגעוואנדלט אינ אווראָמ-כאימענ — אווראָמצע באלשעמס גאבע. אויבנ האָבנ מיר שוינ אָנגעוויזנ אפ א געוויסער ווירקונג, וואָס עס האָט געקאָנט האָבנ אפ לערנערנ גאָלדפאדענס „ני—בע, ני—מע, ני—קוקוריעקו". אינ צוזאמענהאנג דערמיט בעט זיכ איצט א פארגלייַכ צווישנ דעמ רעבנ דעמ געוועזענעמ שוסטער פונ גאָלדפאדענס „ני—בע, ני—מע" אונ אווראָמצע באלשעמ, דעמ געוועזענעמ באלעגאָלע, פונ לערנערס „אויצער". דאָסגלייַכנ האָט לערנער באשאָנקענ אווראָמצענ מיט א גאבע, פונקט ווי עס האָט א גאבע דער רעבע פונ גאָלדפאדענס „ני—בע, ני—מע. וואָס איז שייַכ די נעמענ פונ אקסענפעלדס פערסאָנאזשנ, איז א טייל פארהיט געוואָרנ: רעב לייב שפיצעניצער (מיט דעמ אונטערשייד, וואָס בא לערנערנ הייסט ער: רעב לייבצע), גיסי (אגעוו אויכ א טויבע, ווי בא אקסענפעלדנ), שויעל (בא לערנערנ הייסט ער סטאמ סויכער, בא אקסענפעלדנ: „א באטאָגטער ייִד פונ אָרומ אָסטרע, וואָס האנדלט מיט געהילצ קיינ דאנציק"), יעכיליק. די איבעריקע נעמענ זייַנענ פארביטנ געוואָרנ. מאני דער רייַכער (לויט אקסענפעלדס רעמארקע: „דער גרעסטער אוישער אינ שאריוקע. ער האנדלט מיטנ פאָרעצ פונ דער שטאָט. ער האָט א גרויס אייַנפאָר-הויז. אכוצ דעמ האלט ער א פאָטשטאָווע סטאנציע אינ א דאָרפ, א מייַל פונ דער שטאָט") איז בא לערנערנ פארביטנ געוואָרנ אפ רעב פיניענ (רעמארקע: „א פארמעגלעכער באלעבאָס"); צאלי, וואָס איז בא אקסענפעלדנ א מעקורעוו בא רעב לייב שפיצעניצער, פיגורירט בא לערנערנ, ווי רעב פיניעס א שוואָגער; מאני דעמ רייַכנס טעכטערל הייסט בא לערנערנ ריווקע; צאליס טאָכטער ראָכל האָט לערנער א נאָמענ געגעבנ פרומע; ייִדל פעקלמאכער הייסט בא לערנערנ סימכע פעקלמאכער; בערל יאָסעמ (לויט אקסענפעלדס רעמארקע: „אנ אלטער ייִד, א קרעטשמער, וואָס האלט די שלאבאָווע קרעטשמע פונ דעמ דאָרפ, ווו די סטאנציע איז. א גרויסער אָרעמאנ. א שוואָגער מאני דעמ רייַכנס") הייסט בא לערנערנ נויעכ דער קרעטשמער. עס ציט צו די אופמערקזאמקייַט דער פאקט, וואָס לערנער האָט אָנשטאָט דעמ גוטנ-ייִדנ רעב לייב שפיצעניצער ארויסגערוקט אפנ פאָדערגרונט דאָס הויזגעזינד פונעמ פארמעגלעכנ באלעבאָס רעב פיניע אונ זייַנ סוויטע: דעמ שוואָגער צאלי, דעמ געשעפטפירער מוישעלע. בא אקסענפעלדנ איז די צענטראלע פיגור דער גוטער-ייִד רעב לייב שפיצעניצער. דאָס האָט אגעוו, ווי עס זעט אויס, געגאָלטנ לערנערנ ארויסצופירנ די „פייַערלעכע באגעגעניש" אינ ערשטנ אקט. בא אקסענפעלדנ אנטשפרעכט דאָ, אפאָנעמ, די פערטע סצענע.

לערנער האָט, אפאָנעמ, געענדערט ניט נאָר אייניקע פערסאָנאזשנ, נאָר אויכ דעמ טעקסט גופע פונ דער פיעסע, דערצו זייַנענ פאראנ אייניקע באווייַזנ.

אינ דער פרעסע געפינענ מיר עטלעכע מאָל אונטערגעשטראָכנ, אז לערנערס פיעסע „דער אויצער" שילדערט דאָס הײַנטצײַטיקע לעבנ. אזוי, צומ בײַשפיל, ווענ לערנער האָט געפרוווט געבנ אינ זײַנ טעאטער אייניקע מאָל פאָרשטעלונגענ פונ גאָלדפאדענס רעפערטואר, האָט איינער א רעצענזענט אימ געמוסערט אפ די שפאלטנ פונ „אָדעסקי וועסטניק", האלעמײַ ער האָדעוועט דאָס פובליקומ מיט גאָלדפאדענס פיעסנ און ווארפט זיכ מיט פיעסנ, ווו עס ווערנ באריִרט הײַנטצײַטיקע פראגנ, ווי צב. „דער אויצער". מע דארפ דערפונ דרינגענ, אז ארײַנטראָגנדיק ענדערונגענ אינ דער פיעסע, פריִער פאר אלצ מיסטאמע מאכמעס די פאָדערונגענ פונ דער בינע, איז לערנערנ אויכ אויסגעקומענ צו ענדערנ דעמ טעקסט פונ דער פיעסע, קעדיי צוצופאסנ איר א הײַנטצײַטיקנ קאָלאָריט, מע דארפ ניט פארגעסנ, אז אקסענפעלדס „געגנארטע וועלט" האָט געשילדערט א שטיק לעבנ, וואָס האָט שוינ געהאט היִנטער זיכ א געשיכטע פונ א וואָסערע-ניט-איז פינפ און אכציק יאָר [1].

אקסענפעלדס „געגנארטע וועלט" איז דערשינענ אינ יאָר 1870, דה. מיט צענ יאָר פריִער, איידער לערנער האָט אופגעפירט דעמ „אויצער" אפ דער בינע. כאָטש די אייגנשאפט זיכ צו פארייגענענ פרעמדע ווערק איז אינ דער טעאטער-וועלט געווענ אנ אָפטע דערשײַנונג, איז אָבער ניט צו גלייבנ, אז לערנער זאָל זיכ פארייגע-נענ ווערק, וואָס איז פארעפנטלעכט געוואָרנ ערשט מיט צענ יאָר צוריק, ווענ ער זאָל ווירקלעכ ניט געווענ דאָס ענדערנ. מע דארפ נאָכ דערבײַ נעמענ אינ אכט, אז אקסענפעלדס פיעסע איז ארויסגעגעבנ געוואָרנ אינ אָדעס און איז געווענ פאָפולער. ווי וואָלט עמעצער פונ די שרײַבער ניט אָנגעוויזנ אינ דער פרעסע, אז לערנער קרויִנט זיכ אלס אווטאָר פונ א ווערק, וואָס ניט ער האָט דאָס אָנגעשריבנ ?!

די אונטערשטע שורע: געוויסע ענדערונגענ האָט לערנער אָנ שומ סאָפעק ארײַנגעטראָגנ אינ אקסענפעלדס טעקסט.

וויאזוי זשע איז אופגענומענ געוואָרנ „דער אויצער" פונ דער פרעסע?

די קורצע אָפשאצונג, וואָס מיר געפינענ אינ „אָדעסקי וועסטניק" (1880, נומ. 195), איז זייער א גינסטיקע. „דער טעאטער (עס האנדלט זיכ וועגנ דעמ מאריִנ-טעאטער! — י. ר.) איז, ווי עס שרײַבט די צײַטונג, געווענ בוכשטעבלעכ געפאקט פונ אונטנ ביז ארופ. די פיעסע איז אויסגעפילט געוואָרנ ביז גאָר גע-לונגענ. צומ שלוס פונעמ ספעקטאקל זײַנענ ארויסגערופנ געוואָרנ די הערנ לער-נער און מאָגולעסקאָ".

די פריִער דערמאָנטע אפישע גיט אונדז די מעגלעכקײַט אופצושטעלנ די נעמענ פונ אלע אקטיאָרנ, וואָס האָבנ זיכ באטייליקט אינ דער ערשטער פאָר-שטעלונג פונ „דעמ אויצער". די ראָלנ זײַנענ געווענ פארטיילט אזוי:

| | |
|---|---|
| רעב פיניע | איידלמאנ |
| גיסי, זײַנ פרוי | [הער] פרידמאנ |
| ריווקע, זייער טאָכטער | פרוי גאָלדשטיינ |
| יעכיליק, איר מאנ | פינקעל |
| צאלי, רעב פיניעס שוואָגער | מאָגולעסקאָ |

1 בא אקסענפעלדנ איז אָנגעוויזנ: „די מײַסע האָט זיכ... געטראָפנ פאר 46 יאָר", דערבײַ פארצייכנט ער אינ א באמערקונג, אז „הײַנט איז שנת ה"תרב אינ אדעסא" (1842 י.) מיר האָבנ אלזאָ, אנ ערעכ פונ 84 יאָר.

| | |
|---|---|
| פרומע, זײַנ טאָכטער | פרוי פינקעלשטײנ |
| מוישעלע, פיניעס געשעפטפירער | זילבערמאַנ |
| סימכע פעקלמאכער | גארטנשטײנ |
| נויעכ קרעטשמער | זעצער |
| שויעל הענדלער | שײנגאָלד |
| רעב בוניע דער ראָװ | טײַכ |
| רעב לײבצע שפיצעניצער | באראָדקינ |
| אװראָמצע באַלשעמ, דער קישעפמאכער | אלטמאַנ |
| אװראָמ-כאימ, זײַנ גאבע | בלאַנק |
| דאָס מײדעלע | סאבינע לאַסקער |

די דאָזיקע יעדיעס װײַזנ אונדז, אגעװ, אז לערנערס טעאַטער האָט שױנ צום אָנהײב פונ זײַנ עקזיסטענצ פארמאָגט א גלענצנדיקנ אקטיאָרנ-באשטאנד. ס'איז קעדײַ צו װענדנ די אופמערקזאמקײַט, אז דאָס געשטאַלט פונ צאַלינ, װאָס איז בא אקסענפעלדנ געגעבנ געװאָרנ אינ א קאָמישנ פלאנ, האָט לערנער, ניט געקוקט אפ דער איבערװאַנדלונג, װאָס ער איז דאָ באגאנגענ (פונ א מעקורעװ בא רעב לײב שפיצעניצער איז צאַלי בא לערנערנ געװאָרנ א שװאָגער פונ רעב פיניענ), דאָכ אײַנגעהיט אלס קאָמישע הויפט-פיגור, אונ ניט אומזיסט האָט די דאָזיקע ראָל געשפילט מאָגולעסקאָ — דער בעסטער קאָמיקער.

מיר װעלנ דאָ נאָכ צוגעבנ, אז בינז סאָפ סעזאָנ איז „דער אויצער" אפ דער בינע פונ מאריענ-טעאַטער געגעבנ געװאָרנ פיר מאָל. „דער אויצער" איז דערבײַ פארעכנט געװאָרנ צװישנ די בעסערע ספעקטאַקלענ. באנײַענדיק דעמ 1 אָקטיאַבער 1880 יאָר די פאָרשטעלונגענ אינ האַנטװערקער-קלוב, האָט לערנער פארנ ערשטנ אַרויספאָר װידער גענומענ „דעמ אויצער". מיטײלנדיק װעגנ דער דאָזיקער קומענדיקער פאָרשטעלונג, האָט דער כראָניקער פונ „אָדעסקי װעסטניק" פארצײכנט, אז לערנער „דער אנטרעפרעניאָר האָט בעדײַע צו פארלאָזנ אפ א צײַט דעמ הער גאָלדפאַדענס אויסגעדראָשענע (заигранные") פיעסנ אונ געבנ דעמ פובליקומ עפעס ערנסטערס" („אָד. װ". 1880, נומ. 216). די קאָמעדיע „דער אויצער" האָט אפ אזא אויפנ באטײַט א װיכטיקנ קער אינעמ קאמפ פאר אנ ערנסטנ ליטעראריש-רעאַליסטישנ רעפערטואר.

## 5. װעגנ אינהאלט פונ ליליענבלומס פיעסע „דער מאנ פונ צװײ װײַבער"

ס'איז באקאנט, אז מוישע-לײב ליליענבלומ האָט אינ אָהײב פונ די אכציקער יאָרנ פונעמ פאָריקנ יאָרהונדערט פארבונדנ זײַנ ליטעראַרישע טעטיקײַט מיט דער יידישער בינע. ער האָט אָנגעשריבנ דרײַ פיעסנ: „דער שקאָנטיסט", „דער מאנ פונ צװײ װײַבער" („דװאָיעזשעניעצ") אונ „זרובאָװל". אינ געדרוקטער פאָרמ איז צו אונדז דערגאנגענ בלויז די לעצטע פיעסע (דערשינענ אינ אָדעס אינ יאָר 1878 אונטערנ נאָמענ „זרובאָװל, אָדער שיװאס ציענ")[1], די פיעסע „דער

1 אָנגעשריבנ געװאָרנ איז די פיעסע א סאכ פריער. אזוי װערנ מיר געװויר פונ א קאָרעספאָנדענצ אינ „המליץ" (1883, נומ. 73), אז עס זײַנענ געמאכט געװאָרנ גרויסע האנאָכעס פונעמ טעאַטער אויפצופירנ דעמ װינטער פונ 1883 יאָר די פיעסע „זרובאָװל" פונעמ „װוּנדערלעכנ שרײַבער" מ. ל. ליליענבלומ.

שקאָנטיסט" ווערט בא גאָרינען דערמאָנט בלויז אין דער „רעשימע פון די פיעסן אין יידישן רעפערטואר", וואָס גאָרין ברענגט אין סאָף פון צווייטן באנד פון זיין „געשיכטע פון יידישן טעאטער"; אין טעקסט פון דער „געשיכטע" איז וועגן דער דאָזיקער פיעסע ניט געזאָגט געוואָרן קיין וואָרט. לויט א דאָקומענט, וואָס געפינט זיך אין אָדעסער היסטאָרישן ארכיוו, לאָזט זיך איצט פעסטשטעלן, אז די פיעסע „דער שקאָנטיסט" איז געשיקט געוואָרן פון י.־י. לערנערן אין דער הויפט-פארוואלטונג פאר דרוק-איניאָנים, און דעם 8 מיי 1881 יאָר איז אונטער-געשריבן געוואָרן די דערלויבעניש אופצופירן די דאָזיקע פיעסע אף דער בינע[1]. לײדער זיינען אין דער אָדעסער פרעסע ביז איצט ניט אופגעזוכט געוואָרן קיין שפורן ניט וועגן דעם אינהאלט פון דער דאָזיקער פיעסע, ניט וועגן דעם, ווי זי איז געשפילט געוואָרן.

וואָס איז נעגייע ליליענבלומס פיעסע „דער מאן פון צוויי ווייבער", האָט גאָרין בלויז פארצייכנט, אז, לויט ווי עס דערציילן אקטיאָרן, האָט די דאָזיקע פיעסע געזאָלט זיין אן אָריגינעלע, ניט קיין איבערגעזעצטע, און גאָרין דריקט אויס זיין פארוווּנדערונג, ווי קומט עס, וואָס ליליענבלום האָט דער דאָזיקער פיעסע געגעבן א רוסישן נאָמען („דוואָיעזשעניעצ"), באנוצנדיק דערביי א וואָרט, וואָס ווערט איינגאנצן ניט געברויכט אין דער יידישער שפראך[2].

בלעטערנדיק די פרעסע פון די אָנהייב-אכציקער יאָרן, האָב איך געפונען אייניקע אינטערעסאנטע שפורן, וועלכע ס'איז קעדיי צו פארצייכענען.

דעם 30 דעקאבער 1881 יאָר האָט געזאָלט זיין די ערשטע פאָרשטעלונג פון „דוואָיעזשעניעצ" אין י.-י. לערנערס אָדעסער טעאטער. איינער פון די טע-אטראלער רעצענזענטן האָט אף די שפאלטן פון „אָדעסקי וועסטניק" אזוי פאָרויס-געזאָגט דעם דערפאָלג פון ליליענבלומס פיעסע:

„היינט וועט צום ערשטן מאָל פאָרגעשטעלט ווערן „דוואָיעזשעניעצ", א טראגיקאָמעדיע אין פינף אקטן, פונעם באוווּסטן שרייבער מ. ל. ליליענבלום. ווי מע גייט אונדז איבער, איז די פיעסע גוט רעפעטירט געוואָרן. די הויפט-ראָלן זיינען גאנץ געלונגענע פארטיילט צווישן מאָהולעסקען, שיינגאָלדן און דער פרוי גאָלדשטיין. ס'איז באזונדערס דערפרייענדיק — אזוי פארענדיקט זיך די דאָזיקע נאָטיץ, — וואָס גאָלדפאדענס פלוידער-מייסעס און פארסן זיינען איינגאנצן אראָפ

1 ארכיוו פון אָדעסער גראדאָנאטשאלניק, פאראָרדענונג-טיש, אקט נומ. 1260 וועגן די פאַ־ראָרדענונגען פונעם קאָמיטעט פאר דרוק־איניאָנים, 1881 י.

2 ס'איז אינטערעסאנט, אגעוו, צו ברענגען דאָ דעם פאקט, וועלכן מיר געפינען בא גאָרינען אין זיין „געשיכטע פון יידישן טעאטער". בא דער ערשטער אופירונג פון „דוואָיעזשעניעצ" איז ליליענבלום געווען הינטער די קוליסן אין טעאטער. ער האָט זיך צוגעקוקט צו דער פאָרשטעלונג פון הינטער א קוליסע מיט גרויס געשפאנטקייט. עס האָבן זיך געקייקלט טרערן פון זיינע אויגן, ווען עס איז צוגעקומען נעענטער צום שלוס אין דריטן אקט. נאָר דאָ האָט ער פלוצעם דערזען עפעס אזוינס, וואָס האָט אים בעשאסמייסע א ביסל צעמישט. פארן שלוס פונעם אקט האָט זיך אָפ־געשפילט א סצענקע, וואָס איז אים געוואָרן איינגאנצן פרעמד. ער האָט אין דער ערשטער מינוט ניט פארשטאנען, וואָס דאָס איז אזוינס און פונוואנען דאָס האָט זיך גענומען. נאָר באלד האָט ער זיך אָנגעשטויסן, וואָס דאָס איז. די צוויי קאָמיקער מאָגולעסקאָ און וויינבלאט האָבן, ניט אָנ־פרעגנדיק זיך באם אווטאָר, אליין אריינגעשטוקעוועט א קאָמישע סצענע, וואָס האָט לאכלוטן צו דער פיעסע ניט געפאסט. ליליענבלום האָט זיך דערפילט דערפון אזוי ניט גוט, אז ער האָט אפן אָרט אוועקגעכאלעשט.

פון דער סצענע און וואָס עס באַווײַזן זיך נײַע פּיעסן, וועלכע ניכטערן אויס די מאסע און ווירקן אַף איר אין מאָראַלישער הינזיכט".

ליידער איז אין דער אָדעסער פּרעסע קיין אָפּשאַצונג פונעם ספּעקטאַקל ניט געגעבן געוואָרן. מיר האָבן אָבער אויפגעזוכט זייער אַן אינטערעסאַנטן דאָקומענט — דאָס איז אַ בריוו פון אַן אָדעסער טוישעוו, איינעם פּרײַזינגער, וואָס איז געשיקט געוואָרן אין דער רעדאַקציע פון „ראַזסוועט" דעם 2 יאַנוואַר 1882 י. נאָך דעם, ווי „ליליענבלומס „דוואָיעזשעניעצ" איז געשטעלט געוואָרן דאָס צווייטע מאָל (פאַרעפנטלעכט אין נום. 3 פאַרן 1882 י.). קיין גענויע רעצענזיע וועגן דעם שפּילן איז דאָ ניטאָ. ס'איז דערפאַר אָבער געגעבן געוואָרן דער אינהאַלט גופא פון דער פּיעסע. אַף וויפל די פּיעסע, ווי מע מעג שוין רעכענען, איז פאַרלאָרן געגאַנגען, געפינען מיר פאַר אינטערעסאַנט צו ברענגען דעם אינהאַלט גאַנצערהייט, ווי ער ווערט געבראַכט אין פּרײַזינגערס בריוו:

„אַ פּוילישער ייִד אײַזיק, וואָס איז געבוירן און אויסגעוואַקסן געוואָרן אין אַן ענגער, שטיקנדיקער אַטמאָספער פון געפּערלעכסטע פאָרורטיילן, פאַרלאָזט זײַן ווײַב און צוויי קינדער און פאָרט אוועק קיין אָדעס — אין צענטער פון האַנדל און אינדוסטריע פון דאָרעם-רוסלאַנד — מיט דער האָפענונג צו געפינען לעבנסמיטלען צו דערנערן זיך. נאָך לאַנגע זוכענישן קריגט ער אַ שטעלע פון אַ מעשאָרעס אין אַ ווײַנקעלער. אין אַ שטיקל צײַט ארום באַקאַנט ער זיך מיט אַ שאַדכן, אַן אָפטן באַזוכער פונעם ווײַנקעלער. ער ווערט מיט אים נאָענט. דער שאַדכן שלאָגט פאָר אײַזיקן זיך מעשאַדעך זײַן מיט אַ טאָכטער פון אַ פאַרמעגלעכן מאַן, ער באַזאָרגט אים מיט אַ פּאַספּאָרט, לויט וועלכן אונדזער פּוילישער יונגערמאַן אײַזיק, דער מעשאָרעס פון ווײַנקעלער, ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ טערקישן אונטערטאַן אײַזיק גאָלדפעלד.

עס גייט אוועק 19 יאָר. דער געוועזענער מעשאָרעס, דער רײַכער שקאָנטיסט הער גאָלדפעלד, וואָס זיצט אין אַ פּראַכטפולן קאַבינעט, פאַרפולקומט זיך אין דער טעאָריע און פּראַקטיק פון גזיילע און באַרײַסערײַ דורך וווכער. מיטן צווייטן ווײַב האָט גאָלדפעלד אַ מיידל פון 18 יאָר — כאַנע, וועלכע דער אוטאָר האָט באַשאָנקען מיט אַלע מײַלעס. צו כאַנען גייט ארײַן אַ יונגערמאַן, איינער שטילערמאַן. אונטער דער ווירקונג פונעם אָרנטלעכן און איידעלן יונגערמאַן דרינגט זיך כאַנע דורך מיט סינע צו איר פאָטערס טעטיקײַט און צו זײַן אַרט לעבן. איינמאָל דערלויבט זי זיך אַפילו פאַרניכטן ביגנײַוועס אַ וועקסל אַף הונדערט רובל, וואָס איר פאָטער האָט גענומען בא אַן אָרעמאַן, איינעם כאַיִם בייגלטרעגער, וועמען ער האָט אַנטלײַען נאָר פערציק רובל. גאָלדפעלד ווערט איינגיכן געווירע וועגן די באַציִונגען צווישן כאַנען און שטילערמאַנען און איז, פאַרשטייט זיך, שטאַרק אומצופרידן. קעדיי פאָטער צו ווערן פון שטילערמאַנען, באַשולדיקט אים גאָלדפעלד אין דעם, אַז דאָס האָט ער צוגעגאַנוועט דעם וועקסל, וועלכן כאַנע האָט פאַרניכטעט. דער געריכט באַשטעטיקט די באַשולדיקונג, און שטילערמאַן ווערט אַרעסטירט. נאָך ביז דעם פאַרקויפט גאָלדפעלד שטילערמאַנס שוועסטער איינעם, וואָס פירט זי אוועק קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און פאַרקויפט זי אין האַרעם. די שוועסטער און ברודער שטילערמאַן — דאָס זײַנען גאָלדפעלדס אייגענע קינדער, וועלכע ער האָט איבערגעלאָזט דער ערשטער פרוי. די מוטער ווערט געווירע וועגן דעם, אַז איר זון איז אַרעסטירט, און קומט צו פאָרן קיין

אָדעס בעטנ גאָלדפעלדנ, ער זאָל זיכ דערבאַרעמענ אפ איר. גאָלדפעלד דערקענט, אַז די דאָזיקע דערשלאָגענע אָרעמע פרוי איז זײַנ װײַב. ס׳װערט אים גלײַכ קלאָר, אַז שטילערמאַנ, װאָס איז דורכ אים אומגעקומענ, אונ דאָס מײדל, װאָס ער האָט פאַרקויפט, — דאָס זײַנענ זײַנע אײגענע קינדער אונ אַז שטילערמאַנ איז זײַנ טאָכטערס כאַנעס א לײַבלעכער ברודער. ער שטאַרקט זיכ, אָבער דער געװיסנ מוטשעט אים, אונ ער אַנטשליסט זיכ צו באַגײנ זעלבסטמאָרד.

אפריִער באַשליסט ער האַרגענענ דעמ, װעמענ ער האָט פאַרקויפט זײַנ טאָכ-טער. בײַס ער באַגײט דעמ אַטענטאַט װערט א געלויפ פונ מענטשנ, עס לויפט אויכ אָנ גאָלדפעלדס ערשטע װײַב. זי דערקענט דעמ מאַנ אונ פאַלט כאַלאָ-שעס. גאָלדפעלדנ גײט מענ איבער צומ געריכט אונ „finita la commedia“.

ס׳איז, פאַרשטײט זיכ, זײער קנאַפ נאָכ צו אורטײלנ װעגנ א װערק בלויז אפנ סמאַכ פונ איבערדערצײלטנ אינהאַלט, דאָכ לאָזט זיכ מאַכנ געװיסע אויס-פירנ. די פיעסע האָט ליליענבלומ אָנגעשריבנ אינעמ טראַדיציאָנעלנ נוסעכ פונ מײַסעדיקער מעלאָדראַמע מיט אַנ אויסגעשפראָכענער מאַסקילישער באַפאַרבונג, אָבער ס׳איז דאָ אויכ צו זענ אײניקע רעאַליסטישע שטריכנ, גענומענ פונ דער דעמאָלטיקער אָדעסער װירקלעכקײַט. דערצו געהער דער פאַקט פונ אויסקלײַבנ אַלס פערסאָנאַזש א מעשאָרעס פונ א װײַנקעלער (װי באַקאַנט, א פאַרשפרײטע דער-שײַנונג דעמאָלט אינ אָדעס), דאָס פאַרװאַנדלענ דעמ מעשאָרעס אינ א טערקישנ אונטערטאַנ, באַזונדערס דער האַנדל מיט „לעבעדיקער סכוירע“. די פראַגע װעגנ טראַנספאָרטירנ אװעקגעגאַנװעטע מײדלעכ פונ אָדעס אינ די מיזרעכ-לענדער פלעגט דעמאָלט זײער אָפט באַהאַנדלט װערנ אינ דער פרעסע, װי אויכ אינ א רײ לי-טעראַרישע װערק.

מיר פילנ אינ דער פיעסע די שטאַרקע האַשפאָע פונ דער עלטערער ייִדישער דראַמע, באַזונדערס פונ עטינגערנ אונ אַקסענפעלדנ. שטילערמאַנ, דער טרעגער פונ האַסקאָלע, קומט אָפ פאַר א גנײװע-בילבל, פונקט װי רעדליכ אינ עטינגערס „סערקעלע“ (ס׳בעט זיכ ביכלאַל דער פאַרגלײַכ שטילערמאַנ — רעדליכ); פונ אַקסענ-פעלדנ האָט ליליענבלומ, קאָנטיק, גענומענ די היפש פאַרפלאָנטערטע אינטריגע פונעמ װערק, װאָס דערמאָנט אונדז גלײַכ אינ „מאַנ אונ װײַב, שװעסטער אונ ברודער“.

די רעדאַקציע פונ „ראַזסװעט“ האָט צומ באַריכט װעגנ ליליענבלומס פיעסע צוגעגעבנ נאָכ אַזעלכע עטלעכע שורעס:

„דאָס פובליקומ, װי עס גײט איבער פרײַזינגער, האָט זײער װאַרעמ אויפגע-נומענ ליליענבלומס פיעסע, װאָס איז, אויב מיר האָבנ ניט קײנ טאָעס, זײַנ ערש-טער פרוװ אפנ געביט פונ דראַמאַטישנ שאַפנ, אונ האָט באַלוינט דעמ אויטאָר מיט רוישנדיקע אַפלאָדיסמענטנ אונ אַרויסרופנ“.

עס איז דאָ אויכ קעדײַ צו פאַרצײכענענ, אַז דער ספעקטאַקל „דװאָיעזשע-ניעצ“ האָט געהאַט דערפאָלג אויכ אינ אַנדערע שטעט. אַזוי װערט אינ אײנער א קאָרעספאָנדענצ פונ פאָלטאַװע („אָדעסקי װעסטניק“ פאַרנ 26 סענטיאַבער 1882 יאָר) צװישנ אַנדערע פאָרשטעלונגענ פונ לערנערס טעאַטער געלויבט אויכ די „שטײגער-קאָמעדיע“ „דװאָיעזשעניעצ“.

א. יודיצקי

# א פּאָר נײַע פּראָטים צו דער געשיכטע פון טעאַטער־שפּיל אין זשיטאָמירער ראַבינער־שול

(לויט ארכיוו-מאטעריאלן)

מיט א יאָר 10—12 צוריק זײַנען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אייניקע ארכיוו-דאָקומענטן וועגן א פּאָר ספּעקטאַקלען, וואָס די טאַלמידים פון זשיטאָמירער ראַבינער-שול האָבן געשטעלט אינמיטן די 50-ער יאָרן (אין די יאָרן 1854—1855) אין זשיטאָמיר און באַרדיטשעוו.

פריִער נאָך, אין יאָר 1913 האָט דער באַוווּסטער העברעיִישער שריפטשטעלער א.-י. פּאַפּערנע דערציילט אין זײַנע זיכרוינעס (פאַרעפנטלעכט אין ווילנער „פּינקעס") וועגן א ספּעקטאַקל, וואָס די שילער פון זשיטאָמירער ראַבינער-שול האָבן געשטעלט אין יאָר 1862. געשפּילט האָט מען עטינגערס „סערקעלע" און אינעם ספּעקטאַקל האָט זיך באַטייליקט אויך דער דעמלטיקער שילער פון זשיטאָמירער ראַבינער-שול, דער שפּעטערדיקער שעפער און גרינדער פונעם ייִדישן טעאַטער, א. גאָלדפאַדען.

פון די דאָזיקע וויכטיקע פאַר דער געשיכטע פונעם פאַר-גאָלדפאַדענישן ייִדישן טעאַטער מאַטעריאַלן איז שווער צו באַקומען א קלאָרע פאָרשטעלונג וועגן דעם כאַראַקטער פון די טעאַטראַלע פּרוּוון, וואָס זײַנען געמאַכט געוואָרן אין די ווענט פון זשיטאָמירער ראַבינער-שול. ס'בלײַבט ניט קלאָר א ריי דעטאַלן, וואָס אינטערעסירן אונדז אין דער דאָזיקער פראַגע, ווי לעמאָשל, וועגן דעם רעפּערטואַר פון די דאָזיקע ספּעקטאַקלען, צי זײַנען די געשפּילטע פּיעסעס געווען בלויז אף א ייִדישער טעמאַטיק, צי אויך אף אן אַלגעמיינער טעמאַטיק, און דאָס זעלביקע אויך בענוגע צו דער שפּראַך, אף וועלכער מ'האָט געשפּילט—צי האָט מען געשפּילט בלויז אף ייִדיש, ווי ס'איז געווען דער פאַל מיט עטינגערס „סערקעלע" און קאָמראַשס „קאָהאָל אין שטעטל", אָדער אויך אין רוסיש און אוקראַיִניש.

אין די פאַרעפנטלעכטע מאַטעריאַלן איז אויך גאָרנישט ניטאָ וועגן דעם באַזוכער-באַשטאַנד פון די ספּעקטאַקלען, אף וואָס פאַר א צושויער, אף וואָסערע געזעלשאַפטלעכע שיכטן די טעאַטער-שפּילערס האָבן זיך אָריִענטירט, ווי אויך, צי זײַנען די ספּעקטאַקלען געווען באַצאָלטע, אף בילעטן, און אַנדערע ענלעכע פּראָטים, וואָס זײַנען פאַרבונדן מיט טעאַטער-שטייגער און דערהויפּט בלײַבט ניט

פארענטפערט די פראגע וועגן דעם, צי זײַנען די עטלעכע ספּעקטאקלען פון 1854—1855 און 1862 געווען בלויז איינצלנע, עפּיזאָדישע דערשײַנונגען אינעם לעבן פון זשיטאָמירער ראבינער-שול, צי דאָס טעאטער-שפּיל איז געוואָרן פון מיטן די 50-ער יאָרן שוין א מין שטייגער-דערשײַנונג אינעם שול-לעבן פון זשיטאָמירער ראבינער-שול, א מין אײַנגעבירגערטע טראדיציע, וועלכע האָט באַגלייט דעם ווײַטערדיקן וועג פון דער זשיטאָמירער ראבינער-שול ביז איר אונטערגאנג אין יאָר 1873.

פונעם דאָזיקן שטאנדפונקט באקומען א באשטימטן אינטערעס די נײַע מאַטעריאלן, וואָס מיר האָט זיך אײַנגעגעבן צו געפינען אינעם ארכיוו פון זשיטאָמירער ראבינער-שול און וועלכע ווארפן א געוויסע שײַן אף אייניקע פון די דערמאָנטע פראגן, וואָס אינטערעסירן אונדז.

די נײַע מאטעריאלן, וועגן וועלכע איך וועל באלד דערציילן, זײַנען גענומען געוואָרן פונעם געוועזענעם ארכיוו פון זשיטאָמירער ראבינער-שול פארן יאָר 1868 פון די פּאפּקעס נומערן 33 און 41.

אין דער ערשטער פּאפּקע ווערט געבראכט א ראפּאָרט, וואָס דער דעמלטיקער אינספּעקטאָר פון דער זשיטאָמירער ראבינער-שול, דער שפּעטערדיקער רעדאקטאָר פון דער העברייִשער צײַטונג „הצפירה”, כ.־ז. סלאָנימסקי האָט דעם 9 אפּרעל 1868 דערלאנגט אפן נאָמען פונעם דירעקטאָר פון ראבינער-שול און אין וועלכן ער דערציילט, אז צוריק מיט א טאָג, דה. דעם 8 אפּרעל איז צו אים דערגאנגען א קלאנג, אז אייניקע טאַלמידים פון דער ראבינער-שול גייען ארום איבער דער שטאָט מיט אפישעס און צעטיילן בילעטן אף אן עפנטלעכער פאָרשטעלונג, וועלכע דארף פאָרקומען דעם זעלביקן טאָג. ארום 8 אזייגער אין אָוונט האָט זיך סלאָנימסקי דערוווּסט, אז אף טשודנאָווער גאס אינעם הויז פון איינעם דייטש זײַנען ווירקלעך געמאכט געוואָרן אלע האנאָכעס פאר טעאטער-שפּיל. ווי נאָר ער האָט זיך דערוווּסט, איז ער באלד אוועק אף טשודנאָווער גאס און האָט אין דייטשס הויז געטראָפן „א פארטיקע סצענע, עטלעכע רייען מיט נומערירטע שטולן און א צונויפגעזאמלטן אוילעם, וועלכער איז באשטאנען פון באַלמעלאָכעס, טאַלמידים פון ראבינער-שול און א סאך אומבאקאנטע יונגעלײַט”.

לויט ווי סלאָנימסקי האָט זיך דערוווּסט דאָרט אפן אָרט, האָבן די הויפּט-שפּילערס אינעם ספּעקטאקל באדארפט זײַן: די טאַלמידים פון ראבינער-שול פונעם IV קלאס, אנדריִנאָווסקי און אָלקין, און דער טאַלמיד פון V קלאס, מייערסאָן.

סלאָנימסקי האָט זײַנע שילער שטרענג פארבאָטן צו שפּילן. אָבער ניט געקוקט דערויף, קלאָגט זיך דער אינספּעקטאָר, איז דער ספּעקטאקל פאָרט פאָרגעקומען, און די דערמאָנטע שילער האָבן געשפּילט אינעם ספּעקטאקל. נאָכן ספּעקטאקל זײַנען נאָך פאָרגעקומען טענץ, וועלכע האָבן געדויערט ביז האלב צוויי אזייגער באנאכט.

אין דער בײַגעלייגטער צום ראפּאָרט אפישע ווערט אָנגעוויזן, אז מ׳האָט געשפּילט א פאָלקס-פאנטאזיע „ביעלא” („Белла“) אין 3 אקטן און 4 בילדער, פארפאסט פון ניעוודאטשעוו, און א וואָדעוויל „Москаль Чарівник„ אין איין אקט, פארפאסט פון קאָטליארעווסקי.

אויסער די נעמען פון די דרײַ שילער, וואָס סלאָנימסקי רופט אָן אין זײַן ראפּאָרט אלס הויפּט-שפּילערס פונעם ספּעקטאקל, ווערן אין דער אפישע אָנגערופן

נאָך צוויי נעמענ — וווּלף און גאַלקינ, וועלכע האָבנ זיך אויך באַטייליקט אינעם ספּעקטאַקל אַלס אַקטיאָרנ. צום סאָף פונ דער אַפּישע ווערט אָנגעוויזנ, אַז דער „פּרייז פאַר די ערטער — איז אַ פּריוווילעקער".

צום סאָף ראַפּאָרט בעט סלאָנימסקי דעם דירעקטאָר „ערנסט צו באַהאַנדלענ" דעם דאָזיקנ איניען אַפּ אַ זיצונג פונעם פּעדאַגאָגישנ ראַט, „קעדיי שטרענג צו באַשטראָפנ די שולדיקע שילער", ווי אויך קעדיי אָנצווענדנ „אייניקע ערנסטע מאָסמיטלענ" אַפּ „אָפּצושטעלנ די אַלגעמיינע מאַניע פונ אונדזערע שילער צו טעאַטער און צו פאָרשטעלונגענ, וואָס זיי גיבנ אַפּילע אינ אַנדערע שטעט, ווי לעמאָשל אינ בערדיטשעוו". לויט סלאָנימסקיס מיינונג איז דאָס סאַמע ווירקזאַמע מאָסמיטל — צו פאַרבאָטנ די שילער באַזוכנ טעאַטער מער ווי איינ מאָל אינ וואָך און אָנ אַ דערלויבעניש פונ דער שול-נאַטשאַלסטווע.

אַפּ דער זיצונג פונ פּעדאַגאָגישנ ראַט, אַפּ וועלכער ס'איז באַהאַנדלט געוואָרנ די פראַגע וועגנ דער געשיכטע מיטנ ספּעקטאַקל, האָט זיך אַרויסגעוויזנ, אַז דער ספּעקטאַקל איז געשפּילט געוואָרנ לויט דער איינלאַדונג פונעם יידנ דייטש לע-קאָוועד זיינ געבורטס-טאָג.

באַזונדערס אינטערעסאַנט איז די מאָטיווירונג מיצאַד די באַשולדיקטע שילער, וועלכע איז צוגעשטעלט געוואָרנ אַפּ דער זיצונג פונ פּעדאַגאָגישנ ראַט אַלס פאַר-ענטפערונג, פאַרוואָס זיי האָבנ ניט געפאָלגט דעם אינספּעקטאָר און האָבנ געשפּילט אינעם ספּעקטאַקל אָנ דער נייטיקער דערלויבעניש דערויפ פונעם דירעקטאָר — „ווייל זיי זיינענ געווענ איבערצייגט אינ דער נוצלעכקייט און מאָראַלישנ באַטייט פונעם פאַרטראַכטנ ספּעקטאַקל".

דער פּעדאַגאָגישער ראַט האָט באַשלאָסנ צו באַשטראָפנ אַנדרייאַנאָווסקינ, וועל-כער האָט, ווי ס'ווייזט אויס, געשפּילט די הויפּט-ראָליע אינ דער גאַנצער מייסע מיטנ ספּעקטאַקל, מיט 3 שאָ קאַרצער אינ מעשעכ פונ 3 מעסלעס, און אָלקינענ און מייערסאָנענ — מיט איינמאָליקע 3 שאָ קאַרצער. אויסער דעם האָט דער פּעדאַ-גאָגישער ראַט באַשלאָסנ צו פאַרבאָטנ די טאַלמידים פונ ראַבינער-שול צו באַזוכנ טעאַטער מער ווי איינ מאָל אינ וואָך און אָנ אַ דערלויבעניש פונ נאַטשאַלסטווע.

שוינ דער עצעם פאַרבאָט „מער ווי איינ מאָל אינ וואָך צו באַזוכנ טעאַטער" — אַלס שטראָף — באַשטעטיקט בעסער פונ אַלצ די „אַלגעמיינע מאַניע צו טעאַטער", וואָס איז געווענ פאַרשפּרייט צווישנ די שילער פונ זשיטאָמירער ראַבינער-שול, ווי דאָס ווערט פאָרמולירט אינעם ראַפּאָרט פונעם אינספּעקטאָר. ווי ס'ווייזט אויס, זיינענ די ראַבינער-שילער געווענ זייער אָפטע געסט אינ טעאַטער, און באַגרע-נעצנ זיך מיט אַנ איינמאָליקנ באַזוך פונ טעאַטער אינ מעשעכ פונ אַ וואָך — האָט פאַר זיי געהייסנ אַ שטראָף (מ'דאַרפ דריינגענ, אַז אינ זשיטאָמיר האָט געשפּילט אַ באַשטענדיקער טעאַטער; אַנדערש האָט דאָך דער פאַרבאָט קיינ זינענ ניט געהאַט).

און ווירקלעכ, ווי ס'איז צו דרינגענ פונ אַנ אַנדער איניענ פאַרנ זעלביקנ 1868 יאָר (פּאַפּקע נומ. 41), האָט דער דערמאָנטער פאַרבאָט אַרויסגערופנ אַ שטיקל טומל און צערודערונג צווישנ די שילער. אַזוי, ווערט אינ דער ווענדונג פונ קיעווער קוראַטאָר פונ לערנ-קרייז צום דירעקטאָר פונ זשיטאָמירער ראַבינער-שול פונ 26 אָקטיאַבער 1868 דערציילט, אַז אייניקע טאַלמידים פונ ראַבינער-שול האָבנ דערלאַנגט אַנ אָנקלאָג צום קוראַטאָר, אַז מ'האַלט זיי שלעכט אינ דער צו-

זאמענווינונג, וואָס געפינט זיכ באַ דער ראַבינער-שול. אינ זײַנ ענטפער אפנ קוראַטאָרס ווענדונג ווײַזט דער דירעקטאָר צווישנ אנדערע זאכנ אָנ אויכ דערופ, אז די שילער זײַנענ אפ אימ אופגעטראָגנ פארנ דערמאָנטנ פארבאָט צו באזוכנ טעאטער.

אלנפאלס, ווי ס'איז צו זענ פונ די מאטעריאלנ, איז צו דער דאָזיקער צײַט, דה. צומ סאָפ 60-ער יאָרנ די אטמאָספער אינ זשיטאָמירער ראבינער-שול געווענ אָנגעזאפט מיט טעאטראלע נייגונגענ אונ טראדיציעס. זייער וויכטיק איז אינ דעמ פראט דער עצעמ פאקט, וואָס דער ספעקטאקל פונ אפרעל 1868 איז געשטעלט געוואָרנ לויט אנ אײַנלאדונג לעקאָוועד א געבורטס-טאָג. דאָס דארפ באטײַטנ, אז די שילער פונ ראבינער-שול זײַנענ געווענ פארעקאָמענדירט אינ שטאָט מיט זייער טעאטער-שפילנ אונ מע פלעגט זיכ צו זיי ווענדנ אינ פײַערלעכע פאלנ אונ זיי אײַנלאדנ צו שפילנ טעאטער.

ווענ מיר נעמענ צונויפ אונ פארסאכאקלענ די איינצלנע יעדיעס, וואָס מיר האָבנ שוינ באַ הײַנטיקנ טאָג וועגנ די ספעקטאקלענ, וואָס זײַנענ געשטעלט געוואָרנ דורכ א גרופע שילערס פונ זשיטאָמירער ראבינער-שול אינ די יאָרנ 1854—1855, וועגנ דעמ ספעקטאקל „סערקעלע“ פונ 1862 אונ וועגנ דעמ ספעקטאקל פונ 1868 יאָר, — האָבנ מיר א געוויסנ גרונט צו באהויפטנ, אז לעכאָלאפאָכעס פונ מיטנ די 50-ער יאָרנ אָנ איז טעאטער-שפיל געוואָרנ אָרגאניש פארבונדנ מיטנ לעבנשטייגער פונ די ראבינער-שילער.

אינ סלאָנימסקיס ראפּאָרט פארדינט א באזונדערע אופמערקזאמקײַט אויכ דאָס, וואָס ער דערציילט וועגנ דעמ צושויער-פובליקומ, אז עס איז באשטאנענ פונ „באל-מעלאָכעס, טאלמידימ פונ ראבינער-שול אונ א סאכ אומבאקאנטע יונגעלײַט“.

מיר שטרײַכנ אונטער דעמ דאָזיקנ מאָמענט, ווײַל דאָס האָט אויכ א שײַכעס צו דער פראגע וועגנ דער שפראכ, אינ וועלכער ס'איז געשפילט געוואָרנ דער ספעקטאקל פונעמ 8-טנ אפרעל 1868 יאָר. ניט אינ ראפּאָרט אונ ניט אינ דער אפישע ווערט ניט אָנגעוויזנ, אינ וואָס פאר א שפראכ די שפיל איז פאָרגעקומענ. לויטנ רוסישנ טעקסט פונ דער אפישע, ווי אויכ לויט די נעמענ פונ די געשטעלטע זאכנ וואָלט געווענ נאטירלעכ אָנצונעמענ, אז די „פאָלקס-פאנטאזיע“ „Белла“ איז געשפילט געוואָרנ אינ רוסיש אונ דער וואָדעוויל „Москаль Чарівник“ — אינ אוקראַיניש. נאָר אויב בענעגייע צומ וואָדעוויל לאָזט זיכ גלייבנ, אז די אוקראַינישע שפראכ, אינ וועלכער די שפיל איז פאָרגעקומענ, איז געווענ פארנ פאָשעטנ יידישנ באלמעלאָכישנ באזוכער פארשטענדלעכ אונ צוגענגלעכ אלס אומגאנגס-שפראכ, וועלכע ער האָט קעסיידער געהערט ארומ זיכ אינ טאָגטעגלעכנ לעבנ, קאָנ מענ דאָס אָבער ניט זאָגנ וועגנ דער רוסישער שפראכ, אינ וועלכער ס'איז אָנגעשריבנ געוואָרנ די פאָלקס-פאנטאזיע „Белла“: רוסיש איז געווענ ווייניק צוטריטלעכ פארנ יידישנ פאָשעטנ פאָלקס-מענטש אונ באלמעלאָכע. ס'איז דעריבער קלאל ניט אויסגעשלאָסנ, אז די שילער פונ זשיטאָמירער ראבינער-שול האָבנ געשפילט די רוסישע פאָלקס-פאנטאזיע „ביעלא“ אינ א יידישער איבערזעצונג.

---

# עפּיזאָדן פון מענדעלעס לעבן

(דערינערונגען)

## I. צוגאָב צו מײַנע דערינערונגען[1]

נאָך דעם, ווי איך האָב פאַרענדיקט מײַנע „דערינערונגען וועגן מענדעלען", האָב איך זיך געטראָפן אין לענינגראַד מיט מײַן ייִנגערן ברודער און ייִנגערער שוועסטער, וועלכע האָבן מיר דערציילט עטלעכע קליינע עפּיזאָדן פון מענדעלעס לעבן. אייניקע פון אָט די עפּיזאָדן האָב איך אַליין געוווּסט, נאָר איך האָב אין זיי פאַרגעסן, בײַס איך האָב געשריבן מײַנע דערינערונגען.

1

א פאַרשוין, וואָס איז געווען אָנגעגריפן אין מענדעלעס „טאַקסע", האָט געהאַט אַפ מענדעלען פאַריבל, לעמײַ ער האָט אים אַרויסגעפירט אין זײַן פּיעסע.

— זעט איר, — האָט אים דערווידערט מענדעלע, — איך האָב, ווי א שנײַדער, אָנגענייט אײַך אַלעמען מאַלבושים. איר האָט אפאָנעם צווישן זיי געפונען אײַערן. ער פּאַסט אײַך. איז טראָגט אים געזונטערהייט!

2

מענדעלע האָט איינמאָל געזאָגט:

— ווען איך בין א גוויר, וואָלט איך מײַנע צימערן אײַנגעאָרדנט אין פאַר־שיידענע שטעט: א קאַבינעט — אין לאָנדאָן, אַן עסצימער — אין פּאַריזש, א גאַסט־צימער — אין ווין, אָבער פאַר א שלאָפצימער איז אין דער וועלט ניטאָ קיין בעסערע שטאָט איידער זשיטאָמיר.

3

איינמאָל, שאַבעס, בײַס זײַן שפּאַציר איבער די זשיטאָמירער גאַסן, האָט מענ־דעלע זיך באַגעגנט מיט כ.־ז. סלאָנימסקין. מע האָט אָנגעהויבן שמועסן. דער שמועס איז אַריבער אין א שטרײַט. ניט ווײַט פון מענדעלעס דירע האָט מענדעלע

---

[1] זע אויבן ז. 62. ר ע ד.

פֿאַרגעלייגט סלאָנימסקין אַרײַנקומען צו אים אַהיים, קעדיי דאָרט פֿאַרענדיקן דעם געשפּרעך באַ אַ גלאָז טיי. מע איז אַרײַן אין שטוב. אין פּאָדערצימער איז מענדעלע געבליבן אַ ביסל פֿאַרוווּנדערט, ווײַל די טאַפּעטן האָבן אויסגעזען עטוואָס אַנדערש ווי געוויינלעך. נאָר מאַלע וואָס — עפּשער האָט זיי די פֿרוי איבערגעביטן. אויך אין גאַסטצימער האָט זיך איבערגעכאַזערט די זעלבע מײַסע. אָבער מענדעלע איניינעם מיטן גאַסט האָבן זיך אוועקגעזעצט אין די ווייכע פֿאָטעלן און פֿאַרגעזעצט זייער וויקועך.

אָבער זשינגיכן איז געוואָרן קלאָר, אַז זיי זײַנען אַרײַן אין אַ פֿרעמדער דירע. דערהערט אין אַ ווײַטן צימער עפּעס אַ טומלדיקן געשפּרעך, איז אײַליק אַרײַן אינעם גאַסטצימער דיווירקלעכע באַלעבאָסטע, אַ הויכע—אומבאַקאַנטע פֿרוי. צו זייער געמיינזאַמער פֿאַרוווּנדערונג האָט די באַלעבאָסטע אויסגעדריקט איר גרויסע צופֿרידנקײַט, וואָס זי זעט באַ זיך אין שטוב אַזעלכע בעקאָוועדיקע געסט.

4

מענדעלע איז נישט געווען זייער פֿעסט אין הילכעס רוסישע גראַמאַטיק, בייס ס׳איז אויסגעקומען זי פּראַקטיש אָנצווענדן. עפּעס א׳ין אַ געשפּרעך אַפֿ רוסיש האָט ער אָנגערופֿן דעם „סאַטאַנאַ“ מיט אַן אַדיעקטיוו פֿון ווײַבלעכן מין. אַז עמעצער האָט דערבײַ באַמערקט, אַז דאָס וואָרט „סאַטאַנאַ“ איז לאָשן זאָכאָר, האָט מענדעלע געזאָגט מיט אַ געמאַכטער פֿאַרוווּנדערונג:

— און איך האָב אַלעמאָל געהאַלטן „סאַטאַנאַ“ פֿאַר אַ פֿרוי.

דאָס איז, פֿאַרשטייט זיך, געווען אַ שפּאַס. אין דער ווירקלעכקײַט איז פֿאַר מענדעלעס באַציִונג צו פֿרוי געווען מער כאַראַקטעריסטיש איר אידעאַליזירונג.

5

איך האָב זיך איינמאָל געקלאָגט מענדעלען אַפֿ מײַן ברודער:

— טוט אַ קוק, סאָלאָמאָן מאָיִסייעוויטש, ס׳איז שוין באַלד אָוונט, און ער זיצט פֿון גאַנצפֿרי אָן און ער רײַסט זיך נישט אָפּ פֿונעם בוך.

מענדעלע האָט געענטפֿערט:

— אַז איך זע, ווי איינער זיצט גאַנצע טעג איבער אַ בוך, ווילט זיך מיר באַ אים פֿרעגן: „טײַערער, ווען זשע טראַכסטו?“

6

מענדעלע איז געווען אַן עמעסער נאַטוראַליסט. מײַן שוועסטער אַנאַ דערציילט:

— איינמאָל גיי איך צו אים אַרײַן אין קאַבינעט און איך זע אַזאַ בילד: מענדעלע זיצט באַם שרײַבטיש, און מיט זײַן גוטמוטיק-איראָנישן שמייכל באַטראַכט ער אַ קאָמאַר, וואָס האָט זיך אוועקגעזעצט באַ אים אַפֿ דער האַנט און זויגט זשעדנע זײַן בלוט. איך מאַך, נאַטירלעך, אַ באַוועגונג, קעדיי פֿאַרטרײַבן דעם קאָמאַר. אָבער מענדעלע רוקט פֿאָרזיכטיק אַוועק מײַן האַנט.

— טשעפּע אים נישט, — זאָגט ער און האָט מוירע זיך א דיר טאָן. — דו עסט דאָך, אַז דו ביסט הונגעריק. ער וויל אויך עסן. לאָז אים אוועק, זאָל ער פרעסן.

טויבן זײַנען געווען בא מענדעלען שטענדיקע געסט, און זיי פלעגן מאסנ-ווײַז באדעקן די פענצטער פונעם גאסטפרײַנטלעכן באלעבאָס.

7

מענדעלע האָט אָפּגעגעבן איינעם א מאנוסקריפּט צו דרוקן אין זשיטאָמירער דרוקערײַ.

אז ער האָט באקומען די ערשטע קאָרעקטור-בויגנס, האָט אים א גרויל בא-פאלן: נאָך יעדע צוויי-דרײַ ווערטער איז געשטאנען אָדער א פראגע-צייכן, אָדער אן אויסרוף-צייכן, אָדערביידע אינאיינעם, אָדער גענדזנפיסלעך, פּילפּונקט און פאר-שיידענע קאָמבינאציעס פון אלע פאראנענע אָפּשטעל-צייכנס.

מענדעלע האָט אָנגעהויבן טײַנען מיטן באלעבאָס פון דער דרוקערײַ:

— וואָס האָט איר דאָס אָנגעמאכט? ווו האָט איר גענומען אָט די אלע אָפּשטעל-צייכנס בא מיר אין מאנוסקריפּט?

דער באלעבאָס האָט פארצײַענדיק געשמייכלט און געענטפערט:

— איך זע, איר פילט נאָך נישט דעם טאַם פון אזא מין אויסלייג. און איצט איז גראָד אזא אויסלייג זייער אין דער מאָדע.

8

איינמאָל — דאָס איז געווען, אפּאָנעם, אין אזא פעריִאָד, ווען מענדעלע איז געווען אומצופרידן מיט זײַנע מיטברידער יִידן — האָט מענדעלע הייס געשטריטן, און בייס אָט דעם וויקוען האָט ער, מאכנדיק מיט די הענט, א קלאפּ געטאָן דעם עלנבויגן אָן א ווינקל פון דער שאפע, בא וועלכער ער איז געשטאנען. דער קלאפּ איז געווען א שטארקער, און מענדעלע האָט א געשריי געטאָן.

פון אלע זײַטן האָט זיך א שאָט געטאָן:

— וואָס איז מיט אײַך?

— נעבעך!

— ווײַזט די האנט... — און אזוי ווײַטער.

— ס'א קלייניקײַט, בארויִקט זיך, — האָט געענטפערט דער געליטענער. — איך בין אָבער זייער צופרידן. לאָז דערווײַל א יִידן ווי טאָן.

9

מענדעלע האָט געשענקט מײַנע עלטערן אן עקזעמפּליאר פון זײַן „פּריזיוו".

דעם בוך האָט מען געגעבן אײַנבינדן איינעם סענדלערן. דאָס איז געווען א קליינוווקסיקער מענטש, וואָס האָט פארמאָגט א פּאָנעם פון קאָרעדשיִאָ. מע האָט זיך צונויפגערעדט מיטן אײַנבינדער, אז ער וועט ברענגען דעם בוך צו א באשטימטן טאָג. אין אָוונט, אז ס'איז אויסגעגאנגען די צײַט, קומט סענדלער און זאָגט:

— דער אײַנבונד איז פּאַרטיק, אָבער איך בעט איבערלאָזן בא מיר דעם בוך נאָך אף א נאַכט. איך אָוונט וועלן זיך צונויפקומען באַקאַנטע, און מיר וואָלטן וועלן איבעלייענען דורכלייענען דעם בוך.

זײַן ביטע איז, פֿאַרשטייט זיך, באַפֿרידיקט געוואָרן.

אַלעקסאַנדער בינשטאָק.

## II. פֿון מענדעלעס סיכעס־כוילן

1

איינמאָל האָט מענדעלעס פֿרוי, רייזענדיק וועגן עפּעס א באַקאַנטן, זיך אָנגערופֿן:

— ער עסט ווי א פֿויער!

— אָט דאָס, פֿעסיניו, איז בא דיר א כיסאָרן, — האָט זיך מענדעלע צעלאַכט. — האַלעוואַי דערלעבן איך זען אַלע מײַנע ייִדעלעך לעבן א לעבן פֿון פּאָשעטע פֿויערים!

2

דאָס איז געווען בײַס דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע. קום איך איינמאָל צו מענדעלען, זיצט ער און לייענט א צײַטונג.

— איך לייען, וואָס ס'קומט איצט פֿאָר אף דער וועלט, — דערציילט מענדעלע, — דערמאָנט דאָס מיר אן עפּיזאָד פֿון מײַן יוגנט. כ'בין געווען אן איידעם אף קעסט. דער שווער, א ייִד אן אוישער, האָט געהאַלטן דרײַ זין און דרײַ טעכטער בא זיך. אין שטוב איז געווען א טראַדיציע, אז יעדן טאָג האָט מען זיך געמוזט קריגן. די שוויגער איז געווען א קליינטשקע, א דאַרינקע, נאָר א מויל האָט דאָס געהאַט פֿעך און שוועבל. אן אַלטער מענטש, און דערצו א שוואַכע, פֿלעגט זי שפּעט שלאָפֿן. אז ס'פֿלעגט זיך אָנהייבן די רעכטע קריגערײַ, דער רעכטער גענעם, פֿלעגט דער מיזיניקל, שלוימעלע האָט מען אים גערופֿן, ארײַנלויפֿן צו דער שוויגער אין שלאָפֿצימער מיט א געשריי: „מאַמע, שטיי אוף, מע קריגט זיך שוין". די שוויגער פֿלעגט אפֿגיך זיך כאַפּן אָנטאָן, ארײַן אין מיטן רעדל, און נישט אויספֿאָרשנדיק, ווער איז דער גערעכטער און ווער דער שולדיקער, אָנהייבן שיטן מיט קלאָלעס און וואַרפֿן פּעטש מיט די דאַרע הענטלעך אף רעכטס און אף לינקס. פּונקט אזוי פֿירט זיך איצט אף דער וועלט...

3

אין דעקאַבער 1915 יאָר האָט מען געפּײַערט מענדעלעס יובילײ. צווישן די געסט, וואָס זײַנען זיך צונויפֿגעקומען בא מענדעלען אין שטוב, איז געווען דאָוויד פֿרישמאַן, וועלכער האָט דאַן געוווינט אין אָדעס. נאָך דעם, ווי פֿרישמאַן האָט באַגריסט מענדעלען, זאָגט ער צו אים:

— טײַערער זײדעניו, איך האָב צו אײַך אַ באַקאָשע: אַז כ'װעל אײַנ צװאַנציק יאָר אַרום פּײַערנ מײַנ 85-יאָריקנ יובילײ, זאָלט איר אומבאַדינגט זײַנ אַפ מײַנ סימכע.

מענדעלע האָט געענטפערט:

— זײַנ װעל איך געװיס, נאָר דײַנ יובילײ זאָלסטו פּײַערנ בא מיר. גישקאָשע, אַ גוט אײנ'יקל מעג ברענגענ די סימכע צום זײדנ.

4

ס'איז באַװוּסט, װי מענדעלע האָט אַקשאָנעסדיק געאַרבעט איבער זײַנע װערק. איבעראַרבעטנ עטלעכע מאָל אײנ אַרבעט — דאָס איז געװענ בא אים אַ געװײנלעכע זאַך. אײנמאָל, אַז איך האָב זיך נישט געקאָנט אײַנהאַלטנ אונ אַ פרעג געטאָנ: זײדעניו, װײַטער דאָס זעלבע? — האָט ער מיר געענטפערט, װי זײַנ שטײגער איז געװענ, מיט אַ מאָשל אונ מיט אַ מײַסע:

— אַז מײַנ טאָכטער האָט געבוירנ דאָס ערשטע קינד, איז זי געגאַנגענ צו קינד זײער שװער. איך זיצ בא זיך אינ צימער, אונ יעדער קרעכצ אירער רײַסט מיר אויס אַ שטיק האַרצ. מײַנ װײַב לויפט אַלעמאָל אַרײַנ צו מיר אונ באַגיסט זיך מיט טרערנ. אַ מאַמעס האַרצ! די טיר פונ מײַנ צימער איז געשטאַנענ אָפנ. מיטאַמאָל לויפט אַרײַנ פונ קיך אַ הונ, זיך אַ דרײ געגעבנ אַ פּאָר מאָל אַפנ אָרט אונ געלײגט אַנ אײ. צוקוקנדיק דאָס דאָזיקע האָט מיך שטאַרק פאַרדראָסנ. סטײַטש, פאַרװאָס קומט דער הונ, אַז זי זאָל אַזױ גרינג לײגנ דאָס אײ, אונ מײַנ טאָכטער זאָל זיך אַזױ לאַנג מאַטערנ? צי איז דאָס אַפ אַ גרעסערער מעיוכעס פונעם מענטשנ? נאָר באַלד האָב איך זיך געכאַפּט, אַז די נאַטור איז קליגער פונ מיר. די הונ לײגט אַנ אײ, װאָס קאָסט צװײ קאָפּעקעס, איז גענוג אַפ דעם צװײ מאָל אַ קװאָקע טאָנ; דאָרט אָבער װערט געבוירנ אַ מענטש, דער קיניג פונ אַלע באַשעפענישנ, מוזנ זײַנ כעװלע-לײדע. פאַרשטאַנענ? אָנ קײנ כעװלע-לײדע קאָנ קײנ שום ערנסטע זאַך נישט געשאַפנ װערנ...

אָדעס, 1936.

**כאַנע לערנער.**

## III. פונ מײַנע דערינערונגענ

1

דעם נאָמענ מענדעלע מויכער-ספאָרים האָב איך שוינ געהערט, אַז איך בינ נאָכ געװענ אַ קלײנ ייִנגל. מײַנ מוטער, אַ װוילקענערנ, האָט פאַרמאָגט אַ קלײנ ביבליאָטעקל פונ ייִדישע מײַסע-ביכלעכ, אונ דאָ זײַנענ געװענ אויכ מענדעלעס װערק...

אינ מײַנ שטעטל סקידל איז געװענ אַנ אָרעמער שוסטער, אַלטער דער פּרינצ האָט ער געהײסנ. ער איז געװענ פונ מיטעלנ װוּקס, אַ קורנאָסער, אינ אַ קלאַפּאָװער הײטל אונ אַ צעריסענעם פעלצ. אינ מעשעכ פונ יאָרנ האָט ער

אומגעוואנדערט איבער וואָלין, ליטע, רײַסן און זשאמוט. מע האָט דערציילט, אז ער האָט געקענט אוורעמל דעם הינקעדיקן, מיט וועלכן עס האָט אומגעוואנדערט מענדעלע נאָך דאן, אז ער איז געווען א ייִנגל־שאָלעמל. מע האָט אויך דערציילט, אז ער פלעגט באזוכן מענדעלע אין קאַמעניעץ, בערדיטשעוו, זשיטאָמיר, אויך אין אָדעס. דאָס איז געווען אן אָריגינעלער טיפּ, פון די, וועלכע מענדעלע האָט געשילדערט אין „פישקע דעם קרומען". אפ זײַן לעבן איז ער געווען א קאטערינשטשיק, איינעם מיט א ציגײַנער אומגעגאנגען מיט א מאלפּע, געווען אין אן ארטעל טאָטערן, אומגעוואנדערט מיט א בער...

בא אונדז אין שטעטל איז נאָך געווען א פאמיליע אזויגערופענע „וואָלינטשיקעס". דער פאטריאַרך פון דער פאמיליע, יאָסל-יודע דער שוסטער, א הויכער ייִד מיט ברייטע פּלייצעס, גראָבע רויטע באקן און א לאנגער גרויער באָרד, האָט אין די 40-ער יאָרן אויסגעוואנדערט קיין וואָלין, זיך דערקליבן ביז קאמעניעץ און דאָרט זיך באזעצט. מיט יאָרן שפּעטער האָט ער זיך אומגעקערט צוריק אין שטעטל. די מאסקילים פון שטעטל פלעגן אים אָפּגעבן קאָוועד, ווײַל ער האָט געגייט שטיוול פאר אווראָם-בער דעם אפּיקורעס [1] און הויכע שיך מיט קנעפּלעך פאר אווראָם-בערס שיינער, געלערנטער טאָכטער ראָזאליע... מע האָט וועגן אים דערציילט, אז ער האָט אויך געקענט אוורעמל דעם הינקעדיקן און דעם יונגן שאָלעמען. ער פלעגט דערציילן א סאך אינטערעסאנטע מײַסעס פון מענדעלעס אָרעמעלײַט-פּערסאָנאזשן, פון די „פּעשע" און פון דער „קאָניצע". ער האָט אויך דערציילט וווּנדערלעכע געשיכטעס וועגן דעם לעבן פון די ליטוואקעס, וואָס האָבן זיך באזעצט אין דער זאטער, גליקלעכער מעדינע וואָלין.

אזוי בין איך נאָך אין מײַן פריִער קינדהייט ארײַנגעפירט געוואָרן אין דער פאנטאסטישער וועלט פון מענדעלעס געשטאלטן.

2

פערזענלעך האָב איך זיך באקענט מיט מענדעלען אין יאָר 1909 בייס זײַן טריומפאלן טורנע איבער ייִדישע שטעט און שטעטלעך. צענדליקער טויזנטער מענטשן האָבן אים מיט דער גרעסטער באגײַסטערונג באגעגנט און אופגענומען אפן גאנצן וועג פון זײַן נעסיִע. אין בריסק האָט מען מענדעלען ארויסגעטראָגן אפ די הענט פון וואגאָן און ארײַנגעטראָגן אין וואָקזאל.

עס האָט זיך פארשפרייט א לעגענדע, אז אפילע דער זשאנדארם אפ דער סטאנציע האָט זיך געשטעלט „וואָ פראָנט" און האָט מיט זײַן סאבליע סאליוטירט מענדעלען. צוליב וואָס האָט ער עס געטאָן? — האָט מען קלוימערשט בא אים געפרעגט. און יענער האָט קלוימערשט געענטפערט, אז ער שטאמט פון אָדעס און ער ווייסט, אז דער אלטער איז פון די בעקאָוועדיקסטע ייִדן אין דער וועלט.

3

בייס דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע האָב איך געדינט אין דער ארמיי. צוליב מײַנע דינסט-פליכטן האָב איך א סאך ארומגערײַזט און זיך א סאך אָנ-

---

1 געמיינט: אווראָם-בער גאָטלאָבער.

געזעצ אינ יענע שווידערלעכע יאָרנ. איכ בינ אויכ געווענ אנ איידעס פונ די שרעקלעכע ייִדישע גיירושים. איכ האָב געזענ, מיט וואָס פאר א ברענ האָבנ זיכ פערעצ אונ דינעזאָנ אָפּגעגעבנ דער ארבעט צו העלפנ די געליטענע.

אז איכ האָב געמוזט אוועקפאָרנ מיט מיינ טייל אונ איכ בינ געקומענ זיכ געזעגענענ מיט פערעצנ, האָט מיר פערעצ געזאָגט:

— איר וועט עפשער זיינ אינ אָדעס. גייט דעמלט אריינ צומ זיידנ אונ גיט אימ איבער א גרוס אונ דערציילט אימ וועגנ די אלע גרויסע צאָרעס, וואָס מיר לעבנ דאָ איבער. אויכ זאָגט אימ, אז די צארישע רעגירונג וועט ניט קאָנענ פארטיליגנ דאָס פאָלק. די רוסישע ייִדנ וועלנ איבערלעבנ ניקאָלייענ מיט זיינע בלוטיקע הענקערס...

אז איכ האָב געזענ מענדעלענ, האָב איכ אימ איבערגעגעבנ פערעצעס גרוס.

4

וועגנ פארשיידענע פלענער האָט מענדעלע געטרוימט אינ זיינע לעצטע יאָרנ אונ צווישנ אָט די פלענער האָט ער געטרוימט וועגנ עפּעס א מינ סעמינאריומ פאר יונגע שרייבער, ווו ער, מענדעלע, וועט זיינ א מינ רעקטאָר, א הויפּט-לערער, אנ אָנפירער. אינ א גרויסנ ליכטיקנ זאל בא לאנגע ברייטע טישנ וועלנ זיצנ זיינע טאלמידימ, ניט ווייניקער ווי דרייסיק מאנ, אונ וועלנ שרייבנ אפ גרויסע בויגנס קלאָרנ ליכטיקנ פּאפּיר, אפ אזעלכע, אפ וועלכע ער אליינ, מענדעלע, האָט ליב צו שרייבנ. אונ ער וועט ארומשפּרייזנ מיט שטילע טריט איבער דעמ גרויסנ ליכטיקנ זאל מיט א דינעמ שטעקעלע ווי בא א קאפּעלמייסטער אונ וועט זיי אָנווייזנ:

— קינדערלעכ מיינע, מיינע טאלמידימלעכ, אָט אזוי דארפ מענ שרייבנ, אָט אזוי שרייבט טאקע, שלייפט יעדעס וואָרט, פּיילט, הובלט יעדנ זאצ, דאנ וועט איר אויסוואקסנ גוטע שרייבער, גרויסע קינסטלער, צומ גונסטנ פונ פאָלק. אונ אייערע לייענער וועלנ אייכ ליב האָבנ אונ שעצנ, אונ איר וועט איינע פונ די אנדערע נאכעס האָבנ.

5

איכ בינ געווענ אפ מענדעלעס לעווייע. דאָס איז שוינ געווענ נאָכ דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע, אָבער דאָ האָבנ נאָכ געבאלעבאטעוועט די פארשיידענע פּנייי אונ די ציִעניסטנ. זיי האָבנ געוואָלט דיקטירנ די ארבעטנדיקע מאסנ פונ אָדעס, וואָס האָבנ באגלייט דעמ אָרנ פונעמ גרויסנ קינסטלער, די פּאָרמעס אונ דעמ אויפנ פונ דער לעצטער געזעגענונג. דער באלעבאטיש-ציִעניסטישער קאָמיטעט האָט באשלאָסנ, אז די לעווייע זאָל פאָרקומענ אָנ פאָנענ.

— מיר וועלנ ניט פאָלגנ, — האָבנ געשריִענ הונדערטער ארבעטער לעבנ דעמ גובערניִאלנ פּראָפּראט. — נאָר פאָנענ אונ דאפקע פאָנענ... מענדעלע איז אונדזערער.

אונ צומ שפּיטאָל זיינענ געקומענ טויזנטער ארבעטער מיט רויטע פאָנענ, ארומגעזוימט מיט שווארצע בענדער. די אכטונג-געבער פונעמ קאָמיטעט האָבנ

זיכ געהאלטנ בא זייערס אונ געפאָדערט, מע זאָל באזײַטיקנ די פאָנעס. קעדײַ ניט שטערנ דער לעווײַע, האָבנ די ארבעטער-דעלעגאציעס ארונטערגענומענ די פאָנעס.

אָבער ניט ווײַט פונ דער שאלאשנער שול האָט זיכ באוויזנ א טרויער-פאָנ מיט א ייִדישער אופשריפט. ס'איז געוואָרנ א טומל. עס לויפנ צו א פאָר ייִדישע יונקערס אונ באפוילנ אראָפנעמענ די פאָנ. מע האָט זי אראָפגענומענ. אָבער די פאָנ פלעגט עטלעכע מאָל ווידער אופשווימענ איבער די גרויסע מענגעס מענטשנ, וואָס האָבנ באגלייט מענדעלענ אינ זײַנ לעצטנ וועג. די פאָנ האָט זיכ באוויזנ לעבנ דעמ קאנאטנ-זאוואָד, לעבנ דעמ אײַזנבאנ-בריק, לעבנ דער וואסערלייטונג-סטאנציע. אומדערווארט פלעגט אופשווימענ די פארווערטע פאָנ, אומדערווארט אונ ווי עפעס א לעגענדע האָט זי געשווומענ איבער די שווארצע מענגעס מענטשנ.

אפנ בעסוילעמ, נאָכ די אָפיציעלע רעדעס, ווענ דער גרויסער אוילעמ האָט זיכ שוינ געהאט צעגאנגענ, האָבנ פאָשעטע ארבעטער געזאָגט זייער לעצט געזעגענונג-וואָרט צומ גרויסנ ייִדישנ קינסטלער:

— דו, גרויסער מענדעלע, דו האָסט בא דײַנ לעבנ געשילדערט די עקספלואטאטאָרס, די בלוטזויגערס, די פיאווקעס, דו האָסט געשילדערט די ייִדישע קליאטשע. אויכ אונטער דײַנ ווירקונג האָבנ ייִדישע ארבעטער אונ האָרעפאשניקעס אָנגעהויבנ אראָפווארפנ דעמ יאָכ פונ די רויבער די עקספלואטאטאָרס, אויסגלײַכנ דעמ רוקנ, ווערנ אויס קליאטשע אונ אויס טאָרבע. מיר שווערנ בא דײַנ קייווער, אז די ייִדישע מאסנ וועלנ קעמפנ, אז ס'זאָל שוינ מער קיינ קליאטשעס אונ קיינ טאָרבעס נישט זײַנ...

אונ איבער מענדעלעס פרישנ קייווער האָט געפלאטערט די איינציקע, די פארווערטע ארבעטער-פאָנ.

אבע לעוו.

# אינהאַלט

זײַט

---

*Менделе и его время.* (Материалы к истории еврейской литературы XIX в.).
Редактор *А. Гурштейн.* Технический редактор *А. Фридкин.* Корректор *Л. Кенигсберг.*

Сдано в набор 11/XII 1939 г. Подписано к печати 21/XI 1940 г. Формат бумаги 60 × 92 1/16.
15,75 печ. листа. 20 уч. издат. листов. „Дер Эмес" № 376. Тираж 2500. Зак. 929. А—33052.

17-я фабрика нац. книги ОГИЗ'а РСФСР треста „Полиграфкнига"
Москва, Шлюзовая наб., 10.